# ליטעראַרישע כרעסטאָמאטיע

## פארנ 6־טנ לערנ־יאָר

צונויפגעשטעלט
א. וועלעדניצקי אונ ז. סקודיצקי

באשטעטיקט דורכ דער קאָלעגיע פונ פאָלקאָמבילד אוסס״ר

מעלוכע־פארלאג פאר די נאציאָ־
נאלע מינדערהייַטנ אינ אוסר״ר

כארקאָוו 1933 קיִעוו

די ביבליאָגראַפישע פאַרצייכענונג פונעם
בוך און די שיפערן פאַר ביבליאָטעק־
קאַטאַלאָגן זײַנען אָפּגעדרוקט אין „צײַט־
שריפט פון דרוק" און אין דעם קאַרטאָן־רע־
פערטואַר פון דער אוקר. ביכער־פאַלאַטע.

פאַראַנטוואָרטלעכער רעדאַקטער—א. י. סודאַרסקי.

טעכ. רעדאַקטער—כ. ליומקיס

קאָרעקטער— א. י. בורגאַנסקי.

פאַפּיר 94×62—1|16—37 קג.

אין פאַפּיר־בויגן 100 ט. צייכנס.

איבערגעגעבן אין זאַצ—13|VII—1933

אונטערגעשריבן צום דרוק— 3|VIII—1933

פאַרלאַג 161 —№E

אלוקר. פּאָליגר. פאַראייניקונג.

בערדיטשעוו 3־טע דרוקערײַ,

באַשט. 2916 13550 עקז. 14½ דר. בויגן

הויפּטליט נומ. (746) 4269, שטאָטליט נומ. 362

3־VIII 1933 יאָר.

# מענדעלע מוכר־ספֿרים (ש. י. אבראמאָוויטש)

## (1836—1917)

## אײניקע ביאָגראפֿישע ידיעות



מענדעלע מוכר־ספֿרים (שאָלעם־יאַקאָוו אבראמאָוויטש) איז געבוירן געוואָרן אין קאַפּוליע, אַ קליין שטעטל אין ווײַסרוסלאַנד, אין 1836 יאָר. זײַן פֿאָטער — איינער פֿון די גווירים אין שטעטל, איז אַ שטיק צײַט געווען באַל־טאַקסע*) אין קאַפּוליע. די קינדער־יאָרן פֿאַרברענגט דער צוקונפֿטיקער שרײַבער אין כיידער. ווען ש. י. אבראמאָוויטש איז אַלט געוואָרן 14 יאָר, איז געשטאָרבן זײַן פֿאָטער. דאָס יינגל וואַלגערט זיך דעמאָלט אָפּ אַ פּאָר יאָר אין ישיוועס, דערנאָך לאָזט ער זיך אַוועק פֿון ווײַסרוסלאַנד קיין וואָלין. נאָך פֿאַרשיידענערליי וואַנדלונגען און געשעענישן קומט ער אָן אין דער שטאָט קאַמענעץ־פּאָדאָלסק. דאָ אין קאַמענעץ באַקענט ער זיך מיטן אַלטן יידישן שרײַבער, דעם מאַסקיל א. ב. גאָטלאָבער. אבראמאָוויטש קומט אַזוי אַרום אַרײַן אין קרײַז פֿון יידישע מאַסקילים, ער ווערט באַווירקט פֿון די אידייען פֿון דער בורזשואַזער האַסקאָלע און ווערט אַליין אויך אַ הייסער מאַסקיל. ער אַרבעט יענע צײַט אַסאַך איבער זײַן זעלבסטבילדונג, לערנט רוסיש, דײַטש און מאַטעמאַטיק. אין אַ צײַט אַרום גיט ער אָפּ עקזאַמענס אויף לערער, און אין 1856 יאָר ווערט ער באַשטימט אַלס לערער אין דער קאַמענעצער יידישער קאַזיאָנער שול.

אין 1857 יאָר דרוקט אבראמאָוויטש אָפּ זײַן ערשטע ליטעראַרישע אַרבעט, דאָס איז געווען אַן אַרטיקל וועגן קינדער־דערציִונג, געשריבן אין העברייִש. אין דעם דאָזיקן אַרטיקל פֿאָרמולירט דער אָוטער די פֿאָדערונגען פֿון דער בורזשואַזער האַסקאָלע וועגן דעם, אַז יידישע קינדער מוזן לערנען רוסיש, — די לאַנדשפּראַך, — און אויך אַנדערע וועלטלעכע וויסנשאַפֿטן.

אין 1858 פֿאָרט אבראמאָוויטש איבער קיין באַרדיטשעוו. דאָ הייבט ער אָן שרײַבן יידיש. אונטער זײַנע ווערק שרײַבט ער זיך פֿון איצט אונטער מיטן פּסעוודאָנים מענדעלע מוכר־ספֿרים **). דאָס ערשטע יידישע ווערק מענדעלעס איז

*) טאַקסע — אַזוי האָט געהייסן דער אָפּצאָל אויף קאָשער פֿלייש אין אַלטן צאַרישן רוסלאַנד. דעמ, וואָס האָט געהאַלטן די טאַקסע אין אַרענדע, האָט מען גערופֿן באַלטאַקסע. דער באַלטאַקסע איז געווען פֿאַרינטערעסירט אין דעם, אַז דער אָפּצאָל אויפֿן יעדן פֿונט פֿלייש זאָל זײַן וואָס גרעסער און ער פֿלעג זיך דאָס דערשלאָגן דורך פֿאַרשיידענערליי מיטלען. דער נאָמען באַלטאַקסע איז געווען בײַ דער אָרעמער יידישער באַפֿעלקערונג.

**) מוכר־ספֿרים — אַ ביכער־פֿאַרקויפֿער.

געוועג „דאָס קליינע מענטשעלע״ (געדרוקט אין יאָר 1863). אין יאָר 1869 דרוקט ער אָפּ זײַן דראַמע „די טאַקסע אָדער די באַנדע שטאָט־באַלעטויוועס״. אינעם דאָזיקן ווערק טרעט ער שאַרף אַרויס קעגן די גווירים, קאָהאָלס־לײַט און רעדלפירער, וואָס עקספּלואַטירן די יידישע האָרעפּאַשנע מאַסן. אַסאַך פון די דעמאָלטיקע בערדיטשעווער גווירים האָבן זיך דערקענט אין מענדעלעס דראַמע; זיי הייבן אָן פאַרפאָלגן דעם אויטער פונעם ווערק און מענדעלע מוז איבער דעם סאָפּקאָלסאָפּ אַנטלויפן פון בערדיטשעוו. ער באַזעצט זיך צוערשט אין זשיטאָמיר און דערנאָך פאָרט ער איבער קיין אָדעס.

צו די וויכטיקסטע ווערק מענדעלעס געהערן נאָך כוץ די, וואָס מיר האָבן שוין אָנגערופן, „די קליאַטשע״, „פישקע דער קרומער״, „מאַסאָעס בנימין השלישי״*), „דאָס ווינטשפינגערל״, „שלוימע ר׳ חיימס״.

אין זײַן ווערק „דאָס קליינע מענטשעלע״ שילדערט מענדעלע בילדער פון יידישן שטעטלשן לעבן אין די 50־ער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט. ער טרעט דערבײַ שאַרף אַרויס קעגן דעם אַלטן לעבנשטייגער, קעגן דער קלעריקאַלער דערציִונג, פאַר וועלטלעכער בילדונג. דאָס ווערק, אינגאַנצן גענומען, שטעלט מיט זיך פאָר אַ שאַרפע אַטאַקע קעגן די שטעטלשע „קליינע מענטשעלעך״ — די באַלטאַקסעס, גווירים און קאָהאָלס־לײַט, וואָס האָבן אָפּן נידערטרעכטיקסטן אויפן באַריסן און באַנומען די שטעטלשע האָרעפּאַשנע מאַסן. פון דער שווערער לאַגע, אין וועלכער ס׳האָט זיך געפונען די שטעטלשע אָרעמשאַפט, האָט מענדעלע געזען בלויז איין אויסוועג — דעם וועג פון השׂכּלה, אויפקלערונג און בילדונג. אין זײַן ווערק „דאָס קליינע מענטשעלע״ שטעלט ער דעריבער אַנטקעגן די נעגאַטיווע פיגורן פון די קאָהאָלשע באַרײַסערס — איצכאָק־אַווראָם און איסער — וואַרגער די פּאָזיטיווע פיגורן פון די מאַסקילים גוטמאַן און יאַקאָבזאָן. אין זײַנע שפּעטערדיקע ווערק גייט מענדעלע אָפּ פון דער השׂכּלה־פּראָגראַם און נעמט זיך זי אַפילו שטאַרק קריטיקירן.

מענדעלע מוכר־ספרים איז איינער פון די גרונטלייגער פון דער נײַער יידישער ליטעראַטור, איינער פון אירע אָנגעזעענסטע קלאַסיקער.

אין זײַן שרײַבן איז מענדעלע, אין גרונט גענומען, אַ רעאַליסט. ער ווײַזט אין זײַנע ווערק ברייטע בילדער פון דער אָרעמיקער ווירקלעכקײַט, פאַרשטייט זיך, אַזוי, ווי ער, דער קליינבירגערלעכער שרײַבער, באַנעמט זי. מענדעלע איז דער באַדײַטנדיקסטער יידישער סאַטיריקער אין דער קלאַסישער יידישער ליטעראַטור. ער לאַכט אויס בייז און שאַרף דעם גאַנצן פאַרקריפּלטן און העסלעכן יידישן לעבנשטייגער פון זײַן צײַט.

מענדעלע איז געווען אַ גרויסער שפּראַכמײַסטער. ער האָט שטאַרק באַרײַכערט די יידישע ליטעראַרישע שפּראַך. ער פלעגט זייער אַסאַך אַרבעטן איבער זײַנע ווערק. קימאַט יעדער ווערק זײַנס האָט ער איבערגעשריבן און איבערגעאַרבעט עטלעכע מאָל.

מענדעלע מוכר־ספרים איז געשטאָרבן אין אָדעס אין 1917 יאָר.

---

*) די וואַנדערונגען פון בנימין השלישי.

# דאָס קליינע מענטשעלע

(געקירצט)

(1863)

I

זײַט־זשע מויכל, ראַבויסײַ*), און שטעלט אײַך פאָר מענדעלע מויכער־ספאָרים, מיך אליין, הייסט עס, ווי איך שטיי מיר הארבסטצײַט מיט מײַן בײַדל ערגעץ אפ א וועג, שטארק פארטראכט און ריר מיך ניט פונעם אָרט. עפשער וועט איר וועלן מיינען, אז מײַן בײַדל האָט זיך אײַנגעזונקען אין בלאָטע און איך טראכט דאָ, וויאַזוי עס ארויסצושלעפן? — ניין! דאָס איז געווען טאקע הײַנטיקס יאָר, וואָס מע מעג עס פארשרײַבן אין די כראָניקעס פאר א וואונדער מיט זײַן טרוקענעם, זייער שיינעם הארבסט. אינדרויסן איז געווען גאָר זומער: ווארעם, לויטער. בעהיימעס האָבן זיך געפיטערט אפ די פעלדער, פון וועלכע עס האָט געדיכט ארויסגעשפראָצט יונגע גרינע טוווע,ביימער האָבן אפ זיך געהאט א געל־גרינ העמדל, ערטערווײַז אפילע מיעס אָפגעבליאקעוועט, צעהאקט, צעפאלן, מיט אויסגעטריקנטע לעכער, נאָר דאָך האָבן זיי ניט געהאט נאָך בעדייע אויסצוטון זיך אינגאנצן נאקעט אפ צו שלאָפן זייער געוויינלעכן הארטן שלאָף דעם גאנצן ווינטער. אין דער לופט זײַנען אומעטום געפלויגן לאנגע ווײַסע פעדים שפינגעוועבס, א סימען אפ א גוט שיין וועטער, כאָטש דער לועך**) האָט געשריבן אפ וואָלקנדיקע טריבע טעג און קאלטע רעגנס. ער האָט, זאָל ער מויכל זײַן, ניט געטראָפן, געזאָגט, ווי דער שטייגער איז א גרויסן ליגנ... ניט דאָס בין איך אויסן.

עפשער וועט איר ווײַטער וועלן מיינען, אז איך בין געשטאנען מיט מײַן בײַדל, ווײַל איך האָב ניט געוווסט דעם וועג? נאָכאמאָל ניין! איך האָב זיכער גוט געוווּסט, אז דאָרט ווו דער וועג צעטיילט זיך, נעמט מען זיך רעכטס קיין גלופּסק און לינקס ערגעץ אנדערש אין א שטעטל, לאָז זיך אײַך דאכטן — קאפצאנסק. נאָר וואָס דען־זשע? פּאָשעט איז פּאָשעט. איך האָב מיר קיין אייצע ניט געקאָנט געבן, אין וועלכער זײַט זיך צו נעמען. איך האָב געהאט טײַמים פאָרן קיין גלופּסק צו מאכן עפּעס דאָרט א שטיקל בײַט און אָפּצוזעצן דאָרט וועקסענע כאנעקע־ליכטלעך. אנקעגן־זשע האָב איך ווידער געהאט טײַמים צו פאָרן אפן יאריד דאָרטן אין שטעטל, און צוליב דעם בין איך געבליבן שטיין אפן וועג ניט אהין, ניט אהער, אזויווי אין דער קלעם.

טראכטנדיק, האָב איך מיך געהאט פארקוקט אפ מײַן פערדל, וואָס איז געשטאנען זייער רויִק, געקראצט דעם האלדז אין דער האָלאָבליע און איז פונעם שיינעם אפּאָנעם שטארק צופרידן געווען. איך האָב געקוקט אפ אים עפעס מיט אזעלכע אויגן, גלײַך ווי איך וואָלט פארלאנגט פון אים עפעס אן אייצע. און באלד טאקע איז

*) מײַנע הערן — א פרום־יידישע ווענדונג צו צוהערער.

**) קאלענדאר.

מיר אײַנגעפאַלן איבערצוגעבן די גאַנצע זאַך אים,—דעם פערדל, ווי ער וועט וועלן, אַזוי זאָל זײַן.

איך האָב אַ שמיץ געטאָן דאָס פערדל, אָפּגעלאָזט די לייצעס און עס געלאָזט גיין פרײַ, פירן מיך, וווּהין עס וויל. דאָס פערדל האָט זיך גענומען רעכטס אַף דעם וועג קיין גלופּסק. נו, האָב איך מיר געטראַכט, אַ מאַך געבנדיק מיט דער האַנט, פיר מיך, פיר מיך, עפּשער ביסטו גערעכט. אַז דיר געפעלט גלופּסק, לאָז זײַן גלופּסק.

אַף מאָרגן פרי נאָכן דאַווענען בין איך אָנגעקומען קיין גלופּסק און בין מיר, ווי מײַן שטייגער איז, צוגעפאָרן גלײַך צום בעסמעדרעש. איידער איך האָב נאָך צײַט געהאַט זיך אומצוקוקן, האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו מיר אַן אוילעם ייִדן באַ־לעבאַטים, באַלעבעסלעך, באָכורים מיט שאָלעם־אַלייכעמס, מיט אַ טאַפּ, אַ לאַפּ, אַ קוק אין בײַדל, ווי דער שטייגער איז פון ייִדן. די ווײַסע כעוורע, די ייִנגלעך, האָבן זיך פריילעך, לעבעדיק געוויטעט מיט מײַן פערדל, גאָר פרײַנטלעך אופגענור־מען זייער אַלטן באַקאַנטן און זיך שוין אַפילע גרייט געמאַכט רײַסן סטרונעס פון זײַן ווידל.

אַפן שול־הויף האָב איך געזען רעדלעך מענטשן. עפּעס אַמפּערט מען זיך, מע שמועסט, מע זאָגט ווערטלעך, מע אָכצט און מע שאָקלט מיטן קאָפּ. באַלד האָבן עט־לעכע רעדלעך זיך צונויפגענומען אין איין רעדל. עס האָט געאַרבעט, געפּילדערט, געמאַכט מיט הענט און מיט פיס, און באַלד איז דאָס צונויפגעשטיקטע רעדל צעשפּרונגען געוואָרן, ווי אַ זייף־בולבע, אַף קליינע רעדלעך.

אַפּאָנעם, טראַכט איך, ס׳איז עפּעס געשען. איך בין שטאַרק ציקאַווע געווען צו וויסן וואָס טוט זיך דאָ אַזוינס. עפּעס בין איך דאָך אַ ייִד. מײַן נעשאָמע איז, ווי זאָגט מען, עפּעס ניט פון קלאָטשע. זי וויל אויך אין דער וועלט אַלצדינג הערן, שמעקן, ווי אַלע ייִדישע נעשאָמעס.

אַז איך האָב מיך צוגעהערט צו אַ רעדל מענטשן, וואָס איז אויסגעוואַקסן לעבן מיר, איז מיר אַרײַן אין אויער אָט דערדאָזיקער שמועס:

— אָ־וואַ, אָ־וואַ, באָרעך דײַען עמעס!*) נאָך קימאַט גאָר אַ יונגער מאַן, איך מיין אַ יאָר פערציק און עפּשער טאַקע, האַ, אַרום פופציק, אָ־וואַ, סטײַטש אַזאַ מענטש, אַזאַ מענטש!

— מיילע, וואָס־זשע זאָרגט איך זיך דאָ אַזוי, רעב אוראָמצי, און קענט זיך נעבעך ניט טרייסטן? אַ שיינע ריינע קאַפּאָרע, כ׳לעבן, ניט אַזאַ גרויסער ייִכעס! טאַקע, בעעמעס, טאַקע, וואָס?

— באַ דיר יאָסל, איז אַלץ ניט קיין ייִכעס! מיסטאַמע איז טאַקע רעב אוראָמצי גערעכט. אָ־וואַ, אַזאַ רײַכער מענטש! אַ ראַכמאָנעס, ווי איך בין אַ ייִד.

— נאַט אײַך אַ נײַעם באַלראַכמים, לייבצי טעמעס! וואָס, האַ, האָסטו פריִער געזאָגט? דאָרטן וואָס געזאָגט?

— געזאָגט? וואָס, יאָסל, האָב איך געזאָגט, איך? וואָס, אַדעראַבע?

— טאַקע—אַדעראַבע וועאַדעראַבע, רעב לייבצי אַליין מיט זײַן קאָשער מײַלכל האָט געזאָגט: „אויך מיר אַ מענטש, איציק אוורעמל טאַקיפ**), ער איז געווען, זאָל

*) געבענטשט איז דער גערעכטער ריכטער—אַ רעליגיעזער שפּרוך, וואָס מע זאָגט ווען מע הערט וועגן עמעצנס טויט.

**) אַ שטאַרקער מענטש! אַזוי האָט מען גערופן אַן אָנגעזעענעם שטאָט־באַלעבאָס פון די רעדלפירערס.

ער מ׳ר מוחל זײַן, ניט מוחל זײַן, א גראָבער יונג, א פאַלשער מענטש, אַן אכזער״...

ס׳עס ווערט א קאָכעניש, א בוצקעניש, ייִדן צעלויפֿן זיך.

איך האָב אויסגעשפּאַנט דאָס פערדל, עס אומגעקערט צווישן די האָלאָבליעס מיט דעם פּאָנעם צום וואָגן, אונטערצופּאַשען עס מיט אביסל סיטשקע, און דער־נאָך האָב איך מיך גענומען צו דער ארבעט אויספּאַקן מײַן ביידל. נאָר קאַם וואָס איך האָב געמאַכט א שטיקל סיידער, אויסגעהאַנגען פֿון ביידע זײַטן בויד בליטש־קענע יאַרמעלקעלעך, עטלעכע פעקלעך ציצעס און נאָך אזעלכע זאַכן, איז דעם ראָווס שאַמעס געקומען צו לויפֿן הענדעם־פּענדעם אין איין אָטעם:

— אוי געוואַלד, רעב מענדעלע, רעב מענדעלע! שאָלעם־אַלייכעם, רעב מענדעלע! דער רעבע זאָל לעבן, האָט אײַך זייער שיין געלאָזט בעטן, איר זאָלט זיך מאַטריח זײַן מיט אײַער קאָוועד. גיכער, טאַקע גיכער, רעב מענדעלע.

## II

דאָס, וואָס דער ראָוו איז אזוי גיך געוואָר געוואָרן, אז איך בין געקומען — דאָס גראָד איז מיר קיין חידעש ניט געווען, וואָרום גלופּסק איז א ייִדישע שטאָט, און ייִדן דערגייען זיך טאָמעד אַלצדינג געשווינד. לאָז איינער באַ זיך אויסריידן עפּעס א וואָרט, באַלד טאַקע ווייסט מען שוין דאָס אַף דער צענטער גאַס און מע צע־טראָגט עס אַף טעלערלעך, אסאַך גיכער ווי דער טעלעגראַף. א חידעש איז מיר נאָר געווען, וואָס באַדאַרף מיך אזוי דער ראָוו האָבן? און צו וואָס האָט ער נאָך מיר געשיקט דעם שאַמעס אין אזא אײַלעניש?

ווי איך האָב נאָר געעפֿנט די טיר און אַרײַנגעטראָטן מיט א פֿוס אין שטוב, איז מיר דער ראָוו געלאָפֿן אַנטקעגן מיט א קאָל:

— אוי, רעב מענדעלע! אוי, שאָלעם־אַלייכעם, רעב מענדעלע! טאַקע נאָר איין גאָט האָט אײַך געבראַכט אהער פּונקט אין דער צײַט, ווען איר זײַנט אונדז נייטיק, טאַקע שטאַרק נייטיק, ליבער, האַרצעדיקער רעב מענדעלע.

דער ראָוו האָט מיך פֿאַרבעטן צו זיך אין זײַן באַזונדער שטיבל און, אָנוויַזנדיק מיט דער האַנט, מיך געבעטן זיצן אַף א בענקל אים אַנטקעגן. דאָס בענקל אָבער האָט באַדאַרפֿט האָבן, ווי דער שטייגער איז באַ א ראָוו, א צעבראָכן פֿיסל, און צע־טראָגן בין איך דערנסטמאָל אויך געווען, — דעריבער, פֿאַרשטייט זיך, אז ווי־באַלד איך האָב אין כאַפּעניש און אײַלעניש מיך דערויף געזעצט, בין איך מיר געפֿאַלן, נאָר פֿונדעסטוועגן אָן סאַקאָנעס, דער ראָוו האָט זיך געמאַכט ניט זעענדיק און איך ניט וויסנדיק.

צום צווייטן מאָל האָב איך מיך דערויף געזעצט שוין פֿאָמעלעך, ניט געכאַפּט, גוט היטנדיק זיך די ביינער. דער ראָוו האָט שוואַנגנדיק געריבן מיט ביידע הענט דעם שטערן, געגלעט די באָרד, עפּעס ווי ער האָט זיך שטאַרק געיישעוועט. איך האָב אים ניט געקאָנט פֿאַרשטיין, וואָס זאָל עס אזוינס באַטײַטן. נאָר אין א ווײַלע אַרום נעמט דער ראָוו אַרויס פֿון דער בוזעם־קעשענע עפּעס א היפּש פּעקל פּאַפּירן און, א מאַך געבנדיק מיט די אַקסלען, זאָגט ער צו מיר מיט אַן ערנסטן פּאָנעם:

— רעב מענדעלע, אָט דאָס פּעקעלע פּאַפּירן האָט מיר איבערגעגעבן פֿאַרן טויט איצכאָק־אַווראָם, אָלעוו־האַשאָלעם, מיט א באַקאָשע, אז טייקעף נאָך זײַן טויט,

זאָל איך עס איבערלייענענ פאַר אַלע אונדזערע נעגידימ אונ מעקיימעמ זײַנ*) אַלצדינג ביז אפּ א האָר, וואָס דרינענ שטייט.

דעריבער האָב איך הײַנט טאַקע פאַרבעטנ צו מיר די אַלע נעגידימ אונדזערע, אונ האָב זיי געלייענט א טייל פונ די פּאַפּירנ הײַנט, אונ דאָס איבעריקע האָבנ מיר אָפּגעלייגט אפּ מאָרגנ. וואָס־זשע וויל איך פונ אײַך? פונ אײַך, רעב מענדעלע, וויל איך, איר זאָלט זיכ מאַטריעכ זײַנ מיט אײַער קאָוועד אונ קומענ צו מיר מאָרגנ פרי, אימירצעשעמ, בעשאַסנ לייענענ די פּאַפּירנ. פאַרוואָס? אָט דאָס וועט איר וויסנ אימירצעשעמ נאָכנ לייענענ. מיסטאַמ איז רעכט. מאָרגנ וועט איר שוינ וויסנ, אַז איך האָב אײַך מאַטריעכ געווענ איבער א גרויסער זאַכ. לעסאַטע גיב איך אײַך לייענענ פאַר זיכ איינדערהיימ אָט די עטלעכע בלעטלעכ, וועלכע איך האָב הײַנט פאַרגעלייענט פאַר אונדזערע נעגידימ, קעדיי איר זאָלט באַקאַנט ווערנ מיט דעמ איניענ פונ אָנהייב ביזנ סאָפּ.

אַז איך בינ צוריקגעקומענ צומ בעסמעדרעש, האָב איך געטראָפנ מײַנ הונגעריק פערדל, נעבעכ, ווי עס שטייט מיט אופּגעשטעלטע אויערנ אונ קוקט אינ בײַדל אַרײַנ.

—נו, כאָכעמ מײַנער, זאָג איך א נעמ געבנדיק אימ פרײַנטלעכ באַ דער טשאַפּרינע,—קומ, זאָג איך סיטשקע עסנ. לעסאַטע, כאָכעמ מײַנער, ביסטו ניט קראַנק צו עסנ סיטשקע. מאָרגנ אימירצעשעמ, אַז איך וועל זיכ זענ מיט א גראָשנ, דענסטמאָל זעסטו, האָסטו באַ מיר א גאַנצ מעסטל האָבער, איכ נעמ פאַר איידעס די אַלע בעהיימעס, וואָס נעכטיקנ דאָ אפּנ שול־הויפּ.

III

אפּ איינעמ פונ יענע בלעטלעכ, וואָס דער ראָוו האָט מיר געגעבנ, זע איך, שטייט אָנגעשריבנ מיט גרויסע אויסיעס

## איצכאָק־אַווראָהאָמס ווידע

אונ דערנאָכ הייבט זיכ אָנ צו דערציילנ עפּעס גאָר א גאַנצע מײַסע אַזוי:

איך בינ געבוירנ געוואָרנ, דערציילט איצכאָק־אַווראָהאָמ, אינ דעמ שטעטל בעזליודעוו באַ אָרעמע עלטערנ. מײַנ טאַטנ געדענק איך ניט, וואָרומ ער איז געשטאָרבנ בעשאַס איך בינ נאָכ געלעגנ אינ די וויקעלעכ. ער האָט איבערגעלאָזנ נאָכנ טויט יערושע א שלאָפּע ווײַב מיט א היפּש ביסל קינדערלעכ אונ מיכ א צוגאָב, ווײַטער גאָרניש. איך הייב אָנ צו געדענקענ, וואָס מיט מיר האָט זיכ פּאַסירט, ערשט אינ דעמ עלטער פונ פינפ־זעקס יאָר. ווערדליק ווי איך געדענק, האָט מענ מיכ אינ דער יוגנט אָפּגענעמ ניט געהאַלטנ פאַר א גרויסנ כאָכעמ. אַז איך פלעג עפּעס זאָגנ אָדער עפּעס טונ, פלעגט מענ זייער לאַכנ. געבאַלעוועט האָט מענ מיכ קלאָל ניט. מע האָט מיכ ניט געקושט, נישט געגלעט, ניט געהאַלדזט, ווי אַנדערע קינדער, אונ אַז איך האָב אַמאָל געוויינט, האָט מענ מיכ ניט אײַנגענומענ מיט לאַקעטקעס, מיט צוקערקעלעכ, מיט שפּילעכלעכ, נאָר מיט פּעטש אונ מיט קלעפּ. דאָס וואָרט ראַכמאָנעס האָב איך קיינמאָל ניט געהערט. איך האָב ניט געהערט, אַשטייגער, מע זאָל זאָגנ: א ראַכמאָנעס, ער האָט, נעבעכ, ניט געגעסנ, א ראַכמאָנעס, דאָס פּאָנעמ איז אימ, נעבעכ, געשוואָלנ; א ראַכמאָנעס,

*) אויספּילנ.

ער האָט זיך, נעבעך, גיט אויסגערוט, ער קומט, נעבעך, אָפּ און וואַלגערט זיך, גע־בעך; א ראַכמאָנעס, ער לײַדט, נעבעך, קעלט, ער גייט נאַקעט, באָרוועס; א ראַכמאָ־נעס, עס שוידערט אים די ביינער, ער האָט, נעבעך, אפּ זיך קיין לויט פלייש ניט.
איך האָב געהערט נאָר זאָגן: קוקט נאָר אָן דאָס שיינע פּאָנעם, די אָנגעבלאָזענע צורע, די רויטע פּיס ווי בורעקעס; קוקט נאָר אָן דעם פּרעסער, עס גייט אים שוין איבער די סלונע; זעט נאָר דעם שיינעם נעפּעש. ער הייבט שוין אָן זײַנע אָנ־שטעלן — צאַפּלען, ציטערן און קלאַפּן מיט די ציינדלעך...

געהאָדעוועט האָב איך זיך ווי א ווילד פערד אין סטעפּ — פאַרגרעבט, פאַרווילדעט, און האָב אין מיר געהאַט די אַלע מיִעסע קונדייסקע זאַכן מיט אַלע אָפּשניצלעך. א טעווע האָב איך געהאַט קוקן יענעם אין מויל אַרײַן, בעשאַס ער האָט גע־רעדט און קוקן אויך אין די אויגן. די מאַמע פלעגט מיך דערפאַר ניט איינמאָל האַרגענען־שלאָגן און אויסרײַסן מיט שטיקער פלייש.

אַמאָל, אַז איך בין עפּעס געלעגן קראַנק און די מאַמע איז צו מיר גוט גע־וואָרן, האָב איך מיך שטאַרק פאַרקוקט איר אין די אויגן, און אַז איך האָב גע־זען, אַז זי לאָזט זיך קוקן, ניט צו ריידן קיין קרום וואָרט, האָב איך מיך ניט געקענט אײַנהאַלטן און זי א פרעג געגעבן: איך בעט דיך, מאַמע, וואָס איז עס פאַר א מענטשעלע באַ דיר אין די אויגן? די מאַמע האָט א שמייכל געטאָן און האָט מיר געענטפערט: נאַרעלע, דאָס קלײַנע מענטשעלע איז די נעשאָמע! דאָס קליי־נע מענטשעלע איז נישטאָ אין קיינעמס אויגן, נישט אין די אויגן פון די כײַעס און בעהיימעס, נאָר אין יידישע אויגן.

דער מאַמעס דאָזיקער ענטפער איז מיר אַרײַן שטאַרק אין קאָפּ און האָט אין מיר דערוועקט אַסאַך פרישע צאַפּלדיקע געדאַנקען. אַז א מאַמע זאָגט, מיסטאַמע ווייסט זי דאָך, וואָס זי זאָגט, זי איז דאָך א מאַמע, א גרויסע, עפּשער צען מאָל גרעסער פון מיר, איר איין פינגער איז גרעבער פון מײַן גאַנצער האַנט. דעריבער האָב איך אָנגענומען אירע ווערטער שוין גלײַך ווי א געוויסע, זיכערע זאַך און אײַנ־דרינען געגלויבט פון גאַנצן האַרצן.

פון דענסטמאָל אָן איז מײַן פאַנטאַזיע שטאַרק באַשעפטיקט געווען מיט דעם קליינעם מענטשעלע. עס איז דאָך עפּעס גאָר א כידעש, א ציקאַווע זאַך! אין שלאָף אפילע האָב איך ניט פאַרגעסן דאָס קליינע מענטשעלע, עס האָט זיך מיר געכאָלעמט, איך האַלט דאָס קליינע מענטשעלע, איך שפּיל זיך מיטן קליינעם מענטשעלע. איך בין גאָר א קליין מענטשעלע, שפּרינג אין די אויגן ווי א קליין מענטשעלע. האַק־לאָל, דאָס קליינע מענטשעלע איז מיר ניט ארויס פון זינען. עס האָט זיך מיר עפּעס אזוי געגלוסט אויך צו זײַן א קליין מענטשעלע. א קאַטאָוועס, א קליין מענטשעלע איז דאָך די נעשאָמע! אינגאַנצן גרויס ווי א פלוי, דאַכט זיך, א גאָרנישט און איז דאָך דאָס כיִעס, דאָס לעבן!.. מיר איז ארויף א געדאַנק, וויאַזוי דערטאַפּט מען דאָס קליינע מענטשעלע? און איך האָב אָנגעהויבן וועגן דעם שטאַרק צו טראַכטן.

איינמאָל בין איך געפאַלן אפּ א אויבער־געדאַנק. בעשאַס די מאַמע האָט אָנגע־בויגן דעם קאָפּ ארויסצונעמען א טעפּל פונעם אויוון, בין איך פלוצים צוגעלאָפן ווי א פאַרמישטער — איך ווייס אליין נישט, וואָס מיר איז דענסטמאָל געשען — און האָב איר פון הינטן א זעץ געטאָן מיט דעם קולעק אין דער פּאָטיליצע, קעדיי דאָס מענטשעלע זאָל איר פון די אויגן כאַטש אפּ א ווײַלע ארויסשפּרינגען. איר קענט זיך פאָרשטעלן, וויפל פּעטש און קניפּ איך האָב דערפאַר געלייזט. אכוץ דעם האָב

איכ דעמ גאנצנ טאָג ניט געגעסנ, וואָרומ די מאמע, נעבעכ, האָט מיט איר שטערנ צעבראָכנ דאָס טעפּל קוליש.

געלערנט האָב איכ זיכ אינ דער טאלמעטוירע *). וואָס א טאלמעטוירע איז, ווייסט איר זייער גוט אליינ אונ איכ פארשפּאָר עס אייַכ צו שילדערנ. דאָס איז א קייווער אפּ צו באגראָבנ ייִדישע אָרעמע קינדער, צו פארשלאָגנ זיי די קעפּ אונ אָפּצוריַיסנ פונ דער וועלט; דאָס איז א פאבריקע אפּ צו פאבריצירנ טויגעניכטסנ, ליידיקגייערס, בידנע, פארוואָרלאָזטע אונ אומגליקלעכע נעפּאשעס; דאָס איז א וויסטע גרוב, א לאָכ, אנ אומריינע כורווע אפּ היִנערשע פיסלעכ.

די מאמע מיַינע פלעגט מיכ רופנ שלימאזל אונ איז בעעמעס טאקע זייער גערעכט געווענ. אינ דער טאלמעטוירע בינ איכ שלימאזלדיקער געווענ מער פונ אלע אנדערע קינדער. דער רעבע האָט זייער ליב געהאט דעמ איניענ פונ שמיַיסנ, עפּשער נאָכ מער ווי דעמ ביטערנ טראָפּנ. ער האָט פּאָשעט גרויס האנאָע געהאט צו פּיַיניקנ, גלאָט אזוי זיכ, די פארוויסטע, פארוואָגלטע קינדערלעכ, נעבעכ, וואָס זיַינענ אָנ דעמ אויכ געגנוג אָפּגעקומענ אונ קאמ וואָס די נעשאָמע האָט זיכ אינ זייער דארנ אויסגעדעוורטנ גופּ געהאלטנ. ער האָט געבראָכנ די צעבראָכענע ביינער, געצופּט, געריסנ דאָס דארע שטיקל ליַיב, אונ דער בעסטער ביילעק קלעפּ איז מיר, שלימאזל, אָנגעקומענ. ער האָט צומ סאָפּ זיכ אפּ מיר שטארק פארעסנ מאכמעס א זאכ, מיכ געהארגעט, געשלאָגנ אזוי, אז איכ בינ פונ זיַינע הענט קאמ לעבעדיק ארויס אונ געמוזט אופהערנ צו גיינ אינ דער טאלמעטוירע.

## IV

די מאמע מיַינע האָט געלעבט אונ ניט געהאט פּאָשעט מיט וואָס א טאָג איבערצוקומענ. זי פלעגט ארבעטנ זאָקנ, פליקנ פעדערנ, זיכ שטעלנ אמאָל פאר א וואַרטערנ בא א קינפּעטאָרנ, אונ אונטער א פּייסעכ וועלגערנ מאצע. זי פלעגט טאָג ווי נאכט, נעבעכ, ארבעטנ, טונ אונ פונ איר גאנצער ארבעט קאמ געהאט וואסער אפּ קאשע.

פונעמ טאטנס יערושע איז געוואָרנ א גוטער סאכאקל: צוויי מיידלעכ מיט א ייִנגל זיַינענ געשטאָרבנ, מע קענ טאקע זאָגנ, פּאָשעט פאר הונגער. איינ גרויסער באָכער האָט ערגעצ זיכ אוועקגעשלעפּט אונ איז פארפאלנ געוואָרנ ביז אפּ היַינטיקנ טאָג. מע ווייסט אדיַיעמ ניט, ווו זיַינ געביינ איז אהינגעקומענ. לעבנ דער מאמענ איז געבליבנ א קראנק שלאָפּ מיידל, אינגאנצנ א צעבראָכענער שארבנ, אונ איכ, שלימאזל, וואָס איכ בינ איר געזועסנ אפּנ האלדז. אנ אפּעטיט האָב איכ געהאט זייער א גוטנ. דאָס ביסל עסנ, וואָס איכ פלעג אלצ פונ אירס, נעבעכ, אוועקנעמענ, האָט מיר ניט געקלעקט אפּ א צאָנ. איכ פלעג אלצ בעטנ עסנ, עסנ! כאָטש וואָס עס איז, אבי עסנ! די מאמע, נעבעכ, האָט געליטנ אונ נישט געוווּסט, וואָס מיט מיר צו טונ. ליַיט פלעגנ זי ראטנ, מיכ אוועקצוגעבנ עפּעס צו א באלמעלאָכע, נאָר זי פלעג פארוואַרפנ מיטנ קאָפּ אונ דערביַי רעדנ מיטנ הארצ:

— א־א, די קאפּאָרע זאָל ער בעסער ווערנ, איידער אָפּצוגעבנ אימ צו א באלמעלאָכע, צו פארשווארצנ מיר דאָס פּאָנעמ אונ דאָס פּאָנעמ פונ זיַינ טאטנ אָלעווהאשאָלעמ!.. ער, דער טאטע זיַינער, וועט דאָכ דאָרט ניט קענענ רויִק ליגנ אינ

*) א ייִדישע רעליגיעזע שול פאר אָרעמע קינדער.

קיווער. ס'טײַטש, רעב טעוול דעמ מעלאמעדס זונ זאָל זײַנ א באלמעלאָכע. ס'איז דאָך גאָר א ווייטעק אזוינס צו הערנ. א, נישט דערלעבנ, נישט דערהארנ, ריבוינעשעלוילעמ, זאָלנ עס מײַנע סאָנימ.

גאָט האָט צומ סאָפ דער מאמענ געהאָלפנ, מיך ארײַנצוגעבנ אינ א קלייט פונ צעלניק *).

מײַנ אווודע **) איז געווענ אָנצוכאפנ איטלעכנ, וואָס איז דורכגעגאנגענ, מיט א ליארעמ, מיט א געשריי אונ שלעפנ אימ אינ קלייט ארײַנ. איז עמעצער פארבײַגעגאנגענ אפ דער גאס, פלעגט מענ מיך אָנרייצנ אזויווי א הונט אונ איך האָב באדארפט ארויסלויפנ, שרײַענ אינ איינ אָטעמ: אהער, פאני! וועבעלנע טיכלעך, לײַוונט, שלייקעס, מעסערלעך, קאלאָשנ אמעריקאנישע, יאמשענע שטעקלעך, מאנדלזייפ, פאָמאדע אונ נאָך אזעלכע זאכנ.

טכילעס איז מיר דאָס געווענ אביסל פריקרע. ווי גייט מענ עס גלאט ארויסשרײַענ אפ דער גאס אונ פארשטעלנ יענעמ דעמ וועג? ס'איז דאָך עפעס מעשוגנע ווילד! איך פלעג אביסל אונטערפאלשעווענ, מאכנ די שפיל בעקיצער אונ ארײַנברענגענ דערמיט אינ קאס מײַנ באלעבאָס מיט דער באלעבאָסטע, וואָס פלעגנ מיך זידלענ, ארויסמישנ גלײַך מיט דער בלאָטע אונ אופווארפנ מיר, אז איך פרעס אומזיסט זייער זאלצ אונ ברויט. כאָטש איך, נעבעך, האָב געהאָרעוועט, געארבעט איבער מײַנע קויכעס אונ געטאָנ אלערליי מעלאָכעס אינ קלייט אונ אינ שטוב. דערצו בינ איך נאָך געווענ א מעשאָרעס בא די עלטערע מעשאָרסימ, פלעג זיי פאָלגנ אינ פײַער, אינ וואסער ארײַנ, קריכנ זיי אונטער די נעגל אונ בינ נאָך זייער גערנ געווענ, אז כ'האָב דערבײַ ניט געכאפט פונ זיי קיינ פסאק אונ טרוקנ פונ זייערע הענט ארויס. ווער שמועסט, ווענ א מעשאָרעסל פונ דער אנדערער קלייט פלעג אמאָל ארויסרײַסנ א קוינע בא מיר פונ די הענט, דאָ האָב איך שוינ געמעגט זיך געזעגענענ מיטנ לעבנ. אלע בא אונדז אינ קלייט זײַנענ אפ מיר ארופ, דער מיט דעמ צונג, דער אנדערער מיט דער האנט אונ מע האָט מיר געגעבנ, וויפל אינ מיר איז ארײַנ. מײַנ מאמע אונ דער טאטע, ר' טעוול, האָבנ דענסטמאָל אויך גוט געלייזט, מע האָט זיי כאָלילע ניט פארגעסנ, געגעבנ אי אינ דער מאמענ אי אינ דעמ טאטנ ארײַנ. פונ עסנ אינ אזא ביטערנ אונ שווערנ טאָג איז גאָר קיינ רעדע ניט געווענ, איך האָב געפאסט, ניט פארזוכט גאָרניט. מע האָט מיר אפילע דערלויבט עסנ ווערימ, קרענק, נאָר אזויווי עסנ ווערימ, קרענק, איז ניט פאר קיינ מענטשלעכנ מאָגנ, האָב איך פארכאפט דעמ טאָג פאָשעט אינ א טאָנעס. אונ אזעלכע טאנייסימ פלעגנ מיר אָפט זיך מאכנ א פאָר מאָל אינ וואָך.

אז איך האָב א קוק געטאָנ — ס'איז שלעכט, האָב איך א נעמ געגעבנ זיך צו מײַנ זאך ווי ס'געהער צו זײַנ. וויבאלד, אז עמעצער, וואָס דאכט זיך נאָר, אז ער איז א קוינע, האָט זיך א ווײַז געגעבנ פונדערווײַטנס, אז מײַנער האָט ווי אנ אָפגעריסענער הונט פונ דער קייט געשווינד אנקעגנ אימ זיך א לאָז געטאָנ, פארשריגנ אימ דעמ קאָפ מיטנ גאנצנ צעטל סכוירעס, אימ פארלאָפנ דעמ וועג אונ געשלעפט פאר די פאָלעס. איך פלעג אפילע אמאָל פונ אזעלכנ באקומענ א קלאפ אָדער א שפײַ אינ פאָנעמ, נאָר איך אָבער פלעג מיר טאקע טונ דאָס מײַניקע,

---

*) גאלאנטעריי.

**) ארבעט, טועכץ.

גלייב ווי מיר איז גאָרנישט געשען. מיט דער צייַט האָב איך זיך מיט דערינען אזוי איינגעוווינט, אז דאָס שרייַען איז בא מיר געווען א פרייד.

דערדאָזיקער מיסכער מייַנער אפ דער גאס פלעגט מיך אָפט ברענגען אין א סיכ־סעכ*) מיט מעשאָרסים פון אנדערע קלייטן, וואָס פלעגן אויך אָנכאַפּן קוינים און שרייַען. מיר האָבן זיך געריסן אין דרויסן, אקוראט ווי אונדזערע באלעבאטים האָבן זיך געריסן צווישן זיך אינעווייניק אין די קלייטן איבערן לייזעכץ, נישט מער נאָר מיט דעם כילעק: בא זיי האָט מען געוואָרפן מעקאָכים, אראָפגעלאָזט די פרייַזן, בא אונדז, מעשאָרסים, האָט מען געוואָרפן קלעפּ, אראָפגעלאָזן פעטש. און אזויווי איך בין געווען דער קלענסטער, דער שלאפסטער, איז פארעכנט געווען א מיצווע, די אלע בעסטע קלעפּ מיט די הייסע פייַערדיקע פעטש, אלפּי מענטשלעכקייַט, מיר איינעם צוצולאָזן. פונדעסטוועגן וואָלט איך עס עפּשער אלץ איבערגעטראָגן, ווען עס זאָל זיך ניט געווען מאכן די מייַסע מיט א קנעפּל.

איך האָב אמאָל דערזען אין קלייט, וואלגערנדיק זיך, א מוטערפּערלדיק קנעפּל, וואָס האָט געפינקלט, געלויכטן מיט אלערליי קאָלירן און פארשייַנט די אויגן אזוי, אז איך האָב באקומען צו דעם א גרויסן כיישעק. דערבייַ איז מיר ארופ אפן זי־נען מייַן קראנקע שוועסטער, איך וועל איר עס געבן א מאטאָנע, זי וועט א שאַ־בעס, א יאָנטעוו דערמיט זיך אויספּוצן און זיך בארימען פאר אירע כאווערטעס. דער דאָזיקער געדאנק האָט מיר נאָך אונטערגעגעבן מער כיישעק. איך האָב גענומען דאָס קנעפּל און עס אריינגעלייגט אין קעשענע. איז דער גרויסער מעשאָרעס, וואָס האָט עס אלצדינג פונדערווייַטנס צוגעזען, באלד צוגעלאָפן צו מיר מיט א געשריי: „אזוי, שייגעץ, גאנעוו איינער, דו לייגסט אין קעשענע? זעט איר, באלעבאָסטע,—האָט ער געזאָגט,—יענע זאכן, וואָס האָבן געפעלט, איז אויך זייַן מעלאָכע!". דאָס האָט ער שוין געזאָגט אומיסטן, קעדיי ארופצוווארפן אפ מיר זייַנע אייגענע זינד, אפּאָנעם, און איך געדענק ווי פון שלאָף, אז ער פלעגט אמאָל טאקע אונטערוקן דער דינסט קלייניקייַטן... קורץ. מע האָט מיר געמאכט א וויסטן פינצטערן סאָף, גוט אויסגע־פּאטשט און ארויסגעטריבן.

## V

די מאמע האָט מיך ווידער באקומען צו זיך צו גאסט אין א גוטער מאזלדי־קער שאָ! איך זאָג ניט אומזיסט „אין א מאזלדיקער שאָ", וואָרום יענע צייַט גראָד איז געווען די צייַט, וואָס זי האָט ערגעץ בא א בעקער געוועלגערט מאצע... צווישן די מענטשן, וואָס האָבן באם בעקער זיך איבערגעוואָרפן מאצע באקן, איז געווען אויך איינער א מעלאמעד. די מאמע מייַנע האָט מיט דעם מעלאמעד עפּעס אלץ גערערט, גערעדט, דערנאָך האָט זי מיך צוגערופן און געזאָגט: זעסט דו, איצ־כאָק־אוורעמציע, רעב אזריעל נעמט דיך צו בא זיך אין כיידער פאר א באהעלפער! דערבייַ האָט זי געמאכט צום מעלאמעד: איך כידעש מיך מער ניט, רעב אזריעל, וויאזוי דאָס איז מיר ביז אצינד ניט ארופ אפן מויעכ! זייַן טאטע, אָלעוו־האשאָלעם, ווי איר ווייסט, איז געווען א מעלאמעד, זאָל דער זון זייַנער, אים צו לאנגע יאָר, אויך זייַן א מעלאמעד, נאָר אויב די אייגענע מייַסע טאקע, זאָלט איר מיר געזונט זייַן, אז דער מויעכ, ניט פאר אייַך געדאכט, ניט פאר קיין יידן געדאכט, ליגט

*) קריגערייַ.

מיר אין דער ערד. איר האָט דאָך מיינעמ, אייך אפ צו לאנגע יאָר, געקענט. אויך די אייגענע מייסע, מיסטאמע איז דאָך אזוי אָנגעשריבנ געוואָרנ, דער זונ זאָל אויך בלייבנ באמ טייטל *) אז זיינ ליבנ נאָמענ איז ניכע, איז מיר אויך ניכע, זאָל זיינ מיטנ טייטל.

ס'איז אָבער נישט געוועננ, ווי די מאמע האָט געזאָגט, מיטנ טייטל, ס'איז גאָר געווענ מיט דער וויג, מיט דער ציג אונ נאָך מיט אזעלכע זאכנ! רעב אזריעל מעלאמעדס ווייב האָט מיך גענומענ אינ אירע הענט אריינ, מיט מיר געשמאק געקנעלט אונ מיך מעכאבעד געווענ מיט אלערליי מעלאָכעס. איך בינ בא איר געווענ א פארשטעקל, א קאָרעק, מיט וועלכנ זי האָט פארשטאָפּט אלע לעכער. אלע טאָג איינדערפרי האָב איך באדארפט אָפּפירנ די ציג אינ טשערעדע, זעלטנ, זעלטנ, אז רעב אזריעל פלעג זי, די ציג, הייסט עס, מיט זיינ קאָוועד אליינ פירנ פאר די הערנער אונ איך פלעג זי מיט א ריטל פונהינטנ אָנטרייבנ. אָפּגעפּארטיקט זיך מיט דער ציג, איז געגאנגענ א סעדרע פונ אָנטראָגנ האָלצ, צונויפקלייבנ אינ הויפ, אפנ מיסט, דארע שפענדלעך, אויסגיסנ די פּאָמעניצע, אויסקערנ די שטוב אונ האלטנ אפ די הענט דאָס קליינע קינד מיט א נאס פארקאטשעטע העמדל, וואָס האָט געוויינט, זיך געריסנ נאָך דער ברוסט, געצאפּלט מיט די הענטלעך אונ מיט די פיסלעך, זיך פארגאנגענ, פארקייכט אונ, מעכילע, געפייפט מיטנ נעזל. איך האָב עס באדארפט איינעמענ, אויסטראכטנ שפּילעכלעך, בלאָזנ אינ קולעק ווי אפ א טרומייט, קנאקנ מיט דעמ צונג, מאכנ „סאָראָקע וואָראָנע“ אונ זינגענ „פּי־פּי־פּי“, „ציגעלע־מיגעלע“ אונ נאָך אנדערע קינדערשע לידלעך. כאָלילע אָפּצושטעלנ זיך א רעגע! די רעבעצנ האָט געפּנט א פּיסקל אונ ארויסגעלאָזנ אפ מיר א יאַמ קלאָלעס, האלטנדיק די קאָטשערע, נאָר אפ צו פלעטנ מיר דעמ מויעך.

איבערגעקומענ בעשאָלעמ אָט דידאָזיקע מעלאָכעס, בינ איך געלאָפנ צונויפנעמענ די קינדער אינ כיידער אריינ. דאָ האָט זיך אָנגעהויבנ גאָר א נייַ קאפּיטל באהעלפערישע מעלאָכעס: פוצנ שטיוועלעך, שיכלעך, ארויסנעמענ נאסע יינגלעך פונ אונטער די איבערבעטנ, אויסזוכנ זיי דאָס אָנטוג, אָפּבלאָזנ פעדערנ פונ יארמעלקעלעך, אָפּווישנ נעזלעך, שלעפנ מיט געוואלד פונ דער שטוב אונ ארויסשטופנ אינ דרויסנ.

אָט אזוי בינ איך געגאנגענ פונ שטוב צו שטוב, ביז איך האָב צונויפגענומענ די גאנצע קאָמאנדע. דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבנ דער מעשונע־ווילדער מארש, וואָס מ'האָט אימ געמעגט אפ כידושימ אָנקוקנ. פאָרויס אונ אונטער מיר לויפנ, שפּרינגענ, קריכנ יינגעלעך אינ דער „פאָלנער פאָרמע“, מיט ארויסגעשטעקטע העמדלעך אונטנ. דער גייט טרויעריק מיט אנ אראפּגעלאָזטנ קאָפּ, ווי צו דער שכיטע, יענער האלט א שטיק ברויט מיט אנ איי אונ עסט, איינער מאכט קוקעריקו! אונ דער אנדערער—ציגעלע, מע־מע־מע! איך אליינ גיי האָפּערדיק אינ דער מיט, אָנגעלאָדנ אינ די קעשענעס, אינ דעמ בוזעמ, אינ א קוישל אפנ אָרעמ פלעצעלעך מיט פוטער, ברויט באשמירט מיט שמאלצ, ריפּטלעך ברויט מיט א ווײדל פונ א הערינג, מיט טעפּלעך קאשע, זויערמילך, קעז, ציבעלעס, קנאָבל, אונ פיר פונ ביידע זייטנ בא די הענטלעך א האלב טוצ יינגלעך. א טייל יינגלעך כליפּענ, סמאָרענ מיט דער נאָז, א טייל שפּארנ זיך איינ, אונ ווילנ ניט גיינ. א טייל פארדרייענ דעמ קאָפּ אהינטער, וויינענ, שרייענ מאמע, מאמע! הויך אפ א קאָל איבער דער גאנצער גאס...

*) א דינ פארשניצט שטעקעלע, מיט וועלכנ דער רעבע פלעגט וויַיזנ די טאלמידימ, וווּ צו לייענענ.

אָנקומענדיק אין כיידער, האָט דער רעבע מיט דעם עלטערן באהעלפער אופגע־נומען דעם גאנצן עטאַפּ קליינע ארעסטאנטלעך, און זיך גענומען צום שמייסן. איך האָב באדארפט דערלאנגען ריטער און האלטן פאר די פיטלעך. אָפּגעשפּיליעט און געלעגט אפן בענקל האָט דער רעבע מיט זיין קאָוועד אליין. אז די אָפּגעשמיסענע קינדער האָבן זיך א לאָז געגעבן שפּילן אפן בערגל מיסט אין דרויסן, האָב איך מיך געזעצט אָפּרוען—וויגן דאָס קינד, רעב אזריעל מעלאמעדס קאדיש, זינגען אים דער־ביי „אונטער כייקעלעס וויגעלע שטייט א קלאָר ווייס ציגעלע", אָדער אופפּלאָנטערן אמאָל א מאָטעק פּאָדעם, גיין אופזוכן די הינער, שרייען „אקיש" און טרייבן דעם האָן מיט די הינער אראָפּ פונעם בוידעם צי פונעם דאך. אין א פּאָר שאָ ארום האָב איך מיך איינגעשפּאנט גיין ברענגען די יינגלעך ווארעמס אין כיידער אריין, און אזוי האָב איך מיך געדרייט אהין און אהער, אָנגעטופעט ביז פארנאכט.

פארנאכט איז געקומען די צייט אָפּצופירן די כאָפּטע קינדער אהיים. מיינע שע־פּעלעך זיינען לוסטיק געלאָפן, געשפּרונגען, דער מיט אן אונטערגעשלאָגן אויג, יענער מיט בלויע צייכנס אפ דער באק, איינעם האָט געפלאמט אן אויער, דעם אנדערן איז אביסל אויסגעצופּט געווען א פּייע. קיינער האָט אָבער פאר סימכע דער־פון זיך גאָרניט געמאכט. אלע האָבן געשטיפט, געיילט, געיאָגט לעבעדיק, פריי־לעך. אין דער צייט איז אויך די טשערעדע קי צוריקגעגאנגען פונעם פעלד מיט די פארשייטע ציגן פאָרויס. איך האָב אָפּגעלאָזט מיינע שאָף און בין געגאנגען מעקאבל פּאָנעם זיין *) רעב אזריעל דעם מעלאמעדס ציג, האָב זי א כאַפּ געטאָן בא די הערנער און אָפּגעפירט אהיים אין איר רו אריין. דערמיט האָב איך זי אָפּגעהאלטן פון א גרויסער מיעסער אווירע—שפּרינגען ערגעץ אין א פרעמדן גאָרטן אריין, און מיר האָב איך פארשפּאָרט א קאָפּדרייעניש זי צו זוכן, ווי עס פלעגט זיך אמאָל מאכן, ביז שפּעט אין דער נאכט.

פלוצים האָט אפ מיר זיך אָנגערוקט א כמארע. רעב אזריעל האָט אין יענער צייט באדארפט גראָד שלאָגן טויט־שלעק עפּעס איינעם א נאָגידס א יינגל, א בעניאָ־כידל, וואָס איז געווען שטארק ציטעריק בא די עלטערן, דאָס יינגל איז פארשלאפט געוואָרן און געלעגן קראנק אין בעט. די מאמע מיטן טאטן האָבן געליארעמט, גע־שריען און געזאָגט: זיי מוזן דעם רעב אזריעלן אָנלערנען און צונעמען בא אים דעם גאנצן כיידער. רעב אזריעל האָט זיך שטארק איבערגעשראָקן, געזוכט א וועג ווי זיך צו רייניקן, און ארופגעלייגט די גאנצע שולד אפ מיר,—„דאָס איז, האָט ער זיך פארענטפערט, דעם באהעלפערס מעלאָכע, ער איז, האָט ער געזאָגט אפ מיר, א גרויסער שייגעץ. דאָס יינגעלע, פון זיין זייט, האָט געשוויגן, שטארק מוירע געהאט, ווי געוויינלעך, אויסצוזאָגן פונעם כיידער. עס איז אָנגענומען געוואָרן, אז איך בין שולדיק, און בא ביידע צדאָדים איז געבליבן, מיך גוט אויסצופּאטשען און ארויס־טרייבן פונעם כיידער.

## VI

אין עטלעכע טעג ארום בין איך אריינגעטראָטן פאר א לערן־יינגל צו לייזער דעם שניידער.

לייזער דער שניידער איז געווען א קליין דאר יידל מיט א בלייך פּענעמל, זייער ספּריטנע, א רירנדיקס ווי קוועקזילבער, מיט אלע שניידערשע פּאָסטעמקעס—א פּאלגע

*) אופנעמען, באגעגענען.

מיט די ביינער. מע האָט אים געקענט רופֿן אי ווײַבערשער, אי מאַנסקער שנײַדער, אָדער, נאָך גלײַכער — ניט קיין ווײַבערשער, ניט קיין מאַנסקער, ווײַל ער האָט זיך אונטערגענומען נייען אי ווײַבערשע, אי מענישע קליידער, אַלצדינג אין דער וועלט, אַפֿילו אַ היטל אויך, און האָט קיין זאַך ניט רעכט געקענט. אונטער זײַנע הענט פֿלעגט אַ יופּע מעגולגל *) ווערן אין אַ שלאָפֿראָק, אין אַ קאַפּאָטע, אַ קאַפּאָטע — אין אַ קליידל, און אַ קליידל — אין אַ קינדערש לײַבל. דערצו איז ער געווען אַ בעריע — עס האָט באַ אים אויסגעגעבן טאָמעד מאַטעריע אַקוראַט וויפֿל מע באַדאַרף, און אים איז נאָך אויך איבערגעבליבן אַ היפּשער שטיק איטער **). אונטער אַן אָסיען, די רעכטע צײַט, ווען באַ ייִדן אין דער פֿאַמיליע הייבן אָן קליידער איבערגעניצעוועט און מעגולגל צו ווערן פֿון איין מאַלבעש אין אַן אַנדערן, דענסטמאָל איז ער געווען פֿאַרוואָרפֿן מיט אַרבעט.

אַ ציגל האָט לייזער געהאַט אַ געשליפֿנס, זײַער אַ געלויפֿיקס. אַז עמעצער פֿלעג וועלן אים אויסמאָלן, ווי ער זאָל אים נייען, האָט ער יענעם ניט געלאָזט אויסריידן, פֿאַרכאַפּט און גערעדט אַלץ אַליין:

— איך ווייס, איך ווייס־ווייס! זײַט זיכער, איך וועל אײַך מיט גאָטס הילף מאַכן אַ שטיקל אַרבעט נאָך בעסער ווי איר אַליין ווילט. דאָס ערשטע מאָל איז מיר דען צו מאַכן אַזאַ אַרבעט? איך ווייס, זײַט זיכער, איר וועט צופֿרידן זײַן.

באַם אָפּברענגען די אַרבעט, אַז יענער פֿלעגט זאָגן: דאָ קוועטשט אים, דאָ קנייטשט זיך, דאָ ליגט נישט גוט, דאָ איז שמאָל, האָט לייזער ניט געוואָלט גאָר הערן, אַלץ גערעדט, גערעדט און פֿאַרשאָטן מיט רייד:

— כאָלילע, ווי פֿאַלט איר אויס אַזוינס צו זאָגן? עס קוועטשט ניט! עס טאָר גאָר ניט קוועטשן, עס הייבט ניט אָן אַפֿילע זיך צו קנייטשן. גיט נאָר אַ צי, זײַט מויכל, אַהין אַביסל, עס ליגט גוט, אַזויווי אויסגעגאָסן. נאָט אײַך ניַיס — ס'איז שמאָל! וואָס הייסט שמאָל? אַז עס טאָר ניט זײַן שמאָל! איר האָט ערשט אָפּגעגעסן און זײַט אַביסל פֿול, דאַכט זיך אײַך אויס, אַז ס'איז שמאָל, איך זאָל פֿאַרקרענקען, וואָס מיר איז דערפֿון אַראָפּגעפֿאַלן. באַ מײַנע ייִדישע נעמאָנעס! מע איז קאַם אויסגעקומען ווי מיט קרעפּל־פֿלייש. ס'איז איבערגעבליבן פֿונעם אונטערשלאַק אַ שמאָל פּאַסעקל פּערקעל, האָב איך עס אײַך אָפּגעבראַכט. בעסער ווי איך האָב אײַך געמאַכט, קען מען שוין טאַקע ערגעץ ניט מאַכן. איר וועט זיך אַביסל אײַנגיין, וועט איר געווינט ווערן, טראָגט געזונט!

באַם צאָלן פֿלעגט זיך אָנהייבן אַ דינגעניש. ער האָט אָוועקגערעדט אַ שאָ, אָפּגעלויבט אין טאָג אַרײַן זײַן אַרבעט, אויסגערעכנט איטלעכס פּיצעלע באַזונדער, וואָס האָט אים געקאָסט, געמאַכט אַ שנײַדערשן כעזשבן און געשטעלט פֿאַר אײדעס הינטער די אויגן דעם קרעמער, דעם שמוקלער אי די ייִדענע פֿונעם שאַפּקעלע. און אָפּגעשאָטן פּאָשעט מיט נײַן מאָס רייד, ביז מע האָט אים געגעבן נאָך אַ צען גראָשן. טאַ, פֿלעגט ער דערנאָך מאַכן, גיט כאָטש אַביסל בראָנפֿן... מיט אַביסל בראָנפֿן האָט באַ לייזערן זיך אָנגעהויבן און אויסגעלאָזט אַלע געשעפֿטן. ער איז ניט געווען כאָלילע קיין שיקער, זיך ניט געוואַלגערט אין די גאַסן, נאָר טרינקען האָט ער געקענט. די מעלאָכע האָט ליב דעם טרונק — איז געווען זײַן ווערטל. און ער האָט טאַקע עמעס ליב געהאַט די מאַשקע.

*) מעגולגל ווערן — פֿאַרוואַנדלט ווערן.

**) איטער — איבעריקע סכוירע, וואָס אַ שנײַדער נעמט זיך אַראָפּ באַם אופֿנייען אַ קלייד.

לייזער דער שניידער האָט מיכ גלייכ בא מיינ אָנקומענ צו אימ שטארק גענומענ אינ דער ארבעט אונ מיט מיר אָנגעהויבנ דעמ אלעפבייז פונ דער מעלאָכע. דער אלעפבייז איז נישט באשטאנענ דערינ, ווי מע האלט די נאָדל, ווי מע דארפ א שטאָכ טוג—נייענ! דאָס איז נאָכ געווענ צו פרי, דעמדאָזיקנ קאָוועד האָט מענ מיר א גאנצע צייט נאָכ ניט אָפגעגעבנ. לייזער האָט מיט מיר אָנגעהויבנ פונ דער האס־כאָלע *)—פונ זיינ פאָמינעצע, האָלצ טראָגנ אונ נאָכ אזעלכע זאכנ—קימאט דער אייגענער אלעפבייז, וואָס בא דעמ צעלניקער, אונ בא אזריעל דעמ מעלאמעד, נאָר מיט אביסל פארענדערונגענ, ווי עס פאסט צו א שניידער. דעהיינע, גיינ אינ מארק נאָכ קאָשערע פאָדעמ, אריינשטעלנ פרעסלעכ ווארעמענ אינ אויוונ, בא לייזערנ גופע אינ שטוב, אָדער אמאָל ערגעצ בא א שאָכנ; זוכנ אמאָל צענ אינ טאָג אונטערנ טיש, אונטער די בענק דעמ פינגערוט, אָדער א. דינ נאָדעלע; ארויסציִענ פארסטריגעס אונ אָפטראָגנ מיטנ באלעבאָס ערגעצ א שטיקל ארבעט.

אונ אזויווי לייזער האָט געהאט א וויב, א באלעבאָסטע, א בעריע א יִדענע, האָט זי זיכ מיט מיר שטארק אָפגעגעבנ, אויסגעזוכט פאר מיר בא איר טאָמעד אר־בעט אונ מיכ ניט געלאָזט כאָלילע ליידיק זיצנ א רעגע.

אונ מעקויעכ שלאָגנ—דרינענ האָט מענ זיכ ניט געדונגענ. אמאָל האָט מיכ גע־שלאָגנ לייזער, אמאָל לייזערס וויב אונ אמאָל ביידע אינייִנעמ אָדער זיי ביידע טאקע, נאָר אפ אנ אנדער מינ אויפנ, דעהיינע אזוי: לייזער האָט פריִער אָפגעשטעקט עטלעכע פעטש לייזעריכענ אונ לייזעריכע האָט זיי מיר געטריי איבערגעגעבנ מיט פראָצענט, מיט געשמאקע עטלעכע קניפ דערצו. אָדער פארקערט, לייזעריכע האָט מיט אמאָל צומ ערשטנ אריינגעלייגט מיט אירע אייגענע הענט, וויפל זי האָט נאָר געקענט אינ לייזערנ, אונ לייזער האָט ניט געקענט אויסהאלטנ, ער זאָל עס באלד ניט אריינוואַרפנ אינ מיר... לייזער מיטנ וויב האָבנ געלעבט ווי א פאָר טויבנ, גלייכ אינ אלע זאכנ: ביידע זיינענ געגאנגענ אינ ספאָדעק, ביידע האָבנ געהאט א גלייכע דייע, ביידע האָבנ מוירע געהאט איינער פארנ אנדערנ, זיכ געהאלדזט, ארומ־גענומענ אונ זיכ געטיילט מיטנ שענסטנ אונ בעסטנ—מיט פעטש...

קיינ האָניק האָב איכ בא לייזער דעמ שניידער ניט געלעקט. איכ האָב געארבעט אינ שטוב ווי אנ אייזל אונ געכאפט פונ אלע זייטנ קלעפ. דענסטמאָל האָב איכ גע־מיינט, אז דאָס אלצדינג מוז א לערנייִנגל טונ אונ אָנ דעמ, כאָלילע, דאָס הייסט, אָנ פאָמינעצעס טראָגנ אונ אָנ קלעפ, הייסע פייערדיקע פעטש, וועט ער ניט קענענ זיינ א באלמעלאָכע. א שפיגעלע האָב איכ מיר פאר מיר געהאט לייזערס אנ ארבע־טער. א דארער, איינגעהויקערטער, אויסגעבלייכטער באָכער, וואָס ער האָט זיינע בעסטע יונגע יאָרנ פארבראכט בא לייזערנ,—געטאָנ די שווערסטע ארבעט אונ גע־ליטנ, ביז ער איז געקומענ צו דער מאדרייגע, האלטנ א נאָדל אונ שטשאָבענ. דע־ריבער פלעג איכ, שלימאזל, נעבעכ, אָנעמענ פאר גוט אלע פעטש אונ אפילע נישט הויכ וויינענ.

איינמאָל אונטער א פאר־פייסעכ רופט דער באלעבאָס צו מיר זיכ אָנ:

—איציק אוורעמל,־גיב נאָר א שפרונג אינ קרעמל, כאפ, פארכאפט זאָלסטו ווערנ פאר א גראָשנ קאָשערע פאָדעמ, אונ באוואָרפ, וואַרפנ זאָל עס מיט דיר, אָט דעמ דאָזיקנ קלייד דעמ פעדערכיילעק, דערנאָכ דעמ הינטערכיילעק, זשיוואָ, מאמזער!

*) אָנהייב.

איך געדענק ווי שטאַרק איך האָב מיך דערפֿרייט דעמסטמאָל אַף דעם קאָוועד־
זיצנ באַם טיש אונ האַלטנ אַ נאָדל. הײַדאַ! איך האָב מיך אַנידערגעזעצט באַם טיש
אַנקעגנ דעם אויסגעבלייכטנ באָכער, פֿריילעכ, לוסטיק אונ מיט ביידע הענט געהאַלטנ
דעם הינטערכיילעק, ווי עפּעס אַ טײַערע זאַכ. דער שנײַדער האָט אַף אַ בײַ־קעלכנ
צוגעזונגענ אַ שטיקל פֿונ קאָלנידרע, באַלד אַ מעלעכ־עליוינ *). באַלד איז ער אַריבער־
גיגאַנגענ אינ אַ מאַרש, צוגעשאָקלט מיטנ קעפּל אונ צוגעפּויקט צומ טאַקט מיט די
פּיסקעס, באַלד האָט ער געזאָגט אַ ווערטל איבער מיר, איבער דעם אויסגעבלייכטנ
באָכער, אונ דערבײַ אַרויסגעשטעקט אַ שפּיצ צינגל, באַלד האָט ער געזונגענ ווייגענ־
דיק, ווי מע באַזעצט אַ קאַלע אונ באַלד האָט ער געזאָגט, ווי דער מאַרשאַלעק**)
גראַמענ, „זשיוואָ, איציק־אוורעמל!—האָט ער טאַקע געזאָגט מיט אַ ניגנ,—שנײַצ אָפּ דאָס
ליכט, מאַמזער! גיי גיכער, אָנגעבלאָזענע צורע! אַביסל גיכער, איציק־אוורעמל, כאַפּ
באַ מיר ניט, מאַמזער, קיינ דרעמל!” אונ איכ, שטאָכ דאַ שטאָכ, שטאָכ דאַ שטאָכ
אינ דעם קלייד, אינ די פֿינגער, ווו עס האָט זיכ פּאָפּאַדעט. נאָר ווער הערט אַ שטאָכ
בעשאַס אַפֿנ האַרצנ איז פֿריילעכ?...

פּלוצלינג אָבער האָט אַף מיר זיכ אָנגערוקט אַ כמאַרע: אינ דער גאַנצער שטוב
האָט אָנגעהויבנ צו שטינקענ סמאַליִנע: מע זוכט דאָ, מע זוכט דאָרט, אונ מע געפֿינט
לעסאָף, אַז באַ מיר, שלימאַזל, סמאַלעט זיכ דער הינטערכיילעק, יענער הינטערכיי־
לעק, וואָס איך האָב באַוואָרפֿנ! וואָרומ בעשאַס איך האָב אָפּגעשנײַצט דאָס ליכט,
איז אַ שנויץ דערופֿ אַראָפּגעפֿאַלנ! אַ געוואַלד, אַ געשריי, אַ געפּילדער, וואַלײַ פּעטש.
קולעקעס אונ קלעפּ איז מיר געפֿאַלנ ווי האָלצ! איך האָב גענוג געהאַט פֿאַר דאָס־
מײַניקע. דער שנײַדער פּרוּווט זיכ מאַכנ פֿונ דעם הינטערכיילעק אַ פּעדערכיילעק,
אַרבל, עס גייט ניִשט! ער האָט שוינ, נעבעכ, פֿונעם קאַסטנ אַרויסגענומענ דעם שטיק
איטער פֿונ דעם קלייד, נאָר מוטשע זיכ פֿונ הײַנט ביז איבעראיאָר, עס גייט ניִשט!
כאָטש צערײַס זיכ, כאָטש טו דאָ פֿוטער אַרײַנ, עס גייט ניִשט! דער הינטערכיילעק
מוז טאַקע בלײַבנ אַ הינטערכיילעק, פֿונ אַ כאַזערשנ עקל קענ מענ קיינ שטרײַמל
ניט מאַכנ...

הער נאָר אויס, איציק־אוורעמל!—האָט געזאָגט לייזער,—הער אויס, מאַמזערוק,
יונגאַטש איינער, אַ קרענק דיר אינ די ביינער! פּאַטשנ דיכ האָב איך שוינ מער
קיינ קויעכ ניט, אַז די באַלעבאָסטע וועט קומענ פֿונעם מאַרק, וועט זי דיכ מיס־
טאַמע אויכ דערוואַרעמענ אַביסל אונ אויסטאַפּנ דיר די ביינדלעכ, זי האָט אויכ אַזאַ
רעכט גלײַכ ווי איכ, אונ זי וועט דיר אידרס ניט שענקענ. נאָר דאָס אַלצדינג אָבער
איז גאָרנישט אַנקעגנ דעמ, וואָס דו וועסט ערשט לייזנ שפּעטער, אויב עס וועט מיר
ניט אײַנגיינ מײַנ אײַנפֿאַל.

לייזער דער שנײַדער האָט באַלד טאַקע זיכ פֿאַרטראַכט איבער דעם הינטער־
כיילעק אונ גערעדט צו זיכ אַליינ: „פֿאַרוואָס ניִשט טאַקע אַ קעשענע... פֿונעם
לאָכ אַ קעשענע?... איי וואָס?... עט, מיילע. וואָס מאַכט עס אויס?...” דערנאָכ האָט
ער אויסגעשטעלט אַף מיר אַ פּאָר אויגנ אונ אַ געשריי געטאָנ:

— פּאַשאָל וואָנ, מאַמזער!—הינט זאָלנ מיט דיר האַנדלענ!

איך האָב מיך אַרויסגערוקט פֿונ אונטערנ טיש ווי אַ קעצעלע, אונ געוואָרט מיט
אַ פֿאַרקלעמט האַרצ אַ ווייסטנ סאָפּ.

*) נעמענ פֿונ טפֿילעס.

**) אַ לעצ, אַ פֿריילעכמאַכער.

דידאָזיקע טרויעריקע מײַסע איז געשען מיטוואָך טכילעס אָוונט. פּרײַטיק, געדענק איך ווי הײַנט, האָט דער באַלעבאָס געהייסן מיר אָפּטראָגן נאָך אים דאָס קלייד צום אָרענדאַטערס ווײַב. די אָרענדאַטערקע גיט א בליק—א דונער, א שלאַק: א קעשענע סאַמע הינטן.

וואָס איז דאָס אַזוינס, שנײַדערל־לעב?—האָט זי זיך צעשריִען—ס'טײַטש, וואָס איז דאָס? איך וועל אַזאַ קלייד בעשומויפן ניט צונעמען!

— אײַ—האָט ליזער מײַנער געענטפערט מיט א זיס לעכעלע און איר פאַרשלאָגן די רייד—אײַ שרײַט כ'לעבן ניט, ברײַנדל! אַזוי העלפט מיר גאָט, ווי איך האָב אײַך געמאַכט גוט—איך האָב אײַך גענייט דאָס קלייד נאָך דער סאַמע לעצטער מאָדע. ס'טײַטש, באַ אַלע פּריצים זײַנען הײַנט אויפגעשפּאָלטן קעשענעס הינטן. א מעשוגענער מאַכט הײַנט קעשענעס פאָרנט! איך זאָל אַזוי, ריבוינעשעלוילאָם, פּאָטער ווערן פון מײַן מעלאָכע און ניט באַדאַרפן זײַן קיין שנײַדער (אַזוי געוויינטלעך פלעג ער זיך שווערן, ווי דער שטייגער פון אַלע אַנדערע יידישע באַלמעלאָכעס), ווי שיין דאָס זעט אויס! א שאָד, כ'לעבן, וואָס איר קענט ניט אַליין מיט אײַערע אייגענע אויגן אָנקוקן דעם זיבעטן כיין, וואָס דאָס האָט. טאַפּט, כ'לעבן ניט, ברײַנדל, ס'איז גוט! אָט טראָגט געזונט, פאַרנוצט געזונט, צערײַסט געזונט! גיט נאָר אַפּ א קאָפּ בראָנפן מײַן לערנייִנגל, ער פאַרדינט, כ'לעבן, ער האָט נעבעך זיך די אויגן אַרויסגעגומען און אַסאַך געהאָרעוועט אַפּ דער קעשענע. מיר קומט אויך, כלעבן, א קויסע!

ליזער איז געווען פאַררעכנט אין בעזוליודעוו פאַר איינעם פון די בעסטע שנײַדער, וואָס נייען נאָך זשורנאַלן, און דער אָרענדאַר דאָרט איז געווען איינער פון די גרעסטע גווירים. הײַנט, אַז מע האָט געזען זײַן ווײַב, די אָרענדאַרקע, גייט אַרויס הינטן מיט א קעשענע, זײַנען דערנאָך אַלע בעזוליודעווער מאָדנע ווײַבלעך אַרויסגעגאַנגען הינטן מיט אויפגעשפּאָלטענע קעשענעס. נאָר כאָטש מײַן קעשענע איז אַרײַן אין דער מאָדע, איך אָבער בין דערפון ניט געהאָלפן געוואָרן. ליזער האָט מוירע געהאַט, איך זאָל מיט דער צײַט ניט אַרויסוואַרפן עפּעס אַזוינע נײַע מאָדעס, וואָס וועלן אים כאָלילע אָנמאַכן בויכווייטעק, און מאַכמעס מוירע ניט געוואָלט געבן מיר א שטאָך אַרבעט: ער האָט מיך אײַנגאַנצן אַוועקגעשענקט זײַן ווײַב, זיך נאָר איבערגעלאָזן דאָס רעכט מיר אַמאָל אָפּצושטעקן א פּאַטש. וואָס טויג מיר, האָט ער זיך אָנגערופן, אַזאַ פאַרשלעפּטע קרענק, אַזאַ מין קינצלער? און דערבײַ אָפּגעזאָגט זײַן געוויינטלעכן פּאָסעק: הינט זאָלן מיט אים האַנדלען!

ליזעריכעס האָב איך אַמאָל א שאָדן אָנגעטאָן, ניט ווילנדיק צעבראָכן איר א טאָפּ מיט אייער, און געמוזט לעסאָפּ דורך דעם אויקער זײַן *).

מע האָט מיך דערנאָך אָפּגעגעבן צו אַלערליי אַנדערע באַלמעלאָכעס, וואָס א וואָך צו אַן אַנדערן. איך אָבער בין געווען א שלימאַזל און אינערגעץ ניט געהאַט קיין גליק. איטלעכער באַלמעלאָכע באַזונדער האָט מיך דאָס ערשטע באַקאַנט געמאַכט מיט דער באַלעבאַטישקײַט און מיך אײַנגעשפּאַנט אין דעם יאָך.

איין באַלעבאָס האָב איך אַפּ מיר געהאַט עפּעס א שוסטערל, א פרייִלעכער קאַבצן. ער פלעגט מיך אַלץ שיקן צווישן די אָומריינע ערטער—רײַסן באַ כאַזיירים כאַזערהאָר פונעם רוקן. נאַרעלע, אַזוי איז געווען טאַמעד זײַן ווערטל: פון א כאַזער א האָר איז אויך גוט. באַ א כאַזער איז א מיצווע צו רײַסן... בעשאַס אַרויסטראָגן א

*) אוועקגיין, זיך אָפּטראָגן.

פּאָמינעצע פלעגט דער דאָזיקער פריילעכער קאבצנ אפ שפּאס אופשטיינ אונ מאכנ מיט א ניגנ:

— טראָג, טראָג, איציק־אוורעמעניו, איכ זאָל דערלעבנ טראָגנ דיר צו דער כאַסענע ווייַנ אינ א רעשעטע! טראָג, איציניו, טראָג, אינ דייַנע יאָרנ האָב איכ געטראָגנ פּאָמינעצעס איבערגעטראָגנ...

דאָסדאָזיקע שוסטערל האָב איכ אינ האַרצנ ליב געהאט. ער איז זיכ מיט מיר באַגאנגענ בעסער ווי אַלע אנדערע. איכ וואָלט מיכ בא אימ געהאלטנ אונ עפּשער עפּעס וואָס אויסגעלערנט. נאָר ער איז אָבער שטארק קראנק געוואָרנ, אָנגעהויבנ שטארקער, ווי פריער, צו הוסטנ, צו שפּייַענ מיט בלוט, ווייַל ער איז, נעבעכ, שרעקלעכ אָפּגעקומענ, געהאָרעוועט, געארבעט איבער די קויכעס, מעפּארנעס צו זייַנ די ווייַב אונ קינדער, אונ עסנ האָט ער, נעבעכ, געגעסנ יעסורימ. כוצ א דאר שטיקל ברויט מיט עפּעס וואָס ס'איז דערצו, איז אינ זייַנ מויל ניט געקומענ. דעמ טאמ פונ פליישׁ האָט ער שוינ לאנג פארגעסנ. בא א שמועס אמאָל פלעגט ער אַלצ שפּאסנ: פליישׁ דאָס איז ניט קיינ יידישע זאכ. מע האָט אימ, נעבעכ, אפ א וועגעלע אוועקגעפירט אינ העקדעשׁ *) אריַינ אונ ער איז דאָרט טאקע באלד געשטאָרבנ...

קיינ בעזליודעוו קומט איינמאָל אפ שאבעס א כאזנ מיט מעשאָרערימ (זינגערלעכ). איצכאָק־אוורעמענ געפעלנ זיי זייער שטארק, אונ ער פויעלט בא דער מאמענ, זי זאָל אימ אָפּגעבנ צומ כאזנ פאר א מעשוירער. אויכ באמ כאזנ לעבט זיכ אימ זייער שלעכט. מיטנ כאזנ אינאיינעמ קומט ער אינ דער שטאָט צוואטשיצ. דאָרטנ טרעפט מיט אימ א געשיכטע. ער צעלאכט זיכ אינמיטנ דאווענענ, אונ דער כאזנ טרייַבט אימ דורכ. ער בלייַבט, ווי אפּנ וואסער.

## VII

ראָשעשאָנע האָב איכ אינ צוואטשיצ געגעסנ בא א יידנ, וואָס איז שווער אקוראט צו באַשטימענ, וואָס פאר א מענטש ער איז געווענ: עפּעס ניט קיינ כאָסיד, ניט פונ הייַנטיקער וועלט, עפּעס אי אהינ אי אהער; ניט געקליידעט אַלטפּעטעריש, ניט הייַנטיק־מאָדיש, ניט, ווי מע זאָגט, פליישיק, ניט מילכיק. עפּעס האלבגעבראָטנ, גלאט פאר זיכ עפּעס א מינ ייד.

אז איכ בינ געבליבנ עלענט, זיכ ארומגעבלאָנקעט ווי א שעפעלע איינער אליינ, ניט געהאט מיט וואָס א טאָג איבערצוקומענ, האָב איכ זיכ מעיאשעוו געווענ אונ בינ געגאנגענ צו יענעמ יידנ אונ האָב אימ דערציילט מייַנ אומגליק, די גרויסע צאָרע, וואָס מיכ האָט געטראָפנ. דערדאָזיקער ייד איז געווענ בעטעווע ניט קיינ שלעכטער, א שווייַגער, א רענדל א וואָרט. ער האָט מיכ שווייַגנדיק אויסגעהערט אונ אַלצ געגלעט די וואָנצעס. דערנאָכ האָט ער פארטראכטערהייט א מאכ געטאָנ מיט דער האנט, איכ זאָל בלייַבנ, האָט עס געהייסנ, אונ געזאָגט אינ שטוב, מע זאָל מיר געבנ עפּעס עסנ.

באנאכט, ארומ אזייגער צענ, עלף, אז אפ דער גאס האָט מענ שוינ ניט געזענ קיינ מעשוגענעמ הונט, אונ אינ דרויסנ איז געווענ כאָטש אנ אויג ארויסצונעמענ, איז ער מיט מיר געגאנגענ העט, העט אינ עק שטאָט ערגעצ אינ א פארוואָרפנ געסל. אינ דעמדאָזיקנ געסל איז געווענ רויִק, שטיל ווי אפ א בייסוילעמ, עס האָט נאָר

*) א שטיבל אינ שטעטל, ווו ס'פלעגנ זיכ אופהאלטנ קראנקע אָרעמע לייַט.

זיך דאָרט געהערט אַ רויש פֿון ביימער, וואָס דער ווינט האָט מיט זיי געטרעסעט, אויך אַ געשושקערײַ פֿון עטלעכע איבערגעבליבענע דאַרע בלעטלעך ערגעץ דאָרט אויף אַ ביימל און אַ קאָל פֿון אַן אָסיענדיק רעגנדל, וואָס האָט געקראָפּעט אויף אַראָפּגעפֿאַלענע בלעטער און אויף פֿאַרטריקנט גראָז פֿון אַלערלײ מינע גאָרטנוואַרג. איז דער ווינט אויף אַ רעגע אַנשוויגן געוואָרן, האָט פֿונדערווײַטנס זיך געלאָזט הערן אַ געקלאַפּערײַ ערגעץ פֿון אַ מיל און אַ ליאַרעם, אַ גערויש פֿון אַ האַסטיק פֿלײַצנדיק וואַסער. קאַם האָט דער ווינט ווידער אָפּדאָסנײַ אָנגעהויבן, האָבן מיט אים, באַם אָנהייב בלאָזן זיך פֿון דער שטאָט פֿאַרטראָגן מעטושטעשע, פֿאַרמישטע מינע קולעס: אַ קרײ פֿון אַ האָן, אַ מרוקען פֿון אַ קו, אַ סקריפּ פֿון אַהין און אַהער זיך שלײַדערנדיקן טויער, אַ געטומל פֿון אַ באַלעגאָליש פֿאָרענדיקער יאַזדע און אַ בילן פֿון ערגעץ אַ באַלעבאַטישן הונט. אָפּאַנעם, אַז אין יענעם געסל זײַנען ניט געזעסן קיין ייִדן, אַניט וואָלט דאָך דאָרטן ניט געווען קיין ביימער מיט קיין גערטנער, אויף דער ערד וואָלט דאָך ניט געווען צעזייט־צעשפּרייט קיין בלעטער, און מײַן ייִד וואָלט דאָך געמוזט טאַפּן דעם וועג, ער זאָל כאָלילע אין דער מיט גאַס ניט אַרופֿאַלן אויף אַ קו, אָדער ניט אָנשלאָגן זיך אין צעבראָכענע טרעפּלעך פֿאַר איטלעכער טיר. מײַן ייִד איז אַלץ געגאַנגען, ניט צו ריידן מיט מיר אַפֿילע איין וואָרט, ביז צום סאָף זײַנען מיר געקומען צו אַ הויפֿל און אַרײַנגעגאַנגען דאָרט אין אַ נידעריקס, ניט קיין גרויס הײַזל. אין אַ קליין פֿאָרצימער האָט געצאַנקט אַ ליכט, דאָרט האָט מײַן ייִד אויסגעטאָן זײַן אויבערקלייד און איז אַרײַנגעגאַנגען אין צווייטן כיידער, מיר אָבער האָט ער געהייסן וואַרטן דאָ אין דעם פֿאָרצימער. מיר איז גראָד אויסגעקומען דאָרט שטיין הינטער דער צוגעמאַכטער טיר, האָב איך געהערט אָט אַזאַ מין שמועס.

דערמיט האָט זיך געענדיקט דאָס לעצטע בלעטל פֿון די, וועלכע דער ראָוו האָט מיר געגעבן און אַזוי־ווי ס'איז געווען שוין שפּעטלעך באַנאַכט, האָב איך זיך געלייגט אויף מײַן אָרט אין בעסמעדרעש שלאָפֿן.

## VIII

קאַם וואָס איך האָב דערלעבט מאָרגן פֿרי אָפּצודאַווענען, האָב איך עפּעס איבערגעכאַפּט אָפּדערגיך, איבערגעלאָזט ווײַטער אויף דעם שאַמעס מײַן בײַדל מיט דעם פֿערדל און מיך געיאָגט צום ראָוו.

אין שטיבל באַם ראָוו האָב איך געטראָפֿן אַ היפּשן אוילעם מענטשן, אָנענאָרע, דאַיאָנים און נעגידים. דער ראָוו אַליין איז דאָרט ניט געווען. אַלע אין שטיבל זיצן עפּעס אַזויווי פֿאַרטראַכט. נעגידים זײַנען אַפֿילע טאָמער אַביסל פֿאַרטראַכט, פֿאַרזאָרגט, און קוקן אויף יענעם מיט אַ מאָרעשכוירעדיק פּאָנעם, עפּעס אַזוי, אַ עס ווערט פֿאַרקילט אין בויך, עס גלוסט זיך אַוועקגיין און זיי מער ניט אָנקוקן.

איך בין געזעסן ווי אויף שפּילקעס און געציילט די מינוטן, דער ראָוו זאָל אַרײַנקומען, איך זאָל שוין קענען הערן דעם סאָף פֿון דער גאַנצער מײַסע און צו וואָס בין איך דאָ אַזוי נייטיק געווען. גאָט האָט געהאָלפֿן, דער ראָוו איז אַרײַנגעקומען.

— זײַנט איר, ראַבויסײַ, דאָ אַלע? טוט דער ראָוו אַ פֿרעג, אַנידערזעצנדיק זיך אויף זײַן שטול.

— אלע, אלע!

דער ראָוו נעמט עפּעס א פּעקעלע פּאפּירן און, אויסהוסטנדיק זיך אביסל, טוט ער א זאָג:

— מיר זײַנען נעכטן, דאכט זיך, געבליבן דערבײַ: „האָב איך געהערט אָט אזא מין שמועס".

— יאָ, דאָ! דאָ!—רופֿ איך מיך אָן און טו א לייג פֿארן ראָוו די עטלעכע בלעטלעך, וואָס ער האָט מיר געגעבן נעכטן.

— א, גוט, גוט, רעב מענדעלע!—מאכט דער ראָוו צו מיר און שטעלט מיך פֿאָר פֿאר דעם עולם.

— דערדאָזיקער אוירעך *), ראבויסײַ, איז רעב מענדעלע... אונדזער רעב מענדעלע! איך האָב אים געלאָזט זיך מאטריכן זײַן צו מיר, ווײַל ער איז נייטיק צום איניען. אצינד, ראבויסײַ, הערט, זײַט מויכל, וואָס ס'שטייט געשריבן ווײַטער.

## IX

הינטער דער צוגעמאכטער טיר,—הייבט דער ראָוו אָן לייענען ווײַטער,—האָב איך געהערט אָט אזא מין שמועס:

— גוטן אבענד, הער גוטמאן! **)

— ווילקאָמען, הער יאקאָבזאָן! אָ, וואָס פֿאר א גאסט! שאָן זײַט דרײַ וואָכן ווארען זי ניט בא מיר, וואָס זאָל עס דײַטען, הער יאקאָבזאָן? ***)

— ליבער הער גוטמאן, ווי האָב איך געקאָנט? זי וויסן דאָך, הײַנט איז די היילי‌קע פֿײַערטאגע, יאָנטויוום־צײַט. און די היזיגע יידן זײַנען אצינד נאָך מער פֿאנאטיש ווי אן אנדערס מאָל, זיי קענען דאָך מײַנן לאגע, ווי אבהענגיק איך בין פֿון דיזע לײַט, זיי זאָלן מיך, אשטייגער, דערזען גייען צו אינען... ****)

— זי האָבן פֿאָלקאָמען רעכט, הער יאקאָבזאָן. אויב אזוי האָבן זי רעכט, יא, זי זינד אָבהענגיק, זי האָבן א פֿאמיליע. *****)

— האָט איר שוין געענדיקט אײַער ווערק, הער גוטמאן?

— אָ יא, דאָס בוך איסט מערקווירדיק געלונגען, זייער א נוצלעכער סייפֿער! שאדע נור, דאָס בא אונדז זייער ווייניק מענטשן זינד, וועלכע העברייִש לעזן ******).

---

*) גאסט.

**) גוטן אָוונט, הער גוטמאן (יאקאָבזאָן און גוטמאן זײַנען בײדע מאסקילים און זיי ריידן צווישן זיך א קאליטשעטן דײַטש, געמישט טיילווײַז מיט יידיש. אזוי פֿלעגן געוויינלעך ריידן צווישן זיך יענע יאָרן מאסקילים).

***) א גוט יאָר, הער יאקאָבזאָן! אָ, סארא גאסט. שוין זײַט דרײַ וואָכן זײַט איר בא מיר ניט געווען. וואָס זאָל דאָס הייסן, הער יאקאָבזאָן?

****) ליבער הער גוטמאן, ווי האָב איך געקאָנט? איר ווייסט דאָך, הײַנט איז די היילי‌קע יאָנטעוו־צײַט און היגע יידן זײַנען נאָך אצינד מער פֿאנאטיש ווי אן אנדערש מאָל, איר ווייסט דאָך מײַן לאגע, ווי אָפּהענגיק איך בין פֿון דידאָזיקע לײַט, זיי זאָלן מיך, אשטייגער, דערזען גיין צו אײַך.

*****) איר זײַט פֿולקום גערעכט, הער יאקאָבזאָן, אויב אזוי, זײַנט איר גערעכט. יאָ, איר זײַט אָפּהענגיק, איר האָט א פֿאמיליע.

******) אָ, אָ, דאָס בוך איז מערקווירדיק געלונגען. א שאָד נאָר, וואָס בא אונדז זײַנען פֿאראן זייער ווייניק מענטשן, וועלכע לייענען העברייִש.

— זאָגן זי בעסער, הער גוטמאַן, דאָס איר קײן באַלױנונג פאַר אײַער אַרבײַט האָט, און זי מוזן אָפּטמאָל נעבעך דאַרבן און דערצו נאָך אומפּערדיענט לײַדן פֿער־אַכטונג און רעדיפעס *).

— גלײבן זי מיר, הער יאַקאָבזאָן, דער שרײַבער, דער דיכטער, ברויכט אײגנטלעך קײן אַנדערן לאָן אויסער פֿאַרשטאַנדן צו װערדן. פֿעראַכטונג, רעדי־פעס, מאַנגל, דיזע שפּאָרנען נור זײַן גײַסט צו אַרבעט אַן, ערשט דענסטמאָל גלוסט זיך אַרבעטן, און פֿערדינטע פֿעראַכטונג, אומקאָװעד, איסט עבען זאָ דעם מענטשן אַנגענעם ליעב װי פֿערדינטע אַכטונג. פיר די װאַרהײַט, דעם עמעס צו לײַדן, איזט אײגנטלעך קײן לײַדן. לײַדן הײסט כאַנפענען, צװואַטשען, זיך זעלבסט פֿאַרלײגנען, זײַן געװיסן, זײַן הערץ, זײַן סײכל צו פֿאַרקויפן. ***)

— װירקלעך, הער גוטמאַן. װיסען זי, װאָס, אײגנטלעך, בין איך יעצט צו אײַנען בעקומען? איר האָט מיר שױן אײניקע מאָל געזאָגט, אַז איר ברויכט נײטיק אַ ייִנגל צו שיקן אַ מאָל אַ גאַנג, אַצינד האָב איך אַזעלכן בעקאָמען און האָב אים גע־בראַכט. עס שײַנט, ער איז אַן ערלעך ייִנגל, כאָטשע אַביסל אַ לעקיש, ניט געשליפֿן.

איך האָב דעמדאָזיקן שמועס קימאַט אײַנגאַנצן פֿאַרשטאַנען, דאָס הײסט ניט דעם געדאַנק, דעם פּשאַט דערפֿון. דאָס איז געװען ניט פֿאַר מײַן מויעך, איך האָב נאָר פֿאַרשטאַנען װערטער. אַ טײל װערטער זײַנען געװען פֿון אונדזער לאָשן, און אָפֿן ביסל דײַטשישע װערטער האָב איך שױן געקאָנט װי ס'איז מיך אָנשטױסן.

די טיר האָט פּלוצלינג זיך געטאָן אַן עפֿן און מע האָט מיך אַרײַנגערופֿן אין עם צװײטן צימער. מײַן ייִד, זע איך, זיצט אָן דעם היטל, דער דײַטש נעמט מיך אָן בײַ דער האַנט און זאָגט צו מיר גאָר פֿרײַנטלעך.

— נו ליבער, יונגער מענטש! דו װילסט בײַ מיר אין הויז זיך שטעלן? בײַ מיר װעסטו דאָ ניט האָבן קײן שװערע מעלאָכעס. דו װעסט באַדאַרפֿן טון געװײנלעכע זאַכן און גײן אַמאָל אַ גאַנג.

איך האָב אויסגעטעלעפּטשעט אַ פּאָר אויגן און עפּעס אַזױ טאַמעװאַטע געקוקט, אַז דער דײַטש האָט ניט געקענט זיך אײַנהאַלטן אַ שמײכל צו טון. ער איז מיר אָבער זײער געפֿעלן. זײַן פּאָנעם האָט אויסגעזען עפּעס אַזױ גוט און ער האָט מיט מיר גערעדט עפּעס אַזױ פֿרײַנטלעך, ניט װי אַלע אַנדערע, װי דער שנײַדער, דער כאַזן, אַשטײגער, און װי די מאַמע מײַנע אַפֿילו, ער האָט געקוקט אָף מיר מיט אַזאַ רויִקער, גוטער מינע, אַז עס האָט מיך צו אים עפּעס געצויגן.

נו, מײַן ליבעס קינד—האָט דער דײַטש געזאָגט און אַרופֿגעלײגט זײַן האַנט מיר אָפֿן אַקסל,—דו ביסט אַ גוטער בורש ***). װי הײסט דו?

איך בין געשטאַנען פֿאַרדולט. האָב געעפֿנט אַ מויל, אויסגעשטעלט אַ פּאָר אויגן און געקוקט לעקעשעװאַטע, גאָר װי אַן אָנגעמאָלטער גוילעם.

— װי הײסט דו?—האָט דער דײַטש מיך נאָכאַמאָל אַ פֿרעג געטאָן.

*) זאָגט בעסער, הער גוטמאַן, אַז איר קריגט ניט קײן באַלױנונג פֿאַר אײַער אַרבעט, און איר מוזט אָפּטמאָל נעבעך הונגערן און דערצו נאָך אומפּאַרדינט לײַדן פֿאַראַכטונג און רעדיפֿעס.

**) גלױבט מיר, הער יאַקאָבזאָן, אַ שרײַבער, אַ דיכטער דאַרף אײגנטלעך ניט קײן אַנדערן לױן, כוץ נאָר מע זאָל אים פֿאַרשטײן. פֿאַראַכטונג, רעדיפֿעס און נױט שטױסן נאָר זײַן גײַסט צו אַרבעט, ערשט דענסטמאָל גלוסט זיך אַרבעטן, און פֿאַרדינטע פֿאַראַכטונג, אומקאָװעד איז פֿאַר אַ מענטשן פּונקט אַזױ אײַנגענומען װי פֿאַרדינטע אַכטונג.

***) יונג.

— איכ ווייס?!

— ס'טײַטש, דו ווייסט ניט, ווי דו הייסט! ווער דענ־זשע ווייסט?

— די מאמע—האָב איכ געענטפערט,—די מאמע מײַנע פלעגט מיכ רופנ איצכאָק־אוראָמציע, דער טאלמעטוירע־מעלאמעד—איצע־אווראמעלע, דער שנײַדער—מאמזע־רוק, איציק־אוורעמל, דער שוסטער בעשאס ער פלעגט מיר צווינטשעוועג, ווענ איכ האָב געטראָגנ די פּאָמינעצע, האָט מיכ גערופנ איצוניו־אווראָמעניו, אונ דער כאזנ—אוורעמקע, הײַנט ווי זאָל איכ וויסנ וויאזוי איכ הייס?

— גערעכט!—האָט דער דײַטש געזאָגט מיט א שמייכל—נאָר זיבנ נעמענ האָסטו פאָרט ניט. דו האָסט נאָר איינ צונויפגעפּאָרטנ נאָמענ, איצכאָק־אווראָמ, זייער א שיינער נאָמענ, איכ וועל דיכ טאקע אזוי רופנ. דו הייסט בא מיר איזאק־אבראהאמ. נו, זאָג, ווילסטו זײַנ בא מיר, אבראהאמ?

— איר זאָלט מיכ אָבער ניט הארגענענ, שלאָגנ, איכ האָב שוינ כלעבנ קיינ גאנצ ביינדל ניט.

בא דעמ דײַטש האָבנ זיכ געשטעלט אינ די אויגנ טרערנ.

ער נעמט מיכ אָנ באמ אקסל אונ, ארײַנקוקנדיק מיר גלײַכ אינ פּאָנעמ ארײַנ, מאכט ער אזוי:

— נעבעכ, נעבעכ! עס ווײַזט אויס, דאָס ער האָט זייער פיל געליטנ. אזוי יונג אונ האָט שוינ נעבעכ קיינ גאנצ ביינדל ניט. יא, יא!—האָט ער זיכ אָנגערופנ דער־נאָכ צו מײַנ ייִדנ—יא, ער איסט ווירקלעכ פלומפּ, זייער נאיִוו, טאמעוואטע, אָבער א גוטער בורשע.

מײַנ ייִד האָט געשוויגנ אונ נאָר געגלעט די וואָנצעס.

— ניינ—האָט דער דײַטש ווידער צו מיר געזאָגט—איכ וועל דיכ, אפ מײַנ וואָרט, ניט אָנרירנ, דו ביסט דאָכ אזא מענטש ווי איכ, כוצדעמ ביסטו דאָכ אנ עלנטער אויכ, זײַ רויִק, איכ וועל דיכ ניט שלאָגנ, נו, בלײַבסטו בא מיר?

— יאָ!—האָב איכ געענטפערט אונ בינ געבליבנ באמ דײַטש.

## X

דער דײַטש איז, נעבעכ, געוועזנ זייער אָרעמ, נאָר די אָרעמקײַט אָבער האָט בא אימ אינ הויז קיינ שליטע*) ניט געהאט ארויסצווײַזנ זיכ מיט איר אומרייניקײַט, פויל־קײַט, אָפּגעלאָזנקײַט, ווי געוויינטלעכ בא אלע אנדערע אונ ביפראט נאָכ בא ייִדי־שע אָרעמע, ניט קיינ פארמעגלעכע לײַט. אינ שטוב בא אימ איז געוועזנ ריינ. אלצ־דינג אפ זײַנ אָרט. עס האָט געלויכטנ, געפינקלט אינ איטלעכס ווינקעלע. די מאדאמ, זײַנ ווײַב, האָט אכטונג געגעבנ אינ איטלעכער שפּארונע, איז ניט געזעסנ קיינ רעגע ליידיק. האָט געקאָכט, געבאקנ, געשמירט, גערייניקט, געארבעט, גענייט, פאריכט גרעט, אונ בא די אלע דאָזיקע מעלאָכעס, וואָס מאכנ אנ אנדערנ בייז ווי א רועכ, איז זי שטענדיק געוועזנ רויִק, שטיל, מיט א פריילעכ פּאָנעמ. צו אלצדינג האָט זי געהאט צײַט. ווי פארטראָגנ אינ דער באלעבאטישקײַט זי איז געוועזנ, איז איר פונ־דעסטוועגנ נאָכ איבערגעבליבנ צײַט צו נעמענ אמאָל א בוכ אינ דער האנט, צו ליי־ענענ אונ וויסנ, וואָס טוט זיכ, וואָס הערט זיכ אפ דער וועלט.

*) הערשאפט.

דער מאַן איז באַ איר געווען געהויכט און געקרויגט. זי האָט פון אים און פון זײַנע שרײַבן געהאַלטן א וועלט, ניט צוגעלאָזן צו אים קיין שום אגמעס־נעפעש, וואָס האָט אים געקענט שטערן פון דער ארבעט, און איז געווען מיט אים בעעמעס איין גוף, איין נעשאָמע. זייער עלטסטע טאָכטער, א פײַנע, אן איידעלע, פלעגט צוהעלפן דער מוטער, פלעגט וואשן, פרעסן, טון וואָס מע האָט באַדאַרפט און זייער שיין שטריקן. זי האָט געהאַט אָפּ איבערצובײַטן נאָר איין קלייד, אָבער ווי שיין און ריין איז עס טאָמעד געווען, גאָר שפּאָגלנײַ, ווי ערשט פון דער נאָדל! אלע טאָג, אין איין באַשטימטער צײַט, פלעגט זי לערנען מיט אירע צוויי קלײנע שוועסטערלעך, וועלכע זי האָט דערצויגן, האָט זיי טאָמעד געצוואָגן און געפירט ריין ווײַס אָנגעטאָן.

האַקלאַל, דאָס איז געווען זייער א טײַערע, זעלטענע פאמיליע, איך האָב דענסטמאָל אָבער נאָך אזוי ווײַט קיין סייכל ניט געהאַט דאָס אַלצדינג צו פארשטיין. איך האָב ניט מער ווי געפילט, אז גוטמאַן און זײַן ווײַב זײַנען עפּעס גאָר אנדערע מינים מענטשן. ניט, אשטייגער, ווי לייזער דער שנײַדער מיט לייזעריכען, ווי רעב אוריעל דער מעלאַמעד מיט זײַן פלוינעסטע, און אויך ניט אפילע ווי דער רײַכער צעלניקער מיט זײַן דיקער, געזונטער צעלניקערן, וואָס האָט געהאַט א פּיסק אָפּ שרויפן, געטראָגן א האַלדז פּערל, א זײַדן קלייד און איינגאַנצן איז זי געווען פארשמירט, פארשלומפערט. איך האָב מער ניט ווי גלאַט געזען, אז דאָס איז ניט דאָס הויז, ניט מ׳שטיינס געזאָגט, יענע יידישע אָפּגעלאָזענע, צעקראָכענע קינדערלעך, נאָר אין טאָך ארײַן אָבער צו פארשטיין, ריכטיק אָפּצושאַצן דעם ווערט פון דעם דײַטשס פאמיליע—דאָס איז דענסטמאָל נאָך ניט געווען פאר מײַן מויעך.

דער דײַטש מײַנער איז געזעסן טאָג ווי נאַכט אין זײַן באַזונדער צימער. ארום אים האָבן זיך געוואַלגערט ביכער אָפּן טיש און אונטערן טיש, און ער האָט אַלץ געשריבן. ער איז געווען אין דעם שרײַבן זייער פארטיפט, ארײַנגעטאָן דערינען מיט לײַב און לעבן, און מע האָט באַשײַמפּערלעך געזען, אז ער האָט דערפון כײַעס. ער פלעגט דערבײַ אמאָל ריידן צו זיך אַליין, לאַכן, אָדער קריצן מיט די ציין, גלײַך ווי ער האָט געהאַט מיט עמעצן עפּעס וואָס צו טון. האָט מען אים אמאָל אין דער מיט איבערגעריסן מיט עפּעס אזאַך, פלעגט ער זיך א כאַפּ טון פלוצים. גלײַך ווי ער וואָלט אראָפּגעפאַלן פונעם הימל, האָט געקוקט עפּעס צעטראָגן און געענטפערט בוידעם, ניט געשטויגן, ניט געפלויגן. איך פלעג ניט איינמאָל מאַכן מיט די אַקסלען און אוועקגיין, ניט צו וויסן, וואָס ער האָט געזאָגט. שטיוול האָב איך אים פארשפּאָרט צו פוצן, וואָרום ער איז זייער זעלטן ארויסגעגאַנגען.

מײַן איקער ארבעט איז געווען—פּאָלגן א גאַנג. ער פלעגט מיך אָפט שיקן אָפּ דער פּאָסט, אָפּצונעמען און אופצולייגן בריוו אָדער, „פּאָסילקעס". אמאָל פלעגט ער מיך שיקן צו איינעם מיט א קוויטל אָדער מיט א בוך און נאָך אזעלכע גענג. דאַכט זיך אין פלוג, האַ, וואָס איז דאָס פאר אזא ארבעט? זייער א גרינגע זאַך, נאָר אָבער ניין! ס׳איז נאָך אזא ביטערע, מיִעסע, שווערע ארבעט גאָר ניטאָ. אז איך פלעג אמאָל אָפּטראָגן איינעם א קוויטל, פלעגט ער פארדרייען שטאַרק מיט דער נאָז, גלײַך ווי ס׳איז אים פארגאַנגען א רייעך פון שאַרפן ערשט אָנגעריבענעם כריין, און מיט א בייז פּאָנעם מיר הייסן קומען מאָרגן, מאָרגן האָט ער געזאָגט—איבערמאָרגן, איבערמאָרגן האָב איך אים אינדערהיים ניט געטראָפן, און באַם קומען צו אים שפּעטער נאָכאמאָל, פלעגט ער שוין אָפּ מיר א היק טון, וואָס וויל אָט־אָ־דאָס יינגל פון מיר האָבן? עפּעס איז דאָך פון אים ניט פּאָטער צו ווערן! אן אנדערער פלעגט

פּאַשטעט אָנזאָגן זײַנע מעשאָרסים, מע זאָל מיך ניט לאָזן אפּ דער שוועל. א דריטער פלעגט איבערלייענען דאָס קוויטל, קוועטשן זיך און אוועקגיין, מיר נישט צו זאָגן אפילע א וואָרט; א פערטער פלעגט זיך אָנרופן: זאָג דעם הער דײַנעם, אז איך בין נישטאָ אין דער היים! פאַרשטייסט?.. האַקלאַל, מע פלעגט מיך טרײַבן, אויסווײַכן ווי אַן איפּעש. אז מע האָט מיך נאָך דערזען פונדערווײַטנס מיט א קוויטל צי מיט א ביכל, פלעגט מען פראָסט די טיר פאַרשליסן. אָדער אָנרייצן אפּ מיר א הונט — א מעשאָרעס... מע האָט געזען, אז פיל פון יענע באַלעבאַטים, צו וועלכע איך בין געגאַנגען, באַקומען פּאַשעט דעם שלאַק, דער רוען נעמט זיי צו פאַר א ביכל, עס מאָרדעוועט עפּעס מיט זיי די ביינער.

מײַן ייִדל, אָדער הער יאַקאָבזאָן, פלעגט אָפט קומען צום דײַטש שפּעט באַנאַכט, זיצן דאָרט און שמועסן. און ווען איך בין ניט מיד געווען, פלעג איך אַמאָל זיך צו־הערן הינטער דער טיר צו זייער שמועס. גלאַט אזוי, אבי די צײַט צו פאַרטרײַבן. איינמאָל האָב איך געהערט, ווי יאַקאָבזאָן האָט עפּעס דערציילט פון א דאָקטער שטיינהערץ און זיך אַלץ שטאַרק געכידעשט.

— עט — האָט גוטמאַן זיך אָנגערופן — וואָס כידעשט איר זיך דאָ אזוי, הער יאַ־קאָבזאָן, און ווערט ניספּאָעל? דער דאָקטער שטיינהערץ איז א קליין מענטשעלע און דעריבער איז ער אזוי רײַך און באַ איטלעכן גאָר די נעשאָמע. איז עס דען באַ אײַך א נײַעס? עס פאַרשטייט זיך, אז מע ווערט א קליין מענטשעלע, איז מען דאָס לעבן און מע דערגרייכט אַלצדינג אפּ דער וועלט.

איך בין פאַרצאַפּלט געוואָרן, הערנדיק דידאָזיקע ווערטער. ס'טײַטש, גוטמאַן, מײַן הער גוטמאַן, זאָגט אויך, אז א קליין מענטשלע איז די נעשאָמע און איז רײַך!.. פאַר גרויס ווּנדער האָב איך א שפּרונג געטאָן, זיך אָנגעכאַפּט באַם קאָפּ און בין געווען שטאַרק צעטראָגן. גוטמאַן אָבער האָט מיך גראָד א רופ געגעבן, און אז ער האָט דערזען מײַן נאַריש פּאָנעם דענסטמאָל, איז אים אומעגלעך געווען זיך אײַנצוהאַלטן, ניט צו טון א שמייכל. מײַן ייִדל האָט אָנגעקוקט מיך, געשאָקלט מיט דעם קאָפּ און געמאַכט: ע־ע! ער איז נאָך טאַקע אַלץ טאַמעוואַטע. דער אייגענער לעקיש וואָס פריִער!..

אין א קורצער צײַט אַרום האָב איך ווידער געהערט הינטער דער טיר, ווי יאַ־קאָבזאָן האָט גערעדט אין א שמועס וועגן איסער וואַרגער, ווי רײַך און גליקלעך ער איז, אין שטאָט דער גאַנצער פירער. זײַן כשיוועס *), זײַן שטאַרקײַט איז עפּעס גאָר איבערנאַטירלעך!

— ס'איז גאַנץ פּאָשעט — האָט גוטמאַן געזאָגט — איסער וואַרגער איז א קליין מענטשעלע, און איז באַ דעם גוויר די נעשאָמע. דאָס אַלצדינג איז גאַנץ נאַטירלעך, און מע האָט זיך דאָ גאָרניט צו כידעשן.

— יאָ, טאַקע זייער עמעס, גוט אפּ דער וועלט איז טאַקע נאָר א קליין מענ־טשעלע! — האָט יאַקאָבזאָן געזאָגט מיט א זיפץ, זיך באַלד טאַקע געזעגנט און אוועקגעגאַנגען.

## XI

ווידער אַמאָל דאָס קליינע מענטשעלע, נאָך אַמאָל טאַקע מײַנע ערשטע, פריִ־ערדיקע געדאַנקען! דאָס קליינע מענטשעלע איז מיר געווען זייער אַן אָנגעלייגטער

*) די אכטונג, וואָס מע ווײַזט אים אַרויס.

גאסט, פונקט ווי געווונטשן, אין דער רעכטער צייט, ווען איך בין געווען זייער צעבראָכן, דערשלאָגן פון די צאָרעס, וואָס איך בין אויסגעשטאַנען, און בין שטארק גערן געווען כאָטש אביסל זיך אויסצורוען. א גאנצע נאכט נאָכן פריִער־דיקן שמועס האָב איך שטארק אומרויִק מיך געוואָרפן פון איין זייט אפ דער אנ־דערער און בא מיר אלץ געטראכט אזוי: איסער ווארגער איז א קליינ מענטשעלע, א נעשאָמע, און א רייכער גליקלעכער מענטש. הייסט דאָך עס, אפאָנעם, אז מע איז א קליינ מענטשעלע איז מען א רייכער, א גליקלעכער! און אפאָנעם טאקע, ווי ס'זעט אויס, קענען מענטשן ווערן קליינע מענטשעלעך, אויב נאָר זיי ווילן. און אז זיי ווערן קליינע מענטשעלעך, ווערן זיי אי רייך, אי גליקלעך און דערגרייכן אלצדינג אפ דער וועלט. איז דאָס טאקע, אָט אפאָנעם, זייער רעכט, וואָס מיר האָט טאָמעד זיך געגלוסט ווערן א קליינ מענטשעלע. יאָ, דאָס אלצדינג איז רעכט, טאקע זייער גוט! די פראגע איז אָבער, וויאזוי ווערט מען א קליינ מענט־שעלע? ווי קומט די קאַץ איבערן וואסער? ווען איך זאָל מיך דאָ אפילע בייגן, קרימען, איינהויקערן זיך אינ צענטן, וועל איך דאָך פאָרט ניט ווערן א קליינ מענט־שעלע. אפאָנעם, אז א קליינ מענטשעלע צו זיין איז א גרויסע קונץ, טאקע א קונץ, וואָס א קונץ הייסט, נאָך אסאך א גרעסערע ווי צו מאכן מיט דער רייף און אלע אנ־דערע קאָמעדיאנטסקע קונצן. דערינען מוז אוואדע שטעקן עפּעס א גרויסע האמ־צאָע *), וואָרום אניט וואָלטן דאָך אלע געקענט זיין קליינע מענטשעלעך, נעשאָמע־לעך, רייכע און גליקלעכע לייט!...

אָט דידאָזיקע אלע געדאנקען האָב איך זייער לאנג אלץ געטראכט, געטראכט אפ מיין געלעגער, און אז איך בין לעסאָף אנשלאָפן געוואָרן, האָט מיר זיך געכאָלעמט וווּנדער־שיינע זאכן.

דעם גאנצן טאָג דערנאָך בין איך ארומגעגאנגען ווי א דולער: עס האָט מיר זיך געשפאָלטן דער קאָפּ, איך האָב ניט געוווּסט וואָס איך טו און אפ וואָסער א וועלט איך בין. צו וואָס איך האָב מיך צוגערירט, האָב איך אָנגעמאכט שאָדן. איך האָב יענעם טאָג צעבראָכן צוויי טיי־גלעזער; עטלעכע פאָרצעלייענע טעלער זיינען מיר פון דער האנט ארויסגעפאלן, האָב איבערגעקערט א טינטער מיט טינט און פארביטן די יאָצרעס **) באַם סאמאָוואר: אין דעם אָרט פון וואסער האָב איך אריינגעגאָסן קוילן און אין דעם אָרט פון די קוילן אריינגעגאָסן וואסער. אלע אינ שטוב האָבן מיך אָנגעקוקט שטארק פארווונדערט, זיך געשושקעט און געפילט, אפאָנעם, אז ס'איז מיט מיר עפּעס ניט גלאטיק. גוטמאן האָט אָנווייזנדיק אפ מיר דער מאדאם זיינער, אנידערגעלייגט א פינגער אפן שטערן און איר געזאָגט שטיל: באַם יינגל איז דאָ אינ קאָפּ עפּעס ניט רויִק. נאריש־טאמעוואטע האָט ער טאָמעד אויסגעזען, נאָר היינט זעט ער עס נאָך מער אויס. ער איז, נעבעך, ווי שטארק דערשלאָגן, ער איז נאָך גאָר א קינד...!

א לאנגע צייט בין איך געווען עפּעס בייז ווי צען רוכעס, זיך אלץ געקרימט, ניט געווען צופרידן, ניט מיט זיך און ניט מיט קיינעם אינ דער וועלט. דאָס הארץ האָט מיר געקלאפט שרעקלעך שטארק, עס האָט מיר דאָרט אינעווייניק גערוישט, זיך גע־רודעוועט ווי אינ א מיל, עפּעס ווי א קאָל האָט מיר אלץ געשריגן: איצכאָק־אווראָם! וואָס וועט זיין פון דיר פאר א טאכלעס, ביזוואנען וועסטו אזוי פארשווארצט ווערן

*) איינפאל.

**) אָנגעפלאָנטערט.

אינ זײַנ פּאַרוואָגלט? ווער א קלײנ מענטשעלע, איצכאָק־אווראָמ! טו אַלצדינג, וואָס דו קענסט, אונ ווער א קלײנ מענטשעלע, וועסטו לעבנ גליקלעכ אינ אוישער אונ קאָוועד אונ אויסגלײַכנ דיר דײַנע בײנער!... דאָס קאָל האָט ניט אופגעהערט קײנ רעגע מיר צו פּיקנ דעמ קאָפּ. איכ בינ ארומגעגאנגענ ווי א נעכטיקער, שטארק צעמישט אונ מיר קײנ אײצע ניט געקענט געבנ, וואָס מע טוט, וואָס מע הײבט אָנ. פּלוצימ איז מיר ווי א בליצ ארײַנ דער געדאנק—זיכ שטעלנ פּאַר א מעשאָרעסל באמ דאָקטער שטײנהערצ! באמ אימ וועל איכ גאנצ גוט מיכ צוקוקנ צו איטלעכנ פּיצעלע אונ מיט דער צײַט דערגײנ דעמ סאָד, וויאזוי מע ווערט א קלײנ מענטשעלע.

איכ האָב אויסגעזוכט א מעקלער, אימ צוגעזאָגט א שײנ מעקלערײַ, אז ער זאָל מיכ ארײַנדרײענ פּאַר א מעשאָרעסל באמ דאָקטער שטײנהערצ. עס האָט ניט געדויערט לאנג, האָב איכ אָפּגעטראָטנ, קימאט זיכ אָפּגעטראָגנ פונ מײַנ גוטנ הער גוטמאנ, פאַרגעסנ דעמ זײַ־געזונט אונ אריבערגעגאנגענ אפ מײַנ נײַ אָרט צומ דאָקטער!

איצכאָק־אווראָמ קומט אָנ פּאַר א מעשאָרעס צומ דאָקטער שטײנהערצ. דאָ דערוווסט ער זיכ, אז ער האָט געלעבט די גאנצע צײַט אינ טאָעס. דער דאָקטער שטײנהערצ, וואָס גוטמאנ אונ יאקאָבזאָנ האָבנ געזאָגט אפ אימ, אז ער איז א קלײנ מעגטשעלע, איז אינדערעמעסנ גאָר ניט קײנ קלײנינקער. פּארקערט, ער איז א הויכער, וווקסיקער פּארשוינ. פונ א שמועס צווישנ דעמ דאָקטער מיט זײַנ פעלדשער דערוווסט זיכ איצכאָק־אווראָמ, אז דער דאָקטער שטײנהערצ נארט אָפּ זײַנע קראנקע, נארט בא זײ אויס אומזיסט געלט. ער הײבט זיכ שוינ אָנ אָנשטויסנ, וואָס דאָס הײסט א קלײנ מענטשעלע, אָבער ער ווײסט עס נאָכ ניט אקוראט. ער אָרדנט זיכ דערײַבער אײַנ פּאַר א מעשאָרעס באמ צווײטנ קלײנעמ מענטשעלע, וועגנ וועלכנ ער האָט געהערט פונ גוטמאנענ אונ יאקאָבזאָנענ—בא איסער ווארגער.

# XII

איסער ווארגער איז געווענ אײנער פונ די פּאָרנעמסטע באלעבאטימ אינ צוואַטשיצ, אלע האָבנ פאר אימ געהאט דאָס נײַניאָריקע קאדאָכעס אונ עס האָט מיט איטלעכנ געוואָרפנ, אז ער האָט ארויסגערעדט א וואָרט. וואָס טײַטש איסער, עפּעס א קלײניקײַט איסער! איסער אלײנ האָט ניט געהאנדלט, ניט ארײַנגעטאָנ קײנ האנט אינ קאלטע וואסער. אונ פונדעסטוועגנ האָט בא אימ אינ שטיב טאָמעד געקאָכט ווי אינ א קעסל: דער ארײַנ, יענער ארויס, קינד אונ קײט אלע—בא רעב איסערנ. מײנט איר עפּשער, איסער איז געווענ א גרויסער לאַמדנ, א גרויסער יאכסנ? — כאָלילע! אפילע ניט קײנ קלײנער. ער האָט קאמ־קאמ געקענט דאווענענ אונ איז געווענ, ווי מע זאָגט, שטומפּיק אפ דער איוורע. א האנט צומ שרײַבנ האָט ער געהאט זײער א שווערע, די פּענ האָט ווי אפּצולאָכעס, בעשומויפנ ניט געוואָלט בא אימ גײנ אינ זײַנע שליכעס: ער האָט זי געשטופּט אהינ אונ זי איז גאָר פּארקראָכנ קײנ בויבעריק, זי האָט געשפּריצט, געמאכט קלעקנ, געקריצט, געדריגעט אונ זיכ געשטעלט דיבאָמ. עס האָט אימ, נעבעכ, גענוג מי געקאָסט איטלעכס געשריבנ וואָרט. אונ אײדער ער האָט בא איר ארויסבאקומענ שווארצ אפ ווײַס זײַנ כסימע „איסער”. זײַנענ אימ די אויגנ פונעמ קאָפּ שיר ניט ארויסגעקראָכנ אונ איז פּאָשעט אָפּגעגאנגענ מיט שוויס.

מײלע, דאָס האָט איר איסערס לאָמדעס *), אונ וואָס אָנבאלאנגט זײַנ ייִכעס, איז ניט געווענ מיט וואָס זיכ איבערצונעמענ. ער האָט ניט געשטאמט פונ דער גילדע־

*) געלערנטקײַט.

נער פאָנ און האָט אינ דער יוגנט קיינ פּלעצלעכ מיט פּוטער ניט געגעסנ. דער עמעס טאקע איז, אזויווי איכ בינ עס שפּעטער דערגאנגענ — ער איז געווענ א קליינ מענטשעלע און דערמיט האָט ער פיל בעסער געמאכט ווי אנ אנדערער מיט זייַנ טוירע אָדער מיט זייַנ סכוירע. בא דעמ צוואטשיצער גוויר איז ער בעעמעס טאקע געווענ נאָר די נעשאָמע, נאָר עפּעס — איסער, האקלאל, איסער, איסער, נאָר איסער! איסער איז געווענ זייַנ נעשאָמע, זייַנ פוס, זייַנ האנט, זייַנ אלצ מיט אנ אנדער און דורכדעמ מעמיילע א גרויסער כאָשעוו, דער גאנצער מאכער אינ דער שטאָט.

אָט פונ דעמ רעבּ איסערנ האָבּ איכ אסאכ זאכנ מיכ אויסגעלערנט. ער, טאקע נאָר ער, איז מייַנ עמעסער רעבּע. ער האָט מיר געעפנט די אויגנ, ער האָט מיר אינ דעמ מויל א פינגער ארייַנגעלייגט און מיר געגעבנ צו פארשטיינ זייער פיל זאכנ, וואָס גייענ אינ דער וועלט פאָר, מיר פארענטפערט הארבע קאשעס, דערקלערט רעטענישנ בא אונדז אינ דער פירונג; ער האָט מיכ געשטעלט אפ א שטייגער, מיכ אויסגעריבנ, אויסגעשליפנ און געמאכט פונ מיר א קיילע. קורצ, ער האָט מיר געוויזנ דעמ וועג און אנטפּלעקט דעמ סאָד, ווי צו ווערנ א קליינ מענטשעלע.

א גוטנבּרודער האָט איסער געהאט, אינ וועלכנ ער האָט געקלעפּט מיט לייַבּ און לעבּנ. מיט אימ איז ער געווענ בארעדעוודיק, זיכ ניט פארשטעלט אפ קיינ האָר, מיט אימ האָט ער ליבּ געהאט צו פארברענגענ אָפּט די צייַט בא א גלעזל ווייַנ, און ארייַנצולאָזנ זיכ אינ א שמועס. מיט אימ איז איסער עפּעס ווי איבּערגעבּיטנ געוואָרנ און איז געווענ גאָרניט דער איסער. פאר אימ איז געווענ זייַנ הארצ אָפנ אפ בּיידע טויערנ און ער, דער גוטערבּרודער זייַנער, האָט אהינ געקענט אלע צייַט פראַנק און פרייַ ארייַנגיינ, איבּערלייענענ דאָרט און וויסנ איסערס אלע סוידעס. ווער שמועסט, אז איסער איז נאָכ געווענ א קאפּ פארלעקט, דעמלט פּלעגט ער שוינ גאָר אוועקנעמענ די האנט פונעמ הארצנ און וואָס אפ דער לונג — דאָס אפ דער צונג. ער פּלעגט געוויינטלעכ מיט זייַנ גוטנבּרודער זיכ פארקלייַבּנ צו זיכ אינ צימער, גאנצ אָפּגעזונדערט, אוועקשמועסנ און אויסרעדנ זיכ גאנצ געשמאק דאָס הארצ. פאר מיר אָבּער איז עס קיינ סאָד ניט געווענ. איכ האָבּ שוינ לאנג באקומענ די נאטור, צו שטיינ הינטער דער טיר און זיכ צוהערנ צו דעמ, וואָס מע רעדט.

— הער נאָר אויס, גוטערבּרודער! — האָט איסער וואָרגער זיכ אָנגערופנ איינמאָל, אז ער איז געקומענ מיט זייַנ גוטנבּרודער פריילעכ, א ביסל פארקנאקט, און מיט אימ זיכ אנידערגעזעצט בא זיכ אינ דעמ באזונדערנ צימער. הער נאָר, דו, טייַער פרייַנד מייַנער! איכ זאָג דיר, אז אזא טייַער, אזא גוט פאָלק, ווי יידנ זייַנענ, איז אפ דער גאנצער וועלט נישטאָ. טאקע זייער א גוט פאָלק, א גאָלדנס, בענעמאָנעס מע קענ פונ זיי האָבּנ — א גראָשנ...

— זאָג בעסער, איסער, א נאריש פאָלק, ס'איז נאָכ אזעלכע גאראָנימ, ווי יידנ אפ דער גאנצער וועלט גאָר נישטאָ!.

— גערעכט, גוטערבּרודער! וואָס עמעס איז טאקע עמעס. ס'איז נאָכ אזא טייַער, אזא גוט, אזא נוצלעכ, אזא גאָלדנ, אזא נאריש פאָלק גאָר נישטאָ, נישטאָ, נישטאָ!

— וואָס האָסטו עפּעס אזוי זיכ צערעדט, איסער, גענוג גערעדט! דערצייל נאָר בעסער, מיט וואָס האָט זיכ אויסגעלאָזנ דער סאָפּ פונ דער הייַנטיקער אסיפע?*)

*) אסיפע — פארזאמלונג.

— וואָס פאר אנ אסיפע?! וואָס פלוידערסטו מיר עפעס, גוטערברודער?

— רעד דיבורימ, איסער! וואָס הייסט, דו האָסט פארגעסנ די אסיפע, היינטיקע אסיפע מעקויעכ דעמ פלייש?

— ווייס איכ, פונ וואָס דו רעדסט, טיפעש איינער! א וויכטיקע זאכ אביסל די אסיפע! זי האָט געהאט אזא מאמאָשעס, מ'שטיינס געזאָגט, ווי אלע אנדערע זייערע אסיפעס. הע־הע, יִדישע אסיפעס!... דו האָסט באדארפט שטיינ דאָרט אונ זענ עפעס שיינס. ארייַנקומענדיק אהינצו, האָב איכ געטראָפנ א גערודער, דער אוילעמ האָט געזשווזשעט, געזשווזשעט סאקאָנעס, ווי די פליגנ! איכ האָב זיכ מעיאשעוו געוענ, וואָט וועל איכ דאָ מיכ שטעלנ א יאמ בריַיען מיט דעמ גאנצנ פעקל שויטימ, אונ ניט לאנג געטראכט, טו איכ א זאָג גלאט אַזוי אינ דער וועלט אריַינ: וואָס איז דער ראש, אז מער מיט עטלעכע גראָשנ? ס'איז נאָכ ניט גאָר אזא אומגליק—גלויבט מיר, יִדנ, אסאכ א גרעסערער אומגליק קענ זיַינ, אז דער באלטאקסע וועט אינ קאס ווערנ אונ וועט זיכ כאָלילע וועלנ אָפזאָגנ!. גלויבט מיר, יִדנ, ס'איז אזוי".

— טאָמער מיינסטו דו, איכ האָב געוווסט, וואָס איכ רעד, פארוואָס ס'איז אזוי? אָסער *). נו, האָסטו באדארפט זענ, ווי עטלעכע שיינע באלעבאטימ, וואָס האלטנ זיכ פאר קלוגע געניטע מענטשנ, האָבנ געמאכט ערנסטע פענעמלעכ, זיכ גענומענ פאר די בערדלעכ אונ מיט א נאריש קנייטשל זיכ אָנגערופנ: טאקע עמעס, ס'איז אזוי, מע האָט גאָרניט צו ריידנ, אזוי, ס'איז געוויס אזוי... דער איבעריקער אוילעמ האָט אנקעגנ דעמ ניט געהאט וואָס צו ענטפערנ, גליַיכ ווי אנקעגנ א געוויסער, שוינ אָפגעמאכטער זאכ, אונ זיַינענ אלע קימאט געבליבנ עפעס ווי דערוואָרגענע; עמעצער זאָל זיכ עס באַרעכענענ, כאָטש זיכ אליינ פרעגנ: פארוואָס איז דאָס אזוי?

— איינער נאָר, עפעס א שייגעץ, אפ וועלכנ איכ האָב שוינ לאנג אנ אויג, האָט ניט געוואָלט נאָכגעבנ אונ האָט אלץ געטיַינעט: ס'איז גאָרניט אזא אומגליק, אדעראבע, אדעראבע... נישקאָשע, אָנ א באלטאקסע קענענ מענטשנ אפ דער וועלט אויכ לעבנ. נאָר די קלוגע, געניטע באלעבאטימ, וואָס פארשטייענ אנ אייסעק, האָבנ אפ אימ געקוקט, ווי אפ א יִנגל, ניט קיינ געניטנ מענטשנ, מיט וועמענ ס'איז גאָרניט קעדיַי צו ריידנ, אונ האָבנ אימ אפילע ניט באוויליקט מיט א וואָרט. פונדעסטוועגנ, הערסטו, וויל איכ דעמדאָזיקנ שייגעץ פארזאָרגנ. דו וועסט מיר מוזנ, גוטערברודער, אפ אימ אָנשריַיבנ א מעסירעלע, צולייגנ אימ א גוט קנייטל, עס זאָל רייַסנ, גוט אָנריַיסנ... דו ווייסט דאָכ, אז איכ האָב דערצו א שווערע האנט.

— דאָס, איסער, איז א שפעטערדיקע זאכ. מינאסטאמע וועט שוינ זיַינ רעכט. לאָמיר נאָר דערלעבנ הערנ, מיט וואָס די אסיפע האָט היַינט זיכ אויסגעלאָזנ.

— וואָס פארשטייסטו דאָ ניט, טיפעש איינער! ס'איז דענ נאָכ אזא גוט, גאָלדנ פאָלק ווי יִדנ ערגעץ דאָ? מע האָט אלצדינג נאָכגעגעבנ, ארופגעצויגנ נאָכ עטלעכע גראָשנ, מער נאָכ, וויפל מיר האָבנ אליינ זיכ געוווּנטשנ אונ מע איז זיכ פאנאנדערגעגאנגענ שטארק צופרידנ, איכ בינ, טיפעש איינער, אוואדע צופרידנ...

— אוואדע, איסער, מעגסט צופרידנ זיַינ, אָבער...

— וואָס אָבער? — טיפעש איינער! וואָס אָבער? אָבער א ראכמאָנעס!—ווילסטו עפשער זאָגנ? הא, א ראכמאָנעס אפ א שטאָט אָרעמע לײַט? גיי שוינ גיי, נארעלע איינער, מיט דיַינע נארישנ פוסטנ וואָרט ראכמאָנעס! ראכמאָנעס, זאָג איכ דיר, האָבנ אויסגעטראכט נאָר שלאפע, שלימאזלניקעס, שאָפ, וויַיל זיי פילנ זייער שלאפקיַיט,

*) ס'הייבט זיכ ניט אָנ.

אז זיי זײַנען טויגעניכטסן, אָן קויעך, אָן בעריעשקײַט צו דערלאַנגען זייער ווונטש, צו נעמען אַלצדינג, וואָס זיי פאַרלאַנגען; פילן, אז זיי פעלן אי נעגל, אי ציין זיך צו ראַנגלען און ווערן — דעריבער האָבן זיי, אָט די שאָף, אויסגעטראַכט דאָס וואָרט ראַכמאָנעס, עס גענומען פאַר א געווער, צו שרײַען, מוסערן, בעטן ראַכמים, מאַכן ראַכמאָנעס־פּענעמלעך און מיינען דערמיט צו פּויעלן.

— כאָלילע, איסער, וואָס פאַלט דיר אײַן? איך מיין גאָרנישט קיין ראַכמאָנעס. נאַט אײַך גאָר ראַכמאָנעס! עפּעס אַנדערש גאָר מיין איך. דו איסער, זאָג איך, מעגסט אוואדע זײַן צופרידן... אָבער איך, איך!...

— רעד־זשע, טיפּעש איינער, ווערטער!... אזזוי! דו ווילסט אויך צופרידן זײַן? גיי־זשע, זײַ מויכל, צו אַלדע שווארצע יאָר אהין... שטעק אַרײַן די לאַפּע, וועסטו אויך כאַפּן א לעק. ביסט ניט קראַנק כ׳לעבן אַליין צו באַשטיין דײַן שטעטל. דער רועך, נישקאָשע, האָט דיך אויך ניט גענומען. מאָרגן, ברודער, גייט א נײַע סעדרע פון זייער פיל קאָהאָלשע איניאָנים, מע וועט מוזן, פאַרשטייסטו, אביסל צוקנעלן.

ווידעראַמאָל אין א שמועס מיט זײַן גוטנברודער, זיצנדיק מיט אים אין שטיבל בא א גלעזל ווײַן, שטאַרק אופגעראַמט, האָט איסערן זיך געעפנט א מויל און אָנגעהויבן צו ריידן אזוי.

— פּאָסמאַקעוועקע נאָר דעם ווײַן, ברודער! הא, וואָס זאָגסטו אפ אים? דאָס האָב איך הײַנט באַקומען א מאַטאָנע פאַר עפּעס א געשעפטל.

— זייער א גוט גלעזל ווײַן, איסער... פאַר א געשעפטל, זאָגסטו, וואָס איז דאָס געווען פאַר א געשעפטל?

— עט, א געשעפט! לעמלס עפּעס א מישפּעט. לעמל דער שויטע האָט מיך שוין לאַנג געבעטן, איך זאָל אים דרינגען א טויווע טון, גלײַך ווי איך וואָלט געווען אין „סוד״ דער גאַנצער טוער. די נאַראָנים בא אונדז אין שטאָט מיינען, אז אַלצדינג איז אָנבאַלאַנגט אין מיר, אבי איך וויל נאָר, קען איך העלפן. אזוי־ווי עטלעכע שרײַבערלעך עסן בא מיר אַמאָל שאַבעס פיש, ווײַל די נעשאָמע גייט זיי אויס נאָך ייִדישע פיש, מיינען שוין אונדזערע נאַראָנים, אז איך בין מיט אַלע דאָרט, פון גרויס ביז קליין, איינ לעבן. באַם פּראָקוראָר,—א גאַנצער מאַכער! מיט דעם פּאָליצמייסטער אויסגעקאָכט — ברידער! אַלצדינג געוועגדט זיך אין מיר, נאָר זאָל זײַן אזוי, טיפּעש איינער, זאָלן זיי, די נאַראָנים, טאַקע אזוי זיך מיינען און מיך קומען אַלץ בעטן טויוועס. בא מיר איז פאַר זיי טאָמעד איין ענטפער: מיר וועלן זען, מיר וועלן זען! מיט א מאָנעשעך, פאַרשטייסט דו, זאָג איך עס: שפּילט יענער אויס, הייסט עס: איך איסער, האָב געזען, כאָטש איך האָב אזויפיל געזען, ווי איך זע מײַנע אויערן און נעם דערפאַר אראָפּ פון אויבן א מאָנע־יאָפע *) אײַ וואָס, יענער פאַרשפּילט? פאַרליר איך דאָך ניט מײַן ווערט, יענער דענקט זיך אזוי: איך האָב פאַרשפּילט, נאָר ווײַל רעב איסער האָט ניט געוואָלט זען, אָבער ווען רעב איסער וואָלט טאַקע בעעמעס געוואָלט זען, וואָלט איך גאַנץ זיכער געווען טאַקע אויסגעשפּילט. לעמלען האָב איך אויך אזוי געענטפערט: מיר וועלן זען! און אים דערבײַ טאַקע אָנצוהערעניש געגעבן אָפּצושטעקן עפּעס דאָרט דעם, יענעם, פאַרשטייסטו? דאָרט ווו מע באַדאַרף...

— איך האָב זייער גוט געזען, אז מײַן זען אַליין קאָן אזויפיל העלפן ווי א טויטן באַנקעס. לעמל, דער שויטע, אָבער איז בא זיך געווען גאַנץ זיכער, אז איך

*) א שיינע מאַטבייע.

זע אונ בעט דעמ גוויר מײַנעמ, ער זאָל אויכ זענ. הײַנט באַטאָג אינ דער גאס האָסטו באַדאַרפט זענ, ווי לעמל מיטנ ווײַב האָבנ ביידע מיכ באַפאַלנ מיט א סימכע, א פרייד אונ מיט טרערנ אפ די אויגנ: „רעב איסער, טאַטעניו־נעשאָמעניו! טאַקע פריִער גאָט, דערנאָכ אײַכ, נעשאָמעניו, האָבנ מיר צו פאַרדאַנקענ מיט אונדזער אייסעק, וואָס מיר האָבנ הײַנט אויסגעשפּילט. ווענ איר, רעב איסער, זאָלט זיכ דאָ ניט געווענ אַרײַנלייגנ, וואָלטנ מיר נעבעכ געקענט גיינ מיט די האָר. מיר זאָגנ אונ מיר וועלנ עס טאַקע דער גאַנצער וועלט זאָגנ, אז נאָר רעב איסער, איינ רעב איסער!" — לעמל האָט מיר שפּעטער אביסל אָפּגעשיקט אהיימ מײַנ לוינ אונ דערצו נאָכ עטלעכע פלעשלעכ גוטנ ווײַנ. נו, טיפּעש איינער, הא?... וואָס זאָגסטו אפ דעמ ווײַנ?

— האַלעווײַ, איסער, לאָז מענ אזוי האָבנ צו זאָגנ אפ דיר, אפ דײַנע נאַראָנימ אונ דעמ גאַנצנ שווינדל... לעכאַימ.

— ווער דערוואָרגנ, טיפּעש איינער! שווינדל גאָר, שווינדל. פאַרוואָס הייסט דאָס בא דיר שווינדל? וואָס זײַנענ דענ די אַלע אסאָקימ, אַלע מיסכאָרימ האַק־אונ־פּאַק פונ אויבנ ביז אראָפּ, נישט קיינ שווינדל?

— קנייטש, ברודער, ניט אזוי דעמ שטערנ. גרויסע בעריעס, געלערנטע מענטשנ גייענ אַרומ אינ צעריסענע שטיוול אָנ פּאָדעשוועס. פיל בעסער גייט עס אינ דער וועלט דעמ קליינעמ מענטשעלע, מע באַדאַרפ גאָר אזוי ניט טויגנ זײַנ א גרויסער כאָכעמ, א עריע. דעריקער, וואָס מע מוז אָבער האָבנ, איז: א פּיסקעלע אפ שרויפּעלעכ, עס זאָל זיכ דרייענ, ווענ עס קומט אויס, אינ אַלע זײַטנ. א צינגל אָנ ביינער, עס זאָל זיכ וואַרפנ אהינ, אהער, א לעק דעמ, א לעק יענעמ; א רוקנ, וואָס זאָל קענענ, אז מע באַדאַרפ זיכ בויגנ, אײַנהויקערנ אינ צענטנ... כאַנפענענ, צוואַטשענ, ליגנערנ, הייסט עס! — וואָס זאָל מענ טונ? געלט מוז מענ האָבנ, אָנ געלט ביסטו גאָרניט, נאָכ טויזנט מאָל קלענער, ווי דאָס קלענסטע קליינ מענטשעלע. דו ביסט אי קליינ, אי געמיינ.. האָסטו געלט, האָסטו די וועלט אונ יענע וועלט. נאָר הײַנטיקע צײַט געלט צו האָבנ הייסט, ווי עס האָט אינ אַלע צײַטנ געהייסנ — זײַנ א קליינ מענטשעלע, אונ א קליינ מענטשעלע הייסט, לאָז זיכ זײַנ, ווי דו ברודער, זאָגסט — כאַנפענענ, צוואַטשענ, וואָס אינ דער קאָרט... לעכאַימ, גוטער ברודער!

— לאָמיר זײַנ געזונט, איסער. נו, איסער, דײַנ גוויר, בא וועלכנ דו ביסט די נעשאָמע, וואָס איז ער אזוינס?

— אָט פונ אימ, ברודער, וויל איכ ניט ריידנ. פאַרשטייסטו? איכ וויל פונ אימ ניט ריידנ. פונ דער צײַט, וואָס איכ האַלט אימ אפ דער אַרענדע, וויל איכ פונ אימ ניט ריידנ.

— וואָס הייסט, איסער, אפ דער אַרענדע? נאט אײַכ גאָר א נײַס! וואָס הייסט, דו האַלטסט דײַנ גוויר אפ דער אַרענדע? א מיל איז ער, צו אַלדע שווארצע יאָר, אָדער א קרעטשמע, וואָס דו האַלטסט אימ אפ דער אַרענדע?

— וואָס מאַכט עס אויס, טיפּעש איינער? וואָס איז די נאַפקעמינע א גוויר, א מיל, א קרעטשמע, א רועכ, א טײַוול אונ דער שווארצער יאָר ווייסט וואָס נאָכ אזעלכעס? אַלציינס, אבי אנ אַרענדע... הע־הע־הע, ברודער! דו ביסט נאָכ גאָר א מעלאַמעד, א שויטע, מיינ איכ, א פּריצ, מע מוז דיר נאָכ אַלצדינג אויסטײַטשנ. נו, לעכאַימ! מאַכ־זשע, ברודער, נאָכ א קויסע... אצינד וועל איכ פּרוּוונ ווי ס'איז דיר עס דער־קלערנ. עס וועט זײַנ טאַקע אביסל שווערלעכ, נאָר נישקאָשע, וועסט ניט קראַנק זײַנ זיכ אביסל אָנשטויסנ. לאָמיר טאַקע אָנהייבנ פונ א מיל:

וואסער אָדער א ווינט איז אַף דער וועלט א גרויסער קייעכ, קומט דאָס מענטשעלע, וואָס וויל מיט אַלצדינג זיכ באנוצנ, שטעלט אנידער א געבײַ מיט רע־דער, מיט שטיינער, אונ מאכט, אז דאָס וואסער, דער ווינט, זאָל דרייענ די רעדער. די רעדער ווידער דרייענ די שטיינער אונ עס מאָלט זיכ. פארשטייסטו? הײַנט, טיפּעשל מײַנער, לאָמיר גייג ווײַטער. דאָס וויכטיקסטע איז קייעכ, דערופ שטייט די וועלט מיט אַלע זאכנ אינ איר. א נאָגיד, ווי דו ווייסט, איז אינ דער וועלט אויכ א גרויסער קייעכ. אַפ קייעכ באשטייט אַלצדינג. א נאָגיד מיט געלט איז אינ דער וועלט א גרויסער קייעכ, אונ א קלוגער דארפ זיכ מיט אַלצדינג אינ דער וועלט באנוצנ, דעריקער באדארפ מענ פונעם רײַכנ קענענ מאכנ א נוצנ. וואָס מיינסטו, מע זאָל בא אימ פּאָשעט גראָב נעמענ געלט, נאָר געלט? ניינ! מע באדארפ אויכ קענענ אימ קע־נענ שטעלנ א ווינטמיל, ער זאָל מיט זײַנ ווילדנ קייעכ טרײַבנ אונ דרייענ אײַערע רעדער — עס זאָל זיכ מאָלנ! אָדער מע באדארפ לעבנ אימ זײַנ אזויווי א קאָמע־דיאנט לעבנ דער קאָמעדיע, אָדער ווי א ציגײַנער לעבנ זײַנ בער. האָסטו מיר, מאַלנער, אָפּגעמאָסטנ א פול מעסטל פונעם קאָרנ דײַנעמ, גיי מאָל דיר גע־זונטערהייט אינ מײַנ ווינטמיל! האָסטו באצאָלט מיר, קאָמעדיאנט, פאר א בילעט, גיי־זשע ארײַנ אינ דער קאָמעדיע אינ מײַנער אונ זע די שיינע אָנשטעלנ! אָדער האָסטו געגעבנ מיר, ציגײַנער, עטלעכע גראָשנ, וועל איכ הייסנ מײַנ בער דיר טאנצנ! איכ האלט מײַנ גוויר אַפ דער ארענדע, האלט איכ! הײַנט פארשטייסטו, טיפּעשל? געבויג פאר הײַנטיקס מאָל געלערנט!.. לעכאיִמ, גוטער ברודער!

— לעכאיִמ, איסער, פאר דײַנ ווינטמיל! לעכאיִמ! לעכאיִמ פאר דײַנ קאָמעדיע אונ פאר דײַנ בער! דײַנע רעדער זאָלנ זיכ דרייענ, דײַנ קאָמעדיע זאָל אָנגיינ, אונ דײַנ בער זאָל טאנצנ, טאנצנ, טאנצנ...

## XIII

עס איז, פארשטייט זיכ, איסערס גאנג, איסערס בליק אַפ דער וועלט, פאר מיר טכילעס געווענ צו הויכ, אונ אסאכ ווערטער דערפונ גאָר אומפארשטענדלעכ. איכ האָב גאָרניט געוווסט, מיט וואָס מע עסט עס, נאָר יענע ווערטער זײַנע אָבער, אז געלט צו האָבנ הייסט צו זײַנ א קליינ מענטשעלע, אונ א קליינ מענטשע־לע הייסט כאנפענענ, צוואטשענ, ליגנערנ — דאָס האָב איכ באלד טאקע אופגעכאפּט. אָט־אָ דאָ בינ איכ שוינ דערגאנגענ דעמ רעכטנ סאָד. אָבער גאנצ גוט, וואָס הייסט אזוינס כאנפענענ, צוואטשענ, — דאָס האָב איכ נאָכ לעסאָטע ניט רעכט פארשטאנענ.

בא איסער וואָרגער האָב איכ אוועקגעדינט אסאכ יאָרנ. אינ דעמ מעשעכ צײַט האָב איכ מיכ אויסגעשליפנ, האָב גוט פארשטאנענ אונ געקענט אַלצדינג, וואָס א קליינ מענטשעלע באדארפ קענענ, וואָרומ איכ פלעג זיכ שטארק צוהערנ מיט קאָפּ אונ בינ געווענ דרינענ א מאסמיד *).

דאָס געפּיל פונ יוישער, פונ ראכמאָנעס, האָט בא מיר ניט דערלעבט גאָר צו וואקסנ.

יוישער איז א גומילאסטיק, וואָס לאָזט זיכ ציִענ, ווי מע וויל, ראכמאָנעס דאָס איז אנ אויסגעטראכט וואָרט, אײַנגאנצנ גאָר א שווינדל. אזוי האָט געזאָגט איסער וואָרגער.

---

*) א פלײַס־קער.

איכ בינ געווענ איסערס אנ עמעסער טאלמיד, האָב מיר געגעבנ מי, מיכ געפלײַסט דעמ רעבנ מײַנעמ צופרידנ שטעלנ, טונ אלצדינג נאָכ זײַנ געשמאק, ווי אימ געפעלט, דערפאר האָב איכ געפונענ כיינ אונ לײַטזעליקײַט אינ זײַנע אויגנ, אזוי, אז ער וואָלט פאר מיר, ווי מע זאָגט, קיינ זאק באָרשטש ניט גענומענ.

אז איכ בינ עלטער געוואָרנ, האָב איכ אָנגעהויבנ מיכ שטארק צו באטראכטנ אונ זיכ אליינ אלצ פרעגנ: „ווענ וועל איכ שוינ אָנהייבנ עפעס [illegible] צו טונ, איכ זאָל אופגעריכט ווערנ? איכ בינ דאָכ שוינ א באָכער, באָרעכ־אשעמ, מיט א סימענ בערדל!" איכ האָב אלצ געטראכט, געטראכט, אזוי לאנג, אזוי ברייט, ביז איכ בינ געפאלנ אפ אזא געדאנק: א־א, דו נאר איינער! — מאכ איכ צו מיר אליינ — איסער ווארגער, דער רעבע, זאָגט: „א קלוגער באדארפ מיט אלצדינג אפ דער וועלט זיכ באנוצנ. דעמ נאָגיד, זאָגט ער, באדארפ מענ נעמענ אפ דער ארענדע, מיט אימ שפילנ די קאָמעדיע, מאכנ מיט אימ די קאָפיקע" — ס'טײַטש, איסער אליינ איז דאָכ שוינ אויכ א נאָגיד, טאָ נעמ־זשע אימ, שויטע איינער, אפ דער ארענדע, ווער דו, בעהיימע, איסערס ארענדאר, איסערס נעשאָמע, איסער אליינ איז דאָכ אויכ א קויעכ. נו, נעמ אונ שטעל א ווינטמיל, איסער זאָל דרייענ דײַנע רעדער! ס'טײַטש, געבראָטענע טויבנ פליִענ דיר אינ מויל ארײַנ, אונ דו, בעהיימע, שרײַסט עסנ!..

איכ וויל אײַכ דאָ ניט א יאמ ברײַענ, איכ הייב אָנ איסערנ כאנפענענ, זוכ מיר אויס טויזנטער וועגנ, ווי צו אימ זיכ צושמייכלענ, ווי אימ אינעווייניק אינ הארצ ארײַנצוקריכנ, ביז איכ האָב אימ לעמאָול דערטאפט אונ ווער, אינ א גוטער שאָ, זײַנ נעשאָמע!.. איסער איז דאָכ ניט מער ווי א מענטש, ער האָט אויכ ליב געהאט, מע זאָל אימ כאנפענענ, קעצקענ, מע זאָל אימ באוווּנדערנ אונ פונ אימ שטארק האנאָע האָבנ; כאָטש ער האָט זייער גוט געוווּסט, וואָס פאר א האפט, וואָס פאר א מאמאָשעס דאָס כאנפענענ האָט. ער אליינ, אשטייגער, אז ער זאָגט איינעמ: איר זענט דאָכ א כאָכעמ, א גוטער, א פרומער, א באלצדאָקע, א קאָשערער, ערלעכער מאנ, הייסט עס גאָר קאפויער: א שויטע זײַנט איר, אנ אכזער, א צוואק, א קארגער הונט, א גאנעוו־שעבעגאנעוו, דאָס שווארצאפל פונעמ אויג! אזוי איז שוינ, אפאָנעמ, אפ דער וועלט, אז איטלעכער לאָזט זיכ אײַנרעדנ, איטלעכער האָט ליב זיכ צו נארנ... נאָר מיינט נישט, אז דאָס איז מיר גרינג אָנגעקומענ. ניט אזוי גיכ טוט זיכ, ווי עס רעדט זיכ. עס האָט לאנג געדויערט ביז מיר איז געראָטנ צו ווערנ איסערס נעשאָמע.

אז דער אוילעמ האָט ארויסגעזענ, אז איכ בינ איסערס נעשאָמע, זײַנ כאָשעווער מעשאָרעס, האָט מענ מיכ אָנגעהויבנ צו גלעטנ, אָפצוגעבנ מיר א ברייטנ גוט־מאָרגנ, ווי עס פירט זיכ אפ דער וועלט. אזוי, געוויינלעכ, איז שוינ דער אײַנפיר פונ זינט די וועלט שטייט, אויבנ אונ אונטנ. אפ דער וועלט, אז מע באדארפ עפעס האָבנ צו דעמ פאָרעצ, זעט מענ פריִער זיכ צושארנ צו זײַנע כאָשעווע מעשאָרסימ, זיי צו געפעלנ, ארײַנצולאָזנ זיכ מיט זיי אינ עפעס א שמועס מיט זיסע ריידלעכ, צו ווערנ קלוימערשט מיט זיי נאָענטע שמעלקעס, אונ אגעוו טאקע ארײַנשטופנ זיי עפעס אינ הענטל, טראכטנדיק זיכ דערבײַ, לאָמיכ זיי פארשטאָפנ דאָס מויל. האָט איינער באדארפט צו איסערנ — אונ ווער האָט דענ ניט באדארפט צו איסערנ? — דאָ האָט ער שוינ פריִער אָפגענוצט מײַנ לאסקע, עס זאָל זײַנ באוויליקט פונ מיר, איכ זאָל בעטנ פאר אימ ראכמימ אונ דערמאָנענ אימ צו גוטנ בא א שמועס מיט רעב איסערנ. פונ געלט אונ מאטאָנעס איז שוינ קיינ רעדע ניט געווענ,

מיט פרומע ווונטשנ אליינ איז מענ ניט אָפגעקומענ. יענער האָט געמיינט, אַבי באַ מיר האָט ער געפּויעלט, אז איכ זאָל באַ רעבּ איסערנ פאַרוואַרפנ פאַר אימ אַ וואָרט, איז ער שוינ געהאָלפנ, כאָטש איכ האָב מיר געוווּסט מײַנס, אז איסער אליינ קענ אימ אַזויפיל העלפנ, טאַקע אַפּ איסערס רייד—„ווי אַ טויטנ באַנקעס". וואָס אַרט עס מיכ? לאָז ער מיינענ און געבּנ געלט. און ווענ אַפּילע ס'איז אַ מעגלעכקײַט געווענ יאָ צו העלפנ, וועט דאָכ איסער נעמענ און טונ זײַנס גאָר אָנ מײַנ שטאַדלאָנעס*). אַזוי צו אַזוי, וועט דאָכ איסער אַלצ נעמענ געלט און מאַכנ ווי דער שטייגער זײַנער: „מיר וועלנ זענ, מיר וועלנ זענ, מיר וועלנ זענ". הײַנט צו וואָס טויג איכ נאָכ דאָ אינדערמיט? נאָר ווײַטער טאַקע, וואָס אַרט עס מיכ? לאָז זיכ יענער מיינענ און געבּנ געלט.

אָט אַפּ אַזאַ אויפנ האָב איכ מיר אָנגעהויבּנ ביסלעכווײַז דערהויבּנ צו ווערנ,— צו נעמענ אַפּ זיכ לײַב און טאַקע צונויפּגעקליבּנ שיינע עטלעכע גילדנ.

## XIV

פּוצנ זיכ און קליידנ זיכ איז געווענ מײַנ בעסט פאַרגעניגנ, ווי דער שטייגער איז פונ אַלע אויפגעקומענע מעשאָרסימ, וואָס האָבּנ ליבּ אַרופּצוציִענ אַפּ זיכ אַלצ־דינג, וואָס נאָר זיי קענענ—צו גייג באַהאַנגענ מיט בּלישטשענדיקע קייטלעכ, קנעפּ־לעכ, פינגערלעכ און זייערע שטיוול זאָלנ גלאַנצנ ווי די שפּיגלעכ, קעדיי אויפרײַסנ דער וועלט די אויגנ, זי זאָל זיכ אַפּ זיי וווּנדערנ און כידעשנ. שאַבּעס פלעג איכ מיכ געווײַנטלעכ אויספּוצנ ווי אַ טאָק און דורכגיינ זיכ מיט מײַנע כאַווײרימ, צו ווײַזנ זיכ אַפּ כידושימ פאַר דער וועלט און צו באַטראַכטנ אַלע ווײַבּלעכ און מיידלעכ, וואָס גייענ קאָמפּאַניעסווײַז שפּאַצירנ.

אַז איכ האָב איינמאָל אַ שאַבּעס געשפּאַצירט מיט כעוורע אינ דער שטאָט, ווו ס'האָבּנ זיכ געשאָטנ ייִדישע טעכטער אינ זײַדענע און טאַמעטענע מאַלבושימ, באַהאַנגענ מיט פּערל און אַנדערע אַלערליי מינימ צירונג, איז מיר אַנקעגנ געקומענ עפּעס אַ מיידל, אָנגעטאָנ זייער פּראָסט אינ אַ סיצנ קליידל, ריינ ווי זילבּער. איר פּאָנעמ האָט געשײַנט ווי דער ליכטיקער מאָרגנשטערנ און פאַרטונקלט אַלע אַנדערע מיט זייערע פּערל און דימענטנ, זיי האָבּנ אַנקעגנ איר זיכ אָנגעזענ, ווי אַ ליכט אַנקעגנ דער זונ. באַ דער זײַט איז איר געגאַנגענ אַ יונגערמאַנ, אַ סטאַטעטשנער, זייער שיינ געוואַקסנ. איר שיינקײַט האָט מיר פאַרנומענ די אויגנ, איכ בינ געבּליבּנ אַ היפּשע צײַט שטיינ ווי צעקאָכט און ניט געהערט און ניט געזענ, וואָס אַרום מיר טוט זיכ. אַז איכ בינ שפּעטער אַביסל צו זיכ געקומענ און מיכ אַרומגעקוקט, האָב איכ זי מער שוינ ניט געזענ. זי האָט דערווײַל זיכ פאַרמישט צווישנ אוילעמ און פאַרשווּנדנ געוואָרנ אַזויווי אַ פליִענדיקער שטערנ אינ די זומער־נעכט. נאָר איר בילד איז מיר געבּליבּנ אָבער אײַנגעבּאַקנ טיפ אינ האַרצנ. און פונ יענער צײַט אָנ האָב איכ זי ניט געקענט אַפּ אַ רעגע אַרויסשלאָגנ פונעמ קאָפּ. איכ האָב מיר פאָר־גענומענ, אַז איכ מוז מיכ דערגיינ, ווער דאָס מיידל איז און אויפזוכנ, ווו זי זיצט.

אַמאָל בינ איכ צווישנ טאָג און נאַכט גראָד געגאַנגענ אינ אַ פאַרלעגנ געסל. דער בלויער לויטערער הימל האָט באַ די ברעגנ זיכ באַדעקט מיט שוואַרצע פּאַסנ וואָלקנס, אינ וועלכע עס האָבּנ צײַטנווײַז זיכ דורכגעוואָרפנ בּליצנ ווי לאַנגע פײַער־

*) אָנ מײַנ אײַנשטעלנ זיכ.

דיקע שטרײַפּעלעכ. אינ דעמ געסל איז געווענ שטיל, ניט קיינ פּוס פונ א מענטשנ און איכ בינ געגאנגענ זייער פּארטראכט, עפּעס שטארק מאָרעשכוירעדיק.

פּלוצימ דערהער איכ א ביטער געשריי, וואָס האָט מיכ אָנגעכאפּט באמ הארצ. איכ גיב א בליק—אנקעגנ מיר לויפט איינער מיט א פּעקל גיכ און געשווינד, ווי א גאנעוו, וואָס וויל אנטרונענ ווערנ. שטיי! האָב איכ א געשריי געטאָנ, זיכ געשטעלט באהארצט דעמ פּארשוינ אנקעגנ און אופגעהויבנ אפּ אימ מײַנ גראָבנ שטעקנ. יענער האָט זיכ שטארק דערשראָקנ, ארויסגעלאָזט פונ די הענט דאָס פּעקל, און אליינ איז ער אנטלאָפנ, גיכ פארשוווּנדנ געוואָרנ.

ניט ווײַט פונ מיר לעבנ פּלויט איז געלעגנ אפּ דער ערד עפּעס א מענטש. אז איכ בינ צוגעלאָפנ צו אימ מיטנ פּעקל, האָט ער אפילע קיינ ריר זיכ ניט געטאָנ. אינדרויסנ איז דערווײַל טונקל געוואָרנ פונ א שטיק שווארצער כמארע, וואָס האָט זיכ אָנגערוקט אויבנ אינ הימל. איכ כאפּ אינ אײַלעניש אָנ דעמ מענטשנ באמ קאָפּ און מונטער אימ. מיטאמאָל הייבט אָנ שטארק צו בליצנ איינ גליצ נאָכ דעמ אנ־דערנ, און איכ דערזע אנקעגנ מיר א פּאָר אָפּענע ברענענדיקע אויגנ. עס האָט מיר א קלאפּ געגעבנ אינ הארצנ. דער קאָפּ האָט מיר זיכ פארדרייט און איכ בינ געבליבנ שטיינ שטארק פארמישט. זיכ האָב דערקענט זי—דאָס איז געווענ זי!...

זי האָט מיר דערציילט, אז זי איז פריער אביסל געגאנגענ אליינ דאָ אינ געסל, איז אונטערגעשפּרונגענ עפּעט א פּארשוינ, האָט איר דערלאנגט א שטארקנ זעצ איבער דער האנט און געשווינד ארויסגעכאפּט בא איר דאָס פּעקל מיט העמדער, וואָס זי האָט, ווי א ניימערינ, אָנגענומענ ערגעצ אינ אן אָרט. ווענ איכ זאָל ניט געווענ אונטערגעקומענ און אָפּגענומענ באמ גאנעוו די זאכנ—האָט זי געזאָגט מיט טרערנ אינ די אויגנ—וואָלט זי געבראָכנ געוואָרנ פונ ברויט און נאָכ ארײַנ אינ א מיִעסנ רופּ בא לײַט. קיינער וואָלט איר מיינ קיינ שטאָכ ארבעט ניט געגעבנ. זי האָט מיר געדאנקט פונעמ גאנצנ הארצנ, דאָס פּאָנעמ האָט איר דערבײַ געפלאמט און איטלעכער בליק פונ אירע פײַערדיקע אויגנ האָט מיכ געבריט, געסאַרפּעט. איכ האָב געפילט, אז אָט־אָט ווערט מיר אינעווייניק צעשמאָלצנ דאָס הארצ ווי וואקס.

— גוט זאָל אײַכ באצאָלנ!—האָט זי מיר צולעצט געזאָגט מיט א ציטערדיק קאָל און געוואָלט גיינ איר וועג.

— ניינ, ניינ!—האָב איכ מיכ אָנגערופנ צעקאָכט, איכ וועל אײַכ בעשומויפנ ניט לאָזנ גיינ איצט איינע אליינ, איכ מוז אײַכ אונטערפירנ ביז צו אײַער היימ.

זי האָט זיכ עפּעס ווי געקווענקלט, נאָר איכ האָב זי ניט געלאָזט קומענ צומ וואָרט, געשווינד גענומענ צו מיר אינ האנט איר פּעקל העמדער און בינ מיט איר געגאנגענ ווײַטער דורכ געסלעכ, וווהינ זי האָט מיכ געפירט. דעמ גאנצנ וועג האָבנ מיר ניט גערעדט קימאט קיינ וואָרט.

אזוי זײַנענ מיר ביידע געגאנגענ, ביז זי האָט מיכ צוגעפירט צו א שטוב, וואָס אפּ דעמ טירל, אינ הויפּ ארײַנ, איז געהאנגענ א קליינ ווײַס שילד מיט שווארצע אויסיעס: „דאָ זיצט גאָלדע יאקאָבזאָנ די ניימערינ".

— יאקאָבזאָנ!—טו איכ א זאָג פארווּנדערט, דערמאָנענדיק מיכ אינ יאקאָבזאָנענ, וואָס האָט מיכ אמאָל ארויסגעפירט פונ דער נויט, נאָכ דער מײַסע מיטנ כאזנ, אז איכ בינ געבליבנ ווי אפּנ וואסער, און בא וועלכנ איכ האָב געגעסנ ביידע טעג ראָשעשאָנע.

— יאָ,—רופט זי זיכ אָנ,—איכ הייס גאָלדע יאקאָבזאָנ. וואָס איז עפּעס אײַכ אזא ווּנדער?

— אײַער טאַטע איז מיר פֿון גאַנץ לאַנג באַקאַנט — האָב איך געענטפֿערט — ער האָט מיר אַמאָל געהאָלפֿן אין אַ שלעכטער צײַט.

— מײַן טאַטע איז שוין עטלעכע יאָר טויט — האָט זי געזאָגט מיט אַ זיפֿץ, טיף־טיף פֿונעם האַרצן.

— איך געדענק איך, אַז איר זײַנט נאָך געווען אַ קליין מײדעלע — זאָג איך מיט אַ שמײכל, שוין מיט מער מוט אַרײַנקוקנדיק איר אין פּנים, ווי אַ שטיקל באַקאַנטער.

— אַזוי! זײער אָנגענעגט, כ׳לעבן!

און אײדער מיר האָבן זיך געזעגנט, האָט אַ שטאַרקן דונער געטאָן און אַ שלאַקסרעגן האָט אָנגעהויבן צו פּלײצן ווי אַ מאַבל. זי האָט מיך געבעטן אַרײַנצוגײן מיט איר צו זיך אין שטוב, איבערוואַרטן דאָרט דעם רעגן. עס פֿאַרשטײט זיך, אַז איך האָב עס געטאָן גערן און בין פֿונעם רעגן זײער שטאַרק צופֿרידן געווען. פֿונמײַנעטוועגן האָט געמעגט גיסן אַ מאַבל, גאָר קײנמאָל ניט אויפֿהערן.

די שטוב, אין וועלכער איך בין אַרײַנגעגאַנגען, איז באַשטאַנען פֿון אײן כײדער, איבערגעטײלט אין דער מיט מיט שפּאַנישע וואַנטלעך. אײן העלפֿט איז געווען אַ צימער אָפּ צו שלאָפֿן, די אַנדערע העלפֿט — אַ צימער אָפּ צו זיצן. באַם ערשטן אָנבליק האָט מען געקענט זײער גרינג אַרויסזען, אַז דאָרט וווינען מענטשן אָרעמע, אָבער ניט קײן פֿוילע, אָפּגעלאָזענע. דאָרט האָבן־זיך געפֿונען עטלעכע אַלטע בענקלעך מיט אַ קאַנאַפּקעלע, איבערגעצויגן מיט אַ געלבלעכן, אָפּגעבליאַקעוועטן סיטץ. לעבן דער וואַנט איז געשטאַנען אַ קאָמאָדע איבערגעדעקט מיט אַ טישטעך ווײַס ווי שניי, און דערויף איז געווען אויסגעשטעלט שמאָכטעלײַען: אַ פּאָר קלײנע פּאָרצעלײַענע שעלעכלעך מיט רויטע קווײטן, אַ צוויי בלויע געשליפֿענע קעלישעקלעך, אַ פּושקעלע אַ שילדקרעטענס, אַ שפּיגעלע און קלײנע פֿאַרפֿומע פֿלעשלעך און נאָך אַזעלכע קלײניקײַטן, וואָס זײַנען געווען די גאַנצע צירונג, דאָס שײַנדל אין שטוב. דערצו האָט מען נאָך געקענט צורעכענען די בלומענטעפּלעך אויף די פֿענצטער. לעבן פֿענצטער איז געשטאַנען אַ טיש, אָנגעלײגט מיט לײַוונט, מיט פּאַסמעס פֿעדעמלעך און מיט אַלע אַנדערע זאַכן, וואָס צו דער אַרבעט.

אַרײַנקומענדיק אין שטוב, האָט גאָלדע מיך פֿאָרגעשטעלט פֿאַר איר מוטער, אַ דאַרע, אַ שלאַפֿע ייִדענע פֿון אַ יאָר פֿופֿציק. דערצײלנדיק איר אײנקורצן דאָס גאַנצע באַגעגעניש אירס, ערשט ניט לאַנג אין געסל דאָרט. די מוטער האָט מיך שײן אויפֿגענומען, מיך געבעטן זיצן. לעבן עק טיש אויף אַ בענקל איז געזעסן אַ קלײן מײדעלע פֿון אַ יאָר אַכט, זי האָט קלוימערשט עפּעס ווי גענײט און אונטערוויײַלעכס אויף מיר געקוקט מיט גנייווישע אײגלעך. גאָלדע האָט זיך אויך געזעצט לעבן טיש און פֿאַנאַנדערגענומען דאָס פּעקל, וואָס זי האָט געבראַכט. איך בין געזעסן ווי אַ כאָסנבאָכער און ניט גערעדט קײן וואָרט. אויפֿן האַרצן איז מיר געווען פֿרײלעך, איך האָב געקוקט, ווי גאָלדע אַרבעט מיט אירע ווײַסע, פֿולע הענטלעך און עס האָט מיר עפּעס שטאַרק האַנאָע געטאָן.

עטלעכע מינוט איז מען אַזוי געזעסן שטיל, דערנאָך איז געוואָרן אַ רײד איבער דעם וועטער, ווי נײטיק דער רעגן איז. די אַלטע האָט עפּשער אַ מאָל צען איבערגעכאַזערט, אַז דאָס גײט ניט קײן רעגן, נאָר ברויט גײט עס, און האָט געמאַכט האָפֿענונגען, אַז נאָכן רעגן וועט מען עטלעכע גראָשן זיכער וועלוועלער ווערן דער־

מעקעכ *) פונעמ פוד מעל. גאָלדע האָט עפּעס זיכ איבערגעוווּנקען מיט דער מוטער און איז ארויסגעגאַנגען.

די אַלטע איז געבליבן לעבן מיר, האָט אַלץ גערעדט און איז ארופגעקומען אינ שמועס דערופ, ווי דער מאַנ אירער, א ליכטיקן גאַנ־עדנ זאָל ער האָבן, האָט א צײַט, נעבעכ, געקרענקט און פארקרענקט דעמ לעצטנ גראָשנ, ביז ער איז געשטאָרבנ, און איבערגעלאָזט זי, די וויסטע אַלמאָנע, מיט צוויי קינדער ווי אפּ דעמ וואַסער. נאָר גאָט אָבער האָט זי געבענטשט מיט א טאָכטער, וואָס איז ווײַט אינ דער וועלט צו זוכנ איר גלײַכנ. איר גאָלדעניו איז גוט און פרומ, מיט אַלע מײַלעס. זי ארבעט, נעבעכ, טאָג ווי נאַכט, נייט, שטיקט און נעמט זיכ די אויגנ ארויס איבער דער נאָדל, ווי ס'איז ארויסצובערעכענען דאָס שטיקל פּאַרנאָסע, מע לעבט טאַקע אינ דאַכקעס, אינ צאָרעס. איר ביטערע, שווערע ארבעט, קלעקט קאַמ־קאַמ אפּ די נייטיקסטע באַדערפעניש, נאָר ניט צו פּאַרזינדיקנ, מע לעבט דאָכ פּאָרט. גאָט ווייסט, וואָס פונ אונדז וואָלט געוואָרנ, ווענ ניש(ט) גאָלדעניו.

אינמיטנ שמועס איז ארײַנגעקומען גאָלדע און אַנידערגעשטעלט אפּנ טיש א טאַץ מיט פיר גלעזער טיי.

אַז מיר האָבנ אָפּגעטרונקען טיי, האָט דער רעגנ אופגעהערט. גאָלדע האָט געהייסנ איר שוועסטערל זיכ גיינ לייגנ שלאָפנ.

— גיי, שיינדעלע, — האָט זי צו איר געזאָגט, און זי א גלעט געטאָנ איבער דעמ קעפּעלע — דיר איז שוינ צײַט צו שלאָפנ. דו וועסט בעסער פריִער אופשטיינ. דײַנ לערער וועט שוינ הײַנט ניט קומענ.

שיינדעלע האָט א קוש געטאָנ איר מוטער, אי די שוועסטער, געזאָגט איטלעכנ א גוטע נאַכט, און געגאַנגענ שלאָפנ. מיר איז שוינ אויכ צײַט געווענ צו גיינ. איכ האָב מיכ אופגעהויבנ פונעמ בענקל, זיכ געזעגנט און אוועקגעגאַנגענ.

די האַלבע לעוואָנע האָט געשײַנט און איז ווי א גילדנ שיפעלע זיכ געשווומענ אינ דעמ גרויסנ, בלויענ יאַמ פונ דער לופט, וואָס איז געווענ רויִק, שטיל אָנ א שומ ווינטעלע. דער הימל האָט מיט טויזנטער ליכטיקע שטערנ אראָפּגעקוקט אפּ דער ערד, וואָס איז געווענ אָנגעטאָנ אינ א גרינ קלייד פונ גראָז, פארפּוצט מיט אַלערליי שיינע בלומענ, פונ וועלכע עס האָבנ געשמעקט זיסע, געשמאַקע רייכעס פונ די טײַערסטע פארפומעס. פרעש האָבנ לוסטיק געקוואַקעט אינ די טײַכלעכ און ערגעץ פונ א גאָרטנ האָט זיכ אָנגערופנ אפּ זײַנ קאָל א סאָלאָוויי, איינ בעריע אפּ דער וועלט — א קאַפּאָרע אַלע כאַזאָנימ!... מיר האָט עפּעס אויכ זיכ געזונגענ אפּנ הארצנ, איכ האָב גייענדיק אונטערגעזונגענ און אַליינ ניט געהערט וואָס. נאָר צורקומענדיק נאָענט צו דער היימ, האָב איכ מיכ א כאַפּ געטאָנ און דערהערט לייזער דעמ שנײַדערס ניגנדל, ווי מע באַזעצט א קאַלע. א, אינ דרערד ארײַנ, פאַלגע! האָב איכ אינ שפּאַס געשאָלטנ לייזערנ, מיט א פריילעכ שמייכעלע. אימ אָפּגעשיקט צו אַלדע שווארצע יאָר.

## XV

איכ האָב אָנגעהויבנ צו ווערנ בא גאָלדענ אינ שטוב אנ אָפּטער גאַסט, עס האָט מיכ געצויגנ אהינצו ווי עפּעס א מאַגנעט.. טכײַלעס האָב איכ איר געבראַכט

*) מעקעכ — פרײַז

אַרבעט, מיר געלאָזט נייען בא איר העמדער, מאַנישקעס, און דערנאָך פלעג איך מיר שוין אַזוי גלאַט קומען ווי א גוטער באַקאַנטער.

אין דער גאַנצער צײַט, וואָס איך בין געגאַנגען צו גאָלדען, פלעג איך דאָרט בא איר אין שטוב אַלץ טרעפן יענעם יונגערמאַן, וועלכן איך האָב דאָס ערשטע מאָל שאַבעס באַגעגנט, גייענדיק מיט איר שפּאַצירן. ער איז געווען דאָרט זייער היימיש, ווי אַן אייגענער. ער פלעגט לערנען מיט שיינדעלען, העלפן אין שטוב, ברענגען אַמאָל מיט זיך פונעם מאַרק נייטיקע זאַכן, אויך אַמאָל לײַען און געבן, אונטערהעלפן אין אַן ענגער צײַט. קיינער אין שטוב האָט אים ניט געירצט, און אים גערופן פּראָסט באַם נאָמען—מיכל.

מיכל איז געווען א שרײַבער, וואָס פלעגט לערנען מיידלעך און יינגלעך שרײַבן, און ציִען דערפון זײַן שטיקל פּאַרנאָסע. פון א שמועס אַמאָל מיט דער אַלטער, האָב איך מיר דערגאַנגען, אַז מיכל איז אין דער פאַמיליע א גאַנצע אָנהאַלטעניש, א גרויסע שטיצע, אָן אים וואָלט אויסגעקומען אַמאָל זייער שלעכט. ער איז אירער א קאָרעוו און איז גאָלדעניוס שוין קימאַט א כאָסן. לעסאַמע איז דאָס נאָך פאַר דער וועלט בעסאָד, נאָר אין א קורצער צײַט פאַרהאָפט זי, אימירצאַשעם, מאַכן תּנאָים און ברעכן טעפּ.

דידאָזיקע ווערטער האָבן מיך געשטאָכן אין דער זיבעטער ריפּ, נאָר איך האָב מיך געמאַכט ניט וויסנדיק גלײַך ווי עס גייט מיר גאָר ניט אָן.

זינט יענער צײַט האָב איך געהאַלטן מיכלען פאַר א סוינע, וואָס שטייט מיר אין וועג, און האָב אַלץ געטראַכט, ווי אים בײַצוקומען. איך פלעג מיך ווי א קעצ־צעלע צושאַרן צו גאָלדען אי צו דער מוטער מיט גוטע, זיסע ריידעלעך, שפּילן זיך מיט שיינדעלען, און ברענגען איר אָפּט א צוקערקעלע, אָדער עפּעס א שפּילעכל, אין דער האָפענונג צו ווערן דורך דעם א היימישער און אַראָפּשטופּן מיכלען, אַוועק־שטעלן אין דער זײַט. איינמאָל האָב איך מיך אַפילו געפּרוּווט געבן עפּעס געלט, אַז איך האָב באַמערקט אין שטוב איז עפּעס ענג, נאָר גאָלדע האָט מיר געהייסן צוריקנעמען דאָס געלט, עפּעס מיט א שמייכעלע, וואָס האָט מיך געלערנט דערע־כערעץ און וואָס איז געווען אַסאַך ערגער ווי א פּאַטש. דאָס האָט נאָך טויזנט מאָל מער פאַרשטאַרקט מײַן סינע צו מיכלען, עס האָט מיך געברענט ווי א העליש פײַער. נאָר וואָס מער אָבער די סינע מײַנע צו אים איז געוואָרן אַלץ שטאַרקער, האָב איך מיך אַלץ מער פאַרשטעלט, גערעדט מיט אים צוקער־זיס און געוויזן אים טאָמער א פריילעכן פּאָנים. פאַרשטעלן זיך, דאָס האָב איך שוין אין יענער צײַט זייער גוט געקאָנט, ווײַל דאָס איז די ערשטע זאַך, וואָס א קליינע מענטשעלע באַדאַרף קענען.

איך פלעג קומען צו גאָלדען אויסגעפּוצט און אויסגעשמירט די האָר מיט אַסאַך פּאָמאַדע, קעדיי דערמיט צו געפעלן און אַראָפּוואַרפן אין אירע אויגן מיכלען, וואָס איז געגאַנגען פּראָסט געקליידט. נאָר בא גאָלדען האָבן קליידער גאָרניט אַזוי אויס־געמאַכט. זי האָט מיר נאָר איינמאָל דעליקאַט אַן אָנצוהערעניש געגעבן, אַז פון צופרי־טע פּאָמאַדע אף יענעמס קאָפּ באַקומט מען דעם קאַטער. מיכל האָט דערבײַ א שמייכל געטאָן, און אינעווייניק אין מיר האָט געקאָכט, געזאָטן אַף אים דאָס בלוט.

אף אַזאַ אופן איז אַוועקגעגאַנגען דער גאַנצער זומער און א שטיק פונעם אָסיען. איך בין שיר אויס דער הויט ניט געשפּרונגען פאַר גרויס ליבשאַפט, נאָר ס'איז גאָרניט געווען צו מאַכן. מיכל איז מיר געשטאַנען ווי א ביין אין האַלדז. איך האָב געזען, אַז איך וועל מיך ניט אײַלן דעם ביין אַרויסנעמען, וועל איך דער־

וואָרגנ ווערנ. עס האָט שוינ געהאלטנ, אז אָט־אָט ווערט מיכל א כאָסנ פאר גאָלדענ. די אלטע האָט אימ ליב געהאט ווי אנ אייגנ קינד, אונ זי האָט געוואָלט דערלעבנ דעמ טאָג צו נעמענ אימ פארבינדנ מיט איר טאָכטער אפ אייביקע יאָרנ. זי האָט א פּאָר מאָל געמאכט א שמועס פונ די האכאָנעס *), וואָס מע האָט געדארפט דערצו האָבנ, אונ אלע אינ שטוב זיינענ געווענ פריילעכ. איכ האָב אויכ געמאכט א פריינטלעכ פּאָנעמ ווי א היימישער מענטש, וואָס עס טוט אימ האנאָע, אז אינ הויז איז א סימכע. נאָר אינ הארצנ אָבער האָט מיכ געברענט. אוועקגייענדיק פונ דאָרט, האָב איכ געקריצט מיט די ציינ אונ האָב געשוואָרנ, אז איכ מוז זוכנ עפּעס א גוט מיטל, ווי צונ גיכסטנ אָפּרוימענ מיר דעמ וועג צו גאָלדענ.

ס'האָט נימ לאַנג גערויערט אונ דאָס מיטל איז מיר געקומענ אינ האַנט אריינ. בעשאס נעמענ רעקרוטנ בא אונדז אינ שטאָט האָב איכ אָפּגעארבעט שטילערהייט, דורכ איסערנ, אונ מע האָט מיכלענ גענומענ פאר א רעקרוט!...

איכ בינ געקומענ צו גאָלדענ, האָב איכ געטראָפנ, אז דאָרט אינ הויז איז מישעבּאָוו **). די אלטע ליגט אינ בעט קראַנק, צעבראָכנ אונ אפנ קאָפּ א נאס טיכל מיט קאלטע וואסער. גאָלדע איז בלייכ ווי די וואנט מיט רויטע געשוואָלענע אויגנ אונ דרייט זיכ ארומ לעבנ דער מוטער מיט צעפּאטלטע האָר, פארזאָרגט, פארומערט, ווי א דערשלאָגענע. שיינדעלע איז גאָר ניט צו דערקענענ, אזוי געענדערט איז זי — זיצט איינגענורעט אינ א ווינקעלע, פארלייגט די הענטלעכ אונ קוקט מיט אראָפּגעלאָזענע אויגנ אפ דער ערד. בא מיינ אריינקומענ צעוויינענ זיכ אלע מיטאמאָל, גיסנ הייסע טרערנ, אָנ ווערטער, ווי אומגליקלעכע, בעשאס זיי דערזעענ זייער בעסטנ פריינט.

— וואָס איז אזוינס געשענ? — פרעג איכ ווי א טאמ אונ בלייב שטיינ קלוימערשט פארווונדערט.

אנקעגנ א פּאָר מינוט איז נישטאָ קיינ ענטפער, דערנאָכ רעדט די אלטע ארויס אפ א הויכענדיק קאָל, ווערגנדיק זיכ מיט טרערנ: „אז אָכ אונ וויי איז מיר! מיכל... נישטאָ מיכל!... די כאפּערס, וויי איז מיר, האָבנ גענומענ מיכלענ"...

עס עפנט זיכ איר א פרישער קוואַל טרערנ. גאָלדע זיצט לעבנ איר אפנ בעט, אָנגעבויגנ מיט ביידע הענט אפנ פּאָנעמ. די קראַנקע מוטער לייגט איר די האַנט אפנ קאָפּ אונ אלע וויינענ, יאָמערנ, ווי מע באקלאָגט א טויטנ. איכ מאכ א טרויעריק פּאָנעמ, זיפצ קלוימערשט, קרעכצ, אונ אינ הארצנ טוט מיר האנאָע קוקנדיק אפ גאָלדענ, וואָס צו איר פארשטעלט מיר איצט קיינער ניט דעמ וועג.

פאָטער געוואָרנ פונ מיכלענ, ווערט איצכאָק־אוורעמל נאָכ אנ אָפּטערער באזוכער בא די יאַקאָבזאָנס אונ ער פּויעלט טאָפּקאלסאָפּ בא גאָלדענ, אז זי זאָל מיט אימ כאסענע האָבנ. ער באגייט זיכ זייער שלעכט מיט גאָלדעס מוטער אונ יענע שטארבט פאר צאָרעס. אינ א שטיקל צייט ארומ שטארבט דער גוויר, ארומ וועלכנ עס האָט זיכ אופגעהאלטנ איסער ווארגער. איסער ווארגער ווערט אויס דריייער אונ איצכאָק־אוורעמל גייט פונ אימ אוועק. דערווייל זיצט ער אינדערהיימ.

## XVI

מיר איז דערנאָכ שטארק נימעס געוואָרנ צו זיצנ אינדערהיימ מיט פארלייגטע הענט, אונ לאָזנ שימלענ די גוטע מאטאָנע, דאָס שטארקע געפיל פונ א קליינ מענטשעלע, וואָס איכ האָב אינ מיר געהאט. אנ אוויירע, כלעבנ, אז אזא געפיל זאָל

*) צוגרייטונגענ.

**) א רעליגיעזער טרויער־טאָג.

פארפאלן ווערן, אזא גוטע מאטאָנע זאָל פוילן, ווערן א לעגעזי־סכוירע, אין דער צײַט, אז איך בין נאָך יונג מיט אלע קרעפטן און וואָלט דערמיט געקאָנט מאכן דאָס בעסטע געשעפט, גיין אין גאָלד! איז דען נאָר, האָב איך געטראכט, איין צוואטשיצ א וועלט, און ווײַטער איז שוין מער נישטאָ קיין אנדערע שטעט מיט יִדן, ווו מײַן סכוירע זאָל האָבן אן אָפּגאנג? די וועלט, באָרעך־אשעם, איז גרויס. עס זײַנען דאָ נאָך יִדישע שטעט. יִדן זײַנען אומעטום יִדן מיט איין טעווע, מיט איין כאראקטער, און יִדישע מאכערס, יִדישע גווירים זײַנען אויך דאָ, אָן אנהאָרע, ווי מיסט, וואָס לאָזן זיך מיסטאם געמען אפ דער ארענדע און וואָס מע קען מיט זיי מאכן די שפּיל! צו וואָס־זשע זאָל איך פארוויסטן מײַן לעבן, פוילן דאָ אינדערהיים ביז איך וועל אופּעסן מײַן ביסל געלט און לײַדן דערנאָך דאכקעס, צאָרעס און לייד ווי אמאָל, וואָס אז איך דערמאָן מיך נאָך אצינד, ציטערט אפּ מיר די הויט און עס שטעלן זיך מיר קאפויר די האָר? ניין, בלײַבט בא מיר, מע טאָר דאָ מער אזוי ניט זיצן! קאָלזמאן איך בין נאָך יונג און האָב נאָך שיינע עטלעכע גילדן, מוז איך פּרוון דאָס גליק און אפּ מאזל זיך אוועקלאָזן.

— זײַ געזונט! האָב איך אין א שיינעם מאָרגן געזאָגט גאָלדען, און בין אוועק אין דער וועלט ארײַן.

גלופּסק איז דער בעסטער פּלאַץ, וואָס איז מיר באלד געפעלן, זי איז א גרויסע יִדישע שטאָט מיט אסאך נאראָנים, וואָס לאָזן זיך פירן בא די נעז פון איטלעכן באזונדער, און איטלעכער טראָגט נאָך די נאָז זײַנע אנקעגן, שטופּט זיך מיט איר פאָרויס, ביכדיי מע זאָל זי אָנעמען בא אים דעם ערשטן, ווײַל ער מיינט, אז לאָזן זיך פירן בא דער נאָז איז א כיִעוו *), א יִדישע זאך, וואָס אנדערש קען גאָר עס ניט זײַן. קורץ, גלופּסק איז מיר טאקע באלד זייער געפעלן, פאר מיר אקוראט ווי געווונטשן. זי איז פאר מיר געווען דאָס, וואָס א שטענדיקע זומפּיקע בלאָטע איז פאר א זשאבע, ווו זי קען זיך קוואקן און צעפּירן אביסל די הענט.

דעמלט בין איך אלט געווען א יאָר דרײַ־פיר און עפּשער פינף־זעקס־זיבן און צוואנציק יאָר. געלט האָב איך בא מיר געהאט און דעריבער איז מיר גרינג געווען באקאנט צו ווערן מיט די גלופּסקער פײַנע בריִעס.

זאָגן פלעג איך זאָגן, אז איך טראכט דאָ מאכן עפּעס א געשעפט, אָבער אין עמעס ארײַן האָב איך גאָר ארויסגעקוקט אפּ מײַן ארענדע, וואָרום כוץ דער ארענדע האָב איך געטויגט אפּ נײַן און נײַנציק קאפּאָרעס, מײַן גאנצע קאוואָנע**) איז געווען צו נעמען דאָרש דעם גרעסטן גוויר אפּ דער ארענדע און מאכן מיט אים א קאָמעדיע, ווי רעב איסער אמאָל מיט זײַן גוויר. ווי איר ווייסט דאָך, איז דער גלופּסקער גוויר געווען א גרויסער פארנעם אין דער גובערניע. זײַן קויעך איז געווען גאָר קיין קאטאָווועס ניט. און ווי גרויס, אזוי פּראָסט איז ער בא זיך געווען. ער האָט ליב געהאט זיך אָפּצוגעבן מיט אלע נארישקײַטן, און צו וויסן אלצדינג, וואָס פארלויפט זיך אין שטאָט, וואָס קאָכט זיך בא איטלעכן אין טאָפּ. און דאָס איז דאָך פאר מיר טאקע געווען אזויווי אָנגעמאָסטן, אזעלכע, ווי ער, האָב איך טאקע ווי אין לעבן ארײַן באדארפט האָבן. מיט אזא קויעך, ווי ער, האָב איך געפילט, קען מען דרייען רעדער, קערן וועלטן, נאָר וויאזוי אָבער קומט מען צו אים, וויאזוי דערטאפּט מען אים אין די הענט ארײַן? דערצו, האָב איך ארויסגעזען, קען מען אנדערש ניט קומען, סײַדן

*) א מוז.

**) מיין.

צו ווערן א עכטער גלופסקער מוישעוו *), ארײַנצודרייען זיך ווי אן אייגענער צווישן די גלופסקער קלייקוידעש און ווערן מיט זיי פארקניפּט און פארבונדן. איך האָב אָנגעהויבן וועגן דעם שטארק צו טראכטן.

דערווײַל איז אוועקגעגאנגען א היפּשע צײַט און איך בין מיט דעם פלאץ אלץ וואָס ווײַטער מער באקאנט געוואָרן. שאדכאָנים האָבן מיך ניט געלאָזן רוען און ארום מיר זיך געדרייט, ווי די בינען, זיי איז געפעלן געווען, אז איך בין אן אלמען. דעריבער פלעגן זיי מיך באפאלן ווי די היישעריקן און מיר אָנשלאָגן שידוכים. איך פלעג זיי צוהערן טאָמעד מיט א שמייכל און בא מיר טראכטן, וואָס ארט עס מיך. די שאדכאָנים האָבן דערווײַל מיך צעטראָגן אפּ טעלערלעך און מיט זייערע רייד מיך ארײַנגעבראכט אין א גוטן שעם**) בא דער גאנצע שטאָט: אז איך בין שטארק רײַך, אָנגעשטאָפּט מיט געלט, א יאכסן, א קלוגער, א בעריע א מענטש, איך זינג גאָר א מעכײַע, דערצו בין איך נאָך א דימענט, אָן א גאל, מיט א יידיש הארצ און מיט גילדענע מײַלעס.

גאנצ גוט, האָב איך מיר געטראכט, רעדט, יידישע קינדער, נאט אײַך א טרונק בראָנפן און רעדט ווי ווײַט איר קענט!....

איינער פון די שאדכאָנים האָט מיר צולעצט אָנגעשלאָגן א שידעך, דאפקע ניט קיין געלט, אָבער מיט א גרויסן פײַנעם בעריע, מיט א בארימטן יאכסן, איינער אין דער וועלט.

דער גרויסער פײַנער בעריע, מיט וועלכן מע האָט מיר גערעדט, האָט געהייסן מיט א פירגאָרענדיקן נאָמען: רעב יאָסיפ־מארקל רעב מאָניש־לייבעלעס. ער איז געווען אײַנגעטונקט אין ייכעס, געשטאמט פונעם פארצײַטיקן גלופּסקער ראָוס געזינד. אלע זײַנע יאָרן האָט ער קיין האנט אין קאלט וואסער ניט ארײַנגעטאָן, נאָר פון זײַן ייכעס טאָמעד זייער שיין געלעבט און אויסגעגעבן קינדער. גאָט האָט אים געלײַטזעליקט ***) מיט אסאך דארע, שווארצע, מיעסע מיידלעך, צו אלע מײַלעס נאָך גרויסע שלימאזלניצעס, נאָר ער האָט זיי אלע אויסגעבראכט, ווי מע זאָגט אפּן לויט. גרויסע נעגידים, ווי אשטייגער, אופגעקומענע מעשאָרסים, פלוצים רײַך געוואָרענע קליינע מענטשעלעך, פלעגן פאָשעט אויסגיין מיט רעב יאָסיפ־מארקעל רעב מאָניש־לייבעלעס זיך מעשאדעך צו זײַן און זיך אײַנקויפן דורך דעם אין ייכעס.

דאָס מיידל, וועלכע מע האָט מיר גערעדט, איז געווען נאָך שווארצער, מיעסער פון אירע אלע איבעריקע שוועסטער, מיט א אויסגעווייקט פּענעמל, קליין, דאר ווי א פײַג... אין פארגלײַך מיט גאָלדענע האָט זי א פּאָנעם געהאט ווי א מאלפּע אנקעגן א מענטשן. דער שאדכן אָבער האָט אין איר קיין שום כעסרוינעס ניט געפונען. בא אים אין די אויגן האָט זי געהאט דעם יידישן כיין.

— מיילע — האָט ער געזאָגט — מיילע, אז זי איז אביסל טונקל, אָדער ווייס איך נאָך וואָס אזוינס, נו מיילע, וואָס מאכט עס אויס? ווער קוקט אפּ אזעלכע נארישקײַטן און ווער מען באדארפן אזעלכע נארישקײַטן אָנגיין? מיילע, וואָס מאכט עס א יידן אויס, שווארצלעך צי ווײַסלעך אביסל? עט, אלציינס, כ׳לעבן!

עס פארשטייט זיך, אז איך האָב געלאכט פון דעם שאדכנס דאָזיקע ווערטער, פונדעסטוועגן האָב איך האנאָע געהאט אים אויסצוהערן און דער שידעך איז מיר אלץ

*) א שטענדיקער אײַנוווינער.

**) נאָמען, רוף.

***) געבענטשט

וואָס ווײַטער מער אין קאָפּ אַרײַן. עס האָט זיך מיר געעפנט די אויגן און איך האָב געזען, אַז דער אײנציקער וועג, אויף וועלכן איך קען קומען צו מײַן אַרענדע און מאַכן אַ גליק, איז טאַקע נאָר דורך אַזאַ מין שידעך. רעב יאָסיף־מאַרקעל רעב מאָניש־לײבלס איז דאָך אַ קלײ־קוידעש, אַ קאָכלעפל, איז אײַנגעזעסן בײַ דעם גוויר, וואָס לײגט אויף אים גרויס קאָוועד און האַלט זיך מיט אים אײצעס מעקויעך ייִדי־שע זאַכן, הײַנט, אַז איך זאָל ווערן זײַנער אַ אײדעם, וואָלט איך דאָך געוואָרן זײער גרינג דעם גווירס נעשאָמע, ער וואָלט דאָך בײַ מיר געטאַנצט גאָר אַ וווּנדער. איך וואָלט געוווען געהאַט שעפע *), אַרײַן אין די גרויסע אַלאָפים **) און געלעבט גליקלעך, נאָך אַסאַך בעסער, ווי איך האָב מיר אַמאָל פאָרגעשטעלט.

איך האָב מיך דערמאָנט אין גאָלדען, און געהאַט גרויסע צאָרעס, איך האָב זי אין האַרצן געשאָלטן און געטראַכט, ווי מע ווערט פון איר פּאָטער.

דער שאַדכן האָט דערווײַל געטאָן זײַנס, מיר אַלץ געפּיקט, געפּיקט דעם קאָפּ און געזאָגט, אַז אויב איך וועל מיך ניט אײַלן, וועט אונטערשפּרינגען אַן אַנדער באַלן און וועט אויסכאַפּן אַזאַ גליק, אַזאַ קאָשערע מעציִע בײַ מיר פון די הענט. עס וועט מיר דערנאָך מעשונע באַנק טון. איך האָב מיר געלאָזט אײַנרײדן און דער שאַדכן האָט, ווי אַ בעריִע, מיך פלוצים צונויפגעפירט מיט יאָסיף־מאַרקעל רעב מאָניש־לײבלס.

אַלץ גוט, אַלץ שײן, נאָר דער איקער, וואָס דער מעכוטן האָט געפאָדערט, איז געוועז איך זאָל ניט האָבן פונעם ערשטן ווײַב קײן קינדער. פרעמדע קינדער אָנ־הענגען זײַן טאָכטער האָט ער ניט געוואָלט בעשומויפן. איך האָב אים פאַרזי־כערט, אַז איך האָב ניט קײן קינדער. דער שאַדכן פון זײַן זײַט האָט אים וועגן דעם געשוואָרן בײַ זײַן הײליקע נעמאָנעס, און נאָך אַזעלכע מינע שוועס... מיר האָבן לעמאַזל געמאַכט אַ טקיִעס־קאַפּ ***) און אָפּגלײנט די טנאָיִם אויף אַ קורצער צײַט שפּעטער, איך האָב מיר געשמאַק געזומען טראַכטן, צו געפינען עפּעס אַ מיטל, ווי איך זאָל דערווײַל אין דערדאָזיקער צײַט פרײַ ווערן פון גאָלדען — שאַ, שטיל, קײן האָן זאָל ניט קרײען.

## XVII

אַקעגן אַ דרײַ וואָכן נאָך דעם טקיִעסקאַפּ איז אין צוואַטשיץ אָוונט־צײַט אַרײַנגעפאָרן אַ בויד און זיך אָפּגעשטעלט לעבן גאָלדעס שטוב. אַ קאַלטע לופט האָט געווײט און אַראָפּגעבלאָזן פון אַ טײל בײמער די געלע בלעטלעך, וואָס האָבן ליגנ־דיק אויף דער ערד זיך שטילערהײט געשושקעט צווישן זיך עפּעס זײער אומעטיק און אָנגעמאַכט אויפן האַרצן אַ מאָרעשכוירע. פונעם בויד איז אַרויסגעקראָכן אַ מענטש, וואָס איז פאַמעלעך צוגעגאַנגען צו דער טיר און איז געבליבן דאָרט אַביסל שטײן מיט אַזאַ מינע, גלײַך ווי אים וואָלט עפּעס פריקרע געווען אָנצונעמען בײַ דער קליאַמקע. דערדאָזיקער פאַרשוין איז טאַקע געוועזן איך מיט מײַן קאָוועד אַלײן.

בײַם אַרײַנקומען אין שטוב האָט מיר אַ קלאַפּ געטאָן אין האַרצן און איך בין געבליבן שטײן לעבן דער טיר אָן לאָשן. גאָלדע איז אײנע אַלײן געזעסן אויף דער ערד, אין

*) אַסאַך גוטס (בוכשטעבלעך — אַסאַך, אַ איבערפלוס).

**) טויזנטער.

***) זיך געגעבן די הענט.

א ווינקל, אָנגעשפּאַרט דעמ קאָפּ, מיט דעמ פּאָנעמ אַראָפּ, אפּ א בענקל, גלײַכ ווי זי האָט געדרעמלט, אונ ניט באַמערקט, ווי איכ בינ אַרײַנגעגאַנגענ. אפנ פענצטער האָט מיט א רויטנ פלאַמ געבערענט א קײלעוודיק ליכטל, דערבײַ איז געשטאַנענ א גלאָז וואַסער מיט א שטיקל לײַוונט.

איכ האָב באַלד פאַרשטאַנענ, וואָס דאָס אַלצדינג באַטײַט, אונ אינ מיר האָבנ געקאָכט פאַרשיידענע געפילנ. איכ האָב מיכ דערמאָנט אינ מײַנ ערשטנ אַרײַנקומענ אַהער, ווי פרײלעכ, ווי שיינ דאָ האָט דענסטמאָל אַלצדינג אויסגעזענ; ווי שטאַרק צופרידנ האָט דאָ אַמאָל זיכ געלעבט אַנ אָרעמע פאַמיליע! אַלע דאָ אינ שטוב האָבנ זיכ ליב געהאַט, האָבנ געהאַט גוטע האָפענונגענ אפּ שפּעטער. אונ מיט דער האָפענונג געלעבט דערווײַל זייער גליקלעכ. פלוצימ האָב איכ מיכ אַהער אַרײַנגעכאַפּט ווי א קאַץ אינ א נעסט פונ גליקלעכע צופרידענע טויבנ אונ האָב פונ איטלעכנ געמאַכט אַנ עק: מיכל איז ערגעץ פאַרוואָגלט, ניט צו וויסנ, וווּ זײַנ געביינ איז אַהינגעקומענ, די אַלטע מוטער אונ שיינדעלענ האָב איכ געטריבנ אינ דער ערד אַרײַנ, אונ אַצינד וויל איכ אײַנגאַנצנ עקנ מיט גאָלדענ—פאַרוויסטנ איר אפּ אייביק דאָס לעבנ...

איכ האָב געטאָנ א טריט ווײַטער. גאָלדע האָט ווי פונ שלאָפ זיכ אופגעכאַפּט אונ מיכ אָנגעקוקט א רעגע, עפּעס ווי צעמישט. מיט איר בלייכ פּאָנעמ, אפּ וועלכנ ס'איז געלעגנ אויסגעדריקט די גרויסע צאָרעס, וואָס זי איז אויסגעשטאַנענ, אי מיט אירע רויטע פאַרשוואָלענע אויגנ, אינ וועלכע ס'האָט זיכ אָפּגעשפּיגלט איר פינצטער געמיט, האָט זי אינ מיר אפּ א ווײַלע דערוועקט א מענטשלעכנ געפיל פונ ראַכמאָנעס אונ איכ האָב ניט ווילנדיק א זאָג געטאָנ: וואָס מאַכסטו, גאָלדע?

— א טײַערער גאַסט, כלעבנ!—האָט גאָלדע מיט א טיפנ, ביטערנ זיפץ זיכ אָנגערופנ אונ אוועקגעדרייט דעמ קאָפּ—נאָכ אַזא לאַנגער צײַט שווײַגנ האָט ער זיכ פאָרט דערמאָנט אונ איז געקומענ טרייסטנ זײַנ ווײַב!... אָט וואָס איכ מאַכ, שיווע*) איכ זיצ... אַכ, שיינדעלע, שיינדעלע!...

— גאָלדע!—האָב איכ א זאָג געטאָנ, געמאַכט עפּעס מיט דער צונג אונ אַליינ ניט געוווּסט, וואָס איכ רעד, אַזוי צעמישט בינ איכ געבליבנ פונ אירע לעצטע ווערטער, וואָס זי האָט עס געזאָגט אַזוי טרויעריק, אַז עס האָט געקאָנט רירנ אַפילע א שטיינ.

— וויסט אונ פינצטער איז מיר דאָס לעבנ, איכ וואָלט מיר בעסער געווונטשנ דעמ טויט, ווענ ניט ער... קומ!—האָט גאָלדע, אופשטייענדיק פונ דער ערד, געזאָגט שוינ ווייכער אביסל, מיכ אַרײַנגעפירט אינ אַלקער, הינטער די ווענטלעכ, אונ איז מיט מיר צוגעגאַנגענ דאָרט צו א וויגעלע, וואָס אינעווייניק איז געלעגנ א שלאָפנדיק קינד, מיט ביידע צוגעמאַכטע הענטלעכ אפנ מײַלכל אונ א זיס שמייכעלע איז אימ צעשײַנוויז איבערגעפלויגנ איבער דעמ פּענעמל.—אָט צוליב וועמענ איכ וויל לעבנ!—זאָגט זי, אָנווײַזנדיק מיר אפּ דעמ קינד אונ דאָס פּאָנעמ ווערט איר דערבײַ לעבעדיקער, פרײלעכער.

דאָס קינד האָט פלוצימ געעפנט די אייגלעכ, זיכ גענומענ זויגנ א פינגערל, געבעבעט אונ געמאַכט קינדערשע אָנשטעלנ. די מאַמע האָט אוועקגעקוואָלנ אונ פאַרגעסנ אינ דער מינוט אירע ביטערע צאָרעס, גלײַכ ווי זי אַליינ איז געוואָרנ א קינד.

---

*) זיבנ טעג טרויער נאָכ א געשטאָרבענעמ.

— קוק נאָר, זונ — האָט זי אַפּ קינדערש גערעדט צום קינד — קוק נאָר, ווער דאָ שטייט: טיאַ־טיאַ! מיט ליב דיר דײַנ גאַסט! אָט איז דײַנ טיאַ־טיאַ, טיאַ־טיאַ!

עס האָט אינ מיר פּלוצים אָנגעהויבנ צו זידנ דאָס בלוט, איך האָב דאָך דעם מעכוטנ געגעבנ אַ וואָרט, אַז איך האָב ניט קײנ קינד אונ אַצינד זע איך גאָר ליגט פאַר מיר דאָ אַ קאַדיש, וואָס טויג מיר קלאָל ניט צום אײַסעק. דאָס געפיל פונ ראַכמאָנעס איז מיר באַלד אויסגעלאָשנ געוואָרנ, איך בינ געשטאַנענ אָנגעלאָדנ מיט אַ ברויגעזדיק פּאָנעם אונ אָנגעקוקט ביז דאָס אומגליקלעכע קינד, נעבעך, וואָס האָט אָנגעהויבנ צו מאַכנ פּיסקעלעך אונ שטאַרק צעשריגנ זיך.

— שאַ, שאַ — האָט גאָלדע צו אים געמאַכט — שאַ, נאַרעלע, וואָס האָסטו אַזוי מוירע פאַרנ טיאַ... פאַר דײַנ טיאַ־טיאַ? — אונ, בעשאַס זי בויגט זיך אָפּ צום קינד, נעמ איך אַרויס פונעמ בוזעמ־קעשענע אַ געשריפּטס אונ טו עס געשווינד אַ וואָרפ איר אינ די הענט אַרײַנ מיט די ווערטער:

— אָט האָסטו דיר עס פונ מיר אַ געט!...

גאָלדע בלײַבט שרעקלעך צעמישט, גלײַך ווי מע וואָלט איר געגעבנ מיט אַ האַק איבערנ קאָפּ, זי גלאָצט אויס אַ פּאָר גלעזערנע אויגנ אונ קוקט, ניט צו רעדנ אַ וואָרט.

— הער נאָר אויס, גאָלדע! — דופ איך מיך אָפּ צו איר — ווי די מײַסע איז, דו ביסט מער ניט מײַנ ווײַב, מיר געהערנ זיך שוינ בײדע ניט מער אָנ. נאָר, אַז דו וועסט קײנ נאָר ניט זײַנ, ניט מאַכנ דערפונ קײנ ראַש אונ האַלטנ בײַ זיך דאָס קינד, וועל איך דיך מיסטאַמע ניט פאַרלאָזנ אונ וועל דיר צײַטנווײַז צושיקנ עפּעס געלט.

בײַ דידאָזיקע רײד מײַנע האָט גאָלדע אויסגעשאָסנ עפּעס אַ מעשונע ווילדנ געלעכטער, אַזוי, אַז איך האָב געמײנט, זי איז זיכער אַראָפּ פונ זינענ. דערדאָזיקער ווילדער מינ געלעכטער איז איבערגעגאַנגענ דערנאָך אינ אַ ביטער געשריי.

— אַרויס — צעשרײַט זי זיך אַפּ מיר, נעמט אָנ אַ שטאָלצע מינע — דו ביסט ניט ווערט אַ רעגע צו בלײַבנ דאָ אינ שטוב, ווו עס האָבנ געלעבט אַמאָל ערלעכע לײַט, וואָס זײַנענ דורכ דיר געגאַנגענ פונ ,דער וועלט! זײַ רויִק, איך וועל אַזאַ פאַרשווינ ווי דו ניט נאָכיאָגנ. ס'איז מיר נאָר אַ כאַרפּע צו זאָגנ, ווענענ איך האָב געהאַט פאַר אַ מאַנ. מעגסט דיר גאַנצ רויִק כאַסענע האָבנ! איך אונ מײַנ קינד באַדאַרפנ דײַנ הילפ ניט האָבנ! קאָלזמאַנ איך לעב, וועל איך מיר, נישקאָשע, מיט מײַנע הענט קאָשער פאַרדינענ אונדזער באַדערפעניש, אַרויס פונדאַנענ, זאָג איך דיר, אונ פאַרגעס נאָר, אַז דו האָסט ערגעצ אַ קינד, אַרויס, אַרדרויס!...

איך האָב געשווינד מיך אַרויסגעכאַפּט פונ שטוב אונ באַלד טאַקע אינ דער אײגענער נאַכט אַוועקגעפאָרנ.

איצכאָק־אַוראָמ קערט זיך אום צוריק קײנ גלופּסק אינ האָט כאַסענע מיט יאָסעפּ־מאַרקעל רעב מאָניש־לײבעלעס טאָכטער. דורכ שווער כאַפּט ער זיך אַרײַנ אינ דער קאָמפּאַניע פונ די גלופּסקער שטאָטפּירער, גווירימ, באַלטאַקסעס אונ באַלעבאַטימ. ער הײבט דאָ אָנ שפּילנ דיזעלבע ראָליע, וואָס איסער וואַרגער האָט געשפּילט אינ צוואַטשיצ. אַפּ דער עלטער אָבער הײבט ער אָנ כאַראָטע האָבנ אַפּ דעמ אַלעמענ בײזנ אונ שלעכטנ, וואָס ער האָט אופּגעטאָנ אינ זײַנ לעבנ. קעדײ צו באַפרײַענ זיך פונ די שווערע געדאַנקענ, זעצט ער זיך אַנידער צו באַשרײַבנ זײַנ לעבנ. ער שרײַבט אָנ אַ ספּעציעלע צאַוואָע ווענג דעמ, ווי מע זאָל אויסנוצנ די געלטנ, וואָס ער לאָזט איבער. בײדע שריפטנ לאָזט ער איבער באַמ גלופּסקער ראָוו.

## XVIII

איז א מענטשנס הארצ פֿול מיט צאָרעס, זאָל ער אויסדערציילנ. טראָגנ אינ זיכ צאָרעס, ניט ארויסזאָגנ זיי, איז א ווייטעק, וואָס ניט צו דערהאלטנ. א קעסל פֿונ אײַזנ, א קאָכעדיקס קענ צעזעצט ווערנ, אויב די צונויפֿגעשטיקטע פּארע אינ אימ געפֿינט ניט קיינ אָרט אפֿ ארויסצוגיינ. בא מיר אינ הארצ האָט געקאָכט שטארקער ווי א קעסל — עס האָט דאָרט געברענט א גענעמ!...

אינ שווערע ביטערע מינוטנ, ווענ אפֿנ הארצנ איז מיר געווענ שטארק ניט גוט, פֿלעג איכ אפֿנ פּאפּיר אויסגיסנ מײַנ ביטער געמיט, ווי איכ האָב געקאָנט. פֿריִער איז מיר אָנגעקומענ שווערלעכ, איכ בינ ניט געווענ געוווינט, דערנאָכ האָט זיכ עס געגאָסנ עפּעס ווי פֿונ זיכ אליינ, גלײַכ ווי איכ וואָלט איינעמ א גוטנברודער מײַנעמ דערציילט, אימ אנטפּלעקט מײַנ הארצ. אינ פֿארלויפֿ פֿונ דער צײַט איז אויסגעוואקסנ בא מיר א גאנצע לעבנס־באשרײַבונג — און, הערט א מײַסע, באמ איבערלייענענ עס פֿונעמ אָנהייב ביזנ סאָפֿ איז מיר אביסל גרינגער געוואָרנ אפֿנ הארצנ! די זינד מײַנע זײַנענ מיר שוינ ניט אויסגעקומענ אזעלכע שווערע, דאָס הייסט, מײַנע זינד זײַנענ ניט אינגאנצנ מײַנע אייגענע זינד, אינ זיי האָבנ א כיילעק — און עפּשער נאָכ דעמ גרעסטנ כיילעק — די געמיינדע מיט אירע שלעכטע אײַנפֿירונגענ.

אָט נעמט די ייִדישע טאלמעטוירעס!

מע נעמט אָרעמע קינדער, יעסוימימ נעבעכ, און מע פֿארטרײַבט זיי ערגעצ אינ א כורווע, א שטאל, משטיינס געזאָגט, ווו זיי וואלגערנ זיכ הונגעריקע, אָפּגעריסענע, אינ מיסט, אינ שמוצ, כאפּנ קלעפּ און שמיצ וויפֿל אינ זיי גייט ארײַנ, און לערנענ — לערנענ זיי דאָרט ניט קיינ וואָרט. מע מאכט פֿונ זיי ליידיקע, אומגליקלעכע מענטשנ, טויגעניכטסנ. ניט צו גאָט, ניט צו לײַטנ.

א קליינינקײַט עפּעס בינ איכ, איכ עלנט יאָסעמל, אויסגעשטאנענ קינדווײַז אינ דער טאלמעטוירע! איכ רעד שוינ ניט דערפֿונ, ווי מע האָט געפּײַניקט מײַנ אויסגעדעווערט שטיקל לײַב, דערפֿ בינ איכ דאָכ געווענ אָרעמ, אז איכ זאָל לײַדנ הונגער, קעלט און קלעפּ, אָבער געוואלד, ריבוינעשעלוילעמ, וואָס האָט מענ געהאט צו מײַנ נעשאָמע! מע האָט דאָכ דערנידעריקט אינ מיר די מענטשלעכע נעשאָמע. ניט גענוג, וואָס מע האָט מיכ ניט געלערנט צו קענענ לעבנ ווי א מענטש אפֿ דער וועלט, האָט מענ געטויט אינ מיר דאָס געפֿיל פֿונ קאָוועד, פֿונ מענטשלעכנ ווערט דורכ א גראָבער באנעמונג מיט מיר — דורכ זידלערײַענ, מיִעסע, גראָבע ווערטער.

נעמט אײַכ אויכ בא אונדז די מעלאָכע, אשטייגער.

מעלאָכע, ווי ס'איז באקאנט, איז מיִעס געפֿאלנ בא ייִדנ. אפֿ אזויפֿיל ווי א ליידיקגייער, א קלויזניק איז א שײַנדל, איז באלמעלאָכע א פֿלעק אינ דער מישפּאָכע. דער, וואָס האלט זיכ פֿאר א שטיקל באלעבאָס, ער מעג זײַנ כאָטש געשוואָלנ פֿונ הונגער, וויל ניט די קינדער זײַנע לערנענ וועלכע ס'איז מעלאָכע. דערפֿ זײַנענ דאָ פּארוואָרלאָזטע יעסוימימ, קינדער פֿונ נידעריקנ, גראָבנ אוילעמ. אָט אזעלכע שטעלנ עס זיכ פּאר לערנייִנגלעכ בא באלמעלאָכעס און וועמעס דײַגע איז עס אכטונג צו געבנ, ווי זיי לערנענ זיכ און ווי מע באגייט זיכ מיט זיי דאָרט. די מעלאָכע הייבט זיכ געווייִנלעכ אָנ מיט פּאָמינעצעס טראָגנ, וואסער אָנטראָגנ, מיט דער באלעבאָסטעס קינדערלעכ זיכ ארומטראָגנ, דער באלעבאָסטע באמ אײַנקויפֿנ אלצדינג צו טראָגנ, שטיקלעכ ארבעט אהינ — אהער אָפּטראָגנ, מיט דער באלעבאטישקײַט שטענדיק זײַנ פּאר־

טראָגן און איטלעכנס קאפריז, קלעפּ און באַליידיקונג איבערצוטראָגן. אָט דערמיט הייבט זיך אָן די מעלאָכע, און אויסלאָזן לאָזט זי זיך אויס מיט גאָרניט—מע איז א פּאַרטאַטש, אַבי־אָט, הייסט עס, מע אַרבעט.

לויט דער צוואָע מײַנער, פון וועלכער איך שיק אײַך דאָ אַרײַן, רעבע, א קאָ־פּיע, לאָז איך איבער דאָס גרויסע הויז מײַנס אַפּ צו מאכן דאָרט פאר אָרעמע קינ־דער א טאַלמעטוירע און אויך א שול צו לערנען זיי דאָרט מעלאָכעס. די האכ־נאָסעס פון די קלייטן דאָרט און א טייל פּראָצענט פונעם קאַפּיטאַל, וואָס איך לאָז איבער, זאָלן גיין אַפּ אויסצוהאַלטן די ביידע שולן. אין דער טאַלמעטוירע, וויל איך, זאָל געלערנט ווערן, כוץ ייִדישקייט און לאָשן־קוידעש, אויך דאָס לאָשן פון־געם לאַנד און וועלטלעכע זאכן. אין דער צווייטער שול, וויל איך, זאָל געלערנט ווערן טוירע און מעלאָכע אינאיינעם, די לערנייִנגלעך זאָלן דערצויגן ווערן אזוי, אז זיי זאָלן ניט וויסן פון קיין כאַרפּעס, באַליידיקונגען און דערנידערונגען און זאָלן ארויסגיין פון דאָרט גוטע געלערנטע באַלמעלאָכעס, וואָס וועלן וויסן אַליין זייער אייגענע ווערט און דערמיט טאַקע צווינגען אנדערע זיי צו שעצן, וויסן זייער ווערט.

דאָס אַלצדינג אָבער פּאָדערט גוטע פירער, וואָס אונטער זייער אויפזיכט זאָלן די אַלע זאכן אַפּ דעם בעסטן אויפן דערפילט ווערן, און אזעלכע פירער, ווינטש איך, זאָלן זײַן איר, רעבע, און דער הער גוטמאַן. מיט אײַך ביידע ווערט אין די נײַגע־מאכטע שולן זיך פאַרייניקן טוירע מיט כאָכמע: איר, רעבע, וועט קוקן אַפּ די ייִדישע לימודים, זיי זאָלן געלערנט ווערן גוט, געהעריק, און גוטמאַן, פון זײַן זײַט, זאָל האָבן אַן אויג אַפּ די איבעריקע אינייאָנים און האַסקאָלע־זאַכן. ווי איך קען זייער גוט אײַך ביידן, פאַרהאָפ איך, אז איר וועט ביידע איינער פונעם אנדערן צו־פרידן זײַן.

דאָס אָבער, וואָס דורך מיר וועט געטאָן ווערן פאר אָרעמע קינדער דאָ, אין מײַן שטאָט, איז נאָך ניט גענוג. איין שוועלבעלע קען קיין זומער ניט מאכן. מע באַדאַרף באַוועגן דערצו אנדערע, זיי זאָלן אויך אזוינס טון אין די אַלע ייִדישע מעקוימעס דאָרט. דעריבער פאַרלאַנג איך, אז מײַן ווידע מיט דער דאָזיקער צוואָע מײַנער זאָלן אָפּגעדרוקט ווערן, זיי זאָלן קלינגען אין די אויערן פון נעגידים, אור־מעטום צווישן דעם ייִדישן אוילעם.

ביז מײַן ווידע וועט אָנקומען אנדערע צו די אויערן, זאָלט איר דערווײַל, רעבע, פאר דער קווורע מײַנער, עס פאַרלייענען די אַלע אנדערע אונדזערע גווירים. גיש־קאָשע, זאָלן זיי וויסן...

אַפּ מעסאַדער צו זײַן *) מײַנע דאָזיקע פאַפירן ווי געהעריק, אויסצובעסערן די גראָבע גרײַזן מײַנע דאָרטן, צוצוגעבן אַביסל פעפער, אַביסל געווירצ, עס זאָל א טאַם האָבן, אָפּצודרוקן זיי אין באַזונדערע ביכלעך און צו פאַרברייטן זיי דער־נאָך אין דער וועלט—דערויף איז דאָך איינער בעריע טאַקע רעב מענדעלע מויכער־ספאָרים. איך געדענק אים נאָך פון צוואַטשיץ, בעשאַס ער איז נאָך געווען א יונגערמאַן א באַלעבעסל. אים זאָלט איר עס איבערגעבן און ער וועט, אזוי פאַרהאָפ איך, דערפילן מײַן ווונטש ווי צום בעסטן. עס פאַרשטייט זיך, אז ער באַדאַרף פאַר זײַן טירכע זייער שיין באַלוינט ווערן.

*) מאכן א סיידער, אַן אָרדענונג.

# XIX

אַז דער ראָוו האָט געלייענט אײנגאַנצנ און אױבערגעלייגט די פּאַפּירנ, איז צוויִשנ דעמ אוילעמ איינ שטיבל געוואָרנ אַ קאָכעניש. די נעגידימ זײַנעג געווענ שטאַרק איינ קאַס. אַ טייל האָבנ געביסנ פונ פאַרדראָס די ליפּנ און האָבנ געשוויגנ, אַ טייל האָבנ געזשושעט ווי די פליגנ און אַ טייל האָבנ געזיפצט, געאָכצט, געקרעכצט.

— ניינ, ניינ! האָבנ עטלעכע נעגידימ געשריגנ שטאַרק אופגעבראַכט,—אַזעלכעס איז נאָך גיט דערהערט געוואָרנ... סטײַטש, מע זאָל נעמענ מענטשנ און זאָגנ זיי אינ די אויגנ אַרײַנ אַזעלכע מינע זאַכענישנ!... סטײַטש, סטײַטש, וואָס הייסט? מאַכנ פונ מענטשנ, פונ אונדז אַלע מאַכנ, כ'ווייס וואָס... ווער האָט אימ געבעטנ אַזוינס צו זאָגנ? אַפ דיר אַליינ זאָג, שרײַב, אָבער וואָס געהער דיר אָנ יענער? וואָס איז דײַנ אייסעק זיך אַרײַנמישנ צו יענעמ?

— נו, רעב מענדעלע—מאַכט דער ראָוו צו מיר, נאָכדעמ אַז די נעגידימ זײַנעג אוועקגעגאַנגענ—זאָגט מיר, איך בעט אײַך, ווער איז עס בא אײַך אינ צוואַטשיצ דער הער גוטמאַנ?

— פונ צוואַטשיצ, רעבע, בינ איך שוינ לאַנג אַרויס. באַלד ווי איך בינ געוואָרנ אַ מויכער־ספאָרימ, בינ איך מיט דעמ הויזגעזינד מײַנעמ אַרויס פונ דאָרט קיינ קאַפּצאַנסק און איך בינ הײַנט אַ קאַפּצאַנסקער ייִד!

— אָבער גוטמאַנענ קענט איר, רעב מענדעלע?

— יאָ, רעבע, איך געדענק אימ זייער גוט—אַ דײַטש מיט אַ געפּוצט בערדל. אָבער זייער אַ גוטער ערלעכער מאַנ.

— בעט איך אײַך טאַקע, רעב מענדעלע, איר זאָלט מויכל זײַנ פאָרנ קיינ צוואַטשיצ טאַקע מאָרגנ, אָפּגעבנ דעמ הער גוטמאַנענ מײַנ בריוו און זענ מאַכנ ווי איר קאָנט, אַז ער זאָל לעמאַנעשעמ גיך קומענ אַהער, קעדיי מיר זאָלנ קענענ באַלד טאַקע מעקײַעמ זײַנ די צאַוואָע פונעמ מעס. און ווײַטער בעט איך אײַך, ליבהאַרציקער רעב מענדעלע, איר זאָלט נעמענ אַפ אײַך אָפּצודרוקנ די אַלע דאָזיקע פּאַפּירנ אינ אַסאַך ביכלעך, און אויסברענגענ זיי פאַר אַ וואָלוועלער פרײַז, קעדיי דער אוילעמ זאָל זיי מערער קויפנ...

* *
*

צוריק קומענדיק צומ בעסמעדרעש, האָב איך געטראָפנ מײַנ פערדל אינ זייער אַ שלעכטער לאַגע נעבעך. קונדייסימ, ווײַסע כעוורע האָבנ אימ אויסגעריסנ קימאַט אַלע סטרונעס, איבערלאָזנדיק אימ אַנקעגנ אַ פּערציק האָר אינעמ ווײדל. עסנ האָט עס געהאַט מאַקעס. ער איז געשטאַנענ ערנסט, אַראָפּגעהאַנגענ די אונטערשטע ליפּ, געקוקט אינ בײַדל אַפ די ספאָרימ און געטראַכט. וואָס אַ פערד טראַכט קוקנדיק אַפ ספאָרימ—דאָס איז נישט פאַר אונדזער מויעך צו פאַרשטיינ. איך ווייס ניט מער, מײַנ שלימאַזלניק קוקט און טראַכט, לאָז זיך זײַנ כאָטש פערדיש, אָבער אַלץ אַ קוק איז עס דאָך פאָרט. נישט דאָס בינ איך אויסנ.—נו, כאָכעמ מײַנער,—רופ איך מיך אָנ, אָנעמענדיק אימ, דעמ שלימאַזלניק מײַנעמ, בא דער פייע, די טשאָפּרינע הייסט עס,—דיר קומט הײַנט אַסאַך האָבער. דו האָסט טאַקע געטאָנ אַ גרויסע כאָכמע, וואָס דו האָסט מיך געפירט קיינ גלופּסק. מיט דײַנ כאָכמע האָסטו געבראַכט נוצנ אי מיר, אי דער ליטעראַטור. דו ווייסט, פערד, וואָס אַזוינס דו האָסט געטאָנ, וואָס

פאר אַ שיינ ווערק מיר איז אצינד באשערט דער וועלט ארויסצוגעבנ. נאָר צוליב דיר טאקע, צוליב דײַנ מויעכ, פערדל דו, כאַכעמ מײַנער. איכ לאָז אָפּ די לייצעס אונ לייג פאר דיר אוועק די בײַטש.

אפ מאָרגנ ...ב איכ מיכ גרייט, געמאכט מיט אלע נייטיקע זאכנ אונ מיכ געדירט אינ וועג ארײַנ.

אינ צוואטשיצ קומענדיק, האָב איכ מיכ דערוווּסט, אז גוטמאנ איז ארויסגעפאָרנ פונ דאָרט, ניט צו וויסנ, ווו ערגעצ ער געפינט זיכ הײַנט. איכ האָב מיכ גענומענ צו מײַנס אונ געײַלט גיכער אָפּצודרוקנ דעמדאָזיקנ בוכ, ניט געשפּאָרט מי, ער זאָל ארויסקומענ, ווי מע זאָגט, קײַלעכיק אונ שפּיצעכיק.

---

# ייִצכאָק־יויעל לינעצקי

**1839—1915**

---

## אײניקע ביִאָגראַפישע יעדיִעס



ייִצכאָק־יויעל לינעצקי איז געבוירנ געוואָרנ אינ 1839 יאָר אינ ווינניצע. זײַנ פאָטער איז געוועזנ א ראָוו אונ א נאָענטער מענטש באַם כסידישנ רעבנ. ער האָט דעמ זונ זײַנעמ געגעבנ א שטרענג־רעליגיעזע, אומגעלומפּערט־פאַנאַטישע דערציִונג. זײַענדיק נאָכ זייער יונג, באַקענט זיכ לינעצקי מיט די שטעטלשע מאַסקילימ אונ הייבט אָנ באַהאַלטענערהייט זיכ פאַרנעמענ מיט וועלטלעכע וויסנשאַפטנ. זײַנ פאָטער דערוויסט זיכ וועגנ דעמ אונ קעדיי ניט דערלאָזנ, אַז זײַנ זונ זאָל „פאַרפירט ווערנ", צווינגט ער אימ, א פערצניאָריק ייִנגל, כאַסענע צו האָבנ מיט א צוועלפיאָריק מיידל. לינעצקי רעדט איבער זײַנ פרוי אונ זי הייבט אָנ זיכ האַלטנ באַ דערזעלבער מיינונג, וואָס ער. דעמאָלט צווינגט אימ זײַנ פאָטער זיכ געטנ מיט איר אונ מאַכט אימ מיט געוואַלד ווידעראַמאָל כאַסענע פאַר א טויבער האַלב־אידיִאָטישער פרוי. דידאָזיקע גוואַלדטאַטנ ווירקנ מיט דערצו, אַז לינעצקי זאָל ווערנ א פאַרביטערטער קעמפער קעגנ כסידימ. זײַנע סאָנימ, די כסידימ, פאַרפאָלגנ אימ, ווי ווײַט נאָר זיי קאָנענ, זיי פרווונ זיכ אַפילע איינמאָל אינ א פינצטערער נאַכט אימ צו דערטרינקענ. דורכ א צופאַל ראַטעוועט זיכ דעמלט לינעצקי פונ זייערע הענט.

אינ 1859 אַנטלויפט ער קיינ אָדעס, ווו ער פאַרנעמט זיכ מיט דערלערנענ רוסיש, דײַטש אונ אַנדערע וויסנשאַפטנ.

זײַנ בעסט ווערק „דאָס פוילישע ייִנגל" האָט לינעצקי פאַרעפנטלעכט אינ 1867. אינעמ דאָזיקנ ווערק לאַכט דער שרײַבער גאַליק אויס די רעשטנ פעאָדאַליזמ אינעמ ייִדישנ לעבנשטייגער, די קלעריקאַלע דערציִונג. ער טרעט שאַרפ אַרויס קעגנ דעמ פאַראַזיטיזמ פונעמ כסידישנ רעבנ אונ זײַנע פאַרערער, די כסידימ.

לינעצקי דריקט אויס אינ זײַנ שאַפנ די אידעאָלאָגיע פונ יענע שיכטנ אינ ייִדישנ קליינבירגערטומ, וואָס זײַנענ צו יענער צײַט (פופציקער־זעכציקער יאָרנ פונ פאָריקנ יאָרהונדערט), מיטגעגאַנגענ אײנייגעמ מיט די פּראָגרעסיווע עלעמענטנ פונ דער בורזשואַזיע אינ קאַמפ קעגנ די רעשטנ פונ פעאָדאַליזמ אינעמ ייִדישנ לעבנשטייגער, אינ קאַמפ פאַר פאַרוועלטלעכנ אונ אייראָפּייִזירנ דעמדאָזיקנ שטייגער.

לינעצקי איז געשטאָרבנ אינ יאָר 1915.

# דאָס פוילישע ייִנגל

(פראגמענטנ)

(1867)

ווי איכ בינ נאָר אלט געוואָרנ פיר יאָר, האָט מיכ דער טאטע גענומענ אינ די הענט אריַינ אונ האָט מיכ אָנגעהויבנ געוויינענ צו מיצוועס אונ מיַיסים־טויווים *)...

נאָר טאָמער וועט איר עפשער מיינענ, אז ער האָט מיכ געלערנט אזעלכע פוסטע מידעס, ווי די דיַיטשוֹנעס **) לערנענ זייערע קליינע קינדער, לעמאָשל, קושנ עלטערנ די הענט, אופשטייענדיק אונ לייגנדיק זיכ, דאנקענ פאָטער אונ מוטער פאר יעדנ עסנ אונ טרינקענ, אונ נאָכ אזעלכע זאכנ? האָט איר א מ׳עסנ טאָעס! פע, אזעלכע מיצוועס הייסנ בא ערלעכע יידנ אינ פוילנ אווייערעס, אונ מע לאכט זיכ אויס אפ זיי דאָס גרעסטע געלעכטער. אדעראבע, פונקט פארקערט, אינ אזעלכע זאכנ פלעגט מיכ דער טאטע טאָמעד לערנענ דעמ הייפעכ: ער פלעג מיר טאָמעד הייסנ שטעלנ דער מאמע א פיַיג, אונ די מאמע פלעגט מיר טאָמעד וויַיזנ, איכ זאָל ריַיסנ דעמ טאטנ בא די פאָלעס. ער האָט מיכ געלערנט, ניט צובינדנ דעמ קאָלנער צומ העמדל; צו האלטנ די גאנצע נאכט די יארמעלקע מיט ביידע הענט, זי זאָל כאָלילע ניט אראָפ־פאלנ אינ שלאָפ פונ קאָפ; פייסעכ זאָל איכ מיט אימ אויסזיצנ באמ סיידער ביז די האָנענ קרייענ; יאָמקיפער זאָל איכ ביז צוועלפ אזייגער גאָרניט נעמענ אינ מויל, אונ א גאנצנ טאָג ארומלויפנ אינ די זאָקנ; סוקעס שלאָפנ אינ סוקע אפילע אינ דער גרעסטער קעלט; זיכ ניט קעמענ די פייעס, נאָר פונ פריַיטיק צו פריַיטיק; אלע ערעוו שאבעס גיינ מיט אימ אינ באָד אריַינ אונ אָפגאָלנ דאָס קעפל ביז אינ דער הויט אריַינ אונ נאָכ אזעלכע מיצוועס... נישט מער, וואָס מיט די אלע מיצוועס איז געווענ — רייד איכ שוינ ניט, נאָר דאָס מערכעצ ***) אלע פריַיטיק,—דאָס איז מיר דערגאנגענ מיַינע יאָרלעכ, אונ וויַיל איכ וועל לעבנ, קאָנ איכ דאָס ניט פארגעסנ, אונ ווענ איכ דערמאָנ זיכ אינ דעמ, גייט מיר איבער א גרויל איבערנ ליַיב. שטעלט איַיכ פאָר דאָס פינצטערע, ברענענדיקע יידישע מערכעצ אינ פוילנ ווי עס קער צו זיַינ, אונ דאָרט פלעגט מיכ דער טאטע אלע פריַיטיק ארופטאסקענ אפ דער אויבערשטער באנק אונ קאטעווענ מיטנ בערעזעווע בעזעמל א פערטל שאָ קעסיידער פאר דער מיקווע ****) אונ א מינוט צענ נאָכ דער מיקווע... אונ דאָס איז נאָכ א שפילכל געווענ אקעגנ דער קאָמעדיע אליינ, איכ מיינ די קאָשערע מיקווע, זאָל לעבנ. יענצ האָט מיר ווי געטאָנ אונ דאָס האָט מיר טויט־שרעקנ געמאכט... אונ איר ווייסט עס גאנצ

*) מיַיסים־טויווים—גוטע טאטנ.

**) אזוי האָבנ די פאנאטיקער גערופנ די, וואָס האָבנ געבראָכנ די פרומע טראדיציע אונ האָבנ אָנגעהויבנ צופאסנ זייער לעבנ־שטייגער צומ אייראָפּייִשנ שניט.

***) באָד.

****) א באסיינ מיט וואסער, אינ וועלכנ רעליגיעזע יידנ פלעגנ זיכ אונטערטוקנ. אינ מיקווע איז בעווייַנטלעכ געווענ זייער שמוציק, אָבער גיינ אהינ האָט זיכ גערעכנט פאר א מיצווע.

גוט, אז א קינד איז .לײַכטער איבערצוטראָגנ צענ ווייטעקנ, איידער איינ שרעק. שטעלט אײַכ פאָר א דרײַיאָריק יִנגל, וואָס ווייסט נאָר אומלויפנ גאנצע טעג אפ דעמ שיינעמ, שפּילנדיקנ, ליכטיקנ דרויסנ. כאפּט ער מיכ פלוצימ באמ הענטל אונ פירט מיכ אפ דרײַסיק, פערציק שמאָלע, קרומע, צעבראָכענע, גליטשיקע טרעפ, אראָפּ, אראָפּ אינ א פינצטערנ, קאלטנ, טיפנ גרוב, ווו אפ דעמ גאנצנ וועג שטופנ זיכ הינ אונ צוריק נאקעטע, גליטשיקע מענטשנ, ייִדנ, — איר פארשטייט? ייִדנ! ניט מײַנ גלײַכנ — ייִנגלעכ... וואָס מיט יעדנ גליטשיקנ ריר זייערנ אינ מײַנ לײַב, כאפּט מיכ א גרויל, וואָס איכ קענ גאָר דעמ טאמ ניט איבערגעבנ... אונ דערצו הערט זיכ נאָכ אלע רעגע א מינ פארבאָרגענער ווײַטער, טויבער פּליוסק אינ וואסער אונ א פארדומפּט קאָל, ווי עפּעס א שרעקלעכ ווידערקאָל אינ א פינצטערנ געדיכטנ ווילדנ וואלד.

אונ אָט אינ די אלע גרוילעכע, שוידערנדיקע שרעקנ כאפּט ער מיכ פלוצלינג פאר די הענטלעכ, ווי א רועכ א מעלאמעד, אונ טוט מיכ אַ פוצ מיטנ קאָפּ אינ וואסער ארײַנ אזוי, אז ארויסנעמענדיק מיכ, ווייס איכ לאכלוטנ גאָרניט, וואָס מיט מיר טוט זיכ, נאָר איכ פלאטער, ווי א פארסאמטע מויז, איכ טרעפּעשטשע מיט הענט אונ פיס. איר האָט, ליבער לעזער, א באגריפּ אינ מײַנע טויט־שרעק?... „יאָ!" א ליגנ, ווי איכ בינ א ייִד! וויפל איר שטעלט אײַכ פאָר, איז נאָכ, כלעבנ, קיינ טויזנטכיילעק ניט דערפונ, וואָס איכ האָב איבערגעפילט אינ דער מינוט!.. כוצ דעמ איפּעשדיקנ רייעכ, מיטנ טערפּקע ביטערלעכנ טאמ פונ מיקווע־וואסער, אָדער בעסער געזאָגט, פונ דער „פּאָמוינער יאמע"... אינ עמעס בינ איכ טאקע פונ מערכעצנ אונ מיקוועס אזוי רייג אונ זויבער געווענ, אז איכ קענ מיכ נאָכ אדײַעמ ניט אָפּוואשנ מיט די בעסטע זייפנ אונ מיט די לויטערסטע פרישע וואסערנ... איכ האָב אײַכ נאָכ אסאכ אזעלכע מיצוועס צו באשרײַבנ, נאָר איכ ווייס דאָכ, אז איר וועט זיכ נאָכ מאכנ דערפונ א פּאָטיעכע, אונ באמ טאטנ איז דאָס געווענ דער גאנצער יעסאָד פונ ייִדישקײַט!...

אזוי האָב איכ מיכ אָפּגעמוטשעט נאָכ א יאָר אינדערהיימ, ביז איכ האָב דערהערט פלוצימ א שמועס, ווי דער טאטע זאָגט אזוי צו דער מאמענ:

— דו זעסט דאָכ, וויטיע, אז איכ בינ שטענדיק פארטראָגנ אינ דײַגעס־פארנאָסע, טאָ נעמ דו אונ גיב אימ אָפּ אינ כיידער ארײַנ, כלעבנ, מיילע א געמאָרע־מעלאמעד איז עפּעס אנדערש, אָבער נאָכ מיט א דארדעקע־מעלאמעד *) זאָל איכ האָבנ צו טונ, הא? פארשטייסט דאָכ אליינ, אז דאָס איז נישט פאר מיר.

— ביסט טאקע זייער גערעכט, כלעבנ, — זאָגט די מאמע, — איכ וועל אוואדע ניט זשאלעווענ מײַנ טרוד, — נאָר זאָג־זשע דו מיר — יאָסע, צו וועמענ זאָל איכ אימ אָפּגעבנ? האָסט דאָכ דאָ מער ניט, ווי צוויי דארדעקע־מעלאמדימ: נאכמענ טראסק אונ נעכעמיע מיצל, צו וועמענ־זשע איז נאָכ דײַנ סייכל נאָכ גלײַכער?

— איכ ווייס?... — זאָגט דער טאטע — מיטנ דערעכ־האטעווע **) איז לײַכער צו נאכמענ טראסק.

— ער איז דאָכ אָבער א ווילדער קאט אפ קינדער אונ כוצ דעמ האָט מיר וויכנע אנומלטנ דערציילט, אז זי ווייסט פונ אסאכ לײַטישע ייִדנ, אז נעכעמיע קאָנ אסאכ בעסער לערנענ פונ נאכמענענ!

*) א מעלאמעד, וואָס פלעג לערנענ דאָס קינד נאָר לייענענ.

**) נאטירלעכ.

— מיילע, אלץ איז רעכט, — זאָגט דער כאטע, — נעכעמיע איז דאָך אָבער ניט מײַן רעבנס כאָסיד!..

— נו, — זאָגט די מאמע מיט א ראכמאָנעסדיק פּאָנעם, — וואָס קענסטו פאָדערן פון אן אישע*)!? אוואדע פארשטייסטו אין נאָגל מער, ווי איך אין קאָפּ, טאָ טור־זשע, ווי דו פארשטייסט...

פון אזא זיסן שמועס האָב איך זיך שוין געקאָנט שטויסן, וואָס כיידער באטײַט, און אז אין כיידער וועט נאָך עפּשער ערגער זײַן, ווי אינדערהיים, און אזוי איז טאקע געווען.

אז די מאמע האָט מיך דאָס ערשטע מאָל ארײַנגעפירט צו נאכמען טראסק אין כיידער ארײַן, איז מיר פינצטער און וויסט געוואָרן אין מײַנע אויגן: אין שטוב — א בלאָטע איבערן גארטל; בא דער טיר א דייזשקע וואסער און לעבן איר א פאר־שימלטע פאָמינעצע מיט א ווערך. די קליינע פירדאָפלטיקע פענצטערלעך זײַנען פאריאָגט געוואָרן פון פראָסט עפּשער אפ א פינגער די גרעב, און דער פראָסטיקער מאָך אפ זיי איז צערונצלט געוואָרן מיט קאָטשערעס, מיט לאָפּעטעס און נאָך פאר־שיידענע קרומע און צוקנדיקע רינגעלעך מיט פּאסעקלעך — וועלכע טיפער און שמאָלער ארײַנגעגראָבן און וועלכע ברייטער און נאָר אויבנופּ צעקריצט; וועלכע זײַנען נאָך פריש און העלבלעך געווען און וועלכע שוין עלטער און פאריאָגטער; זעלטן איז צו באמערקן געווען נאָך גאָר א פריש רעדעלע ביז אין גלאָז ארײַן, וואָס א ייִנגל האָט, אפּאָנעם, נאָרוואָס געמאכט מיט א קאָפּיקע. און פון אלע פענצ־טערלעך איז געראָנען אפ די ווענט ביז אין דער ערד אראָפּ. דרײַ קליינע קינדער־לעך מיט פארשפיליעטע העמדעלעך אונטער די אָרעמלעך האָבן זיך געראָיעט אין דער בלאָטע.

א לאנגער שמאָלער טיש, מיט שטריקעלעך איבערגעבונדן און איבגעקניפּט, מיט אן אויסגעפלעקטער, אויסגעברענטער און צעקארדאשעטער דעק, ארום וועלכן אפ געמאכטע בענק פון א שמאָלער סוקעוואטער ברעט, אפ צוויי האלבע קלעצלעך, זײַנען געזעסן פארשיידנווקסיקע ייִנגלעך, איינס אינעס אנדערע אײַנגע־וואקסן, און אלע מיט די פּלייצעס אײַנגעקלעפּט אין דער נאסער פראָסטיקער וואנט. און קימאט אפ יעדע צען ייִנגלעך איז געלעגן איין סידער**) און דער איינער איז שוין אויך דרײַ מאָל אזוי גראָב און געשוואָלן, ווי פונעם דרוק ארויס.

אפן עק טיש איז געשטאנען אן אלטער גרויסער קאָשעק מיט טעפּלעך, לעבן וועלכן עס איז געשטאנען א גרויסער ראבער קאָטער און האָט געלעקט, קלאפּנדיק מיטן ווײדל איבער א טאלמידס קעפּל. אין א ווינקל צום אויבנאָן איז געווען א שמאָל טירל, דורך וועלכן עס האָט זיך געזען אין שטוב ארײַן די רעבעצן, בייגנדיק און שטערנדיק מיט א קאָטשערע אהין, אפּאָנעם, אין אויוון ארײַן. און בא יעדן עפן די פאָדערשטע טיר, האָט זי ארויסגעשטעקט דעם קאָפּ אין א פאר־שמאלצעוועטער קעפּקע מיט א גליטשיק, פארשווייסיקט פּאָנעם.

דער רעבע איז געזעסן אויבנאָן בא דער הרובע, אָן א קאפּאָטע. א צעשפאלטע־נע פארסאליעטע יארמעלקע, אין פארעלטערטע קנייטשן און אזוי אײַנגעשרומפּן, אז זי איז שוין מער ענלעך געווען אפ א פּאָקרישקע, ווי אפ א יארמעלקע, איז געלעגן פארוקט אפ זײַן פליכעוואטן געגאָלטן קאָפּ.

---

*) פרוי.

**) א ביכל אפ דאווענען.

אין איין האַנט האָט ער געהאַלטן אַ גראָבן קאַנטשיק און מיט דער אַנדערער האָט ער זיך, דורכן צעבראָסטעט־קיטיקן העמד, געקראַצט אינעם וואַלד געקרייזלטע האָר אויף זיין ברוסט.

אַרייַנקומענדיק אין שטוב, האָבן מיר געטראָפֿן די קאַרטינע, ווי דער רעבע מיטן באַהעלפֿער האָבן געקנאַקט מיט די קאַנטשיקעס, די כיידער־ייִנגלעך האָבן געגאַנגען ווי אַ סטאַדע גענדז, די קינדערלעך זיינען איבערגעריסן געוואָרן פֿון געוויין און אינמיטן דערינען איז די רעבעצן איבערגעלאָפֿן די שטוב, ווי אַ וויכער, האַלטנדיק אַ האָלעוועשקע אין דער האַנט, און פּוץ אין פּאָמינעצע אַרייַן! דאָ איז דאָס געוואָרן אַ פּאַרע מיט אַ זשוזשעריי איבער דער גאַנצער שטוב, ווי מע גיסט אויף אַ קעסל אין באָד!..

די מאַמע האָט גערעדט אַ פּאָר ווערטער מיטן „פּראָפֿעסער“ און איז אַוועקגעגאַנגען, און איך בין אַליין געבליבן אין דעם נייַעם „אינסטיטוט“.

די מאַמע איז נאָר וואָס אַרויס פֿון דער שטוב, איז דער רעבע אַרויסגעגאַנגען פֿון הינטערן טיש גלייַך צו מיר מיט די ווערטער:

— דו זעסט אָט דעם קאַנטשיק? דערמיט שמייַסט מען אַ ייִנגעלע, וואָס וויל ניט לערנען...

און דערביי האָט ער שוין דערלאַנגט אַ ייִנגל מיטן קאַנטשיק איבערן קאָפּ, קעדיי מיר צו ווייַזן, וואָס „קאַנטשיק“ באַטייַט!.. מיט די רייד האָט ער מיך אַ שלעפּ געטאָן צום טיש, האָט געעפֿנט דעם געוויסן געשוואָלענעם סידער און האָט מיך אַ פֿרעג געטאָן:

— קענסטו עפּעס לערנען?

— נ־נ־נ־י־י־ן — האָב איך אין איין פּלאַטערניש געענטפֿערט און האָב זיך צעוויינט.

— ציט! — האָט ער אַ געשריי געטאָן — וואָס האָסטו זיך אַזוי צעיאַכמערט? — און דערביי האָט ער מיך געטאָן אַ קניפּ אין בעקל, אַזש עס האָט מיר אָנגעכאַפּט באַם האַרצן... און איך האָב מיך נאָך מער צעוויינט. אָט דאָ האָט ער מיך אַנידערגעזעצט באַ זיך אויף דער קני, און האָט מיר אָנגעהויבן ווייַזן מיטן טייַטל: אַן אַלעף, *) אַ בייז *). נאָר באַ דער בייז האָב איך פֿאַרגעסן די אַלעף, און באַ דער אַלעף — די בייז. ער האָט אַ קוק געטאָן, ס'איז שלעכט, האָט ער מיר אָנגעהויבן אייַנריידן, אַז קאַם איך וועל באַגערן לערנען, וועט מיר דער מאַלעך וואַרפֿן אַ גראָשן פֿון דער סטעליע... דערהערנדיק אַזאַ גדולע, האָב איך שוין גאָר אייַנגאַנצן פֿאַרגעסן דעם סידער און האָב פֿאַריסן דעם קאָפּ צו דער סטעליע... אָט דאָ האָט ער מיך אָנגעהויבן סטראַשען מיט אַלערליי שרעקענישן, אַז איך וועל ניט באַגערן לערנען, וועט מען מיך אויף יענער וועלט שמייַסן מיט אייַזערדיקע קאָקעריזעס **), שיידים וועלן מיך פֿאַרקויפֿן צו די ציגייַנערס; באַנאַכט וועלן זיך מיר כאָלעמען מייסים אין נאָך אַזעלכע שרעקלעכע סטראַשידלעס, פֿון וועלכע עס איז אין מיר פֿאַרקילט געוואָרן דער מאַמעס מילך. עס האָט זיך מיר שוין אויסגעוויזן: די אַלעף איז אַ שעד, און די בייז אַן אייַזערדיקע קאָקעריזע. ביז איך האָב מיטאַמאָל אויסגעפּלאַצט אין אַ יאָמערלעכן געוויין, און מ'האָט מיך געמוזט אָפּפֿירן אַהיים. נאָר די גאַנצע נאַכט האָט זיך מיר שוין אַלץ פֿאָרגעשטעלט, אַז רוכעס און מייסים מיט אייַזערדיקע קאָקעריזעס אין די הענט גלאַנצן אויף מיר די אויגן און שרייַען אויף קוילע־קוילעס:

*) נעמען פֿון אותיות אינעם העברעיִשן אַלעפֿבייז.

**) קוקורוזע.

„זאָג אַלעפּ! זאָג בייז!" און בין א כוידעש געלעגן אין א גזאַריאַטשקע צווישן לעבן און טויט... איך ווייס שוין פּאָרויס, אז ווען א פּוילישער ייִד, צי א ייִדענע וועט לייענען די ווערטער, וועלן זיי צושמייכלען אין זיך, מיינענדיק, אז איך דערצייל עס נאָר פאר א פּאַטיעכע, און מיין גאָרניט זיי... אין עמעסן ווייס איך, אז אזויווי איך האָב מיך דעמלט דערשראָקן פאר די רוכעס, מייסים און איינזער־ייִקע קאָקעריזעס, אזוי האָבן אלע פּוילישע ייִדעלעך נאָך אדײַעם שרעקלעך מוירע פאר שיידים, לייצים און מייסים, אז דער רועך נעמט זיי אוש צו, און זיי באַרעכענען עס גאָרניט, אז דאָס האָבן זיי ביערושע פונעם זיסן כיידער, און האָבן קיין ראַכמאָנעס ניט אף זייערע קליינע קינדער, זיי זאָלן זיי שוין דערציִען אף א בעסערן אופן, און זיי זאָלן שוין פארשפּאָרן פארברענגען זייער לעבן אין אנגסטן און אין שרעק.

אין א קורצער צײַט בין איך ווי געוווינט געוואָרן מיטן כיידער. איך האָב זיך שוין פון די ייִנגלעך אָנגעהערט אסאך מײַסעס פון מייסים, פון מאלאָכים און שדעטעלעך*). איין ייִנגל האָט מיר דערציילט, אז זײַן טאטע גייט אלע פארנאכט אפּן הימל ארופ און לערנט דאָרט טוירע מיט די מאלאָכים, נאָר אז ער כאפּט זיך אופּ, פארגעסט ער ביז איינס אָס... איינער האָט נאָך דערציילט; אז זײַן טאטע דערקענט די מייסים, וואָס גייען ארום אפן אוילעמ־האַטויע**) און זיי ברענגען אים געלט, ער זאָל זיי ניט אויסגעבן.. און אזעלכע מײַסעס, פון וועלכע עס שטעלן זיך די האָר קאפּויר, און זײַנען דאָך זייערע ציקאווע צו הערן...

אין כיידער איז מיר צוגעקומען גאָר שפּאָגל נײַע מײַסעס מיט ווילדע טנועס און האווײַעס, אשטייגער: שעלטן זיך אין טאטנס־טאטן, אין מאמעס־מאמען ארײַן, און וואָס מער מאָל „טאטנס", „מאמענס" — איז אלץ בעסער; אן אלטן בעטלער, אָדער א בעטלערן זאָל מען נאָכוואַרפן שטיינער; מאכן פון דער צונג א פלוים, פון דער ליפּ — א ווײַנשל, און פון די פינגער א געפלאָכטענעם קוילעטש... הײַנט בין איך געוואָר־געוואָרן פון קישעפמאכערס, פון לייצים, שיידים און מאזיקים, פון דעם מאלעכאמאָוועס אויגן מיטן פלעשל סאם, און נאָך אזעלכע זאכן. דערצו האָב איך זיך אויסגעלערנט זייערע טײַערע שפּרוכן צו די ניטגוטע***)... איינעם פון זיי געדענק איך נאָך אדײַעם, הײַנע: אז מע דערזעט א ניטגוטן, זאָל מען באַלד צולייגן דעם גראָבן פינגער צו מינדסטן פינגער און מ'זאָל זאָגן: „אָרינע, באָרינע, דעמבענע, קאָרענע, ווייצענע קלײַען, גלײַך אפן בייסכאיִמ" און באַלד א געשריי טון: שמא ייִסראָעל, און דרײַ מאָל אויסוווישן דאָס רעכטע אויג מיט דער לינקער פּייע, און בא איטלעכן וויש זאָל מען אויסשפּײַען, מיט די ווערטער: „גיי אין דײַן רו ארײַן. טפו! פּריטש מיר!" און אנטלויפן אפ אלע פיר...

איינמאָל, געדענק איך, האָט דער באהעלפער אונדז געזאָגט, אז מיר וועלן אים אוועקגעבן די קנעפּלעך פון די פּלידערן, וועט ער אונדז ווײַזן א שרעטעלע. מיר האָבן באַלד מיט די ציינ אָפּגעריסן אלע קנעפּלעך און אים אוועקגעגעבן, און פּלודצים דערזעען מיר עפּעס א מין כײַעלע דורכלויפן אין א יאַרמעלקע מיט א לײַב־צודעקל, און דער באהעלפער האָט א געשריי געטאָן: „שרעטעלע! — שרעטעלע!" און א פּאטש מיט די הענט — איז דאָס פארשווונדן געוואָרן... איך זאָג אײַך, מיר האָבן זיך מאמעש מעכײַע געווען, פּאָשעט א שטיק געזונט איז או־דז צוגעקומען!...

---

*) קליינע שיידים.

**) די וועלט פון כאָאָס.

***) רוכעס.

נאָר שפּעטער, אַז איך בין געוואָר געוואָרן, אַז דאָס האָט ער אונדז גאָר אָפּגענאַרט מיט אַ פּאַשעטער קאַץ, האָב איך מיר אַ צײַט געשעמט פֿאַר זיך אַליין און עס האָט מיך פֿאַרדראָסן אויף סאַקאַנעס־נעפּאַשעס!—נישט מער, וואָס האָט מיך דאָ צו פֿאַרדריסן: אַ קונץ, אַ קליין ייִנגל אָפּצונאַרן? מע נאַרט אָפּ ייִדן מיט גרויסע בערד, און ניט נאָר עס פֿאַרדריסט זיי ניט, ניט נאָר זיי שעמען זיך ניט—אַדראַבע—זיי קוועלן נאָך אָן דערפֿון און האַלטן זיך עס נאָך פֿאַרן גרעסטן קאָוועד... און צאָלן נאָך דערפֿאַר אין טאָג אַרײַן!.. פֿאַר אַ קערבל רעדט מען זיי אײַן, אַז דער רעבע כאַפּט מאַלאָכים, טרײַבט אַרויס דיבוקים *), גיט שניי און רעגן, קוקט פֿון עק וועלט ביז עק וועלט, ראַנגלט זיך מיטן רעכטן באָכער **) אַליין... כאָטש קיינער הערט ניט און זעט נישט אַפֿילע קיין סימען פֿון די אַלע מינים שווינדלערייען. נאָר וואָס העלפֿט עס אָבער? אַז דער רעבע פֿאַרגלאַנצט פֿאָרט מיט די אויגן און שרײַט אויס: אַוועק, סאָטן, מאַלעכאַמאָוועס, פֿון מײַן שטוב! נו, מוז דאָ דער באָסיד שוין נאָכשטופּן די קאַרעטע... מיילע מיר, ייִנגלעך, האָבן כאָטש געזען אַ קאַץ אין אַ יאַרמעלקע—און זיי—וואָס?

---

דערווײַל בין איך געוואָרן אַ באָכער פֿון עלף יאָר און שאַדכאָנים פֿון אַלע זײַטן שלאָגן מאַמעש אָפּ די טירן באַם טאַטן!—דער קומט מיט אַ שידעך פֿון שטינקעוויטש: אַ מיידל פֿון אַ יאָר נײַן, נאָר אַ בלינדע אויף איין אויג, קיין נאַדן איז ניטאָ אַ גראָשן, „נאָר וואָס דען"—זאָגט דער שאַדכן—„דער מעכוטן האָט ביערושע פֿון גרויסן ר׳גאָדיען זײַנע אַ פּאָר פּאַנטאָפֿל, פֿאַר וועלכע אַלטע כסידים האָבן שוין געוואָלט געבן דרײַסיק רויטע רענדלעך און ער הערט עס ניט אַפֿילע אין דער לינקער פּיאַטע.. אַצינד וויל ער איינע פּאַנטאָפֿל אײַנלייגן נאַדן, און דעם אַנדערן פֿאַרזעצן אויף קליידונג און הויצאָעס כאַסענע, אָבער ביטנײַ, אַז דער כאָסן איז אים מעכוויעוו אויסצולייזן און טאָר זיי ביידע ניט אייביק פֿאַרקויפֿן פֿאַר קיין געלט ניט!—דער טאַטע איז שוין אַפֿילע באַלד מאַסקים געוואָרן, נאָר די מאַמע האָט זיך דאָ שוין אַרויסגעשטעלט פֿאַר אַן אַזעספּאָנעם און האָט געזאָגט, אַז בלויז זאָל דאָ אַפֿילע פֿאַרבאָסן ווערן, וועט קיין שידעך דאָס ניט זײַן.

אַ צווייטער שאַדכן האָט פֿאָרגעשטעלט אַ שידעך פֿון טראָסקעוויצע, אַ מיידל פֿון אַ יאָר 18—19, אַ יעסוימע אָן אַ טאַטן, אַ ווילדע מעיוכעסעס, געלט האָט זי אויך ניט, נאָר אַ גאַרדעראָבע—ביגדע־מאַלכעס! ***) דעהײַנע, זי האָט געיאַרשנט דער קאַלאָטשקעווער רעבעצנס אַ וואַטאָווע לײַבטיקנאַשל אויף העקלעך מיט אַן אַלטיטײַענער קערטקע און אַ ברוסטוך מיט שפּאַניער האָט זי, נאָר ביטנײַ, אַז דער טאַטע זאָל באַצאָלן פֿאַר שנײַדער־געלט פֿאַרן איבערנייען אויף איר מאָס.

דעם טאַטן איז דער שידעך זייער שטאַרק געפֿעלן, נאָר ער האָט פּאַשעט ניט געהאַט צו באַצאָלן דאָס שנײַדער־געלט...

אַמאָל, ווי איך זיץ מיר אַזוי אין אַ קלײַזל און שפּיל אַ ציגן־וואָלף ****) קומט צו לויפֿן מײַן ברודערל פֿאַרסאָפּעט און טראָגט מיט זיך דעם טאַטנס שאַבעסדיקע

*) אַרויסטרײַבן אַ דיבעק—אַרויסטרײַבן פֿון אַ קראַנקן דעם בייזן גײַסט,—דעם רועך, וואָס רופֿט קלוימערשט אַרויס קראַנקײַטן באַם מענטשן.

**) טײַוול.

***) קייסערלעכע קליידער.

****) אַזאַ קינדער־שפּיל.

זשופּיצע. „נאַ" — זאָגט ער מיר — „טו זיך אָן גיכער און קום אַהיים, וואָ־
רום ס'איז געקומען אַ שאַדכן מיט אַ פּרוּווער 'דיך פאַרהערן!"... עס העלפט ניט,
מע מוז גיין! נאָר וויַאַזוי איך האָב מיך אין דער זשופּיצע פאַרשלעפּט אַהיים?...
ווייסט איין גאָט דעם עמעס! איז יעדן שפּאַן האָב איך אין איר אויסגעזען נאָר ווי
די זשאַבע, וואָס שטעקט אַרויס די פּיסלעך פון דער טשערעפּאַכע אַרויס... איך
בין יאַקאָש געקומען אַהיים, און ווי איך בין נאָר אַריַין אין שטוב, מאַכט אַזוי דער
פּרוּווער צום טאַטן: „אָט דאָס איז איַיער יִנגל?"—„יאָ"—זאָגט דער טאַטע. „אַזוי?"—זאָגט
דער פּרוּווער, און אומקערנדיק זיך צו מיר האָט ער מיך שוין אַ פרעג געטאָן:
וואָס־זשע פאַר אַ מעסיכטע *) לערנסטו הייַנט?" קאַם מיט צאָרעס האָב איך זיך
דערמאָנט, וואָס איך האָב נאָך פאַר פיר יאָרן געלערנט אין כיידער, און האָב אין
איין אַנגסטן געענטפערט: „איך לערן מעסיכטע שאַבעס"—„אַנו" זאָגט ער—„וויַיז
נאָר אַהער די געמאָרע" איך בין ווי אַ פריטשמעליעטער אַוועקגעגאַנגען נאָך דער
געמאָרע. און הינטערוויַילעכס האָב איך געהערט, ווי דער שאַדכן בייזערט זיך
אַביסל אַף דעם פּרוּווער, פאַרוואָס ער שלאָגט מיר אַזוי ראַפּטאָם אין קאָפּ אַריַין.
דאָס האָט מיר זייער גוט גענוצט... און ברענגענדיק די געמאָרע, האָב איך אָנגע־
הויבן קוקן אַפן שאַדכן מיט אַ ראַכמאָנעס־פּאָנעם ווי אַ נעבעכל... (איך האָב דע־
מאָלט קיין סייכל ניט געהאַט צו באַרעכענען, אַז דער שאַדכן מיינט ניט אַזוי מיך,
ווי דאָס שאַדכאָנעס־געלט). דער פּרוּווער האָט אָן עפן געטאָן די געמאָרע. דער
שאַדכן האָט אַ קוק געטאָן אַף מיר, אַז איך בין טויט ווי די וואַנט, האָט ער אַ כאַפּ
געטאָן פאַר מיר. „נו, זאָג מייַן קינד „קיראָ שעהיסאָקוהאָ בעקאַש אוביגוווואָ"—
„אַן אויוון וואָס מע האָט אים פריַיטיק אויסגעהייצט מיט שטרוי און מיט שפּענד־
לעך". ווי דער שאַדכן האָט גאָר אַרויסגערעדט עטלעכע ווערטער, האָט אים שוין
דער פּרוּווער אַ כאַפּ געטאָן אַפן באַס מיט אַזאַ קלאָץ־קאַשע, אַז ער איז געבליבן
שטיין, כאָטש מעלק אים אויס...

אָט דאָ האָט זיך עס דער טאַטע אַריַינגעמישט אין דער מיט, און צווישן די
דריַי איז געוואָרן אַ קוויטשעריַי און אַ דינגעריַי, מיט אַ מין טיצן די גרויסע פינ־
גער אין אַלע זייַטן, אַז אין דעם געטומל האָט מען גאָר פאַרגעסן אין מיר... דער־
וויַיל האָב איך אויך עפּעס אַריַינגעוואָרפן אַ וואָרט און בין געבליבן „דאָס ווילע
יִנגל"... און מע האָט געמאַכט אַ וואָרט... נאָדן האָט מען צוגעזאָגט 50 רובל, מאַ־
טאָנעס האָט מען שוין מיר געבראַכט גרייטע, דעהייַנו: דעם אַלטן ר' אייבישעס **)
אַ פוקסן־מיצעלע, וועלכן די גאַנצע וועלט ווייסט, אַז עס איז אַכצן יאָר נאָך ר' אייַ־
בישעס טויט אַליין אַרופגעקראָכן אַפן טיש... (לייצאָנים האָבן אַפילע געזאָגט, אַז
ס'איז אָנגעשלאָגן געווען מיט לעבעדיק כאַיִל, נישט מער, ווער פרעגט די אַפּי־
קאָרסים). כוצדעם האָבן זיי געבראַכט פון מעכוטן אַליין אַ יִכעס־בריוו, אַז ער
איז שוין 52 דוירעס קעסיידער פון לויטער מעקאַבלים ***). אַף דער קאַלע האָט
מען ניט אָנגעהויבן פרעגן. און אַזוי בין איך צום מאַזל אַ כאָסן געוואָרן פון קראָ־
קאָדילעווקע! די כאַסענע האָט מען אָפּגעלייגט אַף צוויי יאָר.

---

*) טייל געמאָרע.

**) כסידישער רעבע.

***) אַ פרומער יִיד, וואָס לעבט פון נעדאָווע.

וואָס זאָגט איר, איז שוין צײַט א 13־יאָריקן באָכער ווי מיך כאסענע צו מאכן? יאָ?... צי ניין!?—איר שווײַגט?.. איר זײַט זיך ערשט מעיאשעוו, אפּאָנעם, וואָס צו ענטפערן?... הערט־זשע אויס, מײַנע ליבע! איך בין אזוי קלוג ווי איר, כלעבן... איך פארשטיי גאנצ גוט, וואָס אײַער שווײַגן באטײַט!.. דאָס הייסט ווי איינער רעדט: „קוקט אים נאָר אָן, דעם לײַטישן פארשוין. ער איז דאָך נאָך פון די קינדערשע שיכעלעך ניט ארויס!״—איאָ... דאָס טראכט איר?.. איז דאָך עס, ערשטנס, מעכילע, א גרויסער ליגן; איר ווייסט דאָך זייער גוט, אז איך גיי שוין א פּאָר יאָר אין טאטנס פּאנטאָפל, הייסט עס, אז איך בין שוין פון די קינדערשע שיכלעך יאָ ארויס... און דאָס, וואָס איך געפעל אײַך ניט פאר א לײַטישן פארשוין,—דאָס ארט מיך שוין גאָר ווייניק וואָס—אבי איך געפעל, באָרעכאשעם, דער קאלע מײַנער! אָט פרעגט זי אומישנע, וועט איר שוין הערן! זי זאָגט: „א קאפּאָרע אלע דײַטשונעס פאר מײַן מינדסטן נאָגל״! א סימען האָט איר, זי האָט אליין געזאָגט דעם זיידן, אז זי האָט זיך פארליבט אין מײַן שאָטן. איאָ, איר לאכט?.. און בא מיר איז דאָס זייער צו גלויבן. איר זאָלט זיך אמאָל פּרווון צוקוקן צו א פּוילישן כניאָקל, בעיס ער גייט אין גאס, ווען די זון שײַנט און א ווינטל בלאָזט אים אנקעגן פּאָנעם, וואָלט איר, כלעבן אָנגעקוועלט קוקנדיק, וויִאזוי ער לייגט זיך אויס אפ זײַן אייגענעם שאָטן! ווי די צוויי לאנגע קרײַזעלעך *), ווי צוויי פלעכטעלעך פליִען אינדערלופטן און דאָס צאפּן־בערדל טאָרטשעט פאָרויס; די פּאָלעס פון קאפּטנדל שפּרייטן זיך אויס ווי צוויי פליגל פון א זשוראוול, אזוי, אז מע זעט בוילעט די פּאָר ליטקעס, אפ וועלכע ס'באָמבלען זיך די בענדלעך פון די ווײַסע הויזן און בא יעדן שפּאן טיילט זיך אָפּ אפן שאָטן די פּיאטע פון פּאנטאָפל אפ אן ארשין די לענג, צווישן וועלכע עס כאפּט זיך אלעמאָל ארײַן די זון... אָט אָ די גאנצע קארטינע זעט מען אפן שאָטן מיט אלע אירע פּישטשעווקעס... נו? קען מען זיך עפּשער ניט פארליבן אינעם שאָטן פון אזא שיינער זיסער פיגור?... הײַנט פארשטײט, אז אין מײַן שאָטן איז זיך נאָך אסאך לײַכטער געווען צו פארליבן, וואָרום איך בין דאָך אליין געווען א קליינער און געטראָגן א גרויסע פּאָר פּאנטאָפל און מיט נאָך א גרעסער מיצל, אזוי, אז פון מײַן פיגור האָט מען טאקע מער ניט ווי א שאָטן!.. נו, זנאטשיט שוין עפּעס אײַער לאכן, משטיינס געזאָגט?..

אײַ, וואָס?—וואָס „וואָס״. איר וועט עפּשער זאָגן, אז איך וועל קיין פּארנאָסע ניט קענען געבן א ווײַב, הא?... כא־כא־כא! מער קיין דײַגע זאָל איך ניט האָבן, ווי די דײַגע! מיר, כסידישע קינדער, זענען באָרעכאשעם, וויִאזוי טאטע־מאמע פירן זיך אין פוילן—ווייסן מיר שוין, דאנקענע גאָט, וואָס הייסט פּארנאָסע געבן! אָט, ווי לעמאָשל, מײַן טאטע, לאנג לעבן זאָל ער, האָט זיך דאָס גאנצע לעבן זײַנס נאָר אָפּגעגעבן פון רעבנס וועגן, און די מאמע, זאָל לעבן, האָט אויסגעהאלטן די שטוב. אײַ פון וואָס? פון וואָס ניט?.. פון אײַנהאָרע שפּרעכן, פון באָבסקע סגולעס און רעפּועס געבן, פון מאצעס קאטשען, זאָקן ארבעטן, פון באָבערײַ, פון סארווערײַ און דאָס איבעריקע—פון קרעמל; דערצו נאָך פירן א שטוב, זויגן און ניאנטשען קינדער, קאָכן און באקן, מערעזשען און לאטען, הייצן און טראָגן פּאָמיִנעצעס און אלעס, וואָס צו א שטוב געהער. און נאָך דעם אלעמען, אז דער טאטע פלעגט, קומענדיק פון דאווענען, כאָלילע אמאָל ניט טרעפן דעם אָנבײַסן, האָט זי שוין געהאט איר ערלעך אויסקומעניש.. און זי האָט עס אָנגענומען פאר ליב און האָט אים נאָך

*) פּייעס

דעם גרעסטן קאָווער אָפּגעגעבן: דאָס שענסטע שטיקל פיש, דאָס בעסטע שטיקעלע פלייש, דאָס ווייַסטע זעמעלע—„פון יאָסיס וועגן". און אַליין עסן שטרוי, „אַבי קישקע נאָפּכאַטע"... נו, ווייס איך שוין, וויאַזוי מאַן. און ווייַבער זייַנען זיך מעפּאַרגעס אין פוילן?.. הייַנט וואָס זאָל איך אייַך זאָגן? וויפל מייַן פלוינעסטע וועט קענען, וועט זי האָרעווען מיט די קינדערלעך... נו, בין איך גערעכט, האַ?.. נישט מער, וואָס האָב איך אייַך גאָר בעסאַכאַקל א דייע צו פרעגן וועגן מייַן כאַסענע? איך ווייס, אַז פראָ אייַך וואָלט איך נאָך זייער געמעגט זיצן א באָכער א פינף־זעקס יאָר... איי, וואָס די הייליקע געמאָרע מיט די מוהער־ספאָרימ אַרבעטן מייַסימ און לייגן גאָר אייַן די וועלט, אַז מע זאָל נאָר כאַסענע האָבן צו 12־13 יאָר?... דאָס אַרט אייַך דאַפּקע גאָרניט! האַ?.. נו, אַז אייַך אַרט ניט דאָס, אַרט מיך ניט יענץ... פּייַס איך זיך אויס אָפּ אייַער לאַכן און אייַער כויזעק מאַכן און האָב כאַסענע צו 13 יאָר אייַך אָפּצולאָכעס, און גייט רופט מיך קנאַקניסל!..

קורץ גערעדט, מע נייט שוין מיר צום מאַזל כאַסענע־קליידער! א גאַרדעראָב, ריבוינעשעלוילאָם, אָפּ אַלע גוטע יידישע קינדער געזאָגט געוואָרן... צוויי טערקישע לייַוונטענע העמדער מיט צוויי פּאָר טאַכטוינים, א סיראַטשקן קאַפּטנדל אַפּערוואָכן און אַן אַלקיטייַענס אָפּ שאַבעס און יאָנטעוו, א וואַטאָווע פּיצעטערנע טשויקע און א ראָצעמערן ראָזעווועלקעלע *), איבערגענייט פון דער מאַמעס־כאַסענע־יופּע, נאָר קיין אַרבל האָט ניט געכאַפּט, האָט מען אַרייַנגעשטעלט א פּאָר אַרבל פון טאַטנס א פּאָר אַלטע אַטלעסנע, ווינטערדיקע הויזן, וואָס דער רעבע האָט אים געשענקט צו זייַן כופּע...

דער טאָג, וואָס פאַרן אַרויספאָרן אָפּ דער כאַסענע, האָט מיך דער טאַטע אַרויסגעשיקט מיטן שאַמעס אין מייַנע יאָנטעוודיקע קליידער, איך זאָל זיך אַרומגיין געזעגענען מיט די נעגידימ און שטאָט־באַלעבאַטימ אין ווערציוואָנע... און די קאַוואָנע דערבייַ איז צו כאַפּן דראָשעגעשאַנק **). אַזוי פירן זיך אין פוילן פון פאַרצייַטן קלייקוידעש און שיינע מעקבאַלימ און אַזוי האָט זיך מייַן טאַטע אויך געפירט. אוי, פאַרשאָלטן זאָל דער טאָג ווערן, פאַרוואָס איך בין אין אים בעסער ניט פריטשאַכנעט געוואָרן אין איין אויגנבליק, איידער אַזאַ גענעם איבערגיין קראָסטרוי ***) לעבעדיקערהייט!.. מיילע, ווי איך בין נאָר אַרייַנגעקומען אין א נעגידישער, שטוב, האָבן זיך אַלע ווייַבלעך און מיידלעך צעלאַכט אָפּ א קאָל. נו, אַז דער נאָגיד צי דער באַלעבאָס האָט אַליין שוין ניט געלאַכט מיר אין פּאָנעם אַרייַן גלייַך, האָט ער אויך מיט א פאַרביסן שמייכעלע געענטפערט: „פּאָר געזונט". און איך האָב נאָך געמוזט אין געהאַקטע ווונדן שטיין און מינען זיך אין אַלערליי פאַרבן, ביז ער וועט אַרויס מיטן דראָשעגעשאַנק. איינער האָט פון ראַכמאָנעס, אָפּ מיר קוקנדיק, עפּעס אַרייַנגעשטופּט מיר אין האַנט, און צען האָבן געפרעגט: „נו, וואָס שטייסטו נאָך"?.. נו, און די גאַס דורכגיין מיט די יאָנטעוו־קליידער און מיטן שאַמעש, ווו אַלע קרעמער און קרעמערקעס, מעשאָרסימ און דורכגייער האָבן זיך אויסגעשטעלט אָפּ די טירן, טייַטנדיק אָפּ מיר מיט די פינגער און לאַכן,—אין דעם

*) אַזוינע מאַלבושימ.

**) מאַטאָנעס צו דער כאַסענע.

***) קראָסטרוי—א сквозь строй שרעקלעכע שטראָף אין דער צאַרישער אַרמיי פאַר סאָלדאַטן, וואָס האָבן זיך מיט עפּעס פאַרזינדיקט. דער פאַרזינדיקטער פלעגט מוזן לויפן צווישן צוויי רייען סאָלדאַטן, וואָס האָבן אים געשמיסן מיט ריטער. זייער אָפט פלעגט דער סאָלדאַט אונטער די שמיץ בלייַבן טויט אָפּן אָרט.

האָט איר דען א מינדסטן באגריף, וואָס דאָס הייסט!?.. אָ... קראָסטרוי צווישן טריזנט ראָזגעס מיטן געגעם זייַנען כלעבן אסאך ניכער, איידער אזא שענדלעכער שפאציר!..

---

א קורצע צײַט זיצט זיך אונדזער העלד אפ קעסט באַם שווער און שוויגער, אינגיכן אָבער צעקריגט ער זיך מיט זיי. ער כאַפּט דעמלט זייַן קלומעקל אפ די פלייצעס און לאָזט זיך אוועק צופוס קיין סירקעוו צום כסידישן רעבנס הויף.

אום פריַיטיק, אזייגער צוועלף באטאָג, בין איך אָנגעקומען צום רעבנ אפן הויף, און איב שווער אייַך בא מייַנ ייִדישקייַט, אז די מינוט האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אז איך בין אינ בערדיטשעווער אפנ יאריד! דער הויף איז פול מיט ייִדן, ייִדענעס, יונגעלייַטלעך און קינדער; א געשריי, א געפילדער, א שטופעריַי, גאָר ווי די פארסאממע מייַז! מע ווארפט מיט הענט, מע שטעקט גראָבע פינגער, מע טרייסלט מיט פייעס, מע קנאקט מיט פאנטאָפל, מע רויכערט, מע הוסט, מע כראקעט, מע שפייַט, מע קייַט, מע שטופט עלנבויגנס, מע זידלט, מע שעלט, פאטשט; די היטלענ פארוקט אפ די פאָטילעצעס, די פאָלעס צעלאָזט אפ הינטן, די עק גארטלענ אפ דער ערד, א כוואליע אהער, א כוואליע אהינ; עס רוישט, עס טומלט, ווי אינ הונדערט פאראָווע מילנ, און ס'איז קימאט נישטאָ ווי א שפילקע צו דער ערד ווארפנ!..

איך בינ געבליבנ שטיינ, ווי א פריטשמעליעטער, און האָב ניט געוווסט, וואָס טוט זיך עס מיט מיר און ווו בינ איך עס אינ דער וועלט?.. און נאָך א מינוט, וואָלט איך געוועג אנידערגעפאלנ פונ שווינדל און קאָפדרייעניש... נאָר פלוצלינג דערהער איך עפּעס א מינ הארצרייַסנדיק קאָל מיט א ביטער געוויינ און יאָמער ביזנ הימל. איך קוק מיך אום, דערזע איך: עפּעס א דערשלאָגענער, פארפינצטערטער ייִד פירט אונטער די הענט א מינ צעשויבערטע ייִדענע מיט א ווילד פּאָנעם, מיט ארומלויפנדיקע ווילדע אויסגעטארטשעטע אויגנ און פארקרימטע ליפנ; דער גאנצער קערפער אירער ציטערט און פלאטערט, ווי אינ א שרעקלעכער קאָנוולסיע; זי שטופט דעם ייִדנ פאָרויס, אינ איינ אימפעט און שרייַט מיט א מינ רעוועדיק קאָל: צום רעבנ, צום רעבנ! גיכער צום רעבנ! צעשראָקנ און פארוווּנדערט פונ דער שרעקלעכער קארטינע, האָב איך זיך געווענדט צו א כאָסיד, וואָס איז לעבנ מיר געשטאנענ, און מיט א ציטערדיקער שטימע האָב איך אים געפרעגט, וואָס דאָס באטייַט?.. דער כאָסיד האָט זיך צעלאכט מיט א פארוווּנדערט געלעכטער, און מיט דורכגענומענעם קוק אפ מיר, האָט ער אויסגעשריִענ: „א... א נעוועקל!?(*) וואָס פארשטייסטו ניט, דו שקאָצ איינער, וואָס דאָס זאָל זייַנ?.. האָסט דענ קיינמאָל פונ קיינ רעבנ ניט געהערט?.. ביסט געוואקסנ אינ וואלד?.. האָסט דאָך מינאסטאמ פארנ פאָרנ אהער עפּעס געהערט פונ אונדזער רעבנ, וואָס פאר א הייליקער מאנ דאָס איז, אז מיט זייַנע ניסים־וועניפלאָעס טרייסלט ער אופ אלע וועלטנ, הייַנט וואָס פרעגסטו ייִנגל, וואָס דאָס באטייַט?"..

איך בינ געבליבנ שטיינ ווי א נעבעכל, עפּעס ווי א שולדיקער אינ דער גאנצער מייַסע... און קוקנדיק אפ אים מיט א ראכמאָנעס־פּאָנעם, האָב איך גאָרניט געוווּסט, וואָס אים צו ענטפערנ... מייַנ דערנידעריקטקייַט און האכנאָע האָט אים אפּאָנעם גערירט און ער האָט מיר באלד א זאָג געטאָנ מיט א ווייכער שטימע: „נו, איך זע, ביסט אנ

---

*) א בייַער.

ערלעכ קינד, נאָר ביסט נאָכ גאָר א טאַמ... הער־זשע, איכ וועל דיר געבנ צו פאַרשטײנ דעמ גאַנצנ אינײַנע בעקיצער, וואָרומ איכ דאַרפ נאָכ לויפנ צוגרײטנ זיכ צומ דאַווענען!״ איכ בינ שיר פונ די קײלימ ארויס פאַר סימכע אונ דאַנקבאַרקײַט, אונ ער האָט מיר אָנגעהויבנ דערצײלנ:

„נאָכ צוריק מיט א יאָר פיר איז דידאָזיקע ייִדענע עפּעס ניט געזונט געוואָרנ, נו מײלע, מאַלע א מענטש ווערט עפּעס ניט געזונט! מע האָט איר געטאָנ עפּעס עטלעכע באַבסקע רעפּועס אונ ס׳איז ווי איבערגעגאַנגענ, נאָר אינ א כוידעש ארומ האָט זי באַקומענ עפּעס א מינע ספּאַזמעס, אַז דעהײַנע, פּלוצימ פלעגט זי עפּעס אָנהײבנ וואַרפנ מיט די הענט, מיט די פיס אונ פלעגט דערבײַ עפּעס לאַכנ אונ װײנענ אינײנעמ ביז זי פלעג אײנשלאָפנ ווערנ אונ אינ א פערטל שאָ ארומ פלעגט זי זיכ אופכאַפּנ פריש אונ געזונט, גלײַכ ווי ס׳איז גאָרניט געווענ. נאָר די מינימ ספּאַזמעס האָבנ זיכ וואָס ווײַטער אונ אַלצ אָפטער געמאַכט. זי האָט אָנגעהויבנ דאַרנ אונ מאָרעשכוירעג. ביז צומ יאָר האָט מענ אָנגעהויבנ צו באַמערקנ אינ איר עפּעס טנועס פונ מעשוגע... אַזוי האָבנ די בערלינער*) אינ שטעטל געזאָגט, אָפּגעמעקט זאָלנ זײ ווערנ, אונ אירע עלטערנ, דער מאַנ מיט די קרויווימ אונ אַלע כסידימ אינ שטעטל האָבנ ניט פאַרשטאַנענ, אַז דאָס איז אוואַדע א ד. ד...—„דיבעק״ האָב איכ אונטערגעכאַפּט זײַנע רײד, מאַלע סימכע—„אָ! ביסט א מאַלאָדעצ!״—האָט דער כאָסיד געזאָגט מיט א פאַרביסנ שמײכל—„מינאַסטאַמ א דיבעק, ווי דענ?...״

„אקיצער, דאָס גאַנצע געזינד האָט זיכ אַנ אײצע געהאַלטנ אונ עס איז געבליבנ, אַז דער מאַנ זאָל זי אוועקפירנ אהערצו צו אונדזוער רעבנ, ער זאָל איר ארויסטרײַבנ דעמ דיבעק!.. געזאָגט אונ געטאָנ. דער מאַנ האָט זי אהער געבראַכט אונ איז מיט איר געקומענ צומ צאַדיק, פונקט ווענ ער האָט געהאַלטנ אינ פראַווענ... ווי דער רעבע האָט נאָר א קוק געטאָנ אפ איר מיט זײַנע ליכטיקע אויגנ, האָט ער באַלד געזענ, אַז דאָס איז א געפערלעכ שטיקל אַרבעט... דו פאַרשטײסט, וואָס מע מײנט?... אָט ביכדײ דעמ בידנע מאַנ ניט איבערצושרעקנ אפ טויט, האָט ער אימ אַזוי קלוימערשט גוטמוטיק א זאָג געטאָנ: „פאַרלירט נישט קײנ ביטאָכנ אינעמ אויבערשטנ, ער איז אַנ אַלמעכטיקער. איכ וועל דיר מיטגעבנ א קאַמײע**) אונ דו פאָר מיט איר אהײמ, אונ אַז דו וועסט קומענ בעשאָלעמ אהײמ, זאָלסטו איר די קאַמײע באַלד אופהענגענ אפנ האַלדז אונ דער אויבערשטער וועט אוואַדע ראַכמאָנעס האָבנ אונ וועט איר צושיקנ די רעפּועס... אײַ, אײַ, אײַ, זי דאַרפ, נעבעכ, האָבנ ראַכמימ!..״ דו פאַרשטײסט דעמ אויסלאָז?.. מײלע, דער מאַנ האָט גענומענ די קאַמײע אונ איז מיטנ ווײַב אהײמ געפאָרנ בעשאָלעמ, אונ קומענדיק, האָט ער איר באַלד אופגעהאַנגענ די קאַמײע, ווי דער רעבע האָט געהײסנ. הער א מינ וווּנדער איבער וווּנדער! ווי ער האָט איר נאָר אָנגעטאָנ די קאַמײע, האָט זי באַלד עפּעס ארויסגעלאָזט מינע קוילעס, עפּעס ווי נאָר א מינ שטימ מיט טרעלנ פונ א כאַזנ אַזוי, אַז ווער ס׳האָט נאָר די קוילעס פונ איר געהערט, האָט באַלד געשוווירנ, אַז אינ איר איז א דיבעק פונ א כאַזנ, וואָס האָט מיט עפּעס פאַרזינדיקט באַמ לעבנ אונ נאָכנ טויט האָט מענ זײַנ נעשאָמע, אפּאָנעמ, ארויסגעשטופּט פונ יענער וועלט אונ זי האָט זיכ נעבעכ געזוכט א פּריטולישטשע, ביז זי איז ארײַנ אינ דער

*) די אופגעקלערטע.

**) א מאַטבײע אָדער אַנ אַנדער זאַכ, וואָס דאַרפ קלויבערשט אָפּהיטנ פונ קרענק אונ פונ אַלדאָס בײז.

ייִדענע ארײַנ... די קוילעס האָבנ זיכ אַלצ אָפּטער געלאָזט הערנ אונ באַ יעדער מאָל האָבנ זיכ געהערט די ווערטער: „פירט מיכ גיכער צו דעמ מענטשנ, וואָס האָט געגעבנ דידאָזיקע קאמייע!“.. קורצ, דער דיבעק האָט, נעבעכ, געמוטשעט די ייִדענע אפנ טויט, ביז מע האָט אימ געמוזט צוליב טונ אונ פאָרנ נאָכאמאָל צו אונדזער רעבנ.

„קומענדיק צומ רעבנ, האָט זי דער רעבע באַלד דערקענט. דער רעבע האָט באַלד געהייסנ, אז דער גאנצער אוילעמ זאָל ארויסגיינ פונ כיידער, כוצ זײַנע צוויי לײַב־גאבאָימ... אונ דערנאָכ האָט ער געפרעגט דעמ דיבעק: „זאָג די מינוט, ווער אונ וואָס דו ביסט!?“ באַלד האָט דער דיבעק א סמאָטשקע געטאָנ מיט די ליפּנ איבער דער גאנצער שטוב... (די בערלינער זאָגנ אפילע, אז דאָס האָט די ייִדענע א סמאָטשקע געטאָנ) אונ האָט זיכ צעוויינט אפּ א קאָל.

„באַלד האָט דער רעבע א געשריי געטאָנ: „איכ נאָמענ פונ אַלע מײַנע עלטערנ די הייליקע אונ זיבערע, באשווער איכ דיכ, דו זאָלסט די מינוט ארויס פונ דער אישע אינ דײַנ רו ארײַנ!“.. דער דיבעק שווײַגט... „איכ נאָמענ פונ אַלע צאדיקימ די גאָטס־הייליקע באשווער איכ דיכ, דו זאָלסט באַלד ארויסגיינ פונ דער אישע!“— האָט דער רעבע ווײַטער אויסגעשריִענ, נאָר דער דיבעק שווײַגט ווידער טויט. דו פארשטייסט א האָזע... דער רעבע האָט דאָס דריטע מאָל אויסגעשריִענ מיט א לייבנ־קאָל: „איכ באשווער דיכ, דיבעק, אינ נאָמענ פונ הייליקנ אונ זיבערנ ר׳קאָרצע סירקעווער (דאָס האָט ער געמיינט זיכ אליינ), זאָלסט די מינוט ארויס פונ דער אישע אינ דײַנ רו ארײַנ“!... הערנדיק דעמדאָזיקנ נאָמענ, איז דער דיבעק פארציטערט געוואָרנ מיט אַלע אייוורימ... אונ אָנגעהויבנ רעווענ ווי א טיגער. אָט דאָ האָט דער רעבע א געשריי געטאָנ צו די גאבאָימ: „פירט ארויס דעמ זינדיקנ, דעמ אויסגעלאסענעמ פונ מײַנ שטוב! ער איז געשטאָרבנ אָנ טשווע, לאָזט מענ אימ פונגויבנ קיינ טשווע ניט טונ: זײַנ אופריכטונג איז זייער א שווערער איניענ!“ דו פארשטייסט— א קוק פונ א צאדיק...“

דאָס אַלעס האָט מיר דער כאָסיד דערציילט מיט א מינ היסלאָוועס אונ היספּײַלעס, אז איכ האָב מיכ אויכ, אזויווי ער, דערווײַל פארגעסנ אינעמ איקער: אז דעמ דיבעק האָט דאָכ טאקע דער רעבע פאָרט ניט ארויסגעטריבנ... אונ איכ בינ אויכ ניספּאָעל געוואָרנ גלײַכ מיט אימ... אונ האָב שוינ דעמ געטלעכנ מויפעס שוינ הונדערטער מאָל איבערדערציילט אנדערע, איטלעכס מאָל מיט נײַע צוזעצלעכ אונ אופטועכצלעכ... אונ אַלע היצנ מיר זיכ אונ צעפלאקערנ זיכ... אונ פליִענ אינ הימל... קיינער גיט זיכ אדײַעמ קיינ כעזשבנ ניט אָפּ, אינ וואָס־זשע באשטייט דער מויפעס...

---

איכ האָב זיכ אָנגעהויבנ רוקנ אינ די פאציִנעס*), ווו דער רעבע געפינט זיכ דאָרט. איכ קומ אינ דער ערשטער שטוב ארײַנ, קימאט נאָר הויַלע פיר ווענט, אָנ א פּיצל מעבל... א גרויסע שטוב, געפּאקט מיט כסידימ, יונג אונ אלט, ווײַבער אונ קינדער, אַלע שפּארנ זיכ צו דער פארשלאָסענער טיר אינ דאָרעמ־זײַט; א געפּילדער, א זידלערײַ, א גאַנערײַ, א שילטערײַ! מע הוסט, מע ניסט, מע שנײַצט, מע שפּײַט, אונ באַ יעדנ האלבנ עפנ די טיר, פליִענ פונ די טיר־גאבאָימ צומ אוילעמ פעטש מיט סטוסאקעס מיט „טאטנס־טאטנ“... יונגע כסידימלעכ פליִענ ווי די

*) צימערנ.

האָלעוועשקעס, אָרעמע ווײַבער פּאַלן צו דער ערד, קינדער טרעט מען מיט די פֿיס, אַפֿילע אָרעמע לאָמדימ*) און קלייקווידעש גייען זיך אויך ניט אויס אָן א זידל און א שטופּ פֿון די גאַבאָיִם... בּיזוואַנען עס גייען ניט דורך אַלע נעגידימ, פּאַטשטאַרן, רײַכע אַרענדאַרן, באַלטאַקסעס, פּאָדריאַדטשיקעס, גובּערנסקע כאַדאַטײַעס און נאָך אַזעלכע פֿײַנע בּעריעס.

צווישן דעם געמיינעם אוילעם האָב איך מיך אויך יאַקאָש אַרײַנגעשטופּט אין דער פֿאַרשלאָסענער טיר, און כאָטש איך האָב געלייזט טאַקע גוטע עטלעכע סטוסאַקעס אין האַלדז-און-נאַקן אַרײַן, איז דאָס אָבער קעדײַ געווען, דערפֿאַר וואָס פֿון דעם כיידער איז שוין נאָר געווען איין טיר צום רעבּנס כיידער... אין דער שטוּבּ איז שוין יאָ געשטאַנען עטלעכע בּענקלעך פֿון לײַטישן מענטשן וועגן... און בּאַ דער מיזרעך-וואַנט ניט ווײַט פֿון דער טיר איז געשטאַנען אַן אומגעלומפּערטע שאַפֿע, פֿול מיט אַלערלײַ עסנוואַרג און געטראַנקען. און דאָס איז געווען דער בּופֿעט פֿאַר די גאַבאָיִם און העכערע מעשאָרסימ דעם רעבּנס... די לעצטע טיר איז שוין געווען פֿאַרקייטלט פֿון דער זײַט, און צוויי גאַבאָיִם בּאַ בּיידע בּײַשטידלעך: איינער פֿון זיי—א דאַרער, א בּרייטבּיינערדיקער מיט אײַזערנע מוסקולן—האָט ניט אָפּגעטראָטן פֿון דער טיר אַף א רעגע, און דער אַנדערער, א בּויך מיט א געפּאָלדעוועטן רויטן קאַרק, מיט צוויי גראָבע, גרויסע בּערישע לאַפּעס, האָט אָפּט אָפּגעטראָטן אין פֿאַרשיידענע זײַטן און דאַסראָוו צו דער שאַפֿע. דאָס איז געווען דעם רעבּנס טיש-גאַבּע, מעכציע, און דער עלטסטער איבּער אַלע גאַבאָיִם, אַכוץ דעם רעבּנס לײַבּ-גאַבּע...

ווען איך בּין אַרײַן אין דער שטוּבּ, האָב איך מעכציען געטראָפֿן שטופּן די פֿיש אין שאַפֿע... ווי איך האָב מיך אַזוי אָנגעהויבּן הינטערווײַלעכס צושאַרן צו דער לעצטער טיר—איך וויים ניט פֿונוואַנען און פֿון וואָס, פֿליט פּלוצימ פֿון מעכציען א פֿלעט מיר אין דער מאָרדע אַרײַן, אַז איך בּין אַף דער שטעל אַנידערגעפּאַלן ווי א פּריטשמעליעטער צו דער ערד, און ער האָט זיך ווײַטער גענומען צו די פֿיש... איך האָב מיך אַבּיסל ספּאָמינײַעט, און האָב מיך פּאַוואָליע צוגערוקט צו מעכציען און האָב אים אַרײַנגערוקט א צווייער, און מער האָב איך טאַקע ניט געהאַט קיין גראָשן בּאַ דער נעשאָמע... ער האָט מיר, שמייכלענדיק נאָך, דערלאַנגט א פּאָר בּוכענציעס און האָט מיר געעפֿנט די טיר צום רעבּן אין כיידער...

וואָס זאָל איך אײַך אויסמאָלן דעם אײַנדרוק, וואָס אַף מיר—אָרעמ, זלידניש, פּויליש כניאָקל—האָט געמאַכט דער פּראַכט און גלאַנץ, וואָס מײַנע אויגן האָבּן דערזען, אַרײַנקומענדיק צום רעבּן!

איר פֿאַרשטייט אַליין, וואָס אינעם אָפּגעריסענעם בּעטלער גייט פֿאָר, אַז ער דערזעט זיך פּלוצימ אין א קייזערלעכן זאַל. דער רעבּע איז געזעסן בּאַ א זילבּער געגילטן קאַפֿע-סערוויז מיט אַלערלײַ טײַערע געבּעקסן, אַף א מין ווײַס עמאַלירטער שטול, מיט פֿאַרגילדעטע פֿיס און פֿאַרענטשעס און מיט פֿישנעם רויטן סאַמעטגעבּעטע לעבּן א קײַלעכדיק טישל מיט פֿאַרשיידענע טאָקערײַ און שניצערײַ, און אַליין—אין סאַמעט, אַטלעס און זײַד פֿונויבּן בּיז אַראָפּ, כוץ די פּאָר לאַקירטע פּאַנטאָפּלעך מיט זײַדנס בּאַבּרעמט; גרויסע, לאַנגע, טיולענע זאַנאַוועסן מיט אויסגעשטיקטע אוזאָרן אַף געמאָקטע פֿאַרגילדעטע שטאָרן איבּער אַלע טירן און פֿענצטער; מעבּלען מיט גאָרניטורן אונטער זײַדענע און סאַמעטענע מאַטעריע בּאַשלאָגן, מיט צוויי גאָלדענע וואַנט-שפּיגלען פֿון דער סטעליע בּיז דער פּאָדלאָגע; אינדערמיט

*) לערנערס.

סטעליע — א קאנדעלאבערע און דריי שטופן ליכט-רערן אף בראָנז-געגילדעטע קייטן, און איבער דער גאנצער פאָדלאָגע א פישנע פערסידסקער קאָוויאָר מיט פארשיידענע פיגורן און אוזאָרן. און העט ארויף צום ווינקל א צונויפגעלייגט עמאליירט פארגילדעטע בעטל מיט פוכאָווע בעטגעוואנט און זאמשענע אײַנשיטן מיט בלוי-זײַדענע צייכנס; אין די פיר ווינקלען, אף די טישלעך — טײַערע פאָרצעלײַענע וואזאָנעס מיט פארשיידענע זילבערנע און גילדענע זאכן.

די רעבעצן איז דעמאָלט גראָד געשטאנען אין דער טיר, וואָס אין ספאלניע אַרײַן. אין דער מינוט האָט מיר גראָד געגעבן א בלישטשע אין די אויגן איר צירונג אסאך מער, ווי מעכציעס פעטש... און עפשער נאָך מער פון א שמארקן בליץ אין א שטארק פינצטערער נאכט... א האלדז מיט די גרעסטע אָרלעאנער פערל, עפשער צוואנציק שנירלעך פאר א מעציע, און אינדערמיט א בריליאנטענער בראָש מיט א רובין פון געוויס א וועלשן ניסל די גרייס, א גאָלד־געשטיקט ברוסט-טוך מיט פערל און דימענטן באלייגט, א שטערנטיכל מיט א ציטער-שפילקע לויטער בריליאנטן און פערל, און א פאָר אוירינגן, אין יעדן א בריליאנט פון א גרויס האָזן-ניסל די גרייס, כוץ פינגערלעך אף אלע פינגער פון בריליאנטן און רובינען און א פאָר סאמעטענע גאָלד-געשטיקטע טופליעלעך מיט פערל און דימענטן געזעצט... האקלאל, אוישער*), קאָוועד, גדולע און אלע פארגעניגנס פון דער וועלט אזוי, אז עס רינט אריבער דעם בעכער!.. איך האָב אינגיכן אָפגעכאפט פונעם רעבן דעם שאָלעם-אלייכעם און האָב מיך, ווי אן אָפגעבריטער קאם ארויסגעכאפט, און ערשט אפן הויף האָב איך מיך קאם ספאָמניעט פון דעם אלעמען, וואָס מײַנע אויגן האָבן געזען...

אז איך בין שוין צו זיך געקומען, האָב איך דערזען לינקס אפן הויף דעם רעבנס קלויז און האָב מיך געלאָזט אין קלויז אַרײַן. אַרײַנקומענדיק אין קלויז, האָט זיך פאָרגעשטעלט דער הייפעך, וואָס באם רעבן: א סבראָד אָפגעריסענע, אָפגעשליסענע, צעבראסטעטע, שמוציקע און קויטיקע שלעפערס, מיט פארגעלטע אויסגעצויגענע פענעמער, מיט געגאָלטע קעפ און קלאָטשעוואטע צונויפגעשלאָגענע בערד און פייעס, פײַערברענענדיקע שווארצע אויגן, טיף אין קאָפ אַרײַן, ווי בא טשעכאָטאָשטניקעס... פארמאטערטע, אויסגעמארכעוועטע, דערנידעריקטע און פאראכטעטע — נאָר זיי פילן עס ניט, און היצן זיך נאָך דורך געקינצלטן ברען פון אביסל בראָנפן, פון מײַסעס איבער צאדיקים ביכלאל און איבערן רעבן ביפראט, פון א טענצל, פון א נײַעם מויפעסל און דעסגלײַכן. האקלאל: נעשאָמעס אָן גופים און שאָטנס אָן א זין, וועלכע שוועבן און שטרעבן און קוראזשען זיך, און דרייען זיך, און וואקלען זיך, און טאנצן, און שפרינגען, און פליען ארום עפעס א מין ליכט, וואָס ווײַזט זיך זיי נאָר אויס... דעם ליכט דינען זיי... אים פארשקלאפן זיי זיך, פאר אים זײַנען זיי זיך מויסער-נעפעש און צוליב אים מאכן זיי זיך מיט דער ערד צוגלײַך... אַרײַנקומענדיק, בין איך שיער זאלישעט געוואָרן פון רויש און געטומל.

איך האָב מיך געשטעלט אין א ווינקעלע, געלייגט טאלעס און טפילן און אָנגעהויבן דאַווענען.

---

ס׳איז געוואָרן נאכט. דער גאנצער עולעם איז זיך שוין צונויפגעקומען פונעם מערכעץ און פון דער מיקווע. מע האָט אָפגעדאַוונט און מע האָט אָנגעהויבן גרייטן

*) רײַכטום.

דעם טיש אין קלויז; זאָלט איר עס געווען זען, וויפֿל זילבער מע האָט אָנגעשטעלט אויפֿן טיש! דרײַסיק זעקס דרײַערױקע ביז צענערױקע לײַכטער, צוועלף געגילדעטע בעכער, צוויי זילבערנע אויסגעגילדעטע וואַזעס, דרײַ אַזעלכע שיסלען, פֿיר פֿאָלו-מעסקעס, צען טוץ זילבערנע לעפֿל, און גאָפּל, מעסער אָן א שיר... כּוץ פֿאַרצע-לײַענע און קרישטאָלענע קרעדענצן*), מאַמעש קייזערלעכע! הײַנט קאָנט איר פֿאַר-שטיין, וויפֿל אין שטוב איז נאָך פֿאַרבליבן!.. וואָרום מע האָט דאָך פֿאָרט מוירע, אַז אַ כאָסיד זאָל עפּעס ניט אָפּטראָגן פֿונעם טיש... דער טיש איז פֿאַרטיק געוואָרן, מע האָט אָנגעהויבן וואַרטן אויפֿן רעבן. געוואַרט האָט מען אַפֿילע ניט קיין סאַך. אײַנגעאַנצן א שאָ פֿיר-פֿינף... אַלע האָבן אַנדערש ניט געדענקט, נאָר אַז דער רעבע דאַווענט אָדער לערנט, אָדער ער איז פֿאַרטיפֿט אין די הימל-וועלטן אַזוי לאַנג... נאָר אין א לאַנגער צײַט בין איך געוואָר געוואָרן, אַז דאָס שלאָפֿט ער זיך פּאָשעט אויס אַלע פֿרײַטיקצונאַכטס פֿון דעם אָנמידן זיך מיט די הונדערטער אָרכים, וואָס קומען אויף שאַבעס פֿון דעם גאַנצן, אַרום... און צום עמעס טאַקע, ווי קאָן אַזאַ „לופֿטיקס" איבערטראָגן אַזאַ אָבוזע פֿון הונדערטער מענטשן אין איין טאָג, און דערנאָך נאָך פּראַווען א טיש קימאַט ביזן ווײַסן טאָג אַרײַן...

נו, מײַלע—אין די עטלעכע שאָ וואַרטן האָט דערווײַלע דער עולעם רעדלעך-ווײַז באַלאַקעט פֿון פֿאַרשיידענע כאָכמעס.

דער רעבע איז אַרײַן אין קלויז און האָט זיך באַלד געשטעלט צו קידעש**). אַלע שניר און טעכטער און די רעבעצן, באַהאַנגען אין פּערל, גאָלד און בריליאַנטן פֿון קאָפּ ביז די פֿיס, אַלע, כּוץ דער רעבעצן—ווײַל זי איז שוין עלטלעך געווען—גע-קליידט נאָך דער לעצטער מאָדע אַזוי, אַז איך וואָלט אין לעבן ניט געגלויבט, אַז דאָס זײַנען ייִדישע קינדער... נאָכן קידעש האָט זיך דער רעבע געזעצט אויבנאָן, צום טיש, די זין מיט די איידעמס פֿון ביידע זײַטן, נאָך זיי—די ווילדע מעקוראָ-ווים***), דערנאָך די פֿעטע רענדאַרעס, פּאָטשטאַרעס און גאָר צולעצט—די ראַבאָנים, דאַיאָנים, שאָכטים און אַנדערע קלייקוידעש... אַלע פֿליאַסקעס און כעוורע-באָרשטש זײַנען געשטאַנען אויף בענק איבער די קעפּ, איטלעכער א געוואַשענער מיט זײַן בולקע אין דער האַנט...

אַז אַלעס איז שוין געווען אין דער אָרדענונג, איז ערשט אַרײַנגעקומען מעכציע און איז גלײַך אַרויף מיט די זאָקן אויפֿן טיש און האָט דאָ איבערגעלײַס אָנגעהויבן פֿאַראַדעווען מיט די ערטער... דעם נײַטיקן—אַרויף, דעם ניט-נײַטיקן—אַראָפּ... דעם אין טאַטנס-טאַטן, יענעם א פּאַטש, און וועמען גאָר—וואָגן פֿון הינטערן טיש אַרויס... און דער רעבע איז נאָך אַלץ פֿאַרטיפֿט... כאָטש מעכציע שרײַט אויף א געמבע: „אַזעספּענעמער, א רועך אין אײַער פֿאָטער און מוטער אַרײַן, וואָס זײַט איר מעוואַלוול****) דעם רעבן!?"... דאָס האָט געקאָנט א טויטן אויפֿוועקן... קורץ, מע האָט דערלאַנגט די פֿיש, האָט זיך דער רעבע צעדרעכעט און האָט אַרײַנגעטאָן די פֿינגער אין פֿאָלומעסעק און האָט זיך אָפּגעבאָברעט אַנקעגן א פֿערטל שאָ... אַלע כסידים, וואָס איבער די בענק, האָבן אָנגעהויבן קלעטערן איבערן עולעם, וואָס

---

*) סערוויזן.

**) א טפֿילע, וואָס רעליגיעזע ייִדן זאָגן שאַבעס און יאָנטעוו איבער ווײַן און בראָנפֿן.

***) באַקאַנטע פֿרײַנט.

****) צעטומלען, צעמישן די געדאַנקען.

באם טיש; דער האָט זיכ געשטעלט אפ יענעמס פלייצע, דער אפנ קריזש, איינער איז ארײַנ מיט ביידע פיס צו איינעמ אינ די קעשענעס אונ האָט אימ אָפגעריסנ צוויי פאסנ זשופיצע ביז אראָפ, איכ האָב די גאנצע צײַט ניט אראָפגעלאָזט קיינ אויג פונעמ רעבנ אונ האָב אלצ געזענ, ווי עס גלוסט זיכ אימ עפעס ניט ארויסנעמענ די האנט פונ פאָלומעסעק פיש... אונ ווידער האָב איכ באמערקט, ווי ער טונקט אלצ קוילעטש אינ בראָנפנ... וואָס ער האָט געמיינט דערמיט—קאָנ איכ אדײַעמ ניט באנעמענ!.. קורצ, ער האָט ארויסגענומענ די הענט, אונ אינ דעמ איז דער גאנצער אוילעמ, ווי די היישעריקנ ארײַנ מיט די זשמעניעס אינ פאָלומעסעק ארײַנ אונ ס'איז געוואָרנ א רײַסערײַ מיט א שלאָגערײַ, מע האָט זיכ איינס דאָס אנדערע געריסנ הענט, ארבל, לאצנ, אויסגעדרייט די פינגער, פארפאטשקעט די זשופיצעס, געלעקט די זשמעניעס, געמאכט זיכ ווי די רוכעס, אונ געשטופט זיכ אינ די פיסקעס, מיט אזא היצ אונ ברענ אונ מעסירעס-נעפעש, גלײַכ אינ דעמ ביינדל, צי אינ דעמ ברויזנ, וואָס ער האָט געכאפט, ליגט עפעס א רעפוע צו אלע צאָרעס אונ ליידנ. אזוי איז געווענ בא די לאָקשנ, באמ געפילעכצ, באמ פלייש אונ באמ צימעס. אונ נאָכ אלעמענ האָט דער רעבע פארגלאָצט די אויגנ, פארוואָרפנ דעמ קאָפ ארונטער, אפ דעמ פארענטש פונ זײַנ שטול, אונ האָט אינ זיכ אָנגעהויבנ קרעכצנ א ניגנדל, קאמ וואָס מע האָט געהערט—אונ ס'האָט דאָכ געשפאלטנ הימלענ... אונ דורכ אונ דורכ גענומענ אלע הערצער... באלד' האָבנ די כעוורע זינגער דאָס ניגנדל א כאפ געטאָנ אפ זייערע געמבעס, קאטשנדיק זייערע האלבע גופימ אראָפ אונ ארופ איבערנ טיש, נאָר ווי די האמערס אינ הארמארניע, מיט פארשטעקטע הענט אינ די גארטלענ, די פייעס צעטרייסלט, די ווערכעס פונ די שטרײַמלענ צעהוידעט, די פעבעמער אָנגעצונדנ ווי אינ א קראמפנ אונ אלע אייוורימ אינ קאָנוווּלסיע מיט א מינ שרײַענ אונ טערעלייקנ. אונ דער אוילעמ האָט צוגעבאָמקעט, צוגעפויקט מיט די פינגער אפנ טיש, צוגעקנאקט, צוגעהירזשעט, צוגעברומט אונ צוגעזשומעט, אז מאמעש ס'האָט פארהילכט די וועלט, זאלישעט דעמ קאָפ, נאָר ווי אינ קרופטשאטקע אפ אכצנ מילשטיינער...

---

איכ בינ מיט דער צײַט יאקאָש היימישער געוואָרנ אינ קלויז. איכ רעכנ זיכ פאר א היימישנ אינ דער כעוורע-באָרשטש, איכ בינ א שטיקל מעכוטנ מיטנ רעבנס מעשאָרסימ אונ קימאט צומ יאָר בינ איכ מיט די גאבאָימ שוינ אויכ געוואָרנ א שמועל-שמעלקע: זיי האָבנ מיכ שוינ באנוצט צו אייגענע שליכעסנ, אשטייגער—איכ זאָל גיינ אינ דער גאָסעדארער קלויז אונ דאָרטנ שעלטנ זייער רעבנ אינ טאטנ ארײַנ, איכ זאָל ערגעצ באנאכט דערטאפנ דעמ לערער אליינ אונ אימ געבנ צוויי פעטש, אונ נאָכ אזעלכע זאכנ... דורכ די שליכעסנ מײַנע, וואָס זײַנענ קימאט שטענדיק אָפגעראָטנ,—האָב איכ זיכ שוינ אביסל אײַנגעקויפט אינ דער לאסקע באמ רעבנס קינדער; זעלטנ שוינ געהערט א וואָרט פונ דער רעבעצנ אויכ, אונ אמאָל, אמאָל—א שמייכעלע פונעמ רעבנ אליינ אויכ... האקלאל, איכ בינ געוואָרנ א שטיקל טוער באמ רעבנ אינ די פאצנעס, אונ ווײַטער-ווײַטער טאקע א שטיקל שטובמענטש אויכ. אזוי, אז מע האָט זיכ שוינ פאר מיר ניט געהיט מיט א וואָרט אונ אפילע ניט מיט קיינ סאָד אויכ... דערצו איז מיר נאָכ געראָטנ, וואָס טאקע אינ סירקעוו גופע האָט עפעס געוווינט א מינ אלטער פארשלעפטער גוטער ייִד, רעב

אוורעמעלע, וואָס פלעג נאָך זעלטן כאַפּן א פּידיענעל*) און הינטערווייַלעכס אויס-
וואַרפן א מויפעסל—און דאָס האָט דעם רעבן ניט געשמעקט... אזוי איז ביז איך
געוואָרן דער רעכילעס-פירער פון דעם רעב אוורעמל צום רעבן... און דאָס האָט
דער רעבע גאָרניט פייַנט געהאַט... מינאַסטאַמ האָט ער געוווּסט, וואָס ער טוט...
נאָר דערווייַל בין איך בא אים דערפאר אלץ מער כאָשעוו געוואָרן: איך פלעג אים
שוין אמאָל צושטעלן די פאנטאָפלעך צום בעט, אריינטראָגן אים די רעבעצן און נאָך
אזעלכע שאַפעכצן... אין א גוטער, מאַזלדיקער שאָ האָב איך אָנגעהויבן פּראַווען
דעם רעבנס טיש און האָב זייער אויסגענומען באַם רעבן מיט זייַן גאַנצן געזינד,
און כ׳בין אזוי געגאַנגען העכער און העכער, ביז דער אויבערשטער האָט א נעס
געטאָן: שלוימקע דער לייַב-גאַבע איז פּלוצלינג געשטאָרבן פון א דערשרעק... און
איך בין צו מאַזל געקרוינט געוואָרן פארן רעבנס לייַב-גאַבע!

* * *

איך בעט איבער אייַער קאָוועד, מייַנע ליבע לעזער! וויאַזוי דערמאַנט זיך עס
ניט איינער פון אייַך אין דער גאַנצער צייַט א פרעג צו טון: וואָס הערט זיך מיט
מייַן פּלוינעסטע**).

עפּשער פרעגט איר ניט דערפאר, וואָס איר זייַנט אין קאַס אף מיר, פארוואָס
איך האָב זיך פארגעסן וועגן אלץ מיט אנאַנדער? דערופּ וועל איך אייַך אינקורצן
זאָגן, אז איך האָב דייַקע אין איר ניט פארגעסן. זי האָט שוין אין דער צייַט פינף
קינדערלעך... אלע יאָר כאַפּ איך מיך ארויס איינמאָל אין יאָר אף א טאָג, צוויי און
פארשטופּ איר דאָס מויל מיט עטלעכע גילדן אויך... נו, וועל איך אייַך, אף צולאָ-
כעס, דייַקע אלײן דערציילן, וואָס מיט איר האָט פּאַסירט ביז אהער און וויאַזוי איך
האָב זי באַהאַנדלט צום לעצט—און ווייסט, אז א כאָסיד איז אסאַך מיין איידלמאַן
פון אלע אייַערע דייַטשן אנקעגן זייַן ווייַב און קינדער!...

אין א האַלבן יאָר ארום איז צום רעבן געקומען ווײַגען זייַן שוועסטערס א טאָכ-
טער, א יונג אלמאָנכן פון א יאָר 28, און זי איז מיר שטאַרק געפעלן. דער רעבע
מיט דער רעבעצן האָבן מיר געגעבן אָנצוהערן וועגן כאַסענע צו האָבן מיט איר,
כאָטש דאָס ווייַבל גופע האָט ניט אזוי גוט געקוקט אף מיר, נאָר עס וואָלט דאָך איר
ניט געהאָלפן... נאָר גיי און טו עפּעס, אז איך האָב אזא פּעקל אף די פּלייצעס?..
און צו מייַנע צאָרעס, באַפעלט זי מיר נאָך אלץ גרוסן דורך קראָקאָדילעווער כסידים,
אזויווי זי גייט דאָרט אויס מיט די קינדער פון הונגער און קעלט, זאָל איך איר
כאָטש שיקן א צענטכיילעך פון מייַנע פארדינסטן; נו, וואָס זאָגט איר צו אזא נידער-
ריקער בריִע?... מאָלט אייַך, ערשטנס קלייַב איך גאָר מייַנע סכירעס מיט אלע מייַנע
האַכנאָסעס באַם רעבן אזוי, אז איך וועל דערפון ניט רירן קיין גראָשן אפּילע פון
מייַנעטוועגן! צווייטנס, מעג דאָך, דאַכט זיך, אזא יעפייפיע***) דייזשקעס קנעטן
און האָדעווען אירע קינדער! הא, ווי זאָגט איר? אז איך קען זי פאָרט ניט אָנקוקן
פון דער כאַסענע אָן.

---

*) א לײזונג, וואָס דער רעבע באַקומט פאר געבן א בראָכע, א קאמייע א.אז.וו.

**) ווייַב.

***) שיינע (איראָניש)

אַמאָל, אין אַ פֿרײטיק־צו־נאַכטס פֿאַרן קידעש, האָט דער רעבע צו זיך אײן שטיבל אַרײַנגערופֿן די רעבעצן מיט זײַנע פּלימעניצע און מיך אויך, און ער האָט געמאַכט אַן אָפֿענעם שמועס װעגן מעשׂאָדעך זײַן זײַנע פּלימעניצע מיט מיר, און האָט מיר אַזוי געזאָגט: „זאָלסט װיסן, איציק, אַז מע לאָזט מיך פֿונעם הימל ניט װערן מקוים דײַן זיװוג *), דעריבער איז בײַ מיר מיט דער רעבעצן געבליבן, אַז דו מוזסט שױן טאַקע פֿאָרן אין קראָקאָדילעװקע און אָפּגעטן דײַן פּלאַנעסטע, און אַז דו װעסט קומען אַ געגעטער פֿון קראָקאָדילעװקע, װעלן מיר שטעלן אַ כופּע...

איר קענט פֿאַרשטײן, װיאַזױ איך בין געװען אין זיבעטן הימל... איך האָב יאַקאָש דערלעבט דעם שאַבעס און האָב נאָך געהאַט אַ יעדיע פֿון קראָקאָדילעװקע, אַז מײַנע צװײ זיסע שװאָגערלעך זײַנען גראָד נישטאָ אַצינד אינדערהײם. און מײַקעפּ נאָך מײַרעװ **) האָב איך געכאַפּט די פֿור מיט די פּאָר פֿערד, װאָס איך האָב נאָך פֿרײַטיק באַשטעלט, און װאָלײַ מיט צװײ טיש־גאַבאָים קײן קראָקאָדילעװקע.

אָנגעקומען זײַנען מיר קײן קראָקאָדילעװקע אַרום אַכט אַזײגער באַנאַכט, די פֿור האָבן מיר אומיסטן אָפּגעשטעלט װײַטער פֿון דער כורװע, װוּ מײַן פּרוי האָט געװױנט... און מיר זײַנען דרײַען שטילערהײט צוגעגאַנגען צו דער כורװע און זיך אָפּגעשטעלט אַ ביסל אונטערן פֿענצטערל פֿון איר אַלקערל. קײן לעבעדיק נעפֿעש איז ניט געװען אין געסל, און מיר זײַנען שױן פֿעסט פֿאַרזיכערט געװען, אַז די גאַנצע מײַסע װעט אױך װאַסער אַרײַן, אַז קײן האָן װעט אַפֿילע קײן קרײ ניט טון...

* *
*

אין װאָס פֿאַר אַ לאַגע איך מיט מײַנע צװײ גאַבאָים האָבן דערזען מײַן פּלױנעסטע, װיל איך אײַך גאָרניט דערצײלן. איך װײס אײַערע װײכע הערצלעך, אַ קינדסטע זאַך רירט אײַך באַלד צו טרערן! און ביפֿראַט נאָך קעגן אַ פֿרױענצימער — װי איר רופֿט עס אױף אײַער לאָשן.

דעריבער, דערצײל איך אײַך בעקיצער. אין אײװל פֿון דער הרובע האָט געצאַנקט אַ בײלעװדיק קאַנעצל, װאָס האָט זיך אַלץ געלאָשן פֿונעם װינט װאָס האָט געבלאָזן דורך די אָפֿענע ברײטע שפּאַרונעס פֿון דער טיר און דורך די אױסגעשלאָגענע טאַפּליעס פֿונעם פֿענצטערל; מײַן פּלױנעסטע איז געלעגן אױף אַביסל פֿױלע שטרױ מיט אַ פּיצל נאַקעט זױג־קינד בײַ דער ברוסט. בײַ איר רעכטער זײַט איז געלעגן אַ קראַנק אָפּגעשליסן מײדעלע פֿון דרײַ יאָר און צופֿוסנס — אַ ייִנגל פֿון אַ יאָר צװײ אין דער דאָר ***). אַבי־סעלע װײַטער פֿון דעם געלעגער צי פֿון דעם קלײנעם לאַזאַרעט, אין אַ װינקעלע, זײַנען געלעגן צװײ עלטערע ייִנגעלעך פֿון פֿינף און זיבן יאָר, אױף דער הױלער ערד, בײדע מיט פֿאַרכעס איבער די אױגן, האַלב נאַקעטע און האָבן זיך געגנורעט און גע־דראָזשעט מיט אַלע אײװורימלעך פֿאַר קעלט, אַז מע האָט אַזש געהערט אינדרױסן זײער קלאַפּן מיט די צײנדעלעך, מיטן געװײסן ציטערדיקן היקעװאַטן טאָן דערבײַ... דורכן פֿענצטערל האָבן זיך געהערט װערטער אױף אַ פֿאַרכאַלעשט, פֿאַרביטערט קאָל: „װאָס־װשע זאָל איך דיר טון, מײַן אומגליקלעכער פּיסקליאַטעלע? אַז איך האָב דיך פּאָוס ניט מיט װאָס צו זױגן?... נאַ, צי מײַן לעצט ביסל מאַרך פֿון די בײנער! (אַ

*) פּאָר.
**) אָװנט־טפֿילע.
***) טובערקוליאָז.

לאנג, שוואַך, אומעטיק קרעכצעלע ווי פון אונטער דער ערד אַרויס). אוי, דײַן ווײסטע קרענק האָט שוין מיך אויסגעמאַרכעוועט ביז לעצט! ווײ איז דײַן מאַמען, צווײענדיק ווי דו מוטשעסט זיך שוין דרײַ יאָר, ווי אַפּן טויט, און איך האָב דיר ניט מיט וואָס צו העלפן!.. (עטלעכע קורצע, געהאַקטע, זשיפּענדיקע זיפּצעלעך, אָן אַ קאָל). אַ מאַקע דער מאַמען דײַנער אַ גרויסע, צוצוהערן דײַנע ביטערע זיפּצן שוין באַלד צוויי יאָר! קאַרג וואָס דו גייסט אײַן פון הונגער און דאָרשט—דאַרף דיך נאָך אָ די ווײסטע דאָר פאַרמוטשען צום איבעריקן!—ווײ און ווינד איז מיר צו זען אײַער ביטער ראַכ־מאָנעס! אוי, איך ריר מיך גאָר פון זינען—ווײ איז מיר פאַר אײַערע אייוורימלעך! נאַט אײַך, מוטשעניקלעך מײַנע, דאָס לעצטע קליידל מײַנס! נאַט קינדערלעך, דעקט אײַך אײַן אַביסל! מיר איז ניט קאַלט... מיך וואַרעמען מײַנע צאָרעס...

— געוואַלד, וואָס האָט ער געוואָלט האָבן פון מײַן לעבן, אָט דער אומגליק מײַנער!— וואָס האָט ער מיר פאַרומערט מײַן בידנע שטיקל וועלט? ביז ווי לאַנג וועלן זיך נאָך ציִען מײַנע צאָרעס!?"... המ... צאָרעס צו צאָרעס זײַנען ניט גלײַך! און אַלץ דורך וועמען? דורך אַזאַ ניכפּעניק, וואָס האָט מיך צוליב זײַן כסידאַרניע געלאָזט מיט פינף קליינע, קראַנקע קינדערלעך אָפּן וואַסער, כאָטש איינס דאָס אַנדערע זיך אופּעסן לעבעדיקערהייט!... אוי, אָט דאָס ווײסטע כסידעס טרײַבט אונדז, די יידישע טעכטער, יונגערהייט אין דער ערד אַרײַן! דורך די רעבעס מיט די גאַבאָים מיט דער גאַנצער כסידאַרניע פאַרפליט אונדזער וועלט ווי אַ כמאַרע! דער רעבע האָט מיך געקוילעט און זיי קוילען אַלע יידישע קינדער אָן אַ מעסער... איבער אַ טענצל דאָרט בא רעבן מוז איך זיך דאָ וואַלגערן מיט פינף קראַנקע נעפּאַשעלעך אַפּ דער הוילער קאַלטער ערד, און זיך מוטשען מיט זיי, נאַקעט און באָרוועס, אָן אַ שטיקל ברויט נאָר ווי אַפּן טויט!. נאַ, בידנע פייגעלע מײַנס, נאַ צי די ליידיקע ברוסט!"

ווי איך האָב דערהערט איר האָזע קעגן מיר, און פון דעם אַלעמען איר פאַר־שוועכן דעם רעבנס קאָוועד, איז בא מיר געבליבן, איך זאָל איר ניט געבן אַ גראָשן און באַלד האָב איך אַ ווונק געטאָן צו איינעם פון מײַנע לײַט, האָט ער, אָנגעקלאַפּט אין דער טיר, און אַז מײַן יעפּייפיִע האָט אין שרעק אַ פרעג געטאָן: ווער איז? האָט ער איר געענטפערט: „שרעקט אײַך ניט, צייטעלע, עפנט אונדז די טיר, זײַט מויכל, איך האָב צו אײַך אַ בריוול פון אײַער מאַן מיט עטלעכע קערבלעך". ווי זי האָט נאָר געעפנט די טיר, האָב איך איר שוין אַרײַנגערוקט דעם געט פאַר די צוויי איידעס און אין צוויי מינוט אַרום זײַנען מיר שוין געזעסן אַפּ דער פור און אַנט־לאָפן, ניט קוקנדיק אַפּ די ביטערע קוילעס, וואָס האָבן זיך געהערט פון דער כורווע אַרויס...

פונקט צו דער כופּע מיטן רעבנס פּלימעניצע ווערט אונדזער העלד אַרעסטירט און פאַר זײַן אָנטיילנעמען אין דעם רעבנס שווינדלערײַען פאַרזעצט מען אים אין טפיסע. עלנט, פאַרלאָזן פון אַלעמען, ניכטערט ער זיך דאָרטן ביסלעכווײַז אויס פון בלינדער פאַרגלויבטקײַט אינעם רעבן און אין די כסידים.

קומענדיק נאָך זעקס יאָר אָפּטראָג אַפּ דער ליכטיקער וועלט, האָב איך מיך ערשט אַרומגעקוקט אַפּ מײַן לעבן דאָס ערשטע מאָל אין מײַן לעבן... אַ מענטש אַריבער דרײַסיק, אויסגעדאַרט, אויסגעמאַרכעוועט, אָן אַ טראָפּן בלוט, אָן אַ גאַנץ ביינדל, אָן אַ ווינקל, ווו אַ קאָפּ אַוועקצולייגן, אָן שום מיטל צו פאַרדינען אַ שטיקל ברויט! ווײַב און קינדער מוטשען זיך ערגעץ אַפּן טויט און דאָס טאָטשעט נאָך דאָס גע־וויסן... און דאָס ספּייקעס מאַכט מיר אַ טשאַכאָטקע.

— געוואלד!—האָב איך מיך מיט בײדע הענט א קלאפּ געטאָן אין קאָפּ אריין, און האָב זיך דאָס ערשטע מאָל אין מײַן יונגערמאַן־לעבן זייער ביטער צעוויינט.—געוואלד! וואָס בין איך? ווער בין איך? וועמעס בין איך? וואָס טויג איך פיזיש, צו וואָס בין איך גײַסטיק?.. איך בין אזוי א פּאָר שאָ אָפּגעזעסן קימאט ווי פארשטיינערט און טײַכן טרערן האָבן זיך געגאָסן פון מײַנע אויגן, ביז איך האָב ענדלעך אויסגעשריִען אין א וואלד פארצווייפלונג: „איך בין א פארפאלענער אף אייביק! איך האָב זיך ניט מיט וואָס צו באַרען, און קען מיך ניט באַרענ!.. איך מוז בלײַבן ביזן טויט דאָס, וואָס דער טאטע האָט געמאכט פון מיר, וואָס די יידישע דערציִונג האָט געמאכט פון אונדז אלע”...

מער האָב איך שוין קיין קויעך ניט צו ריידן, ווער שמועסט צו שרײַבן. עפּשער נאָך מײַן טויט וועט מײַן זון אײַך דאָס איבעריקע דערציילן. דערווײַל זײַט געזונט און ווייסט טאָמעד בא זיך, אז כאָטש איך האָב דאָך מײַן וועלט פארשפּילט נאָר דורך אײַער פּוילישער זיסער קינדער־דערציִונג, דאָך גיי איך פריילעך פון דער וועלט האָפנדיק, אז עפּשער וועט איר שוין נאָך דעם „פּוילישן ייִנגל” שוין מער ניט אופציִען אזא פּוילִיש ייִנגל ווי איך, אײַער קאָרבן.

ייִצכאָק לינעצקי.

# שאָלעם־אַלייכעם

(1859—1916)

## איי ניקע בּיִאָגראַפישע יעדיִעס



שאָלעם־אַלייכעם (שאָלעם ראַבּינאָוויטש) איז געבּוירנ געוואָרנ אינ פּערעיאַסלעוו, קיִעווער געגנט אינ א פּאראָ־רעמטער באַלעבּאַטישער מישפּאָכע. זײַנ פּאָטער האָט א לאַנגע צײַט געהאַלטנ אנ אײַנפאָרהויז. קינדווײַז האָט שאָ־לעם־אַלייכעם געלערנט אינ כיידער. צו 14 יאָר איז ער אַרײַנגעטראָטנ אינ דער פּערעיאַסלעווער רוסישער אויעזד־נער שול. נאָכנ ענדיקנ די שול גיט ער א קורצע צײַט פּריוואַטע לעקציִעס.

נאָכנ טויט פונ זײַנ רײַכנ שווער ווערט שאָלעם־אַלייכעם אָפּ א שטיק צײַט א געשעפט־מענטש, לאָזט זיכ אַרײַנ אינ האַנדל אונ אינ בּירזשע־געשעפטנ, ער באַנקראָטירט אָבּער אינגיכנ אונ פאַרנעמט זיכ דערנאָכ דאָס גאַנצע לעבּנ בּלויז מיט ליטעראַרישער אַרבּעט.

אינ ייִדיש הייבּט שאָלעם־אַלייכעם אָנ זיכ צו דרוקנ אינ 1883 יאָר. בּיזנ 1890 יאָר האָט שוינ שאָלעם־אַלייכעם אָפּגעדרוקט פּאָלגנדיקע באַוווּסטע ווערק זײַנע: „דאָס מעסערל", „סענדער בּלאַנק אונ זײַנ געזינדל", „סטעמפּעניו", „יאָסעלע סאָלאָוויי".

אינ 1892 יאָר הייבּט שאָלעם־אַלייכעם אָנ צו דרוקנ די ערשטע סעריע בּריוו פונ „מענאַכעם־מענדל"—„לאָנדאָנ". אינ 1899 יאָר דרוקט ער אָפּ די ערשטע טיילנ פונ „טעוויע דער מילכיקער" אינ 1907 יאָר—„מאָטל פּייסי דעמ כאַזנס", אינ 1915 יאָר—זײַנ אווטאָבּיִאָגראַפיש ווערק „פונעמ יאַריד".

אינ 1905 יאָר האָט שאָלעם־אַלייכעמ, איבּער די פּאָגראָמענ אינ צאַרישנ רוס־לאַנד, עמיגרירט קיינ אויסלאַנד אונ געוווינט דאָרט אינ פאַרשיידענע שטעט: לעמ־בּערג, זשענעווע, לאָנדאָנ, צומ סאָפ—אינ ניו־יאָרק.

אינ 1914 יאָר קערט זיכ שאָלעם־אַלייכעמ אומ אָפּ א קורצ שטיקל צײַט קיינ רוסלאַנד. ער פאָרט דערנאָכ ווידעראַמאָל אָפּ קיינ אויסלאַנד אונ אינ אָנהייבּ פונ דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע באַזעצט ער זיכ אינ אַמעריקע. געשטאָרבּנ איז שאָלעם־אַלייכעמ אינ 1916 יאָר אינ ניו־יאָרק.

שאָלעם אַלייכעמ האָט אינ זײַנ שאַפנ אויסגעדריקט די אידעאָלאָגיע פונעמ ייִדישנ קליינבּירגערטומ אינ דעמ פּעריִאָד, ווענ דאָס קליינבּירגערטומ ווערט רויִנירט דורכנ קאַפּיטאַליזמ.

אינ זײַנ ווערק „מענאַכעם־מענדל" מאָלט ער א געשטאַלט פונ א שטעטלדיקנ לופט־מענטשנ, וואָס די אַנטוויקלונג פונעמ קאַפּיטאַליזמ האָט אימ אַרײַנגעשלײַדערט

אינעם קאָך־קעסל פון דער קאפּיטאַליסטישער שטאָט. ער שילדערט אונדז די אומ־געלונגענע פּרוּוון פונעם דאָזיקן שטעטלדיקן לופט־מענטשן און פון אסאך אנדערע זיינן גלייכן זיך צוצופּאסן צום קאפּיטאַליזם.

אין זיין ווערק „טעוויע דער מילכיקער" מאָלט שאָלעם־אליינעם דעם פּראָצעס, וויאזוי דער אַלטער טראדיציאָנעלער קליינשטעטלדיקער לעבנשטייגער גייט אונטער אדאנק דער אנטוויקלונג פונעם קאפּיטאַליזם. טעוויע דער מילכיקער — דער הויפּט־העלד פונעם דאָזיקן ווערק, איז א טיפּ פון א יידישן האָרעפּאשניק, וואָס שטעקט נאָך מיט אלע זיינע געדאנקען און פאַרשטעלונגען אינעם אלטן לעבן, אינעם אלטן שטייגער. עס איז אים זייער שווער צו פאַרשטיין זיינע טעכטער, וועלכע פירן זיך אויף גאָר ניט אזוי, ווי עס האָבן זיך אויפגעפירט זייערע עלטערן, זייערע זיידעס און באָבעס.

שאָלעם־אליינעם איז א קלאסיקער. ער איז איינער פון די גרעסטע יידישע שרייבער, איינער פון די אָנגעזעענסטע הומאָריסטן אין דער וועלט־ליטעראטור. ער האָט אויסגעצייכנט גוט געשילדערט דעם לעבנשטייגער פונעם יידישן קליינבירגער־טום אינעם צארישן רוסלאנד און אין דער קאפּיטאַליסטישער אמעריקע. אין זיינע ווערק האָט ער געגעבן א גאנצע גאַלעריי לעבעדיקע געשטאַלטן, צווישן וועלכע עס צייכענען זיך באזונדערס אויס מענאכעם־מענדל, טעוויע דער מילכיקער און מאָטל פּייסי דעם כאזנס. דאָס געשטאַלט מענאכעם־מענדל איז געמאָלט בא שאָלעם־אליי־כעמען אזוי טרעפלעך, אז דערדאָזיקער נאָמען איז דערנאָך געוואָרן א סינאָנים פאַר יעדן „לופט־מענטשן", פאַר יעדן באָדנלאָזן פאנטאזיאָר.

שאָלעם־אליינעם האָט אויסגעצייכנט געקענט די שפּראַך פון זיינע העלדן. א גרויסע צאָל פון זיינע ווערק זיינען געשריבן אין דער פאָרם פון מאָנאָלאָגן. שאָ־לעם־אליינעם האָט אָנגעשריבן א גרויסע צאָל קליינע דערציילונגען, ער האָט אויך אָנגעשריבן ראָמאַנען און דראַמעס.

---

# מענאכעמ־מענדל

## I. מיליאָנען

(סאָכרימ, מעקלערס און „שפּעגעלאנטן")

(1899)

I

מענאכעמ־מענדל פון יעהופּעצ
צו זײַן ווײַב שיינע־שיינדל אין קאַסרילעווקע.

לעזוגאָסי הײַקאָראָ הצנוּאָ האכאכאָמאָ מאָראס שיינע־שיינדל שעטיכיע. ריישיס באָסי לעהוידיִעכ, אז איך בין באָרעכ האשעמ בעקאוו האכאימ וועהאשאָלעמ, האשעמ־יִסבאָרעכ זאָל העלפן, מע זאָל טאָמעד האָרכן איינס פונעמ אנדערן נאָר גוטס מיט בסורעס טויוועס, יעשועס ווענעכאָמעס—אָמיין *).

צווייטנס, זײַ וויסן, אז איך בין שוין אויס שפּעגעלאנט, איך בין איצט געוואָרן א מעקלער, פּאָשעט א מעקלער, טאקע דאָ אין יעהופּעצ אפ דער בירזשע. פאראן אין יעהופּעצ מעקלערס קענענאָרע אזויפיל, ווי שטערן אין הימל,—מיט וואָס בין איך ערגער פון זיי? דאכט זיך, איך האָב אויך הענט און פיס און א נאָז מיט אויגן גלײַך מיט אלע ייִדן, און אזעלכע מעיוכאָסימ, ווי איך, איז דאָ אסאך,—פונדעסטוועגן שטייט זיי אָן נעמען דאָס שטעקל און גיין מעקלערן. די גרויסע טוירע, וואָס מע באדארף דאָ האָבן? אבי מע קאָן זאָגן א ליגן, און דערצו, אז מע איז נאָך א שטיקל אזעספּאָנעמ, קאָן מען שוין זײַן א מעקלער; און אדעראבע, וואָס מער ליגנער און וואָס מער אזעספּאָנעמ, איז אלץ מער מעקלער! מעגסט מיר גלייבן, פאראן דאָ אין יעהופּעצ מעקלערס, וואָס קאָטאָרע בא אײַך אין קאַסרילעווקע וואָלט זיי אָנגעשטאנען זײַן באהעלפערס אָדער באלעגאָלעס, זיי קאָנען זיך קאמ כאסמענען, און פונדעסטוועגן—זעסט דאָך: ווי זאָגט די מאמע דײַנע: „אז גאָט וויל, שיסט א בעזעמ".. מע באדארף נאָר אָנטון א ווײַס העמד מיט א שיינעמ קאפּעליוש, קריכן, שמעקן, כאפּן א וואָרט, א לויף אהער, א שפּרונג אהין—„פּאָזשאלעטי קארטאזש!" **) „קארטאזש" הייסט מעקלערײַ, „שכיטע־געלט". אײַ, איז דאָס א זיסער גראָשן, אָט דאָס „קארטאזש"! אָן קאָפּדרייעניש, אָן בויכווייטעק! אָט האָב איך געכאפּט ערשט נעכטן א פּופּציקער „קארטאזש"—זאָל מיך אזוי וויסן א בייזע וועטשערע מיט דיר אינײַנעמ, ווי איך ווייס פּארוואָס! איך האָב געמאכט צען טויזנט פוד צוקער גרינג. נאָך גרינגער, ווי אויסרויכערן א פּאפּיראָס. דאָס הייסט, געמאכט האָבן אנדערע, נאָר איך בין ארײַנגעשפּרונגען אינמיטן.

*) צו מײַן ווײַב דער טײַערער, צנועדיקער קלוגער פרוי שיינע־שיינדל לעבן זאָל זי. צוערשט קומ איך דיר צו מעלדן, אז איך בין גאָט צו דאנקען לעבעדיק און געזונט. דער אויבערשטער זאָל העלפן מע זאָל שטענדיק האָרכן איינס פונעמ אנדערן נאָר גוטס מיט גוטע בסורעס, גליק און טרייסט—אָמיין. מיט אָט דער ווענדונג הייבן זיך אָן אלע בריוו מענאכעמ־מענדלס צו זײַן פרוי. אין די ווײַטערדיקע בריוו האָבן מיר דידאָזיקע ווענדונג ארויסגעלאָזט.

**) פארגרײַזט פון „קורטאזש".

האקיצער איכ האָב מיט גאָטס הילפ געכאַפט א פּאָפּציקער! אז גאָט העלפט, עס גייט אוועק אזוי איינ האלב יאָר, שטעל איכ מיכ צוריק אפ די פיס אונ ווער דער אייגענער, ווי פריִער, וואָרום בא אונדז אינ יעהופּעצ שפּילט דאָס געלט די גרעסטע ראָליע! דער מענטש אלײנ איז בלאָטע, ייִכעס וויל מענ דאָ ניט וויסנ. מעגסט זיכ זײַנ ווער דו ווילסט אונ וואָס אינ דער קאָרט—אַבי געלט! אונ מאכמעס איכ בינ פּאַרנומענ אונ האָב קײנ צײַט ניט, מאַכ איכ דאָס בעקיצער. אימירצעשעם, אינעם אנדערנ בריוו וועל איכ דיר ארויסשרײַבנ אלצדינג באַאריכעס *) לעסאַטע לאָז גאָט געבנ מיט האצלאָכע. גריס די קינדער, זאָלנ לעבנ, אונ שווער אונ שוויגער, אונ איטלעכנ באזונדער גאָר פרײַנטלעכ.

מימעני באַלייכ **) מ ע נ א כ ע מ־מ ע נ ד ל

איקער שאָכאַכטי ***) שרײַב מיר, איכ בעט דיכ, וואָס האָרכט זיכ עפּעס בא אײַכ, צי גייענ רעגנס, אונ וואָס מאַכנ די בורעקעס אונ צי ס'איז פאַראַנ עפּעס אסאַכ זשוקלעכ? איכ באַדאַרפ דאָס זייער נייטיק וויסנ, אונ וואָס גיכער!

האנאַל ****)

2

שײנע־שײנדל פונ קאַסרילעווקע
צו איר מאַנ מענאַכעמ־מענדל אינ יעהופּעצ.

ליכוויד באַלי האיאָקאָר האנאָגיד האמפּורסאָמ האכאָכאָמ מופלאָג מוירײנו האָראָוו רעב מענאַכעמ־מענדל ניירוי יאָיִר *****)

ערשטנס, קומ איכ דיר צו מעלדנ, אז מיר זײַנענ אלע, גאָט צו דאַנקענ, אינ בעסטנ געזונט, גיב גאָט דאָס נעמלעכע פונ דיר צו הערנ אפ ווײַטער ניט ערגער.

צווייטנס, שרײַב איכ דיר, מײַנ זיס לעבנ, א מיסעמעשונע, א כאָלערע אפ מײַנע סאָנימ! דו רעצייעכ, דו גאַזלענ אײנער! דו ווייסט, אז דײַנ ווײַב איז געלעגנ טויט־קראַנק נאָכ דער רעפּעראַציע, וואָס דער שײנער דאָקטער האָט מיר געמאַכט, אפ דײַנע יעהופּעצער באַלעבאָסטעס געזאָגט געוואָרנ, אז קאַמ, וואָס איכ פלאָנטע מיט די פיס, אונ די קינדער דײַנע האָב איכ צו טונ מיט זיי,—צײנדלעכ, העלדזלעכ, בײַכלעכ, דיפטעריט, מיט שלעק, מיט צאָרעס אפ מײַנע סאָנימס קעפּ! וויִאזוי שווײַגט מענ אָט אזא צײַט אונ מע שרײַבט ניט ארײַנ קײנ בריוול. מימאָנעפשעכ ******) ביסטו געשטאָרבנ—שרײַב, עלע דו לעבסט נאָכ, באַדאַרפסטו דאָכ אוואדע שרײַבנ! נאָר גיי טײַנע זיכ אויס מיט א כושימ *******), ווי זאָגט די מאַמע מײַנע, זאָל טאַקע לעבנ אונ געזונט זײַנ: „גיכער וועט זיכ א שיקער אויסניכטערנ, אײדער א נאַר

*) געננוי.

**) פונ מיר דײַנ מאַנ. אינ אלע ווײַטערדיקע בריוו וועלנ מיר שרײַבנ דידאָזיקע ווערטער אינ ייִדיש.

***) דעמ איקער פאַרגעסנ—א מינ „פּאָסט־סקריפּטומ".

****) דערזעלבער. אינ אלע ווײַטערדיקע בריוו וועלנ מיר שרײַבנ דאָסדאָזיקע וואָרט אינ ייִדיש.

*****) צומ קאָוועד פונ מײַנ מאַנ, דעמ טײַערנ, דעמ נאָגיד, דעמ באַרימטנ מאַנ, דעמ גרויסנ כאָכעמ, אונדזער לערער, דעמ ראָוו, רעב מענאַכעמ־מענדל, זײַנ שײַנ זאָל לײַכטנ. דאָס איז די ווענדונג פונ שײנע־שײנדל צו איר מאַנ מענאַכעמ־מענדל אינ אלע אירע בריוו. אינ די איבעריקע בריוו האָבנ מיר דידאָזיקע ווענדונג ארויסגעלאָזט.

******) אײנס פונ די בײדע.

*******) טאַמ, גוילעמ.

וועט קליגער ווערן"... מאָל דיר, אז אָך און ווי, אז שיינע-שיינדל באָרעכ-הערש לייע-דוואָסיס באדארפ האָבנ א מאנ א מעקלער, נאָר ס'איז אָבער אלץ קעדיי צו זיינ א מעקלער, א בייגל-טרעגער, א הונט-שלעגער—אבי אינ יעהופעצ, איינגעזונקענ זאָל דאָס ווערנ.

הײַנט שרייבסטו מיר, אז דו האָסט געכאפט א פופציקער בא דער איצטיקער שיינער פארנאָסע דיינער, און דו האָפסט, אז דאָס כאפסטו אלע טאָג א פופציקער. ניט אלע מאָנטיק איז פורים, נאר איינער, עס וועט דיר פופציק מאָל ארויס די אויגנ פונעמ קאָפּ, איידער דו וועסט דערלעבנ זענ דעמ אנדערנ פופציקער! און אויסער דעמ, גלייב איכ עפּעס גלאט ניט אינ די יעהופעצער פאַרדינסטנ, וואָס הייבנ זיכ אָנ טאָמעד מיט א גליק און לאָזנ זיכ אויס מיט א בוידעמ.

דו פרעגסט זיכ נאָכ אפ בורעקעס, און צי גייענ בא אונדז רעגנס? וואָס דענ האָסטו געוואָלט—עס זאָל זומער-לעבנ שיטנ א שניי? און וואָס געהער זיכ אָנ מיט א מאנצבל בורעקעס? און ווו האָסטו הײַנט בורעקעס? בא אונדז קאָכט מענ א באָרשטש פונ ראָסל, אָדער פונ שטשאַוועל; בורעקעס איז ערשט העט-העט ארומ סוקעס! הײַנט פרעגסטו זיכ עפּעס נאָכ אפ זשוקלעכ? וואָס פאר א זשוקלעכ אפ דיר? נא דיר זשוקלעכ! קארג האָט מענ פונ די וואנצנ, דארפנ מיר נאָכ זשוקלעכ! נו, פרעג איכ דיכ אליינ: אינ יעהופעצ זיצסטו, צוקער מאכסטו, פופציקערס כאפסטו,—פעלט דיר נאָר בורעקעס, רעגנ און זשוקלעכ! ביסט עפּעס א מיוונ דערופּ? נאָר די מאמע, זאָל טאקע לעבנ און געזונט זיינ, זאָגט זייער גלייכ: „א מעשוגענער שלאָגט פרעמדע פענצטער, ניט קיינ אייגענע"...

דעריבער פאָלג מיכ, מענדל, וואַרפ אוועק די נארישע וועלט, און אויב דו האָסט נאָכ עפּעס פונעמ פופציקער, נעמ און קומ צו פאָרנ אהיימ, און אויב ניט, וועל איכ דיר ארויסשיקנ אפ דער הויצאָע. דערמאָנ דיכ, אז דו האָסט א ווײַב ביז הונדערט און צוואנציק יאָר און קליינע קינדער, וואָס קוקנ ארויס אפ דיר אלע טאָג, און זאָל די וועלט אופהערנ צו טונ האָבנ מיט מיר, לאָז מיר אופהערנ ברע-גענ מײַנ פאָנעמ, ווי עס ווינטשט דיר פיל גוטס און אימער גליק.

דײַנ בעעמעס געטרייע פרוי ש יי נ ע-ש יי נ ד ל.

## 3

מענאכעמ-מענדל פונ יעהופעצ
צו זײַנ ווײַב שיינע-שיינדל אינ קאסרילעווקע.

זײַ וויסנ, אז דו האָסט ניט רעכט צעקײַט, וואָס איכ האָב דיר געשריבנ. זאָלסט גאָר קיינ יעסורימ ניט האָבנ, וואָס איכ בינ געוואָרנ פונ א שפעגעלאנט א מעק-לער—ס'איז גאמ זו לעטויווע*) איכ בינ ניט איינער אינ יעהופעצ. פאראנ בא אונדז, קענענאָרע, אסאכ מעקלערס,—מעקלערס פונ צוקער, מעקלערס פונ אקציעס, מעק-לערס פונ ברויט, מעקלערס פונ געלט, פונ הײַזער, פונ אימעניעס, פונ וועלדער, פונ מאשינעס, פונ בערלינעס, פונ קלעצער, פונ פאבריקעס, פונ זאוואָדנ, פונ באנענ און וואָס א מויל קאָנ אויסריידנ און וואָס דאָס הארצ פארגלוסט—איז דערופּ דאָ א מעקלער... עס ווערט דאָ ניט געמאכט קיינ שומ געשעפט אָנ א מעקלער... און יעדער מעקלער קומט אָנ צומ אנדערנ מעקלער, וואָרומ ד ע ר מעקלער האָט א קוינע, און

*) אויכ דאָס איז צומ גוטנ.

יענער מעקלער האָט א מויכער *), קומט דאָס אויס אינײנעמ א זיוועג **). הײַנט מאכט זיכ אָפט, אז צו איטלעכנ מעקלער טשעפּענ זיכ צו נאָכ צוויי-דרײַ מעקלערס, טײלנ זײ זיכ אלע מיטנ „קארטאזש" כײלעק קעכײלעק. אונ אז מע קאָנ זיכ ניט אײַנטײלנ מיט די כאלאָקמ, איז אָדער מע פארלאָזט זיכ אפ מענטשנ, אָדער מע טוט, ווי מע פלעגט טונ אינ אָדעס, דאָס הײסט, מע „קאָמפּעזירט" ***) מיט פּעטש... הײַנט פארשטײסטו שוינ דעמ אינינ האמעקלערײַ? נאָר די גרעסטע מעקלערס פונ אלע זײַנענ די צוקער-מעקלערס, וואָרומ אלע צוקערנ גײענ דורכ זײערע הענט, זײַנענ זײ מעאסעפּ מאָמענ ****), פאָרנ מיט אײגענע קארעטעס, זיצנ אינ בויבעריק אפ דאטשעס.

האקלאל, איכ האָב ארויסגעזענ, אז מעקלערײַ איז דאָס בעסטע געשעפט, וואָרומ וואָס האָט א מעקלער אײַנצושטעלנ? מימאָנעפשעכ: האָב איכ געטראָפנ, וועט יענער פארדינענ געלט, עלע ניט — וועלנ מיר בײדע ליגנ אינ דער ערד! עמעס, דו ביסט גערעכט, ניט אלע טאָג כאפּט מענ פּופּציקערס: איכ האָב פונ דעמ ערשטנ געשעפט אָנ לע-סאטע מער ניט געכאפּט גאָרניט, אונ דער פּופּציקער איז צעקראָכנ געוואָרנ אינ אײנ קעהערעפּאינ *****), וואָרומ א באלכויוו בינ איכ געוועז, אז די האָר זײַנענ ניט מײַנע, אונ א פּאָר קערבלעכ האָב איכ צעטײלט גמילעסכאסאָדימ, אונ איכ זיצ שוינ ווידער אָנ א גראָשנ. נאָר וואָס דענ? איכ האָפּ, אז איכ וועל, אימירצאשעמ, מיטנ אײבערשטנס הילפ, מאכנ א געשעפט אינגיכנ, אונ דעמאָלט וועל איכ דיר צושיקנ עטלעכע קערבלעכ דורכ אנ אָנווײַזונג.

אונ וואָס איכ פרעג דיכ מעקויעכ רעגנס, איז א פּאָשעטער סײכל: ווײַל צוקער, פארשטײסטו, מאכט מענ דאָכ פונ בורעקעס, אונ בורעקעס באדארפנ האָבנ רעגנ, אנדערש קאָנענ זײ ניט וואקסנ. דעריבער פרעג איכ דיכ, צי עס גײענ בא אײַכ אָפטע רעגנס. נאָר האלעווײַ זאָל גאָט געבנ, אז קײנ רעגנ זאָל בעסער ניט גײנ, אונ די זשוקלעכ זאָלנ עסנ די בורעקעס, אפ וואָס די וועלט שטײט. וואָרומ וויבאלד אז עס וועט ניט זײַנ קײנ בורעקעס, וועט ניט זײַנ קײנ צוקער, אונ אז עס וועט ניט זײַנ קײנ צוקער, וועט צוקער זײַנ מיט גאָלד גלײַכ, וועלנ די שפּעגעלאנטנ מאכנ געשעפטנ, די מעקלערס וועלנ פארדינענ געלט, אונ איכ אויכ בעסויכאָמ ******). אונ מאכמעס איכ בינ פארנומענ אונ איכ האָב קײנ צײַט ניט, מאכ איכ דאָס בעקיצער. לעסאטע זאָל גאָט געבנ מיט געזונט אונ מיט האצלאָכע. גריס די קינדערלעכ אונ איטלעכנ באזונדער גאָר פרײַנטלעכ.

פונ מיר דײַנ מאנ מ ע נ א כ ע מ-מ ע נ ד ל

## 4

שײנע-שײנדל פונ קאסרילעווקע
צו איר מאנ מענאכעמ-מענדל אינ יעהופּעצ.

ערשטנס, קומ איכ דיר צו מעלדנ, אז מיר זײַנענ אלע, גאָט צו דאנקענ, אינ בעסטנ געזונט, גיב גאָט דאָס נעמלעכע פונ דיר צו הערנ אפ ווײַטער ניט ערגער.

*) א פּארקויפער.
**) א פּאָר.
***) קאָמפּענסירט
****) שארנ גאָלד.
*****) אינ אײנ אויגנבליק.
******) אינמיטנ.

צווייטנס, שרײַב איך דיר, וואָס עס האָט זיך מיר געכאָלעמט יענע נאכט און הײַנטיקע נאכט און א גאנצ יאָר — זאָל אויסגיין צו מײַנע סאָנימס קעפּ! א געדולע אפ דער באָבע — אז עס וועט ניט גיין קיין רעגנ, וועט ניט זײַנ קיין בורעקעס, און אז עס וועט ניט זײַנ קיין בורעקעס, וועט ניט זײַנ קיין צוקער, און אז עס וועט ניט זײַנ קיין צוקער, וועט ער דעמאָלט פארדינענ געלט! פונקט די מײַסע מיטנ ציגעלע און מיטנ בער! און וואָס וועט זײַנ, מענדל, אז איך וועל דיר אָנזאָגנ א בסורע, אז בא אונדז גיסנ אלע טאָג שלאקסרעגנס, און די בורעקעס וואקסנ מיט רוכעס, און קיינ זשוקלעך איז בא אונדז נישטאָ, כוץ וואנצנ מיט טאראקאנעס — וועט דיר שוינ זײַנ גרינגער?

גאָט זאָל מיר טאקע אזוי העלפנ, ווי איך האָב דאָס געוווּסט פריִער, אז פונעמ פּופּציקער האָסטו שוינ א גוט־אויג, ניט קיינ געלט. איך האָב געוווּסט פריִער, אז דו וועסט גיכער צעטרענצלענ די עטלעכע קערבלעך אפ גמילעסכאסאָדים, איידער נעמענ אפנ קאָפּ, אז דו האָסט א ווײַב ביז הונדערט און צוואנציק יאָר. גמילעסכאסאָדים? קרענק וואָלט איך זיי געגעבנ מיט צאָרעס מײַנע, וואָרומ אז דו וועסט באדארפנ צו זיי אָנקומענ מיט א גמילעסכעסעד, וועסטו זענ, אז קיינער וועט ניט זײַנ אינדערהיימ, ווי זאָגט די מאמע: „א נעמעראָווער איז ניט קיינ געבעראָווער, און א גוטער ברודער איז נאָר ביז צו דער קעשענע"... נאָר ווער איז שולדיק, ווענ ניט איך אליינ? א קלייניקײַט, מע גיט אזוי נאָך א מאנ: ער ווייסט דענ וואָס צו טונ פאר גרויס ראָסקאָש? ער דרייט זיך דאָרט ארומ אינ יעהופּעצ, ווי א גראפּ, עס פעלט אימ נאָר רעגנס מיט זשוקלעך, און איך ליג דאָ ווי א הונט באגראָבנ, שלימ־שלימאזל אפ יעדער טריט! גייט א קינד, מוישע־הערשעלע, ברענענ זאָל ער, פאלט דיס און האקט זיך איבער א ליפּ; האָב איך א פינגערל מיט שפּריצלעך, גאנווענט ... אוועק בא מיר די דינסט, — עס גייט, קענעגאָרע, פונ אלע זײַטנ, ווי זאָגט די מאמע: „קומט אָנ דאָס גליק, גיס אויס די פּאָמינעצע"... נו, בינ איך שוינ געדעכט געוועגנ, וואָס איך האָב דיר געזאָגט, אז ניט אלע מאָנטיק איז פּורימ, און אז קיינ פּופּציקערס וואלגערנ זיך נישט?

דײַנ בעעמעס געטרײַע פרוי שיינע־שיינדל.

**5**

משנאכעמ־מענדל פונ יעהופּעצ
צו זײַנ ווײַב שיינע־שיינדל אינ קאסרילעווקע.

זײַ וויסנ, אז דו האָסט געטראָפנ. דאָס צוקער־געשעפט איז פאר מיר טאקע קיינ געשעפט ניט.

איך האָב מיך גענומענ צו הײַזער. וואָס עפּעס צו הײַזער? ווײַל דאָ אינ יעהופּעצ, איז הײַנט געוואָרנ א נײַע שפּעגעלאציע — הײַזער. דו קערסט אוואדע מיינענ, אז א נ יעהופּעצ קויפט מענ א שטוב, אזויווי בא אײַך אינ קאסרילעווקע? האָסטו א טאָעס. דאָ אינ יעהופּעצ, אז מע קויפט א שטוב, טראָגט מענ זי באלד אוועק אינ באנק און מע נעמט אפ איר געלט; נאָכדעמ פארזעצט מענ זי און מע נעמט נאָכאמאָל געלט. נאָכדעמ פארדינגט מענ די דירעס און מע נעמט ווידעראמאָל געלט. האקלאל, מע קויפט א שטוב אָנ א גראָשנ געלט און מע ווערט לעמאזל א באלעבאָס. וועסטו דאָך פרעגנ: ווייבאלד אזוי, קאָנ דאָך איטלעכער האָבנ א שטוב? איז

דער טעֶרעצ: ווי נעמט מען אַן אדערופּ?.. אוואדע, ווען גאָט העלפט מיר, איך פיר אויס דאָס געשעפט, וואָס איך דריי מיך אצינד (איך האלט איצט בא מאכנ א פאָר הייַזלעך), קויפ איך מיר דעמאָלט אליינ א הייַזל (אפ דייַנ נאָמענ) פאר א קערבל צוואנציק טויזנט אונ וועל ניט אריינלייגנ קיינ דרייַ צעבראָכענע גראָשנס, וואָרומ אָט האָסטו דעמ כעזשבנ אויבנופ: פופצנ טויזנט גיט מיר ארויס די באנק, זעקס טויזנט נעמ איך ארויס פונ דער צווייטער זאקלאדנע, בלייַבט מיר ניט איבער קיינ טויזנט קערבלעך אינ קעשענע? האָב איך שוינ צושטייַער אפ הויצאָעס אויך! הייַנט ווי איז דירע-געלט אונ שעאָר יעראָקעס *), פונוואנענ דענ, מיינסטו, וואקסט מען אויס א גוויר אינ יעהופּעצ?

אונ מאכמעס איך בינ פארנומענ אונ האָב קיינ צייַט ניט, מאך איך דאָס בעקיצער. אימירצעשעמ, אינעמ אנדערנ בריוו וועל איך דיר ארויסשרייַבנ אלצדינג באריכעס. לעסאטע זאָל גאָט געבנ מיט געזונט אונ מיט האצלאָכע. גריס די קינדערלעך אונ איטלעכנ באזונדער גאָר פרייַנטלעך.

פונ מיר דייַנ מאנ מ ע נ א כ ע מ - מ ע נ ד ל.

## 6

שיינע-שיינדל פונ קאסרילעווקע
צו איר מאנ מענאכעמ-מענדל אינ יעהופּעצ.

ערשטנס, קומ איך דיר צו מעלדנ, אז מיר זייַנענ אלע, גאָט צו דאנקענ, אינ בעסטנ געזונט, גיב גאָט דאָס נעמלעכע פונ דיר צו הערנ ווייַטער ניט ערגער.

צווייטנס, שרייַב איך דיר, ווי איז דאָס געהערט געוואָרנ אפ דער וועלט, אז א יונגערמאנ זאָל נעמענ אונ אוועקוואַרפנ זייַנ ווייַב אונ קינדער, שווער אונ שוויגער אונ אוועקלאָזנ זיך אינ א פרעמדער שטאָט אונ פארנעמענ זיך אלעמאָל מיט אנ אנדער געשעפט: אָט איז ער א צוקערמאכער אונ אָט ווערט ער גאָר א באלעבאָס פונ אנ אייגענעמ מויער אינ יעהופּעצ אָנ א גראָשנ געלט? ס'איז טאקע קעדייַ, כלעבנ! איידער צו האָבנ א שטוב אונ זייַנ אפ איר שולדיק מער, וויפל זי איז ווערט, איז גלייַכער, זי זאָל פריִער פארברענט אונ פארסארפעט ווערנ אינאיינעמ מיט אלע הייַזער אינ יעהופּעצ. א גליק וועט מיך טרעפנ, אז ער וועט מאכנ א געשעפט אונ וועט פארדינענ געלט, וועט ער מיר קויפנ א הייַזל אפ מייַנ נאָמענ. וואָס טויג מיר הייַזלעך? דו שיק מיר בעסער געלט, וועל איך מיר שוינ געפינענ וואָס צו קויפנ, ווי זאָגט די מאמע, זאָל געזונט זייַנ: „גיב מיר נאָר אהער דאָס ברויט, א מעסער וועל איך מיר אליינ געפינענ"...

עס איז נאָר אנ אָנשיקעניש, א גוט אויג אפ מיר — אונ גענוג! דאכט זיך, איך ווייס, איך בינ אויך אזא יידישע טאָכטער ווי בליומע-זלאטע, אונ אזוי שיינ אויך ווי זי, אונ אזוי קלוג אונ ציקאווע, ווי זי — אוואדע. פארוואָס-זשע, גוואלד, קומט דאָס מיר, אז איך זאָל האָבנ אזא וויסט פינצטער מאזל, אונ בליומע-זלאטע זאָל ווערנ וואָס א טאָג גרעבער ווי לענגער, אייַנגעדארט אונ אויסגעדעווערט זאָל זי ווערנ, ליבער גאָט! נאָר צוריק שמועסנדיק, וואָס האָב איך, אייגנטלעך צו בליומע-זלאטענ? אפ מייַנ ערד גייט זי נישט ארומ. לאָז זי זייַנ געזונט אונ שטארק אונ זיך עלטערנ מיט איר נעכעמיענ, אונ מיר לאָז גאָט העלפנ אינ

*) קלייניקייטנ.

מײַנע שטייגער. ווי זאָגט די מאַמע: „בעסער זיך געווונטשן, איידער יענעם געשאָלטן“... נישט מער, ס'איז מיר נאָר א ווייטעק צו זען בא לײַטן, ווי מע לעבט און ווי מע טוט זיך אָן, און איך באַדאַרף זיצן אַן אַלמאָנע כּײַע *) און אַרויסקוקן אַף מײַן שיינעם ברויטגעבער, טאָמער וועט אים דאָרט טרעפן דאָס גליק: א גאַלעך וועט פאַרלירן און ער וועט געפינען, וועט ער מיר מויערן א מויער אין יעהופּעץ! ניט דערהאַרן וועט דאָס נאָך יעהופּעץ, איך זאָל מיך צוליב דײַנע שיינע לײַט מאַפּקיר זײַן **) און אַוועקלאָזן זיך צו דיר אַהינצו, אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם פאַריק.—דעם קאָפּ זאָלן זיי ברעכן, ריבוינעשעלוילעם, אַפן גלײַכן וועג, ווי עס ווינטשט דיר פיל גוטס און אימער גליק

דײַן בעעמעס געטרײַע פרוי ש יי נ ע-ש יי נ ד ל.

# 7

מענאַכעם-מענדל פון יעהופּעץ
צו זײַן ווײַב שיינע-שיינדל אין קאַסרילעווקע.

זײַ וויסן, אַז דאָס געשעפט פון הײַזער איז בלאָטע. איך האָב מיך באַצײַטנס א נעם געטאָן צו אַנדערע מיסכאָרים, צו „אימעניעס“ (גיטער). אימעניעס—דאָס איז גאָר אַן אַנדער מין מיסכער! ערשטנס באַדאַרף מען דערצו ניט רײַסן קיין שטיוול; מע שרײַבט אַרײַן א בריוול, מע שיקט אַוועק אַן „אָפּיס“ ***), יענער פאָרט זיך דורך, קוקט אָן די ערד,—און עס ווערט מיט גאָטס הילף א געשעפט. און צווייטנס האַנדלט מען ניט מיט קיין זלידניעס, מיט קיין קאַפּצאָנים: מע האָט צו טון מיט פּריצים, פּאָמעשטשיקעס, פירשטן, גראַפן. ווערסטו דאָך מיך פרעגן: ווי קום איך צו גראַפן? איז דרינען א גאַנצע מײַסע!

אַזויווי דו ווייסט דאָך, אַז איך טאָר ניט זײַן הי... און עס טרעפט זיך, אַז פּאָליציע קומט אַמאָל באַנאַכט אַף דער אַכסאַניע בוידעק כאָמעצ זײַן ****), גיט אונדז די באַלעבאָסטע פריִער א יעדיִע, ביכדיי מיר זאָלן זיך באַצײַטנס צעגיין, ווי זאַלץ אין וואַסער,—דער קיין בויבעריק, דער אַף דער דעמייעווקע און דער אַף דער סלאָבאָדקע... נאָר אַמאָל טרעפט זיך, אַז די באַלעבאָסטע אַליין ווייסט אויך ניט, ווען עס וועט זײַן די בעהאָלע, איז דעמאָלט זייער ניט גוט! יענע וואָך ליגן מיר אַזוי אַלע אָרכים און שלאָפן, דערווײַל האָרכן מיר, מע קלאַפּט. שפּרינגט אַראָפּ די באַלעבאָסטע אין איין ציטערניש און רופט זיך אָן צו אונדז: „יעהודים בעלוי, *****) קריכט אין שטרוי“!—איז געוואָרן א שפּרינגערײַ מיט א באַהאַלטערײַ, ווער אין קעלער און איך אַף מײַן אַלט אָרט, אַפן בוידעם, און באַלד נאָך מיר נאָך איינער, א ייִד פון קאַמענעץ. ליגנדיק אַזוי אין געהאַקטע ווינדן אַפן בוידעם, הער איך, ווי דאָס ייִדל, נעבעך, קרעכצט.—וואָס קרעכצט איר?—פרעג איך אים שטילערהייט. „אַז אָך און וויי איז צו מיר, זאָגט ער, מײַנע פּאַפּירן האָב איך געלאָזט צוקאָפּנס! איך האָב מוירע פאַר מײַנע פּאַפּירן!“—וואָס פאַר פּאַפּירן?—מאַך איך צו אים.—„אוי,

*) א לעבעדיקע אַלמאָנע.

**) ברענגען פאַר א קאָרבן.

***) אינווענטאַר-צעטל, באַשרײַבונג.

****) זוכן כאָמעצ,—דאָ מיינט מען זוכן ייִדן אָן ווינרעכט.

*****) ייִדן,—ניט געסטײַעט!

מאכט ער, זייער נײַטיקע פאפירן! טרעפן אָן בלי גוזמע *) עפשער א האלבן מיליאָן!" איך האָב דערהערט א האלבן מיליאָן, האָב איך מיך שטילערהייט צוגע־רוקט צו מײַן ייִדל און פרעג אים: ווי קומט צו אײַך אזויפיל פאפירן און וואָס איז איז דאָס פאר א מין פאפירן?—„ס'איז אימעניעס, מאכט ער צו מיר, איך האָב אימע־ניעס אין וואָלינער גובערניע, גרויסע אימעניעס, מיט די בעסטע רעמאנענטן, פערד און אָקסן, און שאָף אָן א שיר, מיט וואסערמילן, מיט גוראלניעס, מיט הויפן שארפע, און סגעצייכנטע גערטנער, מיט אלדאָס גוטס!" דערהערט אזעלכע דיבורים**), רוק זיך מיך צו צו מײַן ייִדל נאָך נעענטער:—ווי קומט צו אײַך אזויפיל אימעניעס, מיט אזא גוטס?—„די אימעניעס, מאכט ער צו מיר, זײַנען ניט אף מײַן מיסט גע־וואקסן געוואָרן. די אימעניעס, מאכט ער צו מיר, זײַנען פריצישע אימעניעס, נאָר איך האָב זיי אף דער האנט, דאָס הייסט, איך בין פון זיי דער פארקויפער, דערוף טאקע בין איך געקומען אהער צו פאָרן. געבראכט מיט זיך אלע פאפירן, די אָפּיסן פון זיי. ווי מיינט איר, איך וועל, כאָלילע, ניט האָבן קיין שאָדן?"—כאס וועשאָלעם, זאָג איך, ווער דארף דאָס פרעמדס? דער אויבערשטער זאָל העלפן, מע זאָל, כאָלילע, ניט פארקריכן, זאָג איך, אהער צו אונדז אפן בוידעם. און דערווײַל טו איך אים א טאפ פון יענער זײַט:—נו, האָט איר עפעס געמאכט הי מיט אײַערע אימעניעס? —„ניין, מאכט ער, לעסאטע גאָרניט, איך האָב מוירע פאר די היגע מעקלערס. זיי זײַ־בען, זאָגט מען, גרויסע ליגנערס, האָבן ניט אין זיך קיין וואָר וואָרט! עפשער ווייסט איר א מעקלער פון אימעניעס, נאָר א רעכטער מעקלער זאָל זײַן, דעריקער אן ערלעכער, ניט קיין ליגנער?"—אך, זאָג איך, מיטן גרעסטן קאָוועד! איך אליין, זאָג איך, בין א מעקלער פון אימעניעס, דאָס הייסט, זאָג איך, קיין אימעניעס האָב איך נאָך אף מײַן לעבן ניט אויסגעמעקלערט, נאָר גאָרניט, זאָג איך, האלעווײַ זאָל גאָט צושיקן א קונע, איז קיין מעלאָכע ניט צו מאכן אן אימעניע אויך.—„איך זע, מאכט ער צו מיר, אז איך האָב צו טון מיט אן עמעסן מענטשן, און מיט אן ערלעכן מאן, גיט-זשע מיר די האנט, אז צווישן אונדז וועט דאָס בלײַבן, וועל איך אײַך איבערגעבן אלצדינג, ווו די אימעניעס מײַנע ליגן, און וואָס בא מיר געפינט זיך".

האקיצער, מיר האָבן מיט גאָטס הילף געמאכט א געשעפט, דאָס הייסט, מיר האָבן געשלאָסן שוטפעס אף אלע געשעפטן: ער לייגט ארײַן אין שוטפעס אלע זײַנע אימעניעס, און איך לייג ארײַן מײַנע קוינים.

נאָר מאכמעס איך בין פארנומען און האָב קיין צײַט ניט, מאך איך דאָס בעקי־צער. אימירצעשעם, אינעם אנדערן בריוו וועל איך דיר ארויסשרײַבן אלצדינג באאריכעס. לעסאטע לאָז גאָט געבן מיט געזונט און מיט האצלאָכע. גריס די קינ־דער, זאָלן לעבן, און איטלעכן באזונדער גאָר פרײַנטלעך.

פון מיר דײַן מאן מענאכעם-מענדל.

איקער שאָכאכטי. די בעהאָלע, וואָס איז געווען אף דער אכסאניע, איז גע־ווען אן אומזיסטע בעהאָלע, דאָס האָט איינער עפעס א שאָכן אלפי טאָעס גע־קלאפט צו אונדז אין פענצטער, און מיר זײַנען זיך אומזיסט צעלאָפן. נאָר דאָ זעט מען ארויס, וויאזוי דער אייבערשטער פירט, אזוי איז גוט. לעמאָשל, ווען דער שאָכן זאָל ניט געווען קלאפן אין פענצטער, וואָלט ניט געווען קיין בעהאָלע, און איך וואָלט ניט געווען אפן בוידעם און וואָלט מיך ניט באקענט מיט דעם קאמע־

*) בלי גוזמע—ניט איבערגעטריבן.

**) ווערטער.

נעצער ייד, און וואָלט ניט געוווסט פון קיין אימעניעס און בין קיין גראפן. עס פעלט איצט נאָר איין שטיקעלע האצלאָכע!

ד"ז

8

שיינע־שיינדל פון קאסרילעווקע
צו איר מאַן מענאכעם־מענדל אין יעהופעץ.

ערשטנס, קום איך דיר צו מעלדן, אז מיר זײַנען אלע, גאָט צו דאנקען, אין בעסטן געזונט, גיב גאָט דאָס נעמלעכע פון דיר צו הערן, אָפּ ווײַטער ניט ערגער.

צווייטנס, שרײַב איך דיר, אז איך האָב באַקומען א הוסט, אָפּ דײַנע יעהופּעצער „מאדאמען" געזאָגט געוואָרן. איך טרינק שוין ציגן־מילך, איך בין שוין געווען באַם דאָקטער אויך. אין די פּאָר יאָר האָבן בא מיר די דאָקטוירים אויסגעצאַפּט געלט, זיי מעגן דאָס אויסקרענקען מיט דער אפּטייק אינײַנעם! א שטיקל גליק, וואָס עס האָט זיך געעפנט בא אונדז נאָך אַן אפּטייק, און מע קאָן זיך דינגען!

מאזלטאָוו דיר מיט דײַן נײַעם מיסכער, מיט די אימעניעס און מיט די גראפן! בראָש וואַרפט ער זיך מיט געשעפטן, אלע טאָג א נײַעס. גענוג, וואָס ער איז אזא בעריע און אזא גרויסער מוצלעך *), פּערעבענדיוועט ער נאָך און זוכט כעסרוינעס, ווי זאָגט די מאמע: „אז דאָס מיידל קאָן ניט טאנצן, זאָגט זי — די קלעזמער קאָנען ניט שפּילן"... איך האָב מוירע, מענדל, דו וועסט אזוי לאַנג פּרווון מיט געשעפטן, ביז דו וועסט אָנהייבן ארומטראָגן שוועבעלעך צו פּאַרקויפן, אזויווי געצל דער מומע סאָסיס', וואָס האָט זיך אוועקגעלאָזט קיין אמעריקע, געמיינט, אז דאָרט כאַפּט מען דעם קאָטער, צום סאָף שרײַבט ער הײַנט אזעלכע בריוועלעך, אז אפילע א שטיין קאָן דאָס רירן. ער שרײַבט, אז דאָרט, אין אמעריקע, מוז יעדער איינציקער ארבעטן מיט דער נעשאָמע, עלע ניט — מעג ער געשוואָלן ווערן פאר הונגער, וועט אים קיינער ניט געבן קיין שטיקל ברויט. א שיין לאַנד, ברענען זאָל דאָס מיט דײַן יעהופּעץ אָפּ איין פײַער! א מיצווע אָפּ אײַך א גרויסע, ווי זאָגט די מאמע: „אז מע האָט ברויט, זאָל זיך ניט גלוסטן קיין צוקערקעלעך"... האלעווײַ זאָל גאָט א נעס טון, איך זאָל כאָטש ניט הערן פון דיר אינגיכן, וואָס מע הערט פון געצל דער מומע סאָסיס, און מיט מער פרישקײַט, ווי עס ווינטשט דיר פיל גוטס און אימער גליק

דײַן בעעמעס געטרײַע פרוי שיינע־שיינדל.

9

מענאכעם־מענדל פון יעהופּעץ
צו זײַן ווײַב שיינע־שיינדל אין קאסרילעווקע.

זײַ וויסן, אז איך האָב אימעניעס אָפּ אריבער א מיליאָן. איך האָב אזעלכע אימעניעס, וואָס זײַנען א כאריפּעס, מע זעט דאָס גאָרניט! וועסטו דאָך מיך פרעגן: ווי קומט צו מיר אזא גוטס? וועסטו הערן: אז איך בין ארויסגעקומען אָפּ דער בירזשע מיט מײַן שוטעף פון קאָמענעץ און האָב אויסגעפירקט, אז איך האָב צו פאַרקויפן אימעניעס, האָבן זיך א שאָט געטאָן מעקלערס, וואָס האָבן אויך אימעניעס צו פאר־

*) א מאזלדיקער.

זיפנ, און מיר האָבנ געמאכט א געשעפט, הייַנע: מיר האָבנ געביטנ אימעניעס אפ אימעניעס, דאָס הייסט, מיר האָבנ זיי געגעבנ „אָפּיסנ" פונ אונדזערע אימעניעס, און זי האָבנ אונדז געגעבנ „אָפּיסנ" פונ זייערע אימעניעס, איז דאָכ מימאָנעפשעכ: וועלנ מיר מאכנ זייערע אימעניעס, וועלנ מיר דאָכ אוואדע פארדינענ געלט; וועלנ זי מאכנ אונדזערע אימעניעס, וועלנ מיר ווידער פארדינענ געלט, — סייַוויסייַ דער־לייגנ וועלנ מיר שוינ ביט!

האקלאל, איכ האָב מיכ אריַינגעכאפּט אינ דער כעוורע מעקלערס און בינ גע־ווארנ, מיט גאָטס הילפ, א מעקלער צווישנ די גרויסע, און איכ זיצ שוינ אינעווייניק בא „סעמאדעניָנ" *), ווי אלע, ארומ די ווייַסע מירמלשטיינערנע טישלעכ, און טרינק קאווע מיט פוטערגעבעקס. אזוי איז דער מינעג, עלע ניט, — גייט צו א מענטש און טרייַבט ארויס. דאָ בא „סעמאדעניָנ" איז די רעכטע בירזשע. עס קומענ זיכ צונויפ אהער די גאנצע וועלט מעקלערס. עס איז דאָ שטענדיק א געש־ריי, א טומל, א הו־הא, ווי אינ שול: **) אלע ריידנ, לאכנ, מאכנ מיט די הענט. אמאָל קריגט מענ זיכ, מע אמפּערט זיכ און נאָכדעמ לאָדט מענ זיכ, מאכמעס באמ טייַנ זיכ, מיטנ „קאוויטאזש" איז טאָמעד פאראנ טייַנעס מיט פרעטענציעס, מיט פאר־לאָזונישנ, מיט קלאָלעס, מיט פייַגנ, מיט פעטש, און איכ בינ אויכ בעסויכאָמ.

און מאכמעס איכ בינ פארנומענ און האָב קיינ צייַט ניט, מאכ איכ דאָס בעקי־צער אימירצעשעמ, אינעמ אנדערנ בריוו וועל איכ דיר אויסשרייַבנ אלצדינג באא־ריכעס. לעסאטע לאָז גאָט געבנ מיט געזונט און מיט האצלאָכע. גריס די קינדער, זאָלנ געזונט זייַנ, און שווער און שוויגער, איטלעכנ באזונדער גאָר פרייַנטלעכ.

פונ מיר דייַנ מאנ מענאכעמ־מענדל.

זיקער שאָכאכטי. איינ אימעניע האָב איכ אינ וואָלינער גובערניע מיט א פאלאצ. איז דאָרטנ פאראנ זעקס און זעכציק כאדאָרימ, וואָס די ווענט מיט דער סטעליע מיט די בריקנ זייַנענ בעסאכאקל דורכויס פונ שפּיגל־גלאָז, מיט א גאָרטנ, וואָס ווערט אָנגערופנ „האנדזשירייי", און וואָס זומער און ווינטער וואקסנ דאָרטנ לימענעס מיט פּאָמעראנצנ, הייַנט די פערד מיט די קארעטעס, וואָס דאָרט געפינט זיכ, נעמט אָפּ אנ אויג, — און דאָס אלצדינג פארקויפט זיכ בעכאָצי־כינאָמ ***). ווענ גאָט שיקט מיר צו א רעכטנ קוינע, ווער וואָלט צו מיר דעמאָלט געוועג גלייַכ? ס'איז נאָר א שטיקל כיסאָרנ, וואָס מעקלערס פונ אימעניעס זייַנענ צומיינסטנ, געכאפּט אפ דער צונג, דאָס הייסט, זיי האָבנ לב אמאָל מעגאזעמ זייַנ ****) דעמ אייסעק, נאָר וואָס זאָל מענ טונ? פונ פארנאָסע וועגנ מוז מענ אמאָל זאָגנ א ליגנ אויכ...

ד"ז

## 10

שיינע־שיינדל פונ קאסרילעווקע

צו איר מאנ מענאכעמ־מענדל אינ יעהופּעצ.

ערשטנס, קומ איכ דיר צו מעלדנ, אז מיר זייַנענ אלע, גאָט צו דאנקענ, אינ בעסט געזונט, גיב גאָט דאָס נעמלעכע פונ דיר צו הערנ אפ ווייַטער ניט ערגער.

צווייטנס, שרייַב איכ דיר, אז איכ שפּייַ שוינ מיט בלוט פונ דייַנע שיינע בריוו־לעכ! ז'איז מיר א כארפּע, א בושע צו ווייַזנ אפילע עמעצנ, וואָס דו שרייַבסט מיר,

* סעמאדעני — געווענ א קאפע אינ קיעוו, ווו עס פלעגנ זיכ טרעפנ בירזשע־לייַט און מעקלערס.

** בעסמעדרעש.

***) האלב אומזיסט.

****) איבערטרייַבנ.

ווי זאָגט די מאמע זאָל לעבנ: „דער גרעסטער ווייטעק איז דער, וואָס מע קאָנ זומ
ניט אויסריידנ"... וואָס איז דאָס פאר אנ אווודע *), פרעג איכ דיכ, זיצנ גאנצע
טעג בא סימע־דינעב (ווער איז זי אָט די סימע־דינע צו אלדע שווארצע יאָר? בא
אונדז איז געוועב אמאָל סימע־דינע די רויפעטע, איז זי שוינ לאנג אפ דער ענ־
סער וועלט) אונ טרינקענ קאווע מיט פוטערגעבעקסלעכ אינמיטנ מיטוואָכ שאבעס־
צונאכטס? א געדולע אפ אימ, ער האָט „זשמעניעס" אפ צו פארקויפנ מיט זעקס זונ
זעכציק כאדאָרימ, זעקס אונ זעכציק מאקעס זאָל זיכ זעצנ מײַנע סאָנימ אפנ צנגג!
וואָרומ וואָס גייט אימ אָנ, אשטייגער, דאָרטנ אינ יעהופעצ, וואָס איכ האָב דאָ צו
טונ טאָג ווי נאכט מיט זײַנע קינדער? אָט האָט זיכ ערשט נעכטנ לייעניו, מיר זאָל
זײַנ פאר איר, צעשלאָגנ מיט מוישע־הערשלענ, לעבנ זאָל ער, האָט זי אימ זער־
לאנגט מיט א גאָפל אינ פאָנעמ ארײַנ, א גליק, וואָס ניט אינ אויג! נאָר וואָס העלפט
מיר דאָס ריידנ מײַנס, אז ס'איז אינ איינ אויער ארײַנ, פונעמ אנדערנ ארויס? אזא
רעציכע! איכ שרײַב אונ שרײַב, איכ ווער צעזעצט שרײַבנדיק, אונ ער זיצט זיכ
אינ געהאקטע ווונדנ אינ יעהופעצ אונ טרינקט קאווע, אונ קוקט, ווי מעקלערס פוטשנ
זיכ אפ דער בירזשע! האלעוויַ זאָל טאקע עמעצנ גאָט געבנ א זינענ, ער זאָל
זיכ מיט דיר אָפרעכענענ, ווי דו ביסט ווערט, וואָלסטו עפשער קליגער געוואָר, ווו
עס ווינטשט דיר פיל גוטס אונ אימער גליק.

דײַנ בעעמעס געטרײַע פרוי שײנע־שײנדל.

# 11

מענאכעמ־מענדל פונ יעהופעצ
צו זײַנ ווײַב שיינע־שיינדל אינ קאסרילעווקע.

זײַ וויסנ, אז איכ האנדל שוינ אצינד גאָר מיט וואלד, וואָרומ א אימעניע אליינ אָנ א
וואלד, איז ווי א שטוב אָנ א קוימענ. דער גאנצער אנטיק פונ יעדער אימעניע איז
דער וואלד. פונ וועלדער זײַנענ יידנ גליקלעכ געוואָרנ, געמאכט מיליאָנענ! ווײַסטו
דאָכ מיכ געוויס פרעגנ: ווי קומ איכ צו וואלד? הער, ווי גאָט פירט: אז איכ בינ גע־
וואָרנ א מעקלער פונ אימעניעס אונ האָב מיכ אָנגעהויבנ רײַבנ ארומ מעקלערס,
האָב איכ אָנגעטראָפנ גראָד צו איינעמ פונ די גרויסע מעקלערס. פרעגט ער מיכ: „וואָס
האָט איר פאר סכוירע, אנו, ווײַזט?" גיי איכ אונ נעמ ארויס מײַנ פעקל מיט „אויסנ"
פונ אימעניעס אפ א מיליאָנ מיט זיבנ הונדערט טויזנט. רופט ער זיכ אָנ צו מיר: „האָט קיינ
פאריבל ניט, וואָס איכ וועל אײַכ זאָגנ, אלע אימעניעס זענענ ניט ווערט קיינ דרײַ זעמעק־
מאבעקע. פרעג איכ מיסטאמע, פארוואָס? מאכט ער צו מיר: „דערפאר ווײַל בא
אײַכ זײַנענ אלע אימעניעס נאקעטע אימעניעס, ערד אונ הימל אונ ווידער אמאָל
ערד אונ הימל, אונ אָבער אמאָל ערד אונ הימל. ווו איז עפעס וואלד? וואָס
טויג מיר א אימעניע, אז זי האָט ׳ניט קיינ וואלד? וואָס שווײַגט איר? וואלד
גיט מיר אהער, וואלד!!" בעקיצער, איכ האָב געמאכט א שווײַג, וואָרומ ס'איז מיר געוועב
א כארפע, א בושע פאר זיכ אליינ, וואָס איכ טראָג מיכ ארומ מיט אזא מינ סכוירע,
וואָס איז גאָר קיינ סכוירע ניט!—אז ס'איז יאָ אזוי, רופ איכ מיכ אָנ צו אימ, גיט־זשע
מיר עפעס א רעכטע אימעניע מיט א וואלד, איכ האָב קונימ.—„אָכ, מאכט ער צו מיר,
מיטנ גרעסטנ קאָוועד! איכ האָב, זאָגט ער, פונ אײַערטוועגנ א וואלד, קיינ בענאָזעמ**),

*) ארבעט.

**) א מענטש.

זאָגט ער, איז דאָרט נאָכ ניט געווענ, ס'איז דאָרט זאָגט ער, פאראנ ביימער, פונ זינט די וועלט שטייט, דעמבעס הויכע ביז דער כמארע, פונ איינ זייט א באנ, פונ דער אנדערער זייט א טייכ. נאָר וויִאזוי מיינט איר, זאָגט ער, א טייכ? אָט איז דער וואלד אונ אָט איז דער טייכ. א האק א בוימ, א פליוכ אינ וואסער!"

דערהערט אזעלכע דיבורימ, בינ איכ באלד אוועק נאָכשמעקנ א קוינע אפ דעמ־דאָזיקנ וואלד, אונ גאָט האָט מיר געהאָלפנ, איכ האָב געפאקט א קוינע. אָנגעשמעקט האָב איכ אימ, געוויינלעכ, דורכ א מעקלער — דורכ נאָכ א מעקלער; נאָר עס מאכט ניט אויס, לאָז גאָט געבנ, דאָס געשעפט זאָל זיינ א געשעפט, וועט זיינ גענוג פאר אלעמענ. אז איכ בינ געקומענ צומ קוינע אונ האָב אימ פאָרגעלייגט, אז איכ האָב אזא אונ אזא וואלד, פונ איינ זייט א באנ, פונ דער אנדערער זייט א טייכ, א האק א בוימ, א פליוכ אינ וואסער, — איז אימ דאָס געשעפט באלד געפעלנ געוואָרנ; האָט ער מיכ באלד א נעמ געטאָנ אפנ צימבל אונ האָט מיכ אָנגעהויבנ צו פארהערנ אינ הילכעס וואלד: וויִאזוי הייסט דער וואלד, אונ ווו שטייט ער, אונ וואָסערע ביימער וואקסנ דאָרט, וויפל ארשינ זיינענ זיי פונ דער ערד, וויפל האלטנ זיי די הייכ אונ וויפל די ברייט, פונוואנענ הייבנ זיכ אָנ די צווייגנ, וואָס פאר א קאָרע איז אפ זיי, אונ וויִאזוי גייענ די סלויעס אינעווייניק אונ וויִאזוי פאָרט מענ אהינ, אונ וויִאזוי איז דער וועג, אונ צי ס'איז דאָרטנ ווינטער שנייענ?.. האקלאל, ער האָט מיכ באשאָטנ מיט רייד אונ מיכ ניט געלאָזט אויסריידנ קיינ וואָרט. ערשט אפנ סאָפ רופט ער זיכ אָנ צו מיר: „וואָס טויג אונדז פוסטע דיבורימ? איר ברענגט מיר בעסער אנ אָפיס פונעמ וואלד, וועלנ מיר נאָכדעמ ריידנ". — צו וואָס טויג אייכ, זאָג איכ, אָפיסנ? אמער, אָט טו איכ א שפרונג אפ איינ פוס אונ ברענג אייכ אהער צו פי[illegible]ב דעמ מויכער אליינ, דעמ באלעבאָס פונעמ וואלד, איז דאָכ בעסער פונ טויזנט אָפיסנ! האקלאל, איכ לויפ אוועק צו מיינ מויכער אונ כאפ אימ אונ ברענג אימ אריינ גלייכ צומ קוינע אינ נומער אריינ. מיינ קוינע מיטנ מויכער האָבנ זיכ דערזענ, איז אפ זיי אָנגעפאלנ א געלעכטער, איכ האָב געמיינט, זיי וועלנ ביידע דעמ שלאק באקומענ. — „אָט דאָס איז אייער באלעבאָס פונ וואלד?" מאכט צו מיר דער קוינע. — „אָט דאָס איז אייער קוינע אפנ וואלד?" — מאכט צו מיר דער מויכער. אינ דעמ עפנט זיכ די טיר אונ עס קומענ אריינ נאָכ צוויי ייִדנ, אונ מע מאכט ניט קיינ לאנגע דיבורימ, מע באלייגט דאָס טישל, מע נעמט ארויס די קאָרטנ אונ מע זעצט זיכ אוועק אלע פיר מאכנ אנ „אָקע" *) אונ דאָס געשעפט האָט מענ געלאָזט אפ אימירצעשעמ מאָרגנ. אונ מאכמעס איכ בינ פארנומענ אונ האָב קיינ צייט ניט, מאכ איכ דאָס בעקיצער. אימירצעשעמ אינעמ אנדערנ בריוו וועל איכ דיר ארויסשרייבנ אלצדינג באאריכעס. לעסאטע זאָל גאָט געבנ מיט געזונט אונ מיט האצלאָכע, גריס שווער אונ שוויגער, אונ די קינדער, זאָל לעבנ, אונ איטלעכנ באזונדער גאָר פריינטלעכ.

פונ מיר דיינ מאנ מ ע נ א כ ע מ ־ מ ע נ ד ל.

## 12

שיינע־שיינדל פונ קאסרילעווקע
צו איר מאנ מענאכעמ־מענדל אינ יעהופעצ.

ערשטנס, קומ איכ דיר צו מעלדנ, אז מיר זיינענ אלע, גאָט צו דאנקענ, אינ בעסטנ געזונט, גיב גאָט דאָס נעמלעכע פונ דיר צו הערנ אפ ווייטער ניט ערגער.

*) אָקע — אזא קאָרטנ־שפיל

צווייטנס, שרײַב איכ דיר, אז מײַנ לעבנ איז קיינ לעבנ ניט, ווי זאָגט די מאמע: „איידער אזוי פאָרנ, איז שוינ גלײַכער גיינ צופוס...“ איכ קאָנ מיר פאָרשטעלנ, אז אָכ אונ אז וויי, ווער דײַנע סאָכרימ זײַנענ, אז מע קומט זיכ צונויפריידנ פונ א וואלד, וואָס טרעפט אָנ „מילי־מיליאסנ“, ווארפט מענ אוועק האק אונ פאק אונ מע זעצט זיכ אנידער אפ א גאנצער נאכט שפּילנ אינ „אָקע“, עס זאָל אײַכ אזוי אָקענ אינ קאָפּ, ווי עס אָקעט מיר אינ הארצנ, בעשאס דער וויסטער פינצטערער הוסט קומט מיר אָנ! וויי איז מיר, ווינד איז מיר, צו וואָס איכ האָב מיכ דערלעבט, אז מײַנ מאנ, וואָס האָט קיינמאל ניט געוווסט קיינ צורע פונ קיינ קאָרט, זאָל ער איצטער ריידנ פונ קאָרטנ! עס גייט דיר מער ניט אָפּ, מענדל, צו דײַנע זײַדענע קליידער, אז דו אליינ זאָלסט נאָכ ווערנ א קארטיאָזשניק אפ דער עלטער! נא דיר גאָר וועלדער! ווי קומסטו צו וועלדער? האָסט דענ געזענ אמאָל, ווי א בוימ וואקסט? ווי זאָגט די מאמע זאָל לעבנ: „ווי קומט א רעבע האנדלענ מיט כאזיירימ?“... איכ האָב מוירע, אז פונ דײַנע וועלדער זאָל זיכ ניט אויסלאָזנ א בוידעמ, גלײַכ ווי פונ אלע דײַנע גילדענע געשעפטנ, ווי עס ווינטשט דיר פיל גוטס אונ אימער גליק

דײַנ בעעמעס געטרײַע פרוי שיינע־שיינדל.

די גאנצע וועלט טראָגט דיכ אפנ קאָפּ! יענע וואָכ איז זיכ מעיאשעוו דײַנ קרויווע קריינדל, די קאפּאָרע זאָל זי דיר זײַנ פאר מיר, אונ באגעגנט זיכ מיט דער מאמענ מײַנער אינ מארק בא די פיש אונ הייבט אָנ מיכ צו באוויינענ אונ באקלאָגנ, א מאקע איר א גרויסע! פּארוואָס, זאָגט זי, נעמ איכ ניט קיינ געט בא דיר, אונ אנ עק לאָז דאָס האָבנ? מאָל דיר, זי האָט זיכ פונ דער מאמע ניט געגארט. די מאמע האָט זיכ, כאָלילע, מיט איר ניט געקריגט, ניט געזידלט, נאָר גלאט אזוי דערלאנגט מיט ווערטער, ווי זי קאָנ: „דאָרטנ, ווו צוויי זײַנענ אפ איינ קישנ, טאָר זיכ דער דריטער ניט מישנ“ אונ „איידער א נײַער שארבנ, איז גלײַכער אנ אלטער טאָפּ...“ „גוטע פרײַנט זײַנענ ווי קראָפּעווע, וואקסנ אָנ רעגנ...“ „פּארוואָס קוקסטו בעסער ניט אפ א נעענטערנ?..“ „איטלעכער דערהערט, ווי יענער האָט געגעסנ קנאָבל...“ אנ אָקס האָט א לאנגנ צונג אונ קאָנ קיינ שויפער ניט בלאָזנ“... אוכדוימע*) אזעלכע ווערטלעכ האָט איר די מאמע דערציילט אזוי לאנג, ביז קריינדל איז אוועק, עס האָט איר אָפּגענומענ דאָס לאָשנ.

## 13

מענאכעמ־מענדל פונ יעופּעצ
צו זײַנ ווײַב שיינע־שיינדל אינ קאסרילעווקע.

זײַ וויסנ, אז פונעמ וואלד האָט זיכ אויסגעלאָזט א סטעפּ; ס'איז ניט קיינ וואלד, ניט קיינ ביימער, ניט קיינ טײַכ, א נעכטיקער טאָג! אומזיסט געדולט א קאָפּ אי יענעמ, אי זיכ; אומזיסט געבראָכנ פיס, געריבנ שטיוול. איכ האָב ארויסגעזענ, מײַנ טײַער ווײַב, אז וועלדער איז ניט פאר מיר, אונ מיט אזעלכע ליגנערס האנדלענ איז ניט פאר מײַנ קאָפּ. זיי קאָנענ דיר אויסטראכטנ אפנ הימל א יארידן! וואָסזשע האָב איכ געטאָנ? האָב איכ מיר באצײַטנס א נעמ געטאָנ צו אנ אנדער געשעפט. צו זאווואָדלעכ (דאָס הייסט פאבריקנ, ווו מע מאכט צוקער), דאָס איז הײַנט דאָס בעסטע פונ אלע געשעפטנ; יידנ קויפנ זאווואָדנ, אונ די מעקלערס פארדינענ געלט, זענענ מעאסעפ מאָמעג.

*) אונ דאָס גלײַכנ.

וועסטו דאָך מיסטאמע וועלן וויסן, ווי קום איך מיך צושלאָגן צו אזא פונדאמענטאל געשעפט, וואָס איך וויים גאָרניט, מיט וואָס מע עסט דאָס? וועסטו האָרכן, וויאזוי גאָט פירט מיט א מענטשן:

שוין פון א צייט, אז איך האָב אופגעהערט גיין צו סעמאדעניע (ניט אזוי ווי דו רופסט אים—סימע־דינע! ס'איז גאָר א זאָכער, ניט קיין נעקייווע, און נאָך א ראָשע דערצו און אופגעהערט צו גיין האָב איך, ניט ווייל איך האָב מיך מיט אים געקריגט, נאָר פּאָשעט, ווייל ס'איז מ'ר נימעס געוואָרן די קאווע מיט די בולקעלעך, און אגעוו, האָב איך טאקע ניט בא זיך קיין קליינגעלט, האָב איך מיך אָנגעהויבן ארומדרייען גלייך מיט אלע יידן אף דער גאס. אזוי לאנג און אזוי ברייט, ביז איך האָב זיך באקענט מיט איינעם א מעקלער פון זאוואָדן, ווייזט אויס, א גאנצ ערלעכער און האָט גרויס קענטשאפט. ער קומט אריין, זאָגט ער, צו אלע גרעסטע, אפילע צו די בראָצקיס*). „פונוואַנען, מאכט ער צו מיר, איז א ייד?"—פון קאסרילעווקע, זאָג איך, אליין בין איך, הייסט עס, א יאמפּעלער, זאָג איך, א ניכטעוו**) בין איך אין מאזעפּעווקע, אן איידעם בין איך פון קאסרילעווקע, און האנדלען האנדל איך אין יעהופּעצ.—„וואָס איז אזעלעכס, מאכט ער צו מיר, אָט דאָס קאסרילעווקע, א דאָרפ צי א שטעטל?"—וואָס איז שייעך, זאָג איך, א שטעטל? א גאנצע שטאָט!—„מעגן דאָרטן יידן וווינען?" — נאָך א מין מעגן!—„נו, און א טייך, מאכט ער, איז בא אייך פאראן?" — נאָך א מין טייך, זאָג איך, שטינקיילאָ הייסט דער טייך.—„נו, און פון באן, מאכט ער, איז עפּעס וויַיט?"—סאכאקל, זאָג איך, א ווערסט עטלעכע און זיבעציק. וואָס איז, זאָג איך, אקעגן וואָס פרעגט איר דאָס?—„גיט מיר, מאכט ער צו מיר, די האנט, אז צווישן אונדז וועט דאָס בלייבן; איך קאָן אייך אָנזאָגן א בסורע, רעב מענאכעם־מענדל, אז מיר וועלן, אימירצעשעם, אינגיכן ביידע פארדינען געלט, און אסאך, א פול היטל! ס'איז מיר נאָר וואָס, זאָגט ער, אריינגעפאלן א מאכשאָווע, וואָס טרעפט איינמאָל אין הונדערט יאָר, היינע: אזויווי קוינים אף זאוואָדן זיינען היינט פאראן איבערגענוג, און קיין זאוואָדן איז ניטאָ; דעריבער האָט זיך דער אוילעם א נעם געטאָן צו בויען פרישע צאפלדיקע זאוואָדן, און מאכמעס אין די דערפער טאָרן דאָך קיין יידן ניט אריין, זוכט מען ערטער אף די זאוואָדן נאָר אין קליינע שטעטלעך, דאָרטן, וווּ יידן מעגן וווינען; היינט פארשטייט איר שוין, אז אייער קאסרילעווקע איז באשאפן געוואָרן, אז ס'זאָל דאָרט זיין א זאוואָדל? און אזויווי איר זעט מיך, האָב איך גראדע א קוינע אף צו בויען א זאוואָדל אף א האלבן מיליאָן קערבלעך, נאָר קיין אָרט איז ניטאָ: מע האָט פארכאפּט אלע ערטער! ווייסט איר ניט, מאכט ער צו מיר, מיט וועמען רעדט מען, און צי קריגט מען בורעקעס און א פלאצ אף צו בויען א זאוואָדל?"— אָך, מאך איך, מיטן גרעסטן קאָוועד! איך האָב דאָרטן, זאָג אך, א וויַיב ביז הונדערט צוואנציק יאָר, מיט שווער און שוויגער, מיט א גאנצער מישפּאָכע. איך קאָן באלד אוועקשרייבן אהינצו א בריוול און איר, מעגט, זאָג איך, זיין זיכער, אז מע וועט מיר טייקעף אָפּענטפערן.

איז דעריבער, מיין טייער וויַיב, שרייב איך דיר וועגן דעם און בעט דיך טאקע, זאָלסט זיך זען מיט אזריעל דעם סטארעסטע און מיט מאָשקע דעם רויטן, ער דרייבט זיך צווישן פריצים, זאָל ער אויסטאפּן בא זיי, צי קאָן מען האָבן א פלאצ, און וויפל קאָן מען האָבן בורעקעס, און ווי טייער, און טאקע באלד מיר אָפּענט־

*) א גרויסער יידישער קאפּיטאליסט אין צארישן קיעוו
**) א צוגעשריבענער.

פערנ דורכ א בריוול. מע קאָנ דאָ, פארשטייסטו מיכ, כאפּנ א גראָבּס, טאקע א צענ־פּופּצנ טויזנט! אונ מאכמעס איכ בינ פארנומענ אונ האָב קיינ צײַט ניט, מאכ איכ דאָס בעקיצער. אימירצעשעמ, אינעמ אנדערנ בריוו, וועל איכ דיר ארויסשרײַבּנ אלצדינג באאריכעס. לעסאטע זאָל גאָט געבנ מיט געזונט אונ מיט האצלאָכע. גריס איטלעכנ באזונדער גאָר פרײַנטלעכ.

פונ מיר דײַנ מאנ מענאכעמ־מענדל

## 14

שיינע־שיינדל פונ קאסרילעווקע
צו איר מאנ מענאכעמ־מענדל אינ יעהופּעצ.

ערשטנס, קומ איכ דיר צו מעלדנ, אז מיר זײַנענ אלע, גאָט צו דאנקענ, אינ בעסטנ געזונט, גיב גאָט דאָס נעמלעכע פונ דיר צו הערנ אפ ווײַטער ניט ערגער.

צווייטנס, שרײַב איכ דיר, אז איכ האָב דײַנ מעגילע געלייענט אונ געלייענט אונ האָב נישט פארשטאנענ איינ וואָרט, וואָס דו ווילסט. דו פרעגסט זיכ נאָכ, צי ס'איז דאָ פּלאצ? שרײַב איכ דיר, אז אפ דעמ נײַעמ בייסוילעמ איז דאָ גענוג, עס וועט קלעקנ פאר האלב יעהופּעצ! אונ וואָס פרעגסטו זיכ אלצ נאָכ אפ בורעקעס? פאר־וואָס פרעגסטו זיכ שוינ ניט אָנ איינגעמאכטס אפ קרויט, אפ כריינ אונ אפ פּאסטערנאק? אונ דער טײַכ, אזא מאזל אפ דײַנע שוטפימ, וואָס פאר א וואסער באַ אונדז איז! קומט ערעוו פּייסעכ, טרינקט מענ יאשטשערקעס, אונ זומער ווערט דער טײַכ גרינ ווי גראָז; איכ וואָלט וועלנ, אז דײַנע יעהופּעצער פּײַנע בריִעס, וואָס האָבנ צו טונ מיט די מאָגנס, זאָלנ פארזוכנ אונדזער וואסער ארומ טאמעז... נײַנ מענדל, לאָזנ זיי דיר קרענקענ דאָרט אינ יעהופּעצ, מיר וועלנ זיכ שוינ אזוי באגיינ אָנ זייערע זאוואָדלעכ, שלאָג דיר ארויס פונ קאָפּ דידאָזיקע אלע נארישקײַטנ, דו ווערסט אזוי מאכנ זאוואָדלעכ, פּונקט אזוי ווי דו האָסט געמאכט וועלדער, אימעניעס, הײַזער אונ צוקער! איכ בינ דיר אָרעוו, אז איידער דו ווערסט זיכ ארומקוקנ, וועלנ דיכ דײַנע שוט־פימ באנעמענ פונ קאָפּ ביז די פיס, וואָרומ דו ביסט געוועזנ א שלימאזל אונ די ווערסט בלײַבנ א שלימאזל, ווי עס ווינטשט דיר פיל גוטס אונ אימער גליק

דײַנ בעעמעס געטרײַע פרוי שיינע־שיינדל.

## 15

מענאכעמ־מענדל פונ יעהופּעצ
צו זײַנ ווײַב שיינע־שיינדל אינ קאסרילעווקע.

זײַ וויסנ, אז דער אייסעק פונ זאוואָדנ איז שטארק אָפּגעקילט געוואָרנ. עס איז געקומענ אפ זיי א קריזיס, מאמעש עס וואלגערנ זיכ זאוואָדלעכ אינ גאס, נישטאָ קיינ קוינימ! דער אוילעמ, פארשטייסטו מיכ, האָט זיכ אָנגעגעסנ מיט זאוואָדנ, אביסל אי־בערגעכאפּט די מאָס, געלט איז טײַער אונ צוקער איז בעזיל האזאָל *), וואָרומ מע האָט אָנגעמאכט אזויפיל צוקער, אז ס'איז ניטאָ, ווו זיכ אהינצוטונ מיט אימ, כאָטש נעמ ווארפ אימ ארויס! ס'איז אינ דער ערד דאָס געשעפט, די זאוואָדשיקעס שטארבנ נאָכ א גראָשנ, די קאפּיטאליסטנ האלטנ זיכ אײַנ, אונ די מעקלערס גייענ ארומ ליידיק, אָנ א שטאָכ ארבעט, אונ איכ אויכ בעסויכאָמ.

מיינסטו דאָכ אוודע, אז ס'איז עק וועלט? זאָלסטו זיכ גאָרניט זארגנ, מײַנ טײַער ווײַב, גאָט איז גאָט אונ יעהופּעצ איז א שטאָט. אזעלכע מענטשלעכ, ווי איכ, ווערנ,

*) שטארק וואָלויל.

כאָלילע, ניט פֿאַרפֿאַלן; אַדרבא, איך האָב ערשט אַ האָפֿענונג, אַז הײַנט, אימירצעשעם באַדאַרף איך ערשט אויפֿקומען, וואָרום איך פֿיר איצט אַ געשעפֿט, וואָס איך באַדאַרף פֿאַרדינען אויף מײַן כײלעק קימאַט ביז אַ מייע עלעף! *). דאָס געשעפֿט וואָס איך פֿיר, טרעפֿט אָן צען מיליאָן, און עפּשער נאָך מער פֿון צען מיליאָן, עס האָט ניט קיין שיר און קיין ערעך. ס'איז אַ סוואָרע, אַז גאָלד אַליין זאָל דאָרטן זײַן אין די אַלאָפֿים **), הײַנט ווו איז זילבער, ווו איז אײַזן, ווו איז קופּער, ווו איז בלײַ, ווו איז קוועקזילבער? פֿון ערדקוילן און פֿון שטיינער רייד איך שוין ניט! הײַנט געפֿינען זיך דאָרטן וועלדער מיט פֿעלדער מיט קאָלטוווו ***), און ווילן וויל מען דערפֿאַר סאַכאַקל דריטהאַלבן מיליאָן, עס איז אַ מעציִע פֿון אַ גאַנעוו! איינ כעסאָרן איז נאָר, וואָס ס'איז אַביסל צו ווײַטלעך, ס'שטעקט אַזש אין סיביר, און פֿאָרן באַדאַרף מען אַהינצו עפּשער דרײַ וואָכן קעסיידער, וואָרום אַהין גייט ניט קיין באַן... וועמען לייגט מען פֿאָר אַזאַ גרויס געשעפֿט? געוויינטלעך, בראָצקין! איז אָבער די צאָרע, וויאַזוי דערשלאָגט מען זיך צו בראָצקין אין דער קאָנטאָר? ערשטנס שטייט בײַ דער טיר אַ שווייצאַר מיט קנעפּ, און קוקט אויף דער קאַפּאָטע: ווי באַלד אַן אַלטע קאַפּאָטע, אַזוי גיט מען איר דעם וועג; און אַז גאָט העלפֿט, מע קומט שוין איבער דעם שווייצאַר, שטייט מען אָפּ אַ שאָ זעקס אויף די טרעפּ און מע וואַרט, טאָמער וועט גאָט ראַכמאָנעס האָבן, מע וועט דערזען בראָצקין דורכגיין. און אַז מע דערלעבט אים שוין יאָ צו זען גיין, פֿליט ער פֿאַרבײַ פֿײַל אויסן בויגן, און איידער מע קוקט זיך אַרום, זיצט ער שוין אין דער קאַרעטע—און אַ גוטן טאָג מיט דער קאַפּאָטע! קאָן מען ניט זײַן אַזוי גראָב און מע מוז קומען מאָרגן נאָך אַמאָל. אויף מאָרגן איז ווידער די אייגענע געשיכטע; אַ קלייניקײַט, אַ מענטש האָט אַזויפֿיל געשעפֿטן?! מע קאָן ניט אַזוי גיך זיך דערשלאָגן צו בראָצקין! נאָר צו גאָט אַ האָפֿענונג, איך וועל מיך מיסטאַמע אַמאָל דערשלאָגן, און דעמאָלט וועט שוין זײַן גימל! ****). און מאַכמעס איך בין פֿאַרנומען און האָב קיין צײַט ניט, מאַך איך דאָס בעקיצער. אימירצעשעם, אינעם אַנדערן בריוו וועל איך דיר אַרויסשרײַבן אַלצדינג באַאַריכעס. לעסאַטע לאָז גאָט געבן מיט געזונט און מיט האַצלאָכע. גריס די קינדערלעך און אַלע מען באַזונדער גאָר פֿרײַנטלעך.

פֿון מיר דײַן מאַן מ ע נ אַ כ ע ם ־ מ ע נ ד ל.

## 16

שיינע־שיינדל פֿון קאַסרילעווקע
צו איר מאַן מענאַכעם־מענדל אין יעהופּעץ.

ערשטנס, קום איך דיר צו מעלדן, אַז מיר זײַנען אַלע, גאָט צו דאַנקען, אין בעסטן געזונט, גיב גאָט דאָס נעמלעכע פֿון דיר צו הערן אויף ווײַטער ניט ערגער.

צווייטנס, שרײַב איך דיר, אַז מײַן גיטל איז געבליבן אַן אַלמאָנע מיט זיבן קינדער יעסוימים, איינס קלענער פֿונעם אַנדערן. געשטאָרבן, איז דער שוואָגער מײַנער, מיר צו לענגערע יאָר, פֿון אַ צאָן, דאָס הייסט, אַז מע וויל, איז ער אַפֿילע טאָמעד געווען ניט קיין געזונטער; ער פֿלעגט, ניט פֿאַר מיר געדאַכט, גאַנץ אָפּטלעך אונטערהוסטן מיט בלוט. פֿונדעסטוועגן האָבן מיר געמיינט אַז ער וועט זיך

*) הונדערט טויזנט.

**) טויזנטער.

***) אַלראָס גוטס.

****) גוט.

נאָכ מוטשען. צום סאָף גייט ער און נעמט זיך ארויס א צאָן בא שמעלקע דעם רויפע, לייגט זיך אנידער און שטארבט אוועק. ווי זאָגט די מאמע, איר צו לענגערע יאָר: „קיינער ווייסט ניט, וועמעס מאָרגן עס איז"... און דערווײַלע, נעבעך, גיטל לייגט אײַן די וועלט, ס'איז אירע טרערן גאָרניט צו באשרײַבן! אוואדע ווען, כאָלילע, פארקערט, מײַן שוועסטער, איר צו לענגערע יאָר, זאָל כאס־וועשאָלעם שטארבן, און זאלמען־מייער זאָל בלײַבן אן אלמען, וואָלט ער געוויס אזויפיל טרערן ניט פארגאָסן און וואָלט מיסטאמע באלד געבראכט צו פירן פון בערדיטשעוו א שטיפמאמע פאר זײַנע קינדער.

איך זאָג דאָס טאקע אנקעגן אלע מאנצבלען, די קאפּאָרע מעגט איר זײַן פאר אײַערע ווײַבער, וואָרום ווו איז דאָס געהערט געוואָרן, אז א טאטע פון קינדער זאָל זיך ארײַנעמען א מעשוגאעס אין קאָפּ ארײַן — מיליאָנען! א גליק האָט אים געטראָפן, ער שטייט בא בראָצקין בא דער טיר! איך האָב מוירע, אז ווײַטער פון דער טיר וועסטו ניט גיין. אן אווירע די שטיוול, כלעבן! אָט באלד טאקע כאפּט בראָצקי ארויס מיליאָנען און פליט אוועק קיין סימביר — וואָס איז? מענאכעם־מענדל אליין האָט געהערט, אז דאָרטן ערגעץ אין אלדע שווארצע יאָר וואלגערט זיך גאָלד מיט קוועקזילבער! ווי זאָגט די מאמע מײַנע: „א טויבער האָט געהערט, ווי א שטומער האָט דערציילט, אז א בלינדער האָט געזען, ווי א קרומער איז געלאָפן"... נאָר איך ווייס פריער, אז אינעם אנדערן בריוו וועסטו מיר געוויס שרײַבן, אז פארנעם גילדענעם געשעפט האָט זיך אויסגעלאָזט א בוידעם. עס וועט זיך אָבער געפינען א שלאק מיט א נײַעם כאָלעם און וועט דיר דערציילן, אז א קו איז געפלויגן איבערן דאך און האָט געלייגט אן איי, וועסטו צעלאָזן די פּאָלעס און וועסט ווידער לויפן, ווי א מעשוגענער. דו זאָלסט אָבער נעמען אפּן קאָפּ, אז דו האָסט אינדערהיים א ווײַב ביז הונדערט און צוואנציק יאָר מיט קליינע קינדער, וואָס קוקן אפּ דיר ארויס ווי אפּ מאָשיעכן, וואָלט זיך דיר ניט גלוסטן ארומשלעפּן זיך איבער פרעמדע הײַזער און ארומטראָגן זיך מיט אזעלכע נארישקײַטן, וואָס עס שלאָגט צו דער גאל הערנדיק. נאָך האָט דיך ניט אָנגעלערנט יעהופּעץ, ברענען זאָל דאָס אפּן פײַער, ווי עס ווינטשט דיר פיל גוטס און אימער גליק

דײַן בעעמעס געטרײַע פרוי ש ײ נ ע ־ ש ײ נ ד ל.

17

מענאכעם־מענדל פון יעהופּעץ

צו זײַן ווײַב שיינע־שיינדל אין קאסרילעווקע.

זײַ וויסן, אז מיר האָבן א גרויסן גאָט. הער א מײַסע: אז איך האָב אָנגעהויבן ווערן אן ארײַנגייער צו די בראָצקיס, בין איך געוואָרן א גרויסער כאָשעוו אפּ דער בירשזע און עס האָבן זיך צו מיר אָנגעהויבן צושארן מעקלערס פון דער וועלט מיט טויזנטער געשעפטן: הײַזער און אימעניעס און וועלדער און באנען און פּאראכאָדן און פאבריקעס אפּ מיליאָנען, און אלץ פון בראָצקיס וועגן! צווישן די־דאָזיקע מעקלערס זײַנען פאראן א פּאָר שוטפים, ניט קיין היגע, איינער טראָגט א טענדעווערענדע מיט א הענגקאָלנער, און דער אנדערער הייסט מיט א מעשונע מאָדנע נאָמען, וואָס איך שעם זיך דיר ארויסצושרײַבן... אָט די צוויי מעקלערס האָבן מיך געכאפּט איינמאָל, בעשאס איך בין געגאנגען פון בראָצקין, און טענדע־

ווערענדע האָט זיך אָנגערופֿן צו מיר: „הערט־זשע אויס, רעב מענאכעם־מענדל וואָס איך וועל אײַך זאָגן. די מײַסע דערפֿון איז אזוי: מיר האָבן געהאָרכט, אז איר דרייט זיך דאָרט ארום די בראָצקיס, מאכטייסע, לאָז אײַך גאָט העלפֿן, וואָס האָבן מיר צו אײַך?" — דעריבער, זאָג איך, וואָס־זשע ווילט איר? — „וואָס, זאָגט ער, זאָלן מיר וועלן? מיר ווילן דאָס, וואָס יעדער מעקלער וויל, מיר ווילן פֿארדינען, מיר זײַנען אויך מעקלערס, מיר האָבן אויך געשעפֿטן, א קאשע אף א מײַסע, אביסל אין אײַער זכוס, אביסל אין אונדזער זכוס, טאָמער וועלן מיר עפּעס מאכן, וועלן מיר מאכן אינײנעם, עס וועט זײַן יאכלױיקע *). ווינציקער פֿארדינסט, אבי פֿארדינט, ווי זאָגט מען: „פֿון א קריוודע קאָכט מען וועטשערע"... — אלקאָלפֿאָנעם, זאָג איך, צו וואָס טויג אונדז לאנגע דיבורים? זאָגט בעסער, וואָס האָט איר? שעמט זיך ניט. — „מיר האָבן, זאָגט ער, געשעפֿטן זייער אסאך מיט גאָטס הילף. מיר האָבן קוילן אין פּאָלטאווער גובערניע, מיר האָבן אײַזן אין קאניעוועער אויעזד, מיר האָבן א מיל אן אָפּגעברענטע אין פּערעיאסלעוו, מיר האָבן מאשינעס אזעלכע גאָר נײַע, א פֿינסקער ייִד האָב זיי אויסגעטראכט, הײַנט האָבן מיר א פֿאָרעצ, וואָס וויל אויסבײַטן א וואלד אף א גוראלניע, און א ייִדן האָבן מיר, וואָס וויל קויפֿן א גרויס הויז אין יעהופּעצ אָן געלט, הײַנט אימעניעס! וועלדער! טאָמער האָט איר קוינים, וועלן מיר אײַך געבן אימעניעס, אָדער טאָמער האָט איר אימעניעס, וועלן מיר אײַך געבן קוינים?".. — ניין, זאָג איך, מיט קיין אימעניעס און וועלדער האנדל איך שוין מער ניט — אן עק! איך האָב מיך, זאָג איך, מיט אימעניעס שוין אָפּגעבריט און האָב געגעבן זיך דאָס וואָרט, אז איך זאָל קיין אימעניעס מיט קיין וועלדער מער אין די הענט אריין ניט נעמען! — „עט, מאכט צו מיר די טענדעווערענדע, אלע געשעפֿטן זײַנען דײַן גלײַך? אָט האָבן מיר איצט א אימעניע אף קאווקאז, א אימעניע מיט נאפֿט, דאָס הייסט, אזא מין ערד, ווו עס שפּריצט פֿון דאָרט נאפֿט, ס'שפּריצט און סע שפּריצט און ס'הערט גאָר ניט אוף צו שפּריצן! ס'איז גאָר א סוואָרע, אז די ערד קאָן דאָרט ארויסוווארפֿן א מיליאָן פֿוד נאפֿט אין איין טאָג!.."

— אויב אזוי, זאָג איך, זענט איר פֿון מײַנע מענטשן; אָט דאָס, זאָג איך, איז א געשעפֿט! אָט דאָס גיט אהער!

און מיר זײַנען אוועק אלע דרײַ אין דער „ייִדישער מאַלאָטשנע" (איך גיי שוין מער ניט צו סעמאדעניג, ווײַל דאָרט טרײַבט מען ארויס, גיי איך שוין אין דער „ייִדישער מאַלאָטשנע" פֿאָרט היימלעכער, צווישן ייִדן, מע קאָן זיצן און ריידן און טון, וואָס מע וויל). און דאָרט האָבן מיר ארומגערעדט דאָס געשעפֿט און געשלאָסן שוטפֿעס. און אז ס'איז געקומען צום צעשרײַבן זיך, האָבן זיי מיר אנטפּלעקט דעם סאָד, אז בא דעם געשעפֿט ארבעטן נאָך עטלעכע שוטפֿים: איינער מיט גראָבע ליפּן, דער אנדערער א געלער, ער האנדלט מיט זייגערלעך, און איינער מיט א רויטער נאָז מיט ווײַמפּערלעך, א ווילדער באלמעגאזועם און נאָך איינער אן אלמען. אז איך האָב דערהערט אזויפֿיל שוטפֿים, איז דאָס מיר אפֿילע ניט אזוי געפֿעלן. טענדעווערענדע האָט אָבער איבער מיר אזוי לאנג גערעדט און דערציילט מעשאָלים, אז איך האָב געמוזט מוסקעם ווערן, מיר זאָלן זיך אלע צעשרײַבן אף פּאפּיר. געווײנלעך, צווישן שוטפֿים מוזן דאָך זײַן טײַנעס: איטלעכער האָט געדרונגען, אז אים קומט א גרעסערער כיילעק. גאָט זאָל מיר נאָר מאצליעך זײַן, איך זאָל שוין מיטן אנדערן צאד זײַן אזוי פֿארטיק, ווי איך בין פֿארטיק מיט די מעק־

*) מע וועט זיך טיילן.

לערס, װעט אימירצעשעמ, זײַנ גאָרניט שלעכט, װאָרומ בא אָט אזא מינ געשעפט װיאזוי פארדינט מענ ניט כאָטש א מיליאָנ קארבנ? עס איז בא מיר געבליבנ, אימירצעשעמ, טאָמער װערט דאָס געשעפט, דינג איכ מיר באלד א קאָנטאָרל אפ ניקאָלײַעװוסקע און איכ װער מיט גאָטס הילפ א גרויסער מעקלער. און מאכמעס איכ בינ פארנומענ און האָב קיינ צײַט ניט, מאכ איכ דאָס בעקיצער. אימירצאשעמ אינעם אנדערנ בריװ, װעל איכ דיר ארויסשרײַבנ אלצדינג באאריכעס. לעסאטע לאָז גאָט געבנ, עס זאָל זײַנ מיט געזונט און מיט האצלאָכע. לאָז גריסנ די קינדערלעכ, זאָלנ לעבנ, און איטלעכנ באזונדער גאָר פרײַנטלעכ.

פונ מיר דײַנ מאנ מענאכעמ־מענדל.

איקער שאָכאכטי: איכ האָב אינזינענ געהאט דיר שרײַבנ עפּעס זייער א נײַטיקס, האָב איכ פארגעסנ װאָס. לאָז איכ שוינ, אימירצישעמ, אפנ צװייטנ מאָל.

ד״ז

## 18

*שיינע שיינדל פונ קאסרילעװקע*

*צו איר מאנ מענאכעמ־מענדל אינ יעהופעצ.*

ערשטנס, קומ איכ דיר צו מעלדנ, אז מיר זײַנענ אלע גאָט צו דאנקענ, אינ בעסטנ געזונט. גיב גאָט דאָס נעמלעכע פונ דיר צו הערנ אפ װײַטער ניט ערגער.

צװייטנס, שרײַב איכ דיכ אינ קורצנ, װאָרומ איכ האָב שוינ קיינ קויעכ ניט מיט דיר צו ריידנ. ס'איז װי אנ ארבעס אינ דער װאנט. ביסט טאקע אװאדע א גרויסער כאָשעװ אינ יעהופעצ, װאָרומ דו שטייסט דאָכ בא בראָצקענ בא דער טיר און סע קישעט בא דיר מיט מיליאָנענ, נאָר נאָכ אלעמענ זאָלסטו ניט זײַנ בא זיכ אזוי גאָדלדיק. די מיליאָנענ זײַנענ נאָכ לעסאטע בא בראָצקינ, ניט בא דיר, און סע קענ זיכ נאָכ אויסלאָזנ, אז די ערד, װאָס שפריצט מיט נאפט, זאָל גאָר שפריצנ מיט װאסער, און אז ס'װעט קומענ צו עפּעס, װעט זיכ אויסלאָזנ מיט פעטש, און װעמענ װעט מענ פאטשנ? — דיכ! דעריבער איז מײַנ אייצע, אז דו זאָלסט זיכ באצײַטנס ארויסכאפּנ פונ דאָרטנ און קומענ אהיימ. זאָלסט פארגעסנ, װאָס ס'איז געװענ ביז אהער, טאָמער האָב איכ דיכ אמאָל אָנגערירט מיט א װאָרט, װי זאָגט די מאמע: „בעסער א פאטש פונ א פרײַנט איידער א קוש פונ א פײַנט"... און קלאפּ א טעלעגראמ און קומ צו פאָרנ װאָס גיכער, און לאָמיכ פּאָטער װערנ, װי עס װינטשט דיר פיל גוטס און אימער גליק

דײַנ בעעמעס געטרײַע פרוי שיינע־שיינדל.

## 19

*מענאכעמ־מענדל פונ יעהופעצ*

*צו זײַנ װײַב שיינע־שיינדל אינ קאסרילעװקע.*

זײַ װיסנ, אז מיט בראָצקינ בינ איכ זיכ צעגאנגענ, דאָס הייסט, מיר האָבנ זיכ כאָלילע ניט געקריגט, נאָר איכ האָב אופגעהערט גיינ אהינ — װאָס איז מיר בראָצקי, אז איכ שפאר שוינ גאָר אָנ צו רויטשילדנ קיינ פאריזש?! װעסטו דאָכ מיסטאָמע פרעגנ, װי קומ איכ, מענאכעמ־מענדל, צו רויטשילדנ אזש קיינ פאריזש? איז דער טערעצ טאקע: װידער קאװקאז און װידער נאפט. אלע נאפטנ, װאָס אפ קאװקאז, זײַנענ זײַנע, און אלײנ זיצט ער אינ פאריזש. בלײַבט דאָכ די קאשע, װי קומט די קאצ איבערנ װאסער? פאלט מיר אײַנ אזא מינ געדאנק: פאראנ בא אונדז אפ

דער בירזשע א פויגל, וואָס ער הייסט טאָדרעס. אָט דער טאָדרעס איז געווען אמאָל גאָר א גרויסער שפּעגעלאַנט, א הייסער, א פֿײַערדיקער שפּעגעלאַנט. אז דער אוילעם האָט זיך אָפּגעשאָקלט מיט עטלעכע גילדן, זײַנען אַלע גרויסע שפּעגעלאַנטן (און איך אויך בעסויכאָם) געוואָרן מעקלערס און טאָדרעס האָט זיך אוועקגעלאָזט קיין פּאַריזש און דרייט דאָרטן די גרעסטע געשעפטן אַף מיליאָנען! אַף מײַן גליק באַדאַרף אצינד טאָדרעס זײַן הי אין יעהופּעץ. האָב איך מיך נישט געפּוילט און בין אוועקגעלאָפֿן צו אים אהיים און האָב אים גאַנץ פֿײַן איבערגעגעבן, אז איך האָב אָנגעשמעקט אַן ערטל אַף קאַווקאַז, וואָס שפּריצט מיט נאַפט, און ווערליק מע הייסט זיך געבן דערפֿאַר אסאַך געלט, ווײַזט אויס, אז דאָס געשעפט פּאַסט נאָר קיין פּאַריזש. רופט זיך אָן צו מיר טאָדרעס: „איך האָב א קוינע"! פֿרעג איך: ווער איז דער קוינע? מאַכט ער: „רויטשילד"! — איר קענט זיך, זאָג איך, מיט רויטשילדן? — „צי איך קען זיך, מאַכט ער, מיט רויטשילדן? לאָמיר דאָס, זאָגט ער, ביידע פֿאַרמאָגן, וויפֿל געשעפטן איך האָב שוין מיט אים געמאַכט און וויפֿל געלט איך האָב באַ אים פֿאַרדינט!" — האָט קיין פּאַריבל ניט, זאָג איך, עפּשער וואָלט איר זיך מאַטריעך געווען, זאָג איך, אוועקשרײַבן צו רויטשילדן קיין פּאַריזש? — „אוועקשרײַבן, מאַכט ער איז קיין קונץ ניט! איך בין טאַקע מיט אים, ווי אַנדערע צוויי, נאָר איינס צום אַנדערן געהער זיך ניט אָן; מע באַדאַרף האָבן אַן אָפּיס מיט א פּלאַן, אַנדערש קאָן מען ניט". בעקיצער, איך בין אוועק צו מײַנע שוטפים און האָב אים געבראַכט פֿון זיי אַן אָפּיס מיט אַלע זיבעצן זאַכן.

נו, ווי געפֿעלט דיר, מײַן טײַער ווײַב, וויאַזוי מענאַכעם־מענדל שטעלט צונויף מיט גאָטס הילף א געשעפט? גאָט זאָל נאָר העלפֿן, עס זאָל אָנקומען די גוטע טשוווע *) פֿון רויטשילדן, פֿאַרשטייסטו שוין, וואָס פֿאַר א פּאָנעם עס וועלן דעמאָלט האָבן באַ מיר אַלע יעהופּעצער גרויסע מעקלערס? ס'איז נאָר שלעכט דערווײַלע, וואָס עס פֿעלט דאָס מעזומענע דרײַערל. זאָלסט זען, וואָס עס טוט זיך באַ אונדז, וויאַזוי די וועלט איז געענגט אין געלט. מאַמעש מע גייט אויס, מע שטאַרבט נאָך א קערבל; מע קוקט אַרויס אַלע טאָג אַף גרויסע אָנזעצן. נאָר זאָרג ניט, מײַן טײַער ווײַב, ס'איז אַלץ ביז א צײַט; פֿאַר אונדזער אגמעס־נעפֿעש וועלן מיר, אימירצעשעם, האָבן גרויס נאַכעס. לאָז נאָר אָנקומען די גוטע בסורע פֿון פּאַריזש, וועל איך מיך שוין אַרײַנכאַפּן אין קלייט אַרײַן, וועל איך שוין אין זינען האָבן, אימירצעשעם, אי זיך, אי דיך, אי די קינדערלעך אַלע, זאָלן געזונט זײַן. און מאַכמעס איך בין פֿאַרנומען און האָב קיין צײַט ניט, מאַך איך דאָס בעקיצער. אימירצעשעם, אינעם אַנדערן בריוו וועל איך דיר אַרויסשרײַבן אַלצדינג באַאריכעס. לעסאַטע לאָז גאָט געבן מיט געזונט און מיט האַצלאָכע. גריס די קינדערלעך און איטלעכן באַזונדער גאָר פֿרײַנטלעך.

פֿון מיר דײַן מאַן מענאַכעם־מענדל.

## 20

שיינע שיינדל פֿון קאַסרילעווקע
צו איר מאַן מענאַכעם־מענדל אין יעהופּעץ.

ערשטנס, קום איך דיר צו מעלדן, אז מיר זײַנען אַלע, גאָט צו דאַנקען, אין בעסטן געזונט, גיב גאָט דאָס נעמלעכע פֿון דיר צו הערן אַף ווײַטער ניט ערגער.

*) א ענטפֿער.

צווייטנס, שרייַב איך דיר, אַז דו ביסט ניט ווייַט פון אַ מעשוגענעם, עס גייט דיר אָפּ נאָר איין זאַך, נעמען אַ שטעקן און לויפן איבער די גאַסן! האָסט געהערט אַבּיסל אַ געדולע! ער גלייַכט זיך צו די יעהופּעצער ָבעגידים. זיי האָבן קיין געלט ניט, און ער האָט קיין געלט ניט. ווי זאָגט די מאַמע: „בין איך מיר אויך אַ בעגעלט”... געדענק מייַן וואָרט, מענדל, אַז מע וועט היימע און פייגער אין דער טשערעדע”... געדענק מייַן וואָרט, מענדל, אַז מע וועט דיך ברענגען אַהיים אָדער אין קיטן אָדער אין אַ לייַלעך, אַזױוױ די ביסט ווערט, ביכדיי דו זאָלסט געדענקען, אַז דו האָסט אַ ווייַב ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר, וואָס פאַרשטייט מער פון דיר. און פאַר דייַנע מאַטאָנעס, מענדל, וואָס דו ווילסט מיר אָנעמען, דאַנק איך דיר זייער. לאָז זיי גאָט העלפן אַזעלכע קוינים אַסאַך, ווי דו מיט דייַנע שותפים די ליגנערס, וואָס פאַרדינען מיליאָנען און פייגערן פאַר אַ גראָשן, האַלעווייַ ווייַטער ניט ערגער, ווי עס ווינטשט דיר פיל גוטס און אײמער גליק

דייַן בעעמעס געטרייַע פרוי שיינע־שיינדל.

## 21

מענאַכעם־מענדל פון יעהופּעץ
צו זייַן ווייַב שיינע־שיינדל אין קאַסרילעווקע.

זייַ וויסן, אַז דאָס קאַווקאַז האָט געמעגט אין דער ערד אַרייַן, איידער איך האָב דאָס דערקענט! איך טאָר מיך גאָרניט באַווייַזן אָפּ דער בירזשע! וואָס איז די מייַסע? די מייַסע איז אַ פּאָשעטע מייַסע: נעכטן קום איך אַרויס אָפּ דער בירזשע, גייט מיר אַנקעגן טאָדרעס און מאַכט צו מיר: „הערט נאָר, רעב ייִד, ווו איז ערגעץ אייַער קאַווקאַז?”—קאַווקאַז זאָג איך, איז אָפּ קאַווקאַז, וואָס איז דען?—„איך האָב, מאַכט ער, נאָכגעדאַכט אָפּ דער לאַנדקאַרטע, ווו געפינט זיך ערגעץ אייַער געשעפט, לאָזט זיך אויס, אַז די שטאָט, וואָס איר האָט דאָרטן אָנגערופן, איז אַ נעכטיקער טאָג”. — וואָס הייסט, זאָג איך, אַ נעכטיקער טאָג?—„אָט דאָס הייסט, זאָגט ער, ס'איז גאָר אַזאַ שטאָט ניטאָ אָפּ דער וועלט... ווי נעמט דאָס אַ ייִד, זאָגט ער, און לייגט פאַר אַ געשעפט, וואָס ניט געשטויגן, ניט געפלויגן? און נאָך וועמען? רויטשילדן! איר ווייסט, זאָגט ער, ווער רויטשילד איז?” — פאַרוואָס, זאָג איך, זאָל איך ניט וויסן? איך ווייס זייער גוט, זאָג איך, ווער רויטשילד איז, נאָר וואָס בין איך, זאָג איך, שולדיק? מע האָט מיר געזאָגט, האָב איך אייַך געזאָגט. און איך האָב מיך באַלד געלאָזט זוכן די טענדעווערענדע און האָב אים געפונען אין דער „ייִדישער מאַלאָטשנע”, דאָרט ווי אַלע ייִדן זיצן, און האָב אים גענומען אָפּן צימבל: — זאָגט מיר נאָר, טענדעווערענדע סערצע, ווו געפינט זיך ערגעץ דאָס געשעפט אונדזערס?—„ס'אַ מאָשל, מאַכט ער, דאָס געשעפט איז דאָך בייַ אייַך, איר האָט דאָך דעם קוינע”! ניין, זאָג איך, ניט דאָס מיין איך: איך מיין דאָס געשעפט גופע, ווו שטעקט דאָס ערגעץ, אין וואָסערע מעקוימעס, *) וויאַזוי פאָרט מען אַהינצו־צו, דורך וואָסער אַ שטאָט?—„דאָס, מאַכט ער, ווייס איך גראָד ניט, דאַס באַדאַרפ וויסן דער שותפ מייַנער”. זייַנען מיר געגאַנגען ביידע זוכן דעם שותפ, זאָגט אָבער דער שותפ, אַז אים האָט געזאָגט דער, וואָס מיט דער רויטער נאָז, און די רויטע נאָז זאָגט, אַז ער ווייסט ניט, ער האָט געהאָרכט, זאָגט ער, פון יענעם מעקלער, וואָס

*) ערטער.

מיט די גראָבע ליפּן, אז די טענדעווערענדע האָט א געשעפט אפ קאווקאז, נאָר ווו קאווקאז און וואָס קאווקאז — ווייסט ער ניט, ער זאָל אזוי ניט ווייסן פון קיין שלעכטס! האקיצער, מע האָט זיך געוואָלט דערגרונטעווען, פונוואנען שטאמט דאָס געשעפט, און ווער האָט דאָס אופגעגעבן, האָט איינער אָנגעוויזן אפן אנדערן, דער אפ יענעם און יענער אפ דעם, אזוי לאנג, אזוי ברייט, ביז ס'איז געבליבן מיסטאמע, אז דער גאנצער כאיעוו *) בין איך; איך האָב שוין אזא גליק, משטיינס געזאָגט, אז אומעטום בין איך דאָס קאפּאָרע־הינדל!..

הערסט, מיין טייער ווייב, וואָס איך בין דערגאנגען? אז ס'איז ניטאָ קיין מאזל, זאָל מען זיך בעסער באגראָבן א לעבעדיקער! צו וואָס איך זאָל זיך ניט נעמען, איז לעכאטכילע, דאכט זיך, אלצדינג גוט און שיין און פיין, אָט־אָט כאפּ איך דאָס גליק, אָט־אָט איז דאָס בא מיר אין קעשענע, — צום טאָפּ טוט זיך דאָס רעדל א דריי איבער און עס לאָזט זיך אויס א נעבעטיקער טאָג! ניט באשערט, אפּאָנעם, אז איך זאָל אופקומען פון מעקלערייַ, כאפּן א גראָבס און אנטלויפן! ניט באשערט, אז מענאכעם־מענדל זאָל אופקומען, ווי אנדערע מעקלערס אין יעהופּעץ! אלע טראסקען, נאָר איך איינער שטיי און קוק, ווי די וועלט מאכט געשעפטן און פארדינט געלט, און איך דריי מיך ארום, ווי א פרעמדער. איך זע פאר זיך מיליאָנען מיט מיליאָנען און קאָן זיי ניט כאפּן... איך בין שטענדיק ווי אין דרויסן... אפּאָנעם, איך האָב מיך ניט ארופגעשלאָגן אפן ריכטיקן וועג: קיין מענטש ווייסט ניט, ווו זיין מאזל געפינט זיך... מע דארף עס לאנג זוכן, און אז מע זוכט, געפינט מען... און מאכמעס איך בין זייער דערשלאָגן, מאך איך דאָס בעקיצער. אימירצעשעם, אינעם אנ־ווערן בריוו וועל איך דיר ארויסשרייבן אלצדינג באאריכעס. לאָז גריטן שווער און שוויגער און שרייב מיר, וואָס מאכסטו עפּעס אין געזונט, און קוש די קינדער, זאָלן לעבן און געזונט זיין, און שרייב מיר, וואָס הערט זיך עפּעס בא אייך אין קאס־רילעווקע?

פון מיר דיין מאן מענאכעם־מענדל.

איקער שאָכאכטי. אז מע זעט זיך אָן יענעמס צאָרעס, ווערט אביסל גרינגער אפ דער נעשאָמע. אָט נעם, לעמאָשל, דעם אוירעך, וואָס שטייט מיט מיר אין איין כיידער: געווען אמאָל א פּאָדראטשיק, זאָגט ער, א גוויר, א באלעבאָס פון הייזער און קלייטן אייגענע. און היינט לאָדט ער זיך מיט „קאזנא", ער האָט אופמאָנען אסאך געלט, גאָר אסאך געלט. נאָר מאכמעס ער האָט ניט א גראָשן בא דער נעשאָמע, האלט ער זיך אוף לעסאטע בא מיר. אימירצעשעם, אז ער וועט אויסלאָדן זיין געלט, וועט ער מיך, זאָגט ער, ניט פארגעסן... און נאָך איינער שטייט מיט מיר צוזאמען, נאָך א גרעסערער אָרעמאן, פון יענעם: ער איז א שרייַ־בער. ער שרייבט אין די בלעטער און מאכט א בוך: דערווייַל, ביז זיין בוך וועט פארטיק ווערן, האלט ער זיך אויך מיט אונדז אינײנעם און פאר ראכמאָנעס גיט אים די באלעבאָסטע אמאָל א גלעזל טיי. און נאָך איינער האלט זיך אוף בא אונדז אפ דער אכסאניע, א מין אָני וועעוויענ **), דער שרייבער איז א הונט קעגן אים! ווער און וואָס ער איז — ווייס איך אליין ניט: עפּעס א שטיקל אגענט, א שטיקל שאדכן, א שטיקל אקטיאָר, זינגט לידלעך און טרייבט ארויס מייז, — זייער א פריילעך יידל, האָט ניט קיין העמד אפן לייב און גייט אויס מאמעש פאר א שטיקל ברויט! האקלאל,

*) שולריקער.

**) א גרויסער אָרעמאן.

מע זעט זיך אָן אַזויפיל צאָרעס אפ דער וועלט, אז מע פארגעסט אין די אייגענע!.. גע־דענק־זשע, לעמאנעשעם, שרײַב מיר פון דײַנ געזונט און פון די קינדער, זאָלן געזונט זײַן און פון שווער און שוויגער און פון איטלעכן באזונדער.

## 22

שיינע־שיינדל פון קאטרילעווקע
צו איר מאנ מענאכעם־מענדל אין יעהופעץ.

ערשטנס, קום איך דיר, צו מעלדן, אז מיר זײַנען אלע, גאָט צו דאנקען, אין בעסטן געזונט, גיב גאָט דאָס נעמלעכע פון דיר צו הערן אפ ווײַטער ניט ערגער. צווייטנס, שרײַב איך דיר; וואָס האָב איך דיר געזאָגט, דו אָפגעריסענער נאר? קושן באדארפסטו דאָך די ווערטער מײַנע, ווי זאָגט די מאמע: „קוש דעם קאנטשיק, וואָס שמײַסט דיך!..“ האָסט זיך שיין אויסגעהאנדלט דאָרטן, וואָס טויג מיר גרויס, און האָסט זיך. צונויפגעקאָמפאניִעט מיט א פײַנער כעוורע שלעק, פּאָדראטשיקעס, שלעפּערס, מעכאבּרים, לידלמאכערס, מײַזנטרײַבערס — ניטאָ ווער ס'זאָל לאכן און געוועג! אוואדע דארף מען זיצן צוליב דעם אין יעהופעץ אפ אן אכסאניע און טרענצלען קערבלעך: מיר געפעלט נאָר, וואָס דו ביסט געקומען צום סייכל: אפּאָ־נעם, זאָגסטו, ס'איז דיר ניט באשערט אופצוקומען דאָרטן, ווערן א מיליאָנשטשיק? ביסט נאָך מעסופעק, מענדל? איך שרײַ שוין פון לאנג, אז דו זאָלסט זיך ארויס־שלאָגן פון קאָפּ דידאָזיקע נארישע געדאנקען. לאָמיך שוין אזוי זײַן באוואָרענט פון אלדאָס בייז און דו פונעם נאר דײַנעם, ווי דו ביסט באוואָרנט פון מיליאָנען! פארגעס, מענדל, אָן די מיליאָנען, פארגעס, אז ס'איז גאָר פאראן ערגעץ א בראָצ־קי אפ דער וועלט, וועט זײַן אז ווויל צו דיר און צו דײַן נעשאָמע! „קוק ניט וואָס העכער פון דיר, קוק וואָס נידעריקער פון דיר“, — אזוי דאכט זיך, שטייט געשריבן אין די ספּאָרים? און זיי ניט מעקאנע די יעהופּעצער פײַנע מענטשלעך, וואָס טראָס־קען. לאָזן זיי טראסקען, לאָזן זיי טרישטשען, לאָזן זיי ברעכן רוק און לענד, ווי עס ווינטשט דיר הײַנט און אלעמאָל.

דײַן בעעמעס געטרײַע פרוי שיינע־שיינדל.

זאָג מיר נאָר, וואָס האָסטו זיך עפּעס פלוצים דערמאָנט, מײַן טײַערער מענדל, זיך נאָכפרעגן אפ אונדזער קאסרילעווקע? און וואָס ביז איך דיר עפּעס געוואָרן אזוי טײַער, וואָס דו זאָרגסט זיך אזוי פאר מײַן געזונט? אפּאָנעם, דו האָסט זיך טאקע פארבענקט נאָך אונדז?.. ווי זאָגט די מאמע: „לאָז דאָס קאלב לויפן, עס וועט זיך אויסהונגערן, וועט דאָס אליינ קומען אהיים“... איך וואַרט אפ א דעפּעש פון דיר, אז דו פאָרסט. שוין צײַט, שוין לאנג צײַט — האלעווײַ זאָל דאָס זײַן מײַן לעצטער בריוו...

# II. עס פידלט נישט

## (מענאכעם־מענדל — א שאדכען)

## (1909 — 1900)

מענאכעם־מענדל פון וועג צו זײַן ווײַב שיינע־שיינדל אין קאסרילעווקע.

זײַ וויסן, אז עס פידלט נישט, ער גייט נישט כאָטש צערײַס זיך. טייקעף ווי איך האָב מעקאבל *) געווען פון דיר די צוגעשיקטע עטלעכע קערבלעך, האָב איך זיך צעצאָלט

*) באקומען

אף דער סטאַנציע און האָב מיך באַלד אָנגעהויבן פּאַקעווען אין וואַגאָן אַרײַן. וואָס דאַרפסטו מער? איך בין שוין אַפילו געזעסן אין וואַגאָן, גענומען אַ בילעט ביז כוואַסטעווו, און פון כוואַסטעווו האָב איך גערעכנט פאָרן גלײַך אַהיים, קיין קאַסרילעווקע, הייסט עס. האָבן מיר דאָך אָבער אַ שטאַרקן גאָט, וועסטו הערן, וואָס ער טוט אָפּ.

אַנומלטן האָב איך דיר געהאַט געשריבן, אַז אף דער אַכסאַניע, דאָרט, ווו איך האָב געהאַלטן סטאַנציע, האָט זיך געפונען אַ ייִד אַ שאַדכן, לײַבע לעבעלסקי הייסט ער, וואָס באַרימט זיך, אַז ער טראָגט אַרום בײַ זיך אין בוזעם די גאַנצע וועלט און פאַרדינט שטיקער גאָלד. דערווײַל האָט ער באַדאַרפט אָפּפאָרן אף אַ פּאָר טעג מעקויעך אַ גרויסן שידעך; ער האָט באַקומען, זאָגט ער, אַ „סטראַטשנע דעפּעש", ער זאָל ניט מעדלעווען, האָט ער איבערגעלאָזט דאָס פּעקל זײַנס בײַ דער באַלעבאָסטע, געבעטן, זי זאָל עס באַהאַלטן, ביז ער וועט קומען צוריק פון יענעם שידעך, וועט ער זיך שוין צערעכענען. און אַזויווי דו זעסט אים, אַזוי האָבן מיר אים געזען. פאַרגן אוועקפאָרן מאַכט צו מיר די באַלעבאָסטע: „איר פאָרט דאָך אף יענער ליניע, נאָט אײַך דעם שאַדכנס פּעקל, טאָמער וועט איר זיך באַגעגענען ערגעץ מיטן שלימאַזל, מיט דעם לעבעלסקין, וועט איר אים אָפּגעבן זײַנע שפּאַרגאַלן". זאָג איך: „וואָס דאַרף איך פרעמדע פּעקלעך?" זאָגט זי: „האָט קיין מוירע ניט; ס'איז ניט קיין געלט, ס'איז פּאַפּירן, שיימעס".

קאַכאַווע *). שוין זיצנדיק אין וואַגאָן, בינד איך אוף דאָס פּעקל אף אַ טשיקאַוועס און טו אַ קוק אַרײַן—אַ גאַנצער אויצער: בריוו פון שאַדכאָנים, רעשימעס פון מעכוטאָנים, און גלאַט קסאָווים. צווישן די קסאָווים—אַ לאַנג צעטל אף לאָשנקוידעש פון כאַסאַנים און קאַלעס, אויסגערעכנט נאָכן אַלעפבייז...

זיצ איך מיר אַזוי אין וואַגאָן מיטן שאַדכנס פּעקל, הייסט עס, און לייען נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל דאָסדאָזיקע לאָשנקוידעשדיקע צעטל פון כאַסאַנים און קאַלעס און טראַכט מיר: ריבוינעשעלוילעם! וויפל פּאַרנאָסעס דער אייבערשטער האָט באַשאַפן אף דער וועלט פון זײַנע ייִדנס וועגן! אָט, אַשטייגער, דאָס שאַדכאָנעס. וואָס קאָן זײַן, דאַכט מיר, פײַנער און לײַטישער, בעסער און גרינגער דערפון? וואָס איז דאָ פאַראַן וואָס צו טון? מע באַדאַרף נאָר האָבן אַ קלעפּקע אין קאָפּ און קאָנען אויסמאַרקירן מיטן סייכל, ווער צו וועמען סע פּאַסט. לעמאָשל: אָווראָטש האָט אַ מיידל אַ קראַסאַוויצע מיט פיר טויזנט, וואָס וויל אַ געקאָנטשעטן, האָט באַלטע אַ ציִאָניסט, אַ מאַסקיל, וואָס האָט געקאָנטשעט בוכהאַלטעריע און וויל געלט,—איז דאָך דאָס אָנגעמאָסטן! אָדער לאָמיר נעמען טאַלנע: זיצט אַ ייִד אַן אַלמען, וואָס זוכט אַן אַלמאָנע מיט אַ געשעפט—פאַרוואָס זאָל ער זיך ניט מאַטריִען זײַן קיין כמעלניק, צו דער אַלמאָנע באַסיע פּלעקל, וואָס זוכט אַן אַלמען אָן געלט, אַבי אַ לאַמדן.

הערסטו, מײַן טײַער ווײַב, מע דאַרף נאָר קאָנען מאַכן „קאָמבינאַציעס": ווען איך זאָל געווען געבוירן ווערן אַ שאַדכן, וואָלט איך אוועקגעשטעלט דאָס געשעפט גאָר אַנדערש. איך וואָלט זיך אויפגעשריבן מיט אַלע שאַדכאָנים פון דער גאַנצער וועלט, צונויפגענומען אַלע זייערע רעשימעס און וואָלט זיך אוועקגעזעצט צונויפפּאָרן, פרי̇ער אף פּאַפּיר, געוויינטלעך, דעם כאָסן מיט דער קאַלע, די קאַלע מיט דעם כאָסן, און אין יעדער שטאָט וואָלט איך מיר געהאַט אַ שוטעף, וויפל שטעט, אַזוי-פיל שוטפים. מימאָנעפשעך, וויפל ס'וועט זײַן, וועט מען זיך טיילן, העלפט מיר,

*) און אַזוי איז עס טאַקע געווען.

העלפט דיר. עס וואָלט זיך עפּשער געלוינט עפענען א קאָנטאָר אין יעהופּעץ אָדער אין אָדעס, האלטן מענטשן, זיי זאָלן זיצן שטענדיק און שרייבן בריוולעך און קלאַפּן דעפּעשן—און איך אליין טו גאָרניט, נאָר איך זיץ מיר און פּאָר און מאַך „קאָמבינאַציעס"!

אָט אזעלכע מאַכשאָוועס, פאַנטאַזיעס, „קאָמבינאַציעס" פליִען בא מיר אין קאָפּ. טראָגט אָן דער גוטער יאָר צו מיר אין וואַגאָן אריַין א נעפעש א באַוואָקסענעם מיט האָר פונויבן ביז אראָפּ, שלעפּט מיט זיך א זאַק און סאַפּעט ווי א גאַנדז, און רופט זיך אָן צו מיר מיט א מאָדנע בענימעסדיק לאָשן, גאָר ניט ווי געוויינטלעך: „יונגערמאַן, זאָגט ער, עפּשער וואָלט געוועזן א סוואָרע, איר זאָלט זיך מיט אײַער עלטער מאַטריִען זײַן, זאָגט ער, א רוק טון זיך אביסל אראָפּ, ביכדיי, זאָגט ער, אז אזא ייִד, ווי איך לעמאָשל, זאָל האָבן די זכיִע באַזעצן זיך אף א רעגע מיט אײַך בעהאַרכאָווע *) אין שכיינעס?"—פאַרוואָס ניט? אָך, מיטן גרעסטן קאָוועד!—אזוי זאָג איך צו אים און נעם און מאַך אים אָן אָרט און טו אים א פרעג גלאַט אזוי, פון יויצע וועגן: פונוואַנען איז א ייִד?—„פון קאָרעץ"—ענטפערט ער מיר.—מײַן נאָמען איז אָשער, און רופן רופט מען מיך אָשער שאַדכען. איך בין שוין פּאַוואָליגקע, זאָגט ער, ווי איר קוקט מיך אָן, מיטן אייבערשטנס הילף, קימאַט פערציק יאָר א שאַדכען".—אזוי? זאָג איך, זענט איר, הייסט עס, אויך א שאַדכן?—„דאַרפן מיר, זאָגט ער, לערנען דעם פשאַט, אז איר זענט מיסטאַמע אויאַדע א שאַדכן, קומט דאָך אײַך, זאָגט ער, שאָלעמאַלייכעם!"—אזוי מאַכט ער צו מיר, דערדאָזיקער שאַדכן און רוקט מיר אריַין א מעגושעמדיקע ווייכע האָריקע האַנט און טוט מיך א פרעג, אפּאָ-נעם, אויך פון יויצע וועגן: „מאַ שמייכעם? **) זאָג איך: מענאַכעם-מענדל... „א קענטלעכער נאָמען, מאַכט ער צו מיר, ערגעץ האָב איך געהערט, נאָר איך ווייס ניט ווו, הערט־זשע, זאָגט ער, אויס, רעב מענאַכעם-מענדל, וואָס איך וועל אײַך זאָגן. וויבאַלד, זאָגט ער, דער צאַר פון טראָגן איז יאָ אזוי גרויס, דאָס הייסט, אז דער אייבערשטער האָט אזוי געפירט, אז מיר, צוויי שאַדכאָנים, זאָלן זיך טרעפן אין איין אָרט, וואָלט עפּשער, זאָגט ער, געווען א סוואָרע, אז מיר זאָלן טאַקע אָט-אָ-דאָ-אָ-אָ, פאָרנדיק מיט אײַך אין איין וואַגאָן, עפעס מעסאַקן זײַן? ***)... עפּשער האָט איר זאָגט ער, א באַלן אף גוטן ווײַן אין א שלעכטער קיילע?"...—דעהײַנו, זאָג איך, וואָס ווערט בא אײַך אָנגערופן גוטער ווײַן אין א שלעכטער קיילע?...—„לאָזט אײַך דינען, זאָגט ער, טייקעף וועל איך אײַך דערקלערן, וועט אײַך דער פּאָסעק ווערן רעכט ארום און ארום. נאָר וואָס דען? איר דאַרפט צולייגן קאָפּ. איך האָב, זאָגט ער, אין יאַרמעלינעץ א שטיקל סכוירע, אָבער טאַקע פון די אַנטיקן. רעב איציקל טאַשראַץ הייסט ער. מיילע ייִכעס—איז אָפּגערעדט. מע קאָן זאָגן, זאָגט ער, אײַנגע-טונקען אין ייִכעס. וואָרום אַכוץ וואָס ער איז אליין, זאָגט ער, א גרויסער מעיוכעס, איז זי נאָך א גרעסערע מעיוכעסעס פון אים. דער כיסאָרן, זאָגט ער, איז אָבער, וואָס ער הייסט זיך פאַר זײַן ייִכעס באַצאָלן מיט מאָעס מעזומאָנים ****). וויפל ער גיט, וויל ער, אז דער צווייטער צאַד זאָל געבן צוויי מאָל אזויפיל"...—שאַט, זאָג איך, מיר דאַכט, אז ס'איז פאַראַן פונקט דער אַרטיקל, וואָס איר דאַרפט.—און איך טו מיך א נעם צו מײַן פעקל, שלעפּ ארויס דעם סייפער האַזיכרוינעס פון מײַן שאַדכנ

*) ברייטלעך.
**) ווי הייסט איר.
***) אופטון.
****) מעזומענע געלט.

לייבע לעבעלסקי און מיש אופ יאמפּעלע און טו אים א ווייַ: אָט איז ער, זאָג איך,
אָט דער, וואָס איר זוכט אים, לייענט, וועט איר זען: מוישע-ניסל קימבאַק, אַן אופּ-
געקומענער נאָגיד; וויל א שידעך, ער גייט אויס! און וויפל דער צווייטער צאַד
גיט, איז ער זיך מיסכייַעוו געבן צוויי מאָל אַזויפיל. פונקט דאָס, וואָס איר
דאַרפט!..

דערהערט אַזעלכע דיבורים און דערזען בא מיר, אַז אָט דער מוישע-ניסל קימ-
באַק זאָגט נאָך צו באַלוינונג פאַר די שאַדכאָנים טייקעפּ בעשאַס טעלער-ברעכן, און
אַכוץ א מאַטאָנע עקסטרע פון דער מעכוטענעסטע — טוט זיך מייַן רעב אָשער א
הייב אופ פונעם אָרט, נעמט מיך אָן בא דער האַנט און מאַכט צו מיר: — „מאַזל-
טאָוו, רעב מענאַכעם-מענדל, מיר האָבן געמאַכט א געשעפט. איך האָב געזען, זאָגט
ער, בא אייַך אין קוישל, אויב איך בין זיך ניט טויע, אייער-קיכלעך, טיי און צו-
קער. וואָלט עפּשער ניט געשאַט, זאָגט ער, מיר זאָלן עפּעס איבערקייַען און, אימיר-
צעשעם, אַז מיר וועלן קומען בעשאָלעם קיין כוואַסטעוו, וועט איר זיך מאַטריעך
זייַן, מעכילע, נאָך הייס וואַסער. איך האָב געזען, זאָגט ער, בא אייַך א טשייַניק,
וועלן מיר טרינקען צו גלעזער וואַרעמס. און מיסטאַמע, זאָגט ער, וועלן מיר קריגן
אַפּ דער סטאַנציע יאַש *) אויך, זיבן-און-פּופציק-גראַדאָווער, וועלן מיר שוין אין
איינוועגס, זאָגט ער, טרינקען לעכאַיִם פאַר מייַן יאַרמעלינעצער מעיוכעס מיט אייַער
יאַמפּעלער אופגעקומענעם נאָגיד, וואָס כאַלעשט א שידעך, און לאָז זייַן, זאָגט ער,
אין א גוטער שאָ, אין א מאַזלדיקער". — אָמיין, זאָג איך, פון אייַער מויל אין גאָטס
אויערן. נישט אַזוי גיך אָבער טוט זיך עס, זאָג איך, ווי סע רעדט זיך... שלאָגט
ער מיר איבער די רייד, דער שאַדכן, הייסט עס: — „לאָזט אייַך דינען, רעב מענאַכעם-
מענדל, זאָגט ער, איר ווייסט ניט, מיט וועמען איר האַנדלט, איר האָט צו טון ניט
מיט קיין יינגעלע. איר רעדט, זאָגט ער, מיט א וועלט-שאַדכן, וואָס מע רופט אים
רעב אָשער און האָט ניט אַזויפיל האָר אין קאָפּ, וויפל שידוכים ער האָט שוין אויס-
געפירט. לאָמיר בײדע, זאָגט ער, פאַרמאָגן די מאָעס, וויפל פּאָרפאָלק עס האָבן זיך
שוין בא מיר אָפּגעגעט און נאָכאמאָל כאַסענע געהאַט און ווידער געגעט זיך... איך,
זאָגט ער, אַז איך טו א קוק א רעשימע, טאַפּ איך באַלד אָן, צי ס'וועט הוילעכן **)
צי ניין. אייַער מוישע-ניסל, זאָגט ער, געפעלט מיר, דאַרפ זייַן מיט א סירכע ***),
וואָרום לאָמיר אָקאָרשט פאַרשטיין, זאָגט ער, וואָס איז ער אַזוי לאָהעט נאָך א שי-
דעך און וואָס ברענט אַזוי די מעכוטענעסטע און זאָגט אַזש צו מאַטאָנעס דעם
שאַדכן? די מאַשמאָעס, זאָגט ער, אַז דאָרט ליגט א וואָרעם, א ווערעמדיקער עפּל,
הייסט עס"... — וואָס-זשע, זאָג איך, איז די אייצע? — „די אייצע, זאָגט ער, איז דאָ א
פּאָשעטע אייצע: מיר בײדע דאַרפן טאַקע באַלד צעשיידן זיך, זאָגט ער, אין צוויי
באַזונדערע דראָכים, איך, זאָגט ער, קיין יאַרמעלינעץ, צו מייַן מעיוכעס רעב אַי-
ציקל טאַשראַץ, און איר קיין יאַמפּעלע, צו אייַער מוישע-ניסל קימבאַק. נאָר וואָס
דען? מיר בײדע, זאָגט ער, דאַרפן אַרבעטן אַפּ אַלע קיילים. איר פון אייַער זייַט
וועט זיך דאַרפן מישטאַדל זייַן, אַז אָט דער ווערעמדיקער עפּל זאָל געבן וואָס מער,
און איך פון מייַן זייַט, זאָגט ער, וועל מינאַסטאַם צוהאָרעווען, אַז מייַן טאַשראַץ

*) בראָנפן.

**) גיין.

***) א פעלער.

זאָל טאקע געבן די גאנצע העלפט, ווי ער האָט מיר מאַווטיַעכ געווען, *) וואָרום א קאשע, זאָגט ער, אפ א ייִדן, וואָס האנדלט מיט ייִכעס"?

ווי דו זעסט, מײַנ טײַער ווײַב, האָט עס זיך אָנגעהויבן קלוימערשט מיט א שפאס, אפ קאטאָוועס, הייסט עס, און אויסלאָזן האָט זיך עס אויסגעלאָזט טאקע אפן רעכטן עמעס, וואָרום ביז וואָס-ווען—זײַנען מיר געקומען קיין כוואַסטעוו. האָבן מיר געטרונקען טיי, פײַנ פארביסן און געגומען שמועסן וועגן אייסעק גאנצ ערנסט. איז מיר אפילע טכילעס געווען פריקרע די גאנצע מײַסע: וואָס פאר א שאדכן בין איכ? און וואָס פאר א מעכוטן בין איכ מיט פרעמדע רעשימעס? וואָרום אז מע וויל, הייסט דאָכ דאָס גזײלע! עלעהיי יענער האָט פארלוירן א טײַסטער מיט געלט, און איכ האָב אים אופגעהויבן. נאָר אז מע וויל דאָס אייגענע צוריק—מא ראש? מימאָנעפשעכ, וועט זיך אויספיקן, איז יאכלויקו! **) איכ בין דאָכ ניט קיין פעלד-גאזלען, וואָס איכ זאָל פארלאנגען פרעמדס. האקיצער, ס'איז בא מיר געוואָרן רעכט פון אלע זײַטן, און ס'איז געבליבן, אז מיר לאָזן זיך ביידע אינ וועג ארײַן. ער קיין יארמעלינעצ, איכ קיין יאמפעלע. אָפּגעשמועסט האָבן מיר אזוי: אז איכ וועל קומען אפן אָרט, זאָל איכ קוידעם כויקער וועדוירעש זײַנ, ***) וואָס איז די מײַסע, וואָס אָט דער מוישע-ניסל קימבאק יאָגט זיך אזוי א שידעכ טון. און אז איכ וועל באטראכטן די שטוב, און דאָס קערן וועט מיר געפעלן, זאָל איכ אים קלאפן א דעפעש קיין יארמעלינעצ אזוי און אזוי, וועט ער מיר צוריק קלאפן א דעפעש אזוי און אזוי, וועט מען זיך צונויפּאָרן מיסטאמע קיין זשמערינקע אָנקוקן זיך, און אויב ס'איז א זיווועג, וועט זײַנ א שידעכ. „דעריקער, זאָגט ער מיר, דארפט איר זען, רעב מענאכעם-מענדל, ניט זשאלעווען קיין הויצאָעס, קלאפן דעפעשן, וואָרום בא א שידעכ, זאָגט ער, איז דעריקער דעפעשן... א מעכוטן, זאָגט ער, אז ער דערהערט א דעפעש, כאפט אים אוועק דער רועכ"... ס'איז געקומען צום שפּיצ, באם נעמען בי-לעטן—לאָזט זיך אויס, אז מײַנ לאנד-שאדכן רעב אָשערן פעלט אויס אפ הויצאָעס. ער האָט זיך, זאָגט ער, אויסגעבראכט ביז דער לעצטער פרוטע ****) אפ דעפעשן מיט טעלעגראמעס. „איר זאָלט עס פארדינען, זאָגט ער, אלע כוידעש, וואָס מיכ קאָסט אָפּ א וואָכ דעפעשן מיט טעלעגראמעס." דו פארשטייסט? אָט אזא פארנאָסע איז דאָס שאדכאָנעס. בעקיצער, דער פּאָיעזד דערווײַל שטייט ניט, איכ האָב געמוזט אויסלייגן מײַנע עטלעכע קערבלעכ, וואָרום איבער הויצאָעס צעגייט זיך קיין געשעפט ניט. מיר האָבן זיך געביטן מיט די אדרייסים, גאנצ פײַנ זיך אָפּגעזעגנט און צעפאָרן זיך, ער קיין יארמעלינעצ, און איכ קיין יאמפעלע.

---

געקומען קיין יאמפעלע, האָב איכ פריִער פאר אלצ אָנגעהויבן כויקער וועדוי-רעש זײַנ:—„ווער איז אָט דער מוישע-ניסל קימבאק?" זאָגט מען מיר:—כוצ זײַנ שאָדן, אפ אלע ייִדן געזאָגט געוואָרן...—„האָט ער עפעס אסאכ קינדער?" זאָגט מען מיר: —אסאכ קינדער האָט אן אָרעמאן, און א נאָגיד האָט מער ניט ווי איינ קינד... —„וואָס פאר א קינד?" זאָגט מען מיר:—א טאָכטער.—„עפעס א היפשע טאָכטער?" זאָגט מען מיר:—מע קאָן פון איר מאכן צוויי...—„גיט ער עפעס אסאכ נאדן"? זאָגט

---

*) צוגעזאָגט

**) וועט מען זיך טיילן.

***) פריִער פאר אלצ אויספאָרשן.

****) גראָשן.

מען מיר:—וויפל ער גיט, איז ער ניט קראנק צו געבן צוויי מאָל אזויפיל... הייב איך אָן טאפן:—„פארוואָס?" טאפ אהין, טאפ אהער—סע טאפט זיך ניט. טו איך אָן די שאבעסדיקע קאפּאָטע און לאָז מיך גיין גלײַך צו דעמדאָזיקן מעכוטן.

מײלע, איך זאָל דיר באשרײַבן א שטוב, איז ניט שײַער, א נעגידישע שטוב פון קאָלטווו, און מענטשן — דימענטן. געזאָגט, ווער איך בין און וואָס איך בין געקומען, האָט מען מיך אופגענומען קעיאד האמײלעך, *) מעכאבעד געווען מיט זיסן טיי, מיט צוקער-לעקעך און מיט שמעקנדיקן עסרויגים-אײַנגעמאכטס, און גוטן ווישניק א פלעשל אוועקגעשטעלט. דער מעכוטן אליין, מוישע-ניסל, הייסט עס, איז מיר געפעלן ביז גאָר: א צוגעלאָזטער מענטש, מען קאָן זאָגן, א מענטש אָן א גאל. אויך די מעכוטענעסטע, ביילע-לײַע, הייסט עס, איז מיר געפעלן געוואָרן פונעם ערשטן קוק. א שיינע יידענע מיט א גוידער, א שטילע, א צאדייקעס. ביידע האָבן זיך גענומען אויסטאפן בא מיר, ווער איז דער צווייטער צאד, האָט ער עפּעס א ווילן זון און וואָס קען ער? וואָס זאָל איך זיי זאָגן, אז איך ווייס אליין אויך ניט? נאָר א ייד א לאמדן גיט זיך אן אייצע. רופ איך מיך אָן צו זיי:—„לאָמיר נאָר פארטיק ווערן מיט איין צאד, וועלן מיר נאָכדעם שמועסן פונעם אנדערן צאד; ערשטנס, זאָג איך, וויל איך וויסן אקוראט, וויפל גיט איר? און צווייטנס, וואָלט איך וועלן אָנקוקן דאָס קערן". דערהערט אזעלכע דיבורים, רופט זיך אָן דער מעכוטן, מוישע-ניסל, הייסט עס, צו דער מעכוטענעסטע, ביילע-לײַע, הייסט עס:—„ווו איז ערגעץ סאָניטשקע? רופ זי נאָר ארײַן".—סאָניטשקע טוט זיך נאָך אָן,—מאכט צו אים די מעכוטענעסטע, ביילע-לײַע, הייסט עס, הייבט זיך אוף און גייט אוועק אין צווייטן ציידער ארײַן, און איך מיטן מעכוטן, מיט מוישע-ניסלען, הייסט עס, בלײַבן איבער אינצווייען. גענומען צו קאפּעלעך ווישניק, פארביסן מיט עסרויגים-אײַנגעמאכטס און מע שמועסט. פון וואָס שמועסט מען?—לאָמיך אזוי וויסן בייז, נעכטיקע טעג, אפן הימל א יאריד, —„שוין לאנג, אז איר זײַנט א שאדכן"?—מאכט ער צו מיר און גיסט מיר אָן נאָך א גלעזל ווישניק.—פון דער כאסענע אָן, זאָג איך. מײַן שווער, זאָג איך, איז א ייד א שאדכן, און מײַן טאטע, זאָג איך, איז אויך געווען א שאדכן. אלע מײַנע ברידער זענען געווען שאדכאָנים. קימאט די גאנצע מישפּאָכע אונדזערע באשטייט פון שאדכאָנים... אָט אזוי האק איך אים איין ליגן נאָכן אנדערן און פארקרימ מיך אפילע ניט, נאָר איך פיל, אז עס פלאמט מיר מײַן פּאָנעם. איך ווייס אליין ניט, פונוואנען עס האָבן זיך צו מיר גענומען אזוי פיל שקאָרים! א ברירע האָב איך געהאט? ווי זאָגט די מאמע דײַנע: „אז מע קריכט ארײַן אין א בלאָטע, קריכט מען ווײַטער"... געפּויעלט האָב איך בא זיך, ווי איך האָב דיר שוין אויבן געזאָגט, אז דער אויבערשטער וועט מיך באגליקן און איך וועל דורכברעכן אָט-דאָסדאָזיקע געשעפט, וועל איך מײַן כיילעק פארדינסט, אימירצעשעם, גאָר אָן א שום טערעץ, טיילן אפּדערהאלב מיט יענעם שאדכן, מיט לייבע לעבעלסקין, הייסט עס, וואָס האָט פארגעסן אפ דער אכסאניע זײַן פעקל מיט קסאָווים. וואָס האָב איך צו אים? אײַ, אלפּי יושער קאָן מען עפשער צופאסקענען, אז מײַן כיילעק פארדינסט געהער אינגאנצן צו אים, צו לעבעלסקין, הייסט עס? איז דער טערעץ: און ווו בין איך? און מײַן ארבעט איז שוין גאָרניט ווערט? און האקן שקאָרים פון יענעמס וועגן בין איך, דאכט מיר, אויך ניט מעכוייעוו. און ווער ווייסט, עפשער האָט גאָט אזוי

*) אפ א קייסערלעכן אויפן.

געפירט, אז ער זאָל פארלירנ, אונ איכ זאָל געפינענ, אונ אינ מײַנ זכוס זאָלנ
דרײַ ייִדנ פאַרדינענ געלט.

אינ דידאָזיקע מאכשאָוועס עפנט זיכ די טיר, אונ עס קומט ארײַנ די מעכוטע-
נעסטע, ביילע-לייע, הייסט עס, אונ טייקעפ נאָכ איר סאָניטשקע, די קאלע, הייסט
עס, א שיינע, א הויכע, א געזונטע אונ אנ אָסאָבע, אזויוויַ די מאמע איהע. „נו,
א וווּקס אונ א ברייט, קענענאָרע!—טראכט איכ מיר.— ניט קיינ סאָניטשקע, נאָר
טאקע א גאנצער סאָניטשניק״!... אָנגעטאָנ גייט זי, די קאלע, הייסט עס, עפעס מאָד-
נע, אינ א לאנגנ קאפאָט, א בונדע אזעלכע, זעט אויס מער ווי א ווײַבל, נישט
מאכמעס אלטקײַט, נאָר מאכמעס ברייטקײַט, סאקאָנעס נעפאָשעס! מע וואָלט בא-
דארפט מיט איר עפעס א שמועס טונ, זענ, וואָס ס'איז פאר א כײַע,— לאָזט ער
ניט, דער פאָטער, הייסט עס, ער האלט אינ איינ רעדנ, באשיט מיכ מיט רייד. פונ
וואָס, מיינסטו, רעדט ער? פונ יאמפעלע. וואָס פאר א שטאָט דאָס איז, א שטאָט פונ
באריידערס, ניט פארגינערס, סאָנימ אינ לעבנ ארײַנ, איינער דעמ אנדערנ וואָלט
דערטרונקענ אינ א לעפל וואסער! אוכעדוימע אזעלכע פוסטע רייד. א דאנק דער מע-
כוטענעסטע, ביילע-לייע, הייסט עס. זי מישט זיכ ארײַנ אונ טוט א זאָג צומ מאנ:
—„מוישע-ניסל, עפשער וואָלט געווענ גענוג צו ריידנ? לאָז זיי בעסער סאָניטשקע
א ביסל שפילנ אפנ פערטיפיאנ״.—בא מיר האָסטו געפועלט,—ענטפערט איר דער
מעכוטנ, מוישע-ניסל, הייסט עס, אונ גיט א ווונק צו דער טאָכטער. גייט צו די
טאָכטער צומ פערטיפיאנ, זעצט זיכ אוועק, עפנט אופ א גרויסנ בוכ אונ קלאפט
מיט די פינגער, אפ וואָס די וועלט שטייט. רופט זיכ אָנ צו איר די מאמע, ביילע-לייע,
הייסט עס:—סאָניטשקע, וואָס טויג דיר טיידנ? שפיל זיי בעסער „יעכאל קאָזאק זא
דונײַעמ״, „הייסע באבקעלעכ״, אָדער גאָר „האמאוודל״...—„פאָזשאלעסטע, מעשײַע
ניט״, ענטפערט איר סאָניטשקע אונ מאכט מיט די פינגער איבערנ פערטיפיאנ אזוי-
גיכ, אז דאָס אויג איז גאָרניט אימשטאנד צו כאפנ אונ די מעכוטענעסטע, ביילע-
לייע, הייסט עס, בייס-מײַסע לאָזט ניט אראָפ פונ איר קיינ אויג, ווי איינער
רעדט: „איר זעט פינגער?״...

אונ ווי זי שפילט אזוי, גליטשנ זיכ ארויס פונ כיידער מײַנ מעכוטנ מיט דער מעכוטע-
נעסטע, אונ איכ בלײַב אליינ מיט דער קאלע, מיט סאָניטשקענ, הייסט עס, אפ פיר אויגנ.
„אצינד איז צײַט, טראכט איכ מיר, מאכנ מיט איר א שמועס: לאָמיר כאָטש הערנ, צי
זי קאָנ ריידנ״. נאָר פונ וואָס הייבט מענ אָנ? לאָמיכ אזוי וויסנ פונ א בייזער וועטשע-
רע! הייב איכ זיכ אופ פונ אָרט אונ שטעל זיכ אוועק הינטער אירע פלייצעס אונ
רופ מיכ אָנ צו איר: „האָט קיינ פארינבל ניט, סאָניטשקע, וואָס איכ שלאָג אײַכ איר-
בער אינמיטנ דער שפיל, איכ האָב אײַכ געוואָלט עפעס פרעגנ״... דרייט זי זיכ אויס
צו מיר מיטנ פאָנעם אונ קוקט אפ מיר בייז אונ מאכט צו מיר אפ רוסיש:—נאפרי-
מער?...—„נאפרימער, זאָג איכ, איכ האָב אײַכ געוואָלט פרעגנ, וואָס איז אײַער באגעה?
דאָס הייסט, וואָס פאר א מינ כאָסנ, אשטייגער, וואָלט איר געוואָלט, מע זאָל אײַכ
געבנ?״—ווידיטע,—מאכט זי צו מיר שוינ אביסל וויכער אונ לאָזט אראָפ די אויגנ,—
סאָבסטווענאָ, וואָלט איכ געוואָלט א געקאָנטשעטנ, נאָר איכ וויס, אז ס'איז פאָנאַ-
פראסנאָ, וואָלט איכ וועלנ, פאָ קרײַניע מערע, ער זאָל זײַנ אנ אָבראזאָוועטער, וואָ-
רומ כאָטש אונדזער יאמפעלע סטשיטאיעט זיכ א פאנאטיטשעסקע שטאָט, פונדעסטוועגנ
האָבנ מיר נעסמאָטריא אלע פאָלוטשעט רוסישע אָבראזאָוואניע אונ כאָטיא מיר פאָסע-

*) ליגנס

שטשײַען ניט קײן אױטשעבנע זאװעדעניעס, פונדעסטװעגן װעט איר ניט געפינען בא אונדז אײן באָרישניע, װאָס זאָל ניט זײַן זנאַקאָמע מיט עמיל זאָליא, מיט פּושקינען און אַפילע דאָזשע מיט גאָרקין. אַזױ מאַכט צו מיר די דיזאָזיקע יעפּײפּע, סאָניטשקע, הײסט עס, און רעדט צו מיר האַלב אױף ייִדיש, האַלב אױף רוסיש, דאָס הײסט מער אױף רוסיש, װי אױף ייִדיש. און אין דעם קומט אָן די מעפּוטענעסטע, בײלע-לײע, הײסט עס, רופט אַװעק די קאַלע, װי אײנער רעדט: „אַלצדינג דאַרף זײַן מיט אַ מאָס". און עס קומט אַרײַן דער מעכותן, מױשע-ניסל, הײסט עס, און מיר זעצן זיך אַװעק װידער אײנצװײען שמועסן מיקױעך שידעך: װיפל גיט ער נאַדן, װוהין זאָל מען זיך צונױפפאָרן מאַכן אַן אָנקוקעניש, אױף װען זאָל מען אָפּשטעלן די כאַסענע, אױבע-דימע אַזעלכע זאַכן, װאָס זײַנען שײַעך צום אינינען. און איך הײב מיך אױף און איך װיל גײן אױף דער סטאַנציע קלאַפּן אַ טעלעגראַם, נעמט ער מיך, מױשע-ניסל, הײסט עס, פאַר אַ האַנט און מאַכט צו מיר: „איר װעט ניט גײן, רעב מענאַכעם-מענדל, איר װעט פריִער עסן מיט אונדז װאַרמעס, איר קערט אַװאַדע זײַן הונגעריק". און מע גײט זיך װאַשן און מע זעצט זיך אַװעק עסן און מע נעמט צו גלעזלעך װישניק, און ער, דער מעכותן, הײסט עס, די גאַנצע צײַט—דאָס מױל מאַכט זיך אים ניט צו: יאַמפּעלע, יאַמפּעלע און יאַמפּעלע...—„איר װײסט ניט, זאָגט ער, װאָס פאַר אַ שטאָט דאָס איז! אַ שטאָט פון לײדיקגײערס און באַרײדערס. איר זאָלט מיך פאָלגן, זאָגט ער, װאָלט איר זיך געהאַלטן פון דער װײַטן, ניט גערעדט מיט קײנעם אַ װאָרט. איר זאָלט זײ, זאָגט ער, ניט דערצײלן קײן מײַסעס, װער איר זענט, און פונװאַנען איר זענט, און װאָס איר טוט דאָ, און מײַן נאָמען זאָלט איר זײ אַפילע גאָרניט מאַז-קיר זײַן *), גלײַך װי איר קענט מיך גאָרניט. איר פאַרשטײט, רעב מענאַכעם-מענדל? איר קענט מיך גאָרניט! אַזױ זאָגט ער מיר אָן עפּשער אַמאָל צען, און איך גײ אַװעק קלאַפּן אַ דעפּעש צו מײַן שוטעף קײן יאַרמעלינעץ, אַזױװי מיר האָבן אָפּגערעדט, און שרײַבן שרײַב איך אים גאַנץ דײַטלעך, באָזױ האַלאָשן **):

„טאָװאַר אָסמאָטריעל, פּערװױ סאָרט. שעסט טיסאַטשי, טעלעגראַמירױיטע סקאָלקאָ נאַפּראָטיװ. גדיע סיכאַיעמסיא"

קומט מיר אָן פון מײַן שוטעף אױף מאָרגן אַ טשוװע, מאָדנע פאַרשטעלט:

„אופּיראַלסיאַ דעסיאַט. נאַפּראָטיװ פּאָלאָװינע שעסט. ראַבאָטײַטע נאַ-באַװוקע. סאָגלאַסען זשמערינקע. טאָװאַר פּרימע. טעלעגראַמירױיטע".

לױף איך אַװעק צו מײַן מעכותן, צו מױשע-ניסלען, הײסט עס, און װײַז אים די דעפּעש און בעט אים, ער זאָל מיר פאַרטײַטשן דעם פּאָסעק, װאָרום איך פאַר-שטײ ניט אײן װאָרט. לײענט ער דורעך די דעפּעש און מאַכט צו מיר:—„ייִד, װאָס פאַרשטײט איר דאָ ניט? ס'איז דאָ יאַװנע װעיאַסנע. ער װיל, פאַרשטײט איר מיך, אַז איך זאָל געבן צען, װעט ער מיר געבן אַנקעגן אַ העלפט פון זעקס, דאָס הײסט דרײַ טױזנט. שרײַבט־זשע אים אַװעק, אַז ער איז שױן צו קלוג. ס'איז, זאָגט ער, קורצע דיבורים: װיפל ער גיט, לײג איך אַנקעגן צװײ מאָל אַזױפיל. און שרײַבט אים, זאָגט ער, ער זאָל ניט מעדלעװען. טאַקע מיט דעם לאָשן, זאָגט ער, שרײַבט אים, װאָרום עס קאָן זיך אונטערכאַפּן אַן אַנדערער". פאָלג איך אים און קלאַפּ אַװעק מײַן שוטעף אַזאַ דעפּעש:

---

*) דערמאַנען.

**) מיט די װערטער.

„קאראָטקי סלאָווא, סקאָלקאָ דאיאָט קלאדו נאפראָטיוו דווא ראזא
באָליעיע, ניע מעדליוואט. פאָדכוואטיטסיא דרוגאָי.“
באקומ איכ פונ מײַנ אָשערנ אנ ענטפער, ווידער פארשטעלט:
„סאָגלאסענ דווא ראזא מעניעיע וויגאָוואָראָמ
טיסיאטשע נאזאד. טאָוואר נאכאָדקא“.
לויפ איכ ווידער אוועק מיט דער דעפעש צו מײַנ מעכוטנ. זאָגט ער מיר ווי־דעראמאָל: — „ס'איז יאוונע וועיאסנע. אײַער שוטעפ, זאָגט ער, שרײַבט, אז ער איז מאסקימ צו לייגנ פונקט העלפט, נאָר מיט א טנײַ — טויזנט צוריק, דאָס הייסט אזוי וועג איכ, לעמאָשל, וועל געבנ, זאָגט ער, צענ, דארפ ער דאָכ געבנ פינפ; וויל ער אָפּצי́ענ איינס צוריק, וועט אויסקומענ, זאָגט ער, אז איכ גיב טאקע צענ, אונ ער וועט מער ניט געבנ, ווי פיר. א ייִד א כאָכעמ, זאָגט ער, אײַער מעכוטנ; ער וויל מיכ אָפּ־שווינדלענ פונ קאָפּ ביז די פיס. איכ בינ אָבער, זאָגט ער, א סויכער אונ פארשטיי א געשעפט. איכ וועל אימ בעסער געבנ, זאָגט ער, צוויי מאָל אזויפיל אונ מיט טויזנט מער, איידער ער זאָל מיר געבנ די העלפט אונ מיט טויזנט ווייניקער, וועט דאָס אויסקומענ, זאָגט ער, אזוי: וועט ער געבנ דרײַ, גיב איכ אנקעגנ זיבנ; וועט ער געבנ פיר, לייג איכ נײַנ, וועט ער געבנ פינפ, לייג איכ עלפ. האָט איר עס, זאָגט ער, צעקײַט? גייט־זשע, זאָגט ער, טאקע באלד אונ שרײַבט אימ אוועק א סטראָטשנע, ער זאָל גיט פארצי́ענ אינ דער לאנגער באוק, אונ לאָז ער אײַכ, זאָגט ער, ענטפער־רנ אויכ מיט א סטראָטשנע, אז מע פאָרט זיכ צוגויפ — אונ אנ עק לאָז עס האָבנ!“
לויפ איכ אוועק אונ קלאָפּ מײַנ אָשערנ א סטראָטשנע דעפעש:
„דאסט טרי קלאדיאָט סעמ. דאסט טשעטירע קלאדיאָט דעוויאט.
דאסט פיאט קלאדיאָט אָדינאדצאט. נע טיאנוט דלינע סקאמייקע.
סטראָטשיטע וועיעכײַעמ“.
קומט מיר אָנ א סטראָטשנע דעפעש, ניט מער, ווי צוויי ווערטער:
„וועיעכײַעמ. וועיעכײַטע“.

———

ווענ קומט אָנ אזא וואזשנע דעפעש? — מיסטאמע באנאכט. דו דארפסט שוינ אליינ פארשטיינ, אז שלאָפנ האָב איכ די נאכט ניט געקאָנט. איכ האָב גענומענ רעכענענ, וויפל, אשטייגער, וועט זיכ אָקאָרשט אָנעמענ אפ מײַנ כיילעק, ווענ, לעמאָשל, דער אייבערשטער העלפט מיר, איכ פיר אויס דאָס גאנצע צעטל מיט שידוכימ, וואָס דער לייבע לעבעלסקי האָט פארלאָרנ? בא גאָט איז דענ ניט מעגלעכ? אָפּגעעקט איז בא מיר געוועג פעסט, אימירצעשעמ, אז איכ פיר דורכ דעמדאָזיקנ אייסעק, שליס איכ מיט מײַנ אָשערנ א שטענדיקע שוטפעס. וואָרומ ער געפעלט מיר פאר זייער א בראווע מענטשנ, אונ טאקע א מוצלעכ אויכ. אונ, פארשטייט זיכ, אז אָט דער לייבע לעבעל־סקי וועט אויכ ניט זײַנ געקריוודעט. וואָס האָב איכ צו אימ? נעבעכ אויכ א ייִד אנ אָרעמאנ אונ א מעטופל מיט קינדער...
קאמ דערלעבט דעמ טאָג, האָב איכ אָפּגעדאוונט אונ בינ אוועק צו מײַנע מע־כוטאָנימ. זיי באוויזנ די דעפעש, האָבנ זיי באלד געהייסנ געבנ קאווע מיט פוטער־געבעקס, אונ ס'איז געבליבנ, אז טאקע דעמ אייגענעמ טאָג פאָרנ מיר ארויס זאלבעפערט קיינ זשמערינקע. נאָר ביכדיי יאמפעלע זאָל ניט זײַנ קאָשע, וואָס פאָרנ מיר עפּעס אלע פיר אינײנעמ, האָבנ מיר געמאכט אזוי, אז איכ זאָל ארויספאָרנ מיט א פאָיעזד פריִער, אונ זיי — מיט א פאָיעזד שפעטער, אונ דערווײַל זאָל איכ פונ

זייערטוועגן דאָרטן צוגרייטן עפּעס א רעכטע סטאַנציע, הייכן מאַכן וועטשערע, ווי גאָט האָט געבאָטן.

און קאַכאָווע. איך בין געקומען קיין זשמערינקע פריִער, פאַר אַלעמען. פאַרפאָרן אַף דער שענסטער אַכסאַניע, טאַקע די איינציקע אין זשמערינקע, מיטן נאָמען „אָדעסקי גאָסטיניעץ", זיך באַקענט צום אַלעם ערשטן מיט דער באַלעבאָסטע, זייער א ווילע יִדענע, און איך טו זי א פרעג: — „וואָס איז בא אייַך דאָ וואָס צו עסן?" זאָגט זי: — „מע קאָן קויפן". — זאָג איך: — „פיש איז בא אייַך דאָ?" זאָגט זי: — „מע קאָן קויפן". זאָג איך: — „נו, און יויך?" זאָגט זי: — „מע קען צושטעלן יויך אויך". זאָג איך: — „מיט וואָס? מיט לאָקשן, צי מיט רייַז?" זאָגט זי: — „אפילע מיט מאַנדלען". זאָג איך: — „נו, און אַשטייגער, קעדוימע לעמאָשל, געבראָטענע קאַטשקעס?" זאָגט זי: — „פאַר געלט קריגט מען קאַטשקעס אויך". זאָג איך: — „נו, און טרינקען?" זאָגט זי: — „וואָס טרינקט איר?" זאָג איך: — „ביר איז דאָ?" זאָגט זי: — „פאַרוואָס זאָל ניט זייַן?" זאָג איך: — „נו, און ווייַן?" זאָגט זי: — „אבי געלט". — „אויב אַזוי, זאָג איך, טאָ זייַט זיך מאַטריִעך, מייַן ליבע יִדענע, און מאַכט א וועטשערע אַזוי גרויס ווי אַף אַכט פאַרשוין". זאָגט זי: — „פונוואַנען האָבן זיך בא אייַך גענומען אַכט, אַז איר זייַט בעסאַכאַקל איינער". זאָג איך: — „א מאָדנע יִדענע! וואָס גייט אייַך אָן? מע זאָגט אייַך אַכט, איז אַכט".

און אַזויוי מיר רעדן, קומט אָן מייַן שוטעף, רעב אָשער, הייסט עס, און פאַלט אַרום קושן מיך און האַלדזן, ווי אַן אייגענער טאַטע: — „דאָס האַרץ האָט מיר אָבער געזאָגט, זאָגט ער, אַז איך וועל אייַך טרעפן דאָ, אינעם „אָדעסקי גאָסטיניעץ"! געפינט זיך דאָ עפּעס, זאָגט ער, וואָס צו נעמען אין מויל אַרייַן?" — אָט נאָר וואָס זאָג איך, האָב איך באַשטעלט א וועטשערע בא דער באַלעבאָסטע אַף אַכט פאַרשוין. — „וואָס איז שייַעך וועטשערע?" — זאָגט ער. — וועטשערע איז זיך וועטשערע, נאָר ביז די מעכוטאָנים פון ביידע צדָדים וועלן אַמאָל זיך אויסקראַצן קומען, זייַנען מיר, זאָגט ער, ניט מעכויעוו דערוויַילע צו פאַסטן. איך זע, זאָגט ער צו מיר, איר זייַט דאָ א היימישער, הייסט־זשע, זייַט מויכל, מע זאָל אונדז גרייטן צום טיש, און מע זאָל אונדז געבן אַביסל בראָנפן מיט עפּעס פליישיקס צו פאַרבייַסן. עס כאַלעשט מיר, זאָגט ער, דאָס האַרץ מעסוקן נעפעש!" אַזוי זאָגט צו מיר רעב אָשער און מאַכט ניט קיין שיִעס און גייט אין קיך אַרייַן זיך וואַשן, באַקענט זיך מיט דער באַלעבאָסטע, הייסט געבן צום טיש, וואָס ס'איז דאָ, און מיר זעצן זיך אַוועק ביידע צו דער סודע גאַנץ ברייטלעך, און רעב אָשער דערציילט מיר, עסנדיק, די ניסים וועניפלאָעס, וויִאַזוי עס איז אים געראָטן, ער האָט געשפּאַלטן דעם יאַם, קאַם געפועלט בא דעמדאָזיקן מעיוכעס, ער זאָל געבן די ג' אַלאָפים ראַכ*). — „וואָס הייסט, זאָג איך, ג' אַלאָפים? מיר האָבן דאָך געשמועסט, ניט ווינציקער פון פיר טויזנט?" — „לאָזט אייַך דינען, זאָגט ער, רעב מענאַכעם־מענדל, איך ווייס, וואָס איך האָב צו טון. איך הייס רעב אָשער! איר דאַרפט וויסן, זאָגט ער, אַז מייַן מעיוכעס האָט בעסאַכאַקל כיישק געהאַט ליגן פון זייַן זייַט גאָרנישט מיט גאָרנישט, וואָרום ער איז אַליין א גרויסער מעיוכעס, זאָגט ער, און האָט א ווייַב נאָך א גרעסערע, און אַז ער זאָל וועלן, זאָגט ער, א שידעך טון מיט אַבי וועמען, וואָלט מען אים נאָך, זאָגט ער, צוצאָלן אין בייַטל אַרייַן... בעקיצער, איך האָב, זאָגט ער, גענוג געהאָרעוועט, געהאַקט האָלץ, און קאַם מיט צאָרעס, מיט אַנגסטן, געפועלט, ער זאָל

*) דרייַ טויזנט רובל.

געבנ לעכאַלאַפּאַכעס ב׳ אלאַפּים״. *) —„וואָס הייסט, זאָג איכ, ב׳ אלאָפּים? איר האָט דאָכ נאָר וואָס, זאָג איכ, געזאָגט ג׳ אלאָפּים?״ זאָגט ער מיר ווידער: —„לאָזט אײַכ דינענ, רעב מענאכעמ־מענדל, איכ בינ אנ עלטערער שאדכנ פונ אײַכ אונ איכ הייס רעב אָשער. לאָזנ זיכ נאָר די צדאָדימ צונויפּאָרנ, אונ כאָסנ־קאַלע זאָלנ זיכ אָנקוקנ ווערט, אימירצעשעמ, אל־צדינג זײַנ אויסגעצייכנט. איבער אזעלכע טויזנט קראַפּנ צע־גייט זיכ, זאָגט ער, בא מיר קיינ שידעכ ניט. איכ הייס, פאַרשטייט איר מיכ, רעב אָשער! איינ פּראַט, זאָגט ער, איז דאָ יאָ פאַראַנ, וואָס סע קוועטשט מיכ״. —„דעהײַנע וואָס, זאָג איכ, קוועטשט אײַכ?״ —„מיכ קוועטשט, זאָגט ער, דער פּריזיוו, איכ האָב אײַנגערעדט, זאָגט ער, דעמ מעכוטנ מײַנעמ, אז בא אײַער מוישע־ניסלענ איז טאקע נאָכ גאָר א יונג קינד, בלוט אונ מילכ, נאָר ער הערט דעמ פּריזיוו פאַר דרײַ גראָשנ, שוינ געפּאטערט דעמ פּריזיוו״... —וואָס בעבעט איר, רעב אָשער? רופּ איכ מיכ אָנ צו מײַנ שוטעפּ. —וואָסער פּריזיוו? וואָסערע לאָקשנ? זאָגט ער צו מיר ווידעראמאָל: —„לאָזט אײַכ דינענ, רעב מענאכעמ־מענדל, איכ הייס רעב אָשער!״... —איר מעגט אײַכ הייסנ אכצנ מאָל רעב אָשער, זאָג איכ, פאַר־שטיי איכ אלצ ניט, וואָס איר רעדט! עפּעס בעלעבעטשעט איר מיר: „פּריזיוו־שמי־זיוו״ —פּונוואנענ האָט זיכ גענומענ צו מײַנ מוישע־ניסלענ א פּריזיוו? א נעקיווע האָט שוינ דענ אויכ אָפּ זיכ א פּריזיוו?.. מאכט צו מיר אָשער: —„וואָס הייסט א נע־קיווע? אונ ווו איז אײַער מוישע־ניסלס באָכער?״... —פּונוואנענ, זאָג איכ, האָט זיכ גענומענ צו מוישע־ניסלענ א באָכער, אז ער פאַרמאָגט בעסאכקל זײַנ אייגנס א טאָכטער, א באַסיעכידע, איינ אונ איינציקע, הייסט עס? —„איז די מאשמאָעס, זאָגט ער, אז בא אײַכ איז אויכ א בסולע? **) סטײַטש, זאָגט ער, מיר האָבנ דאָכ גאָר געשמועסט עפּעס וועגנ א כאָסנ!״... —אוואדע, זאָג איכ, א׳ כאָסנ! איכ האָב אָבער גאָר אנדערש ניט גערעכנט, זאָג איכ, אז כאָסנס צאד —דאָס זענט איר!.. —„פּונוואנענ איז געדרונגענ, זאָגט ער, אז כאָסנס צאד —דאָס בינ איכ?.. פאַרוואָס־זשע, זאָגט ער, האָט איר מיר ניט מאזקיר געווענ, אז בא אײַכ איז א בסולע?״... זאָג איכ: —נו, אונ איר האָט מיר מאזקיר געווענ, אז בא אײַכ איז א בסולע?.. ווערט ער אינ קאַס אונ מאכט צו מיר: —„ווייסט איר, וואָס איכ וועל אײַכ זאָגנ, מענאכעמ־מענדל? איר זענט אזוי א שאדכנ, ווי איכ בינ א ראָוו!״ זאָג איכ: —אונ איר זענט אזוי א שאדכנ, ווי איכ בינ א רעבעצנ. א וואָרט פאַר א וואָרט —ער מיר: —„מעלאמעד!״ איכ אימ: —„שאקרענ!״ ***) ער מיר: —„שלימאזל!״ איכ אימ: —„שיקאָרניק!״... פאַרדריסט דאָס אימ, גייט ער אונ לאָזט מיר אראָפּ א פּאטש. גיי איכ אונ פּאָר אימ ארײַנ אינ באָרד —א שקאנדאל, זאָל גאָט אָפּהיטנ!..

דו פאַרשטייסט? אזויפל הויצאָעס אונ צײַט אונ טירכע, הײַנט די ביזיוינעס! דאָס גאנצע שטעטל איז זיכ צונויפגעלאָפנ אָנקוקנ דידאָזיקע שאדכאָנימ, וואָס האָבנ באַ־וויזנ א בעריעשאפט צונויפּאָרנ צוויי מיידלעכ. איז אָבער אָט דער אָשער, פאַרכאַפּט זאָל ער ווערנ, באלד אנטרונענ געוואָרנ, אונ מיכ האָט ער איבערגעלאָזט איינעמ אליינ, זיכ צערעכענענ מיט דער באלעבאָסטע פאַר דער וועטשערע, וואָס איכ האָב באשטעלט אפ אכט פאַרשוינ. א גליק, וואָס איכ האָב מיכ כאָטש באצײַטנס ארויסגעמאכט, איידער די מעכוטאָנימ מיט די צוויי קאַלעס זײַנענ אָנגעקומענ קיינ

*) צוויי טויזנט.

**) מיידל.

***) ליגנער.

זשמערינקע. וואָס מיט זיי האָט זיכ דאָרט אָפּגעטאָנ — ווייס איכ ניט. נאָר איכ שטעל־
מיר פאָר די ביזיוינעס!.. הייַנט גיי זיַי א נאָווי, אז אָט דער שאדכענ, ייִמאכשעמוי־
זאָל ער ווערנ*), איז אזא פּוסטע זאכ, א ווינטמיל, צו אלדע שווארצע יאָר, וואָס
רעדט אונ פאָרט אונ פליט אונ קלאפּט דעפּעשנ — אונ וואָס לאָזט זיכ אויס? צוויי־
בסולעס!..

איינמאָל פאר אלעמאָל, מייַנ טייַער וויַיב, עס פידלט ניט, כאָטש ווארפ זיכ א לעבע־
דיקער אינ וואסער אריַינ! אונ מאכמעס איכ בינ זייער דערשלאָגנ פונעם דאָזיקנ
שידעכ, מאכ איכ דאָס בעקיצער. אימירצעשעם, אינעם אנדערנ בריוו וועל איכ דיר
אױסשרייַבנ אלצדינג באאריכעס. לעסאטע לאָז גאָט געבנ מיט געזונט אונ מיט
האצלאָכע. גריס די קינדערלעכ, זאָלנ לעבנ, וואָס איכ בענק נאָכ זיי שטארק, אונ
שווער אונ שוויגער, אונ איטלעכנ באזונדער גאָר פרייַנטלעכ.

פונ מיר דייַנ מאנ מ ע נ א כ ע מ ־ מ ע נ ד ל .

---

*) זייַנ נאָמענ זאָל אָפּגעמעקט ווערנ.

# טעוויע דער מילכיקער

## I. הייַנטיקע קינדער

(1899)

— אנקעגנ דעמ, וואָס איר זאָגט: הייַנטיקע קינדער. גיי האָב זיי, ווער פארשווארצט, זייַ זיכ מאפקיר פונ זייערטוועגנ, האָרעווע טאָג אונ נאכט. וואָס איז? מע מיינט, טאָמער אזוי אונ עפשער אזוי, איטלעכער נאָכ זייַנ האסאָגע אונ נאָכ זייַנ פארמעגנ. צו בראָדסקינ, געוויינטלעכ, וועל איכ ניט אָנשלאָגנ, נאָר זאָל איכ מיכ שוינ איננאנצנ אראָפּלאָזנ — בינ איכ אויכ ניט מעכוייעוו, וואָרומ אליינ בינ איכ אויכ שוינ ניט קיינ אבי־ווער, כלעבנ, אונ ארויסקומענ קומענ מיר ארויס, ווי מייַנ ווייַב, זאָל לעבנ, זאָגט, אויכ ניט פונ קיינ שנייַדער אונ ניט פונ קיינ שוסטער, — האָב איכ גערעכנט: אז איכ וועל מיט מייַנע טעכטער געוויס אויסשפּילנ. פארוואָס? ערשטנס, האָט מיכ גאָט געבענטשט מיט שיינע טעכטער, אונ א שיינ פּאָנעמ, זאָגט איר דאָכ אליינ, איז א האלבער נאדנ. אונ צווייטנס, בינ איכ דאָכ עפּעס הייַנט, מיט גאָטס הילפּ, ניט דער טעוויע, וואָס געוועזנ אמאָל, קאָנ איכ דאָכ שוינ גרייכנ צומ שענסטנ שידעכ אפילע אינ יעהופּעצ, — הא, ווי זאָגט איר? איז דאָכ אָבער פאראנ א גאָט אפ דער וועלט, וואָס באווייַזט זייַנע גרויסע ווונדער אונ מאכט מיט מיר זומער אונ ווינטער, ארופּ אונ אראָפּ, מאכט ער צו מיר: „טעוויע, רעד זיכ ניט אייַנ קיינ נארישקייטנ אונ לאָז זיכ די וועלט פירנ, ווי זי פירט זיכ". הערט, וואָס עס קאָנ זיכ פארלויפנ אפ דער גרויסער וועלט. אונ בא וועמענ טרעפט זיכ אלע גליקנ? בא טעוויע שלימאזל.

בעקיצער, צו וואָס זאָל איכ מאריכ זייַנ? איר געדענקט דאָכ מינאסטאמ, וואָס מיכ האָט געטראָפנ, ניט הייַנט געדאכט, די מייַסע מיטנ קאָרעוו מייַנעמ, מענאכעמ־מענדל יימאכ שמוי וועזיכרוי *) — ווי שיינ מיר האָבנ זיכ אויסגעהאנדלט אינ יעהופּעצ, מיט די האלבע פריאַלנ אונ מיט די פּאָטיוויליווער אקציעס, אזא יאָר אפ מייַנע סאָנימ! איכ האָבנ דענסטמאָל אייַנגעלייגט די וועלט. וויי איז מיר! געמיינט, ס'איז אנ עק, אויס טעוויע אונ אויס מילכיקס!

— „נאר איינער! — זאָגט צו מיר איינמאָל די אלטע מייַנע. — גענוג צו זייַנ פארזאָרגט, דו וועסט דערמיט גאָרנישט מאכנ! דו וועסט זיכ נאָר אָפּעסנ דאָס הארצ, אונ גענוג. עלעהיי גאזלאָנימ זייַנענ אפ אונדז אָנגעפאלנ אונ צוגענומענ... דו גיי זיכ בעסער דורכ, זאָגט זי, קיינ אנאטעווקע, צו לייזער־וואָלפ דעמ קאצעוו, ער באדאַרפ דיכ, זאָגט ער, נייטיק האָבנ".

— וואָס איז דאָרטנ, וואָס באדאַרפ ער מיכ אזוי נייטיק? אויב ער מיינט, זאָג איכ, די מאורע בעהיימע אונדזערע, מעג ער נעמענ א שטעקנ אונ ארויסשלאָגנ זיכ פונעמ קאָפּ. — „וואָס איז אזוינס? מאכט זי צו מיר, די מילכ, וואָס מע האָט זיכ אָנ פונ איר, מיטנ קעז אונ פּוטער?" — ניט צוליב דעמ, זאָג איכ, נאָר גלאט אזוי; ערשטנס, איז פּאָשעט אנ אוויירע אזעלכע אוועקגעבנ אפ דער שכיטע, א צארבאלעכאימ, בא אונדז שטייט

*) עס זאָל אויסגעמעקט ווערנ זייַנ נאָמענ אונ זייַנ געדעכעניש, — ניט געדאכט זאָל ער ווערנ.

געשריבנ אינ דער הייליקער טוירע...—„אָבער גענוג דיר שוינ, טעוויע! די גאנצע וועלט, זאָגט זי, ווייסט, אז דו ביסט א ייִד פונ טוירע. פאָלג מיך, א ווײַב, גיי זיך דורכ צו לײזער־וואָלפנ. אלע דאָנערשטיק, זאָגט זי, ווענ אונדזער צייטל קומט אינ יאמקע ארײַנ נאָכ פלייש, לאָזט ער זי ניט לעבנ. זאָלסט זאָגנ, זאָגט ער, דעמ טאטנ, ער זאָל קומענ צו גיינ, איכ באדארפ אימ נייטיק האָבנ"...

בעקיצער, מע דארפ פאָלגנ אמאָל, ווי זאָגט איר, א ווײַב אויכ. בינ איכ מיכ מעיאשעװ אונ לאָז זיכ אײַנריידנ אונ קומ צו גיינ צו לײזער־וואָלפנ קיינ אנאטעווקע, א ווערסט דרײַ פונ אונדז. אונ טרעפ אימ ניט מיסטאָמע אינדערהיימ.—ווו איז ער ערגעצ?—טו איכ א פרעג א קארנאָסע ייִדענע, וואָס דרייט זיכ ארומ אינ שטוב.—„אינ פראָיעקט *), מאכט די קארנאָסע, מע קוילעט אנ אָקס פונ גאנצפרי אָנ. ער באדארפ באלד אָנקומענ"...

איכ דריי מיכ ארומ איינער אליינ אינ שטוב אונ הייב אָנ צו באטראכטנ לײזער־וואָלפס באלעבאטישקײַט—קענענאָרע א גוטס—אפ אלע מײַנע ליבע; א שאפע מיט קופער, מע וועט זי ניט אויסקויפנ מיט קיינ קאנ **) קערבלעכ, א סאמאָוואר אונ נאָכ א סאמאָוואר, אונ א טאצ א מעשענע. אונ נאָכ איינע א ווארשעווער, אונ לײַכטער א פאָר זילבערנע, אונ קויסעס מיט קויסעלעכ געגילדעטע, אונ א כאנעקע־לעמפל א געגאָסנס. אונ נאָכ זאכנ, שמאָכטעליאקעס אָנ אנ עק. ריבוינעשעלוילעמ!—טראכט איכ מיר,—ווי דערלעב איכ אזא גוטס בא מײַנע קינדער, זאָלנ געזונט זײַנ!.. אזא בארמאזל ווי דער קאצעװ איז! גענוג וואָס ער איז אזוי רײַכ, באדארפ ער האָבנ זײַנ אייגנס אינגאנצנ צוויי קינדער, שוינ אויסגעגעבענע, אונ נאָכ בלײַבנ אנ אלמענ דערצו!..

בעקיצער, גאָט האָט געהאָלפנ, עס עפנט זיכ די טיר אונ עס קומט ארײַנ לײזער־וואָלפ.—„גאָט העלפ, רעב טעוויע, מאכט ער צו מיר. וואָס איז די מײַסע, וואָס מע קאָנ אײַכ גאָרניט דערופנ זיכ? וואָס מאכט א ייִד"?—וואָס זאָלנ מיר מאכנ, זאָג איכ, מע מאכט אונ מע האלט, זאָג איכ, נאָכ אלצ פונפאָרנט, ווי אינ פאָסעק שטייט: ניט קיינ געלט, ניט קיינ געזונט, ניט קיינ לײַב אונ לעבנ.—„איר זינדיקט, רעב טעוויע, מאכט ער צו מיר, ווערלדיק אײַכ איז געווענ אמאָל, ניט הײַנט געדאכט, זענט איר דאָכ איצט, קענענאָרע, א גוויר...—„וואָס מיר פעלט צו דעמ, וואָס איר מיינט, מעגנ מיר דאָס ביידע פארמאָגנ, נאָר גאָרניט, דאנקענ גאָט דערפאר, ס'איז פאראנ, זאָג איכ אײַכ, א געמאָרע...—„איר זײַט, מאכט ער, טאָמעד דאָ מיט דער געמאָרע. לאָמיר בעסער שמועסנ וועגנ אונדזער געשעפט. זיצט, רעב טעוויע,—מאכט ער צו מיר אונ טוט א געשריי:—„לאָז זײַנ טיי!" אונ עס וואקסט אויס פונ אונטער דער ערד די קארנאָסע ייִדענע, כאפט דעמ סאמאָוואר, ווי דער רועכ דעמ מעלאמעד, אונ אוועק אינ קיכ ארײַנ.—„אצינד, מאכט ער צו מיר, אז מיר זײַנענ דאָ אליינ, אונטער פיר אויגנ, קאָנענ מיר שמועסנ אייסעק. די מײַסע דערפונ, זאָגט ער, איז אזוי. איכ האָב שוינ מיט אײַכ, רעב טעוויע, לאנג געוואָלט ריידנ, איכ האָב צו אײַכ באפוילנ דורכ אײַער טאָכטער, וויפל מאָל געבעטנ, איר זאָלט זיכ מאטריעכ זײַנ, פארשטייט איר מיכ, איכ האָב געוואָרפנ אנ אויג"...—איכ ווייס, זאָג איכ, אז איר האָט געוואָרפנ אנ אויג, נאָר ס'איז אומזיסט, זאָג איכ, אײַער טירכע, עס וועט ניט גיינ, רעב לײזער־וואָלפ, עס וועט ניט גיינ.—„פארוואָס עפעס?"—מאכט ער צו מיר אונ

*) שעכט־הויז.

**) הונדערט מיט פופציק.

קוקט אפ מיר דערשראָקנ.—פאר שאבעס, זאָג איכ. איכ קאָנ באשטיינ, עס זאָל נאָכ געדויערנ א ביסל, דער טײַכ ברענט ניט.—„לעמיַ, זאָגט ער, זאָלט איר ווארטנ, אז איר קאָנט אויספירנ באלד?”—דאָס, זאָג איכ, איז איינמאָל אוועק; אונ צווייטנס, זאָג איכ, איז גלאט א ראכמאָנעס, א צארבאלעכאַים.—„קוק אים אָנ, ווי ער מאכט אָנ־שטעלנ, זאָגט לייזער־וואָלפ מיט א געלעכטערל. עמעצער זאָל זײַנ דערבײַ, וואָלט ער געקענט שווערנ, אז זי איז בא אײַכ איינ אונ איינציקע—מיר דאכט, איה האָט זיי אָנ אײַנאָרע געַנוג, רעב טעוויע!”... —לאָזנ זיי זיכ שוינ האלטנ, זאָג איכ. ווער ס'איז מיר מעקאנע, דער זאָל אליינ ניט האָבנ...—„מעקאנע? ווער, זאָגט ער, רעדט פונ מעקאנע? אדעראבע, זאָגט ער, ווײַל זיי זײַנעג בא אײַכ, אָנ אײַנאָרע, געראָטענע, דארפאר וויל איכ טאקע. איר פארשטייט צי נייג? פארגעסט נאָר ניט, רעב טעוויע, די טויווע, וואָס אײַכ קאָנ דורכ דעמ ארויסקומענ!”—אוואדע, אוואדע, זאָג איכ, פונ אײַערע טויוועס, רעב לייזער־וואָלפ, קאָנ טאקע הארט ווערנ דער קאָפּ. ווינטער א שטיקל אײַז, דאָס ווייסנ מיר שוינ לאנג, זאָג איכ, נאָכ פונ אמאָל...—„ע!—מאכט ער צו מיר זיס־צוקערדיק.—„וואָס גלײַכט איר, רעב טעוויע, אמאָל ביז היַינט? אמאָל איז עפעס אנדערש; עפעס ווערנ מיר דאָכ שטיקלעכ מעכוטאָנים, הא”—וואָס פאר א מעכוטאָנעשאפט?—זאָג איכ.—„געוויינטלעכ, זאָגט ער, מעכוטאָנים!”—וואָס מיינט איר, זאָג איכ צו אים, רעב לייזער־וואָלפ, פונ וואָס ריידנ מיר?—„אדעראבע, זאָגט ער, זאָגט שוינ איר, רעב טעוויע, פונ וואָס ריידנ מיר?”—וואָס הייסט, זאָג איכ, מיר ריידנ דאָכ פונ דער מאורע בעהיימע מײַנע, וואָס איר ווילט בא מיר קויפנ.—„כא־כא־כא!—מאכט ער אונ ווערט צעגאָסנ פאר געלעכטער.—ס'איז נישקאָשע פונ א בעהיימע אונ נאָכ א מאורע דערצו, כא־כא־כא!”—וואָס־זשע דענ האָט איר געמיינט, רעב לייזער־וואָלפ? אדעראבע, זאָגט, וועל איכ אויכ לאכנ.—„פונ אײַער טאָכטער, מאכט ער צו מיר, פונ אײַער צײַטלענ ריידנ מיר דאָכ די גאנצע צײַט! איר ווייסט דאָכ, רעב טעוויע, אז איכ בינ, ניט פאר אײַכ גערעדט, געבליבנ אנ אלמענ, האָב איכ מיר מעיאשעווו געווענ, וואָס באדארפ איכ זוכנ אינ דער פרעמד דאָס גליק, נאָכ האָבנ צו טונ מיט שאדכאָנים, רוכעס אונ שיידים, אמער, אָט זענענ מיר דאָ ביידע אפנ אָרט, איכ קענ אײַכ, איר קענט מיכ, דאָס קערנ אליינ איז מיר אויכ געפעלנ, איכ זע זי אלע דאָנערשטיק בא מיר אינ יאטקע, א פאָר מאָל א רעד געטאָנ מיט איר, ווײַזט אויס נישקאָשע, א שטילע, אונ איכ אליינ בינ קענענאָרע א שטיקל באלעבאָס, ס'איז דאָ א שטוב אנ אייגענע, אונ קלייטלעכ א פאָר, באלעבאטישקײַט, ווי איר זעט, ניט צו פארזינדיקנ, אונ אביסל געלט אויכ, אונ אביסל געלט אינ קאסטנ אויכ! וואָס באדארפנ מיר, רעב טעוויע,—די ציגײַנערשע שטיק. בעדיענ זיכ, כאָכמענ זיכ? אמער, נעמט מענ אונ מע שלאָגט צו א האנט, איינס־צוויי־דרײַ, איר פארשטייט. צי נייג”?...

בעקיצער, ער האָט מיר אויסגערעדט אָט־דאָס־אָ, בינ איכ געבליבנ זיצנ אָנ לאָשנ, ווי איינער, בעשאס מע קומט אונ מע זאָגט אים אָנ פלוצים א בסורע. לעכאט־כילע איז מיר אפילע דורכגעפלויגנ א מאכשאָווע: לייזער־וואָלפ... צײַטל... ער האָט שוינ אזוינע קינדער ווי זי... נאָר באלד האָב איכ זיכ אליינ אָפּגעשלאָגנ. סטײַטש, אזא גליק! אזא גליק! עס וועט דאָכ איר זײַנ גוט, ווי די גאנצע וועלט! אײַ, טאָמער איז ער ניט אזא צעוואָרפענער פארשויג? איז דאָס הײַנטיקע יאָרנ, פארקערט, די גרעסטע מײַלע, ווי זאָגט מענ—אז מע איז גוט פאר יענעמ, איז מענ שלעכט פאר זיכ. איינ כיסאָרנ נאָר, וואָס ער איז אביסל פראָסטלעכ... נו מײַלע, קאָנ דענ איט־

לעכער זײַנ א יעדריע סייפער? *) קארג פאראנ נעגידימ, פײַנע מענטשנ אינ אנאטעווקע, אינ מאזעפּעווקע אונ אפילע אינ יעהופּעצ, וואָס ווייסנ ניט קיינ צעלעמ פאר קיינ אלעפ, **) — פונדעסטוועגנ, אז ס'איז באשערט, לאָמיכ האָבנ אזא יאָר, וואָס פאר א קאָוועד זיי האָבנ אפ דער וועלט.

— „נו, רעב טעוויע, מאכט ער צו מיר, וואָס שווײַגט איר״? — וואָס זאָל איכ שרײַענ, — זאָג איכ צו אימ קלוימערשט, ווי איכ קווענקל מיכ; — דאָס איז, רעב לייזער־וואָלפ, פארשטייט איר מיכ, אזא איניענ, וואָס מע באדארפ אימ גוט באקלערנ ארומ אונ ארומ; ס'איז עפּעס ניט קיינ קאטאָוועסל, זאָג איכ, דאָס ערשטע קינד בא מיר! — „אדעראבע, — מאכט ער, — ווײַל ס'איז דאָס ערשטע קינד בא אײַכ; איר וועט שוינ, זאָגט ער, נאָכדעמ, אימערצעשעמ, קאָנענ כאסענע מאכנ די אנדערע טאָכטער אויכ, אונ שפּעטער, מיט דער צײַט, די דריטע, איר פארשטייט צי ניינ״? — אָמיינ! — זאָג איכ. — כאסענע מאכנ איז קיינ קונצ ניט, דער אייבערשטער זאָל גאָר צושיקנ, זאָג איכ, איטלעכנ באזונדער זײַנ זיווּג. — „ניינ, — מאכט ער, — ניט דאָס מיינ איכ, רעב טעוויע, איכ מיינ עפּעס אנדערש גאָר, וואָרומ קיינ נאדנ פאר אײַער צייטלענ באדארפט איר שוינ ניט, אונ אויסקליידנ זי צו דער כאסענע, אלצ, וואָס א מיידל באדארפ — דאָס נעמ איכ אפ זיכ, אונ אײַכ, זאָגט ער, וועט מיסטאמע דערפונ אויכ עפּעס ארײַנפאלנ אינ בײַטל ארײַנ״... — פע, מאכ איכ צו אימ, איר רעדט דאָכ עפּעס גאָר, איר זאָלט מיר מויכל זײַנ, טאקע ווי אינ יאטקע! וואָס הייסט אינ בײַטל ארײַנ? פע! מײַנ צייטל איז, כאָלילע, ניט אזעלכע, איכ זאָל זי פארקויפנ פאר געלט, פע־פע! — „פע איז פע, — מאכט ער צו מיר. — איכ האָב געמיינט אדעראבע; נאָר אז איר זאָגט פע, זאָל זײַנ פע! אז אײַכ איז ליב, איז מיר ניכע! דעריקער, זאָגט ער, עס זאָל זײַנ וואָס גיכער, איכ מיינ טאקע באלד. ווי זאָגט ער, א באלעבאָסטע אינ שטוב ארײַנ, איר פארשטייט, צי ניינ?״. — מאכטייסע, — זאָג איכ, — אינ מיר איז קיינ מעניע; מע דארפ דאָכ אָבער איבעררײדנ מיט מײַנ פלוינעסטע ***), זאָג איכ, אינ אזעלכע זאכנ האָט זי די דייע. הײַנט זי אליינ, זאָג איכ, צייטל, מיינ איכ, באדארפ מענ אויכ א פרעג טונ, ווי זאָגט מענ דאָס: אלע מעכוטאָנימ האָט מענ מיטגענומענ אפ דער כאסענע, אונ דעמ כאָסנ האָט מענ געלאָזט אינדערהיימ... — „בלאָטע, — זאָגט ער — פרעגנ באדארפ מענ גאָר? דערציילנ, רעב טעוויע, קומענ אהיימ אונ דערציילנ. אזוי אונ אזוי, אונ שטעלנ א כופּע, א וואָרט אונ צוויי אונ א מאַהאָריטש!״ — זאָגט דאָס ניט, זאָג איכ, זאָגט דאָס ניט, רעב לייזער־וואָלפ. א מיידל איז א מיידל, ניט קיינ אלמאָנע, כאָלילע. — „געוויינטלעכ, זאָגט ער, א מיידל איז א מיידל, ניט קיינ אלמאָנע. אָט דערפאר טאקע באדארפ מענ, זאָגט ער, באצײַטנס דערפונ ריידנ, מאכמעס האלבאָשע ****), פארשטייט איר, דאָס־יענצ־לאָקש־בוידעמ־ציבעלע; אונ דערווײַלע, זאָגט ער, לאָמיר, רעב טעוויע, נעמענ צו קאפּעלעכ לעכאימ, הא, צי ניינ?״... — מאכטייסע, — זאָג איכ, — פארוואָס ניט! וואָס קער זיכ אָנ שאָלעמ צו מאכלויקעס? — ווי זאָגט ער: אָדאָמ איז א מענטש אונ בראָנפנ איז בראָנפנ. ס'איז פאראנ, זאָג איכ, בא אונדז א געמאָרע... אונ האַק אימ ארײַנ א געמאָרע, איינע אונ די אנדערע, א נעכטיקער טאָג.

*) א וויסער אינ ביכער, א קענער.

**) זײַנענ אנאלפאבעטנ.

***) ווײַב

****) אָנטונ, קליידער.

בעקיצער, מיר האָבן אײַנגענומען דעם ביטערן טראָפּן, ווי גאָט האָט געבאָטן: די קארנאָסע האָט דערווײַלע געבראכט צו טראָגן דעם סאמאָוואר, און מיר האָבן געמאכט צו גלעזלעך פונש, פארבראכט גאָר פרײַנטלעך, געווינטשעוועט, געשמועסט, געפּלאפּלט אלץ פונעם שידעך.—איר ווייסט דען, רעב לייזער־וואָלף—זאָג איך,—וואָס פאר א בארליאנט דאָס איז?—„איך ווייס,—זאָגט ער, גלויבט מיר, אז איך ווייס. איך זאָל ניט וויסן, וואָלט איך גאָרניט גערעדט!" און מיר ריידן אזוי ביידע אינײַנעם. איך שרײַ:—א בארליאנט, א דימענט! איר זאָלט נאָר וויסן, וויאַזוי זי צו שאַגעווען, ניט ארויסבאווײַזן דעם קאצעוו... און ער:—„האָט קיין מוירע ניט, רעב טעוויע; וואָס זי וועט עסן בא מיר אינדערוואָכן, האָט זי בא אײַך ניט געגעסן אום יאָנטעוו"... —עט, זאָג איך, עסן איז אויך אן אייסעק? דער נאָגיד, זאָג איך, עסט ניט קיין רענדלעך, דער אָרעמאן עסט ניט קיין שטיינער; איר זײַנט א פּראָסטער מענטש, זאָג איך, פארשטייט איר ניט, ווי צו שאצן איר בעדיעשאפט. איר כאלע באקן, אירע פיש, רעב לייזער־וואָלף, אירע פיש! מע באדארף, זאָג איך, האָבן א זכיע... און ער ווידער:—„רעב טעוויע, איר זענט, איר זאָלט מיר מויכל זײַן, שוין אויסגעוועפּט, רעב טעוויע, איר קענט קיין מענטשן ניט, רעב טעוויע, איר קענט מיך ניט!"... און איך ווידער:—אַפּ איין וואָג גאָלד, און אַפּ דער אנדערער צייטלען. הערט איר, רעב לייזער־וואָלף, איר זאָלט אפילע פארמאָגן אײַערע, זאָג איך, רייש אלאָפים *), זענט איר אויך ניט ווערט איר פּיאטע!... און ער ווידער:—„גלייבט־זשע מיר, רעב טעוויע, איר זײַט א גרויסער נאר, כאָטש איר זײַט עלטער פון מיר!"...

בעקיצער, מיר האָבן, אַפּאָנעם, אוועקגעשריגן אָט־אזוי־אָ א היפּשע ווײַלע און זענען געוואָרן רעכט שיקער, וואָרום אז איך בין געקומען אַהיים, איז שוין געווען שפּעטלעך אין דער נאכט, און די פיס זײַנען מיר געווען ווי געפּענטעט... מײַן ווײַב, זאָל געזונט זײַן, האָט אָבער באלד דערקענט אין מיר, אז איך בין פארקנאקט, און האָט מיר געגעבן א וויסטן פּעטשאטעק, ווי איך בין ווערט.

— שאַ, בייזער זיך ניט, גאָלדע!—זאָג איך צו איר גאנץ פריילעך, און עס גלוסט זיך מיר אזש גיין טאנצן;—שרײַ ניט, נעשאָמע מײַנע, עס קומט אונדז—מאזלטאָוו!—

—„מאזלטאָוו? א וויסטער מאזלטאָוו, זאָגט זי,—האָסט שוין פארזינדיקט די מאורע בעהיימע, לייזער־וואָלפן זי פארקויפט?"—נאָך ערגער!—זאָג איך.—„אויסגעביטן,—זאָגט זי, אַפּ אן אנדערער? אָפּגענארט לייזער־וואָלפן, א ראכמאָנעס נעבעך?"—נאָך ערגער!—זאָג איך. —„נו, רייד שוין,—זאָגט זי,—ווערטער, קוק אָן, ווי מע באדארף בא אים קויפן א וואָרט!"—מאזלטאָוו דיר, גאָלדע, זאָג איך נאָכאמאָל, מאזלטאָוו אונדז ביידן, אונדזער צייטל איז א כאלע געוואָרן!—„אויב אזוי,—זאָגט זי,—ביסטו דאָך טאקע גוט פארקלאפּט, גאָרניט אַפּ קאטאָוועס, רעדסט פונעם וועג! האָסט, אַפּאָנעם, געמאכט, זאָגט זי, א רעכטע קויסע?"—א קויסע,—זאָג איך,—האָבן מיר מיט לייזער־וואָלפן געמאכט, און צו גלעזלעך פונש האָבן מיר מיט לייזער־וואָלפן גענומען, נאָר בא די געדאנקען, זאָג איך, בין איך נאָך. זײַ וויסן, גאָלדע ברודער, אז אונדזער צייטל איז אין א גוטער, א מאזלדיקער שאָ א כאלע געוואָרן פאר אים אליין, פאר לייזער־וואָלפן!

און איך האָב איר איבערגעגעבן די גאנצע מײַסע פון אָנהייב ביזן סאָף, וויאַזוי און וואָס און ווען און פון אלץ, וואָס מיר האָבן גערעדט, ניט דורכגעלאָזט קיין האָר אפילע.—„הערסטו, טעוויע,—זאָגט צו מיר מײַן ווײַב,—גאָט זאָל מיר אזוי העלפן, ווי איך וועל מיך קערן און ווענדן, זאָגט, זי ווי דאָס הארץ האָט מיר געזאָגט, אז דאָס,

*) צוויי הונדערט טויזנט.

וואָס לייזער־וואָלף האָט דיך גערופן, איז ניט אומזיסט. נאָר וואָס־זשע דען? איך האָב מורע געהאַט דערפון צו טראַכטן, טאָמער, כאָלילע, לאָזט זיך אויס א בוידעם".

בעקיצער, מיר האָבן אזוי אוועקגערעדט ביזן ווייַסן טאָג אַרייַן.—נעם צונויף, זאָג איך, מייַן ווייַב, דאָס ביסל קעז און פּוטער און לאָמיך פאָרן דערווייַל קיין בויבעריק; עס איז טאַקע אַלצדינג שיין און פייַן אָרום און אָרום, נאָר דאָס געשעפט, זאָג איך, קאָן מען ניט פאַרבייגן אף א זייַט, ווי שטייט דאָרטן: די וועלט איז אויך א וועלט. און גאַנצפרי, עס איז נאָך געווען טונקל, האָב איך אייַנגעשפּאַנט דאָס פערד־און־וועגעלע און בין אוועק קיין בויבעריק. געקומען קיין בויבעריק אפן מאַרק—אַהאַ! (ס'איז דען פאַראַן א סאָד בא ייִדן?). מע ווייסט שוין אַלצדינג און מע שטעקט אָפּ מאַזלטאָוו פון אַלע זייַטן: מאַזלטאָוו אייַך, רעב טעוויע, ווען האָבן מיר, אים־ירצעשעם, א כאַסענע?—מיט מאַזל זאָלט איר, זאָג איך, לעבן, עס קומט אויס, ווי מע זאָגט: דער טאַטע איז נאָך גאָרניט געבאָרן געוואָרן, איז שוין דער זון אויסגעוואַקסן אפן דאַך...—„בלאָטע, זאָגן זיי, עס וועט אייַך גאָרנישט העלפן, רעב טעוויע, מאַשקע מוזט איר שטעלן; קענען אָרע אזא גליק, א שמאַלץ־גרוב!"—די שמאַלץ רינט אויס, זאָג איך, די גרוב בלייַבט איבער. נאָר פונדעסטוועגן, זאָג איך, קאָן מען קיין כאַזער ניט זייַן און פון כעוורע ניט אָפּשטיין. אָט פאַרטיק איך מיך אָפּ מיט אַלע מייַנע יעהופּעצער באַלעבאַטים, זאָג איך, וועט זייַן א גלעזל מאַשקע און פאַרבייַסן, כייַ־געלעבט און אַן עק—הוליע קאַפּצן!

בעקיצער, אָפּגעפּאַרטיקט זיך מיט מייַן מיסכער, גיך און געשווינד, ווי געוויינטלעך, האָב איך גענומען מיט גוטע ברידער צו ביסלעך לעכאַיִם, צוגעווינטשעוועט זיך איינער דעם אַנדערן, ווי עס געהער צו זייַן, און איך האָב מיך אוּפגעזעצט און בין אַוועק אַהיים לעבעדיק—פרייליך. פאָרנדיק אזוי אין וואַלד, זומער־לעבן, די זון באַקט, נאָר פון ביידע זייַטן וואַלד דער שאָטן פון ביימער, דער רייעך פון די סאָסנעס, מעכייַע־נעפּאָשעס, צי איך מיך אויס ווי א גראַף אין וועגעלע, לאָז נאָך מייַן בעוורעמאַן די לייצעס:—גיי שוין, זאָג איך צו אים, זייַ מויכל, אַליין, דער וועג דאַרפסטו זייַן שוין באַקאַנט,—און אַליין צעלאָז איך מיך אף א קאָל און זינג מיר א ניגנדל.

פּלוצים צעלאָזט זיך דאָס פערדל מייַנס אַראָפּ א באַרג, און איידער איך הייב אוּף דעם קאָפּ א קוק טון, ווו איך בין אין דער וועלט, ליג איך שוין אף דער ערד מיט אַלע ליידיקע טעפּלעך און קריגלעך, און דאָס וועגעלע אף מיר! קאַם מיט צאָרעס, מיט ליידן אַרויסגעקראַטשקעט זיך, און אוּפגעשטאַנען א צעבראָכענער, א צעהאַרגעטער, לאָז איך אויס מייַן ביטער האַרץ צום פערדל:—אייַנגעזונקען זאָלסטו ווערן! וועו האָט דיך געבעטן, שלימאַזל, באַווייַזן א בעריעשאַפט, אז דו קאָנסט לויפן באַרג־אַראָפּ? האָסט דאָך מיך שיר, זאָג איך, אומגליקלעך געמאַכט, דו אשמעדייַ! *) און איך האָב אים אייַנגעטיילט, וויפל ס'איז אין אים אַרייַן. מייַן באָכער האָט, אַפּאָנעם, אַליין פאַרשטאַנען, אז ער האָט דאָ פאַרשטיפט א מיִעסע מייַסע, געשטאַנען אַראָפּגעלאָזט די מאָרדע, כאָטש מעלק אים אויס.—כאַפּט דיך דער וואַטנמאַכער,—זאָג איך צו אים, און מאַך צורעכט דאָס וועגעלע, נעם צונויף די קיילים און פאָר ווייַטער. ניט קיין גוטער סימען, זאָג איך צו זיך אַליין; איך האָב מורע, צי עס האָט זיך ניט געטראָפן אינדערהיים עפּעס א נייַער אומגליק?

---

*) א שער.

קאַכאַווע. איך פֿאַר אַראָפּ נאָך אַ וויאָרסט צוויי, שוין ניט ווײַט פֿון דער היים, דערזע איך, אין מיטן שליאַך גייט גלײַך אַנקעגן מיר אַ מענטש אין געשטאַלט פֿון אַ בעקייווע. איך פֿאָר צו נעענטער, קוק מיך אײַן: צייטל!... איך ווייס ניט פֿאַר וואָס, נאָר עס האָט זיך מיר אָפּגעריסן אין האַרצן, אַז איך האָב זי דערזען. איך שפּרינג אַראָפּ פֿונעם וואָגן: — צייטל, ס'איז דו? וואָס טוסטו דאָ? פֿאַלט זי מיר ניט אָפּן האַלדז מיט אַ געוויין? — גאָט איז מיט דיר, — זאָג איך, — טאָכטער מײַנע, וואָס וויינסטו? — „אוי זאָגט זי — טאַטע, טאַטע!"... און באַוואַשט זיך מיט טרערן. עס איז מיר פֿינצטער געוואָרן אין די אויגן און פֿאַרקלעמט באַם האַרצן. — וואָס איז דיר, טאָכטער, זאָג מיר, וואָס איז דיר געשען? — זאָג איך צו איר און נעם זי אַרום, גלעט זי, קוש זי, און זי אין איין קאָל: — „טאַטע, טאַטע, האַרציקער געטרײַער, זאָגט זי, דעם דריטן טאָג אַ שטיקל ברויט, האָב ראַכמאָנעס, זאָגט זי, אויף מײַנע יונגע יאָר!"... און פֿאַרגייט זיך פֿאַר געוויין, קאָן מער קיין וואָרט ניט אַרויסריידן. אַז אַך און וויי איז מיר, טראַכט איך, איך שטויס מיך שוין, וואָס דאָ איז! דער רוצח האָט מיך אוועקגעטראָגן קיין בויבעריק! — וואָס באַדאַרף מען וויינען, זאָג איך צו איר און גלעט זי באַם קאָפּ, — נאַרעלע, וואָס באַדאַרף מען וויינען? מימאָ־נעפּשעך, זאָג איך, נײַן איז ניין, מע וועט דיר מיט געוואַלד, כאָלילע, קיינער ניט אָנהענגען אַ לונג און לעבער אויף דער נאָז. מיר האָבן, זאָג איך, געמיינט דײַן טויווע טאַקע, געוואָלט ווי צום בעסטן. עלע ס'איז דיר ניט צום האַרצן, וואָס זאָל מען טון? מיסטאַמע, זאָג איך, איז ניט באַשערט... — „אַ דאַנק דיר, זאָגט זי, טאַטע לאַנג לעבן זאָלסטו". — און פֿאַלט מיר ווידער אויפֿן האַלדז און הייבט ווידער אָן צו קושן מיך און ווייגען, גיסן מיט טרערן. — אָבער לאָז שוין זײַן גענוג געווייַנט, זאָג איך, קרעפּלעך עסן קאָן אויך נימעס ווערן; קריך, זאָג איך, אין וואָגן אַרײַן און לאָמיר פֿאָרן אַהיים, די מאַמע, זאָג איך, וועט דאָרטן איבערטראַכטן ווער ווייס וואָס!

בקיצור, מיר האָבן זיך ביידע אַרײַנגעזעצט אין וואָגן אַרײַן, און איך האָב אָנגעהויבן אײַנצוזשטילן זי מיט רייד, אַהין, אַהער. די מײַסע דערפֿון, זאָג איך, איז דאָך אַזוי: מיר האָבן, זאָג איך, דערבײַ, כאָלילע, קיין שום שלעכטס מאַכשאָווע ניט געהאַט; גאָט ווייס דעם עמעס, מיר האָבן געוואָלט, ווי זאָגט ער, באַוואָרענען אַ קינד; איי, עס לאָזט זיך ניט, מיסטאַמע, זאָג איך, הייסט גאָט אַזוי; ניט באַשערט, זאָג איך, דיר, טאָכטער מײַנע, קומען אויפֿן גרייטן, ווערן אַ באַלעבאָסטע אויף אַלדאָס גוטס, און אונדז אַ שטיקל נאַכעס דערלעבן, זאָג איך, אויף די עלטערע יאָרן, פֿאַר אונדזער האָרעוואַניע, זאָג איך, טאָג ווי נאַכט אין דער טאַטשקע אײַנ־געשפּאַנט, קיין גוטע מינוט, נאָר דאַלעס, נאָר דאַכקעס נאָר שלים־שלימאַזל אַרום און אַרום!.. — „אוי, טאַטע, זאָגט זי צו מיר ווידער מיט אַ געוויין. איך וועל מיך שטעלן, זאָגט זי, פֿאַר אַ דינסט, ליים וועל איך טראָגן, ערד וועל איך גראָבן!"... — וואָס וויינסטו, נאַריש מיידל, זאָג איך צו איר, איך זאָג דיר דען עפּעס, נאַרעלע? צי איך האָב טײַנעס צו דיר? גלאַט, זאָג איך, ס'איז ביטער און פֿינצטער, רעד איך מיר אויס דאָס האַרץ, שמועס איך מיך אויס מיט אים, מיטן ריבוינעשעלוילעם, וויאַזוי ער פֿירט מיט מיר. נאָר מיסטאַמע, זאָג איך, באַדאַרף אַזוי צו זײַן; ער איז אויבן אין דער הייך, זאָג איך, און מיר זײַנען דאָ אין דער ערד, טיף, טיף אין דער ערד, מוזן מיר זאָגן, אַז ער איז גערעכט, און זײַן מישפּעט איז גערעכט.

בקיצור, מיר זײַנען געקומען אַהיים, אויסגעשפּאַנט דאָס פֿערד און אוועקגע־זעצט זיך באַ דער שטוב אויפֿן גראָז עפּעס צוטראַכטן אַן אייצע, אויסקלערן פֿאַר מײַן

ווײַב א מײַסע פון טויזנט־איין־נאכט, אבי ארויס פון א צאָרע. פאַרנאַכטלעך, די זון זעצט זיך; זומער־לעבן, די זשאַבעס פונדערווײַטן קוואַקען; דאָס פערדל, געפּענטעט אַפ צוויי פיס, שטשיפּעט גראָז; די בעהיימעלעך נאָר וואָס געקומען פון דער טשערעדע, שטייען איבער די צעבערס און וואַרטן, מע זאָל זיי אויסמעלקן, ארום און ארום דאָס גראָז שמעקט — גאָר א גאַניידן!

איך זיץ מיר אַזוי און באַטראַכט דאָס אַלצדינג און קלער מיר בעשאַס־מײַסע, ווי קלוג דער ריבוינעשעלוילעם האָט דאָס באַשאַפן דאָס וועלטל זײַנס, אַזוי אַז איטלעכס באַשעפעניש, פונעם מענטשן ביז א בעהיימע, זאָל זיך פאַרדינען זײַן ברויט — אומזיסט איז ניטאָ! דו בעהיימע, ווילסט זיך פרעסן — גיי מעלק זיך, גיב מילך, זײַ מעפּאַרנעס *) א ייִד מיט ווײַב און קינדערלעך! דו, פערדל, ווילסט קײַען — לויף אַלעמאָל הין און צוריק מיט די טעפלעך קיין בוי בעריק! און דאָסגלײַכן דו, מענטש, ווילסט א שטיקל ברויט — גיי האָרעווע, מעלק די בעהיימעס, טראָג זיך מיט די קריגלעך, שלאָג פּוטער, מאַך קעז, שפּאַן דאָס פערדל און שלעפּ זיך אַלע פרימאָרגן קיין בויבעריק אַפ די דאַטשעס, בייג זיך און בוק זיך צו די יעהופּעצער גווירים, שמייכל צו זיי, כאַנפע זיי, קרוכ זיי איטלעכן באַזונדער אין דער נעשאָמע אַרײַן, גיב אַכטונג, זיי זאָלן זײַן צופרידן, כאָלילע ניט אָנרירן זיי אין קאָוועד!...

אײַ, בלײַבט דאָך א קאַשע: ווו שטייט דאָס געשריבן, אַז טעוויע באַדאַרף האָרעווען פון זייערטוועגן, אופשטיין גאַנצפרי, ווען גאָט אַליין שלאָפט נאָך, — וואָס איז? ביכדיי זיי זאָלן האָבן פונקט צו דער קאַווע א פרישן שטיקל קעז און פּוטער? ווו שטייט עס געשריבן, אַז איך בין מעכוייעוו אויסגעריסן ווערן צוליב א שיטערן קרופּניק, א קוליש מיט גרויפּן, און זיי, די יעהופּעצער גווירים, באַדאַרפן אויסרוען די ביינער אַפ די דאַטשעס, ניט טון קיין האַנט אין קאַלט וואַסער און עסן דאַפקע געבראָטענע קאַטשקעלעך, און דאַפקע גוטע קנישעס, בלינצעס מיט ווערטוטן? בין איך דען ניט אַזא ייִד, ווי זיי? וואָלט דען ניט געווען קיין יוישער, כלעבן, אַז טעוויע זאָל זיך אָוועקזעצן כאָטש איין זומער אַפ א דאַטשע? אײַ, ווו וועט מען זיך נעמען קעז און פּוטער? ווער וועט מעלקן די בעהיימעס? טאַקע זיי, די יעהופּעצער סטיקראַטן מיין איך... און איך צעלאַך מיך אַליין פון אַזא מעשוגענעם געדאַנק, ווי זאָגט די וועלט א ווערטל: אַז גאָט זאָל האָרכן די נאַראָנים, וואָלט די וועלט געהאַט אַן אַנדער פּאָנעם...

— „א גוטן אָוונט, רעב טעוויע!" — הער איך עמעצער רופט מיך אָן באַם נאָמען. איך דריי מיך אויס און טו א קוק, — א באַקאַנטער: מאָטל קאַמזויל, א שנײַדער־יונג פון אַנאַטעווקע. — באָרוך האַבאָ, זאָג איך, סקאָצל־קומט, מע זאָל דערמאָנען מאָשיעכן. זיץ, מאָטל, אַפ גאָטס ערד, זאָג איך, ווי קומסטו פּלוצים אַהער?

— „ווי איך קום? מיט די פיס", מאַכט ער צו מיר און זעצט זיך אַוועק לעבן מיר אַפן גראָז און קוקט אַהין, ווו מײַנע מיידלעך דרייען זיך ארום מיט די טעפּלעך און מיט די קריגלעך. — „איך קלײַב מיך שוין לאַנג צו אײַך, רעב טעוויע, מאַכט ער צו מיר, נאָר איך האָב אַלץ קיין צײַט ניט. איין שטיקל אַרבעט ארויסגעלאָזט, דאָס אַנדערע גענומען. איך בין מיר הײַנט אַליין פאַר זיך א שנײַדער. אַרבעט איז פאַראַן, דאַנקען גאָט, גענוג. אַלע שנײַדער זײַנען פאַרוואָרפן מיט אַרבעט. ס'איז באַ אונדז א זומער פון כאַסענעס: בערל פּאָנפּאַטש מאַכט כאַסענע; יאָסל שייגעץ מאַכט כאַסענע; מענדל זאַיקע מאַכט כאַסענע; יאַנקל פּיסקאַטש מאַכט כאַסענע; מוישע גאָרגל מאַכט

*) שפּײַז.

כאסענע; מייער קראָפּעווע מאכט כאסענע; כאַיִם לאָשעק מאכט כאסענע, און אפּילע טריהובעכע די אלמאָנע מאכט אויכ׳ כאסענע.״ — די גאנצע וועלט, זאָג איכ, מאכט כאסענע, נאָר איכ איינער האלט נאָכ ניט דערבײַ; מיסטאָמע בינ איכ ניט ווערט בא גאָט... — „ניינ, — מאכט ער צו מיר און קוקט אהינ, ווו די מיידלעכ זײַנענ, — איר האָט א טאָעס, רעב טעוויע; איר זאָלט וועלנ, וואָלט איר אויכ געהאלטנ איצט בא כאסענע מאכנ, עס ווענדט זיכ נאָר אָנ אײַכ... — דעהײַנע זאָג, איכ, ווי ארום? עפּשער מיינסטו א שידעכ פאר מײַנ צייטלענ? — „ווי געמאָסטנ!״ — מאכט ער צו מיר, — כאָטש עפּעס א רעכטנ שידעכ? — זאָג איכ און טראכט מיר בעשאס-מײַסע: עס וועט זײַנ שיינ, טאָמער מיינט ער לייזער-וואָלפּ דעמ קאצעוו!... — „טשאקנדיק און קנאקנדיק!״ — ענטפּערט ער אפּ שנײַדער-לאָשנ און קוקט אלצ אהינ, ווו די מיידלעכ זײַנענ. — פונוואנענ, לעמאָשל, איז דער שידעכ דײַנער, פרעג איכ אימ, פונ וואָסערע קאנטנ? אויב ער שמעקט מיט יאטקע, זאָג איכ, וויל איכ גאָר ניט הערנ, ניט זענ! — „כאסוועכאָלילע, זאָגט ער, ער הייבט ניט אָנ צו שמעקנ מיט יאטקע; איר קענט אימ, רעב טעוויע, זייער גוט!״... — איז דאָס כאָטש, זאָג איכ, עפּעס א גלײַכע זאכ? — „נאָכ א מינ גלײַכ, זאָגט ער, גלײַכ צו גלײַכ איז ניט גלײַכ, ס׳איז, ווי מע זאָגט — צוגעשניטנ און אופּגענייט!״... — ווער-זשע איז דער שידעכ? זאָג איכ, זאָג לאָמיר האָרכנ — „ווער דער שידעכ איז? — מאכט ער און קוקט אלצ אהינ. — דער שידעכ איז, פארשטייט איר מיכ, רעב טעוויע, טאקע איכ אליינ״...

ווי ער האָט דאָס מיר נאָר אויסגערעדט, אזוי בינ איכ אונטערגעשפּרונגענ, ווי אָנ אָפּגעבריטער, פונ דער ערד, און ער נאָכ מיר, און אזוי זײַנענ מיר געבליבנ שטיינ איינער אנקעגנ אנדערנ, אָנגעדראָדלט, ווי די האָנענ.

— צי דו ביסט מעשוגע געוואָרנ, זאָג איכ צו אימ, צי דו ביסט גלאט אזוי אראָפּ פונעמ זינענ? ביסט אליינ דער שאדכנ, אליינ דער מעכוטנ און אליינ דער כאָסנ, דאָס הייסט, אנ אייגענע כאסענע מיט אייגענע קלעזמער! איכ האָב נאָכ, זאָג איכ, אזעלעכס ניט געהערט אינ ערגעצ, אז א באָכער זאָל זיכ אליינ ריידנ א שידעכ! — „דאָס, וואָס איר זאָגט, רעב טעוויע, מאכט ער צו מיר, אז איכ בינ מעשוגע, לאָזנ אונדזערע סאָנימ מעשוגע ווערנ; איכ בינ נאָכ, מעגט איר מיר גלייבנ, בא אלע געדאנקענ; מע באדארפ גאָרניט זײַנ, זאָגט ער, מעשוגע, אז מע זאָל וועלנ אײַער צייטלענ; א סימענ האָט איר, אז לייזער־וואָלפּ, וואָס איז דער גרעסטער גוויר בא אונדז אינ שטאָט, האָט זי געוואָלט נעמענ ווי זי שטייט און גייט... איר מיינט, ס׳איז א סאָד? דאָס גאנצע שטעטל ווייסט שוינ!... און דאָס, וואָס איר זאָגט — אליינ, אָנ א שאדכנ, איז מיר א כידעש, זאָגט ער, אפּ אײַכ; איר זײַנט דאָכ, רעב טעוויע, עפּעס יאָ א ייִד, וואָס קאטאָרע קיינ פינגער אינ מויל באדארפ מענ אײַכ ניט ארײַנלייגנ, איר וועט אָפּבײַסנ... נאָר וואָס טויגנ לאנגע שמועסנ? די מײַסע פונ דער געשיכטע, זאָגט ער, איז אזוי: איכ און אײַער טאָכטער צייטל האָבנ זיכ געגעבנ דאָס וואָרט שוינ לאנג, שוינ העכער א יאָר, אז מיר זאָלנ זיכ נעמענ״...

א מעסער אינ הארצנ וועננ עמעצער זעצט מיר ארײַנ, וואָלט מיר געוועננ אסאכ מער ניכע ווי דידאָזיקע ווערטער. ערשטנס, ווי קומט ער, מאָטל שנײַדער, צו טעוויענ פאר אנ איידעמ? און צווייטנס, וואָס איז דאָס פאר א דיבורימ: *זיי האָבנ זיכ געגעבנ דאָס וואָרט, אז זיי זאָלנ זיכ נעמענ?*

— נו, און ווו בינ איכ? — רופּ איכ מיכ אָנ צו אימ. — עפּעס האָב איכ אויכ א שטיקל דייע צו זאָגנ אפּ מײַנ קינד, צי מיכ פרעגט מענ שוינ מער גאָר ניט? — „כאס־

ווערכאָלילע, מאכט ער, דערופ בינ איכ טאקע געקומענ צו אײַכ איבעררײדנ. אזוי ווי איכ האָב דערהערט, אז לײזער־וואָלפ שאדכנט זיכ צו אײַער טאָכטער, וואָס קאטאָרע שוינ העכער א יאָר, אז איכ האָב זי ליב"... — ס'א מאָשל, זאָג איכ, אז טעוויע האָט א טאָכטער צײטל, אונ דו הײסט מאָטל קאמזויל אונ ביסט א שנײַדער, הײַנט וואָס האָסטו צו איר, דו זאָלסט זי פײַנט האָבנ?... — „נײנ, מאכט ער, ניט דאָס מײנ איכ, אינ מײנ גאָר עפּעס אנדערש, איכ האָב אײַכ געוואָלט דערצײלנ, אז איכ האָב ליב אײַער טאָכטער, אונ אײַער טאָכטער האָט מיכ ליב, שוינ העכער א יאָר, זיכ געגעבנ דאָס וואָרט, מיר זאָלנ זיכ נעמענ. האָב איכ, זאָגט ער, עטלעכע מאָל געוואָלט זײַנ בא אײַכ איבעררײדנ, נאָר אלץ אָפּגעלײגט אפ שפּעטער, ביז איכ וועל מיר צונויפשלאָגנ עטלעכע קערבלעכ אפ א מאשינ, אונ נאָכדעם ערשט אויסקלײדנ זיכ, ווי עס געהער צו זײַנ, וואָרומ א ליאדע באָכערל הײַנטיקע צײַטנ האָט צוויי קאָסטיומענ מיט עטלעכע קאמזוילנ"... — טפו זאָלט איר ווערנ, מאכ איכ צו אימ, מיט אײַער קינדערשנ סײכל! אונ וואָס וועט איר טונ נאָכ דער כאטענע — פארוואָרפנ די צײנ אפ די באָנטעס, צי דו וועסט האָדעווענ דײַנ ווײַב מיט קאמזוילנ?.. — „ע, מאכט ער צו מיר, אפ אײַכ איז מיר, רעב טעוויע, א כידעש, איר זאָלט אזעלעכס זאָגנ! איכ מײנ, אז איר האָט כאסענע געהאט, האָט איר, דאכט מיר, קײנ אײגענעמ מויער נאָכ ניט געהאט, פונדעסטוועגנ זעט איר דאָכ... מימאָנעפשעכ, וואָס עס וועט זײַנ מיט קאָל יִיסראָעל וועט זײַנ מיט רעב יִיסראָעל...*) הײַנט בינ איכ דאָכ א שטיקל באלמעלאָכע אויכ"...

בעקיצער, וואָס זאָל איכ אײַכ לאנג מאריכ זײַנ? ער האָט מיכ איבערגערעדט. אײנ זאכ האָט מיכ זאָר פארדראָסנ אונ כ'האָב דאָס ניט געקאָנט פארשטײנ בעשומויפנ; וואָס הײסט, זײ אלײנ האָבנ זיכ געגעבנ דאָס וואָרט? וואָס איז דאָס פאר א וועלט געוואָרנ? א באָכער באגעגנט זיכ מיט א מײדל אונ זאָגט צו איר: לאָמיר זיכ געבנ דאָס וואָרט, אז מיר זאָלנ זיכ נעמענ... עפּעס גלאט העפקקער ציבעלעס!... נאָר אז איכ האָב א קוק געטאָנ אפ מײַנ מאָטלענ, ווי ער שטײט זיכ אזוי, דעמ קאָפּ אראָפּגעלאָזט, ווי א זינדיקער מענטש, מײנט דאָס גאנצ ערנסט, אָנ שומ כאָכמעס דערבײַ צו האָבנ, האָב איכ מיר מעיאשעוו געווענ: לאָמיר זיכ נאָר גוט באַרעכענענ טאקע דאָס אײגענע ווידער צוריק: וואָס ברעקל איכ מיכ אזוי אונ וואָס מאכ איכ דאָ אָנשטעלנ? דער גרויסער מעיוכעס וואָס איכ בינ, רעב צאָצעלעס אנ אײניקל, צי די גוזמעס נאדנ, וואָס איכ גיב מײַנ טאָכטער, צי די האלבאָשע אירע, משטײנס געזאָגט?... מאָטל קאמזויל איז טאקע א שנײַדער, ער איז אָבער א גאנצ פײַנ באָכערל, אנ ארבעט־יונג, קאָנ געבנ א ווײַב ברויט, אונ דערצו נאָכ אנ ערלעכ יִינגל אויכ, הײַנט וואָס האָב איכ צו אימ? — טעוויע, זאָג איכ צו מיר אלײנ, מאכ ניט קײנ פוילע טנועס אונ זאָג „באָמ", לאָז זײַנ מיט גליק!...

יאָ, וואָס טוט מענ אָבער מיט מײַנ אלטער! איכ וועל דאָכ פונ איר האָבנ אפ שיסל אונ אפ טעלער. וויאזוי פירט מענ זי ארופ, אז עס זאָל בא איר ווערנ רעכט!

— ווייסטו גאָר וואָס, מאָטל? — רופ איכ מיכ אָנ צו מײַנ כאָסנ, — דו גײ דיר אהײמ, איכ וועל מיר דאָ דערווײַל צורעכט מאכנ אלצ, וואָס מע באדארפ, איבערשמועסנ מיט דעמ, מיט יענעמ, אונ אימירצעשעמ מאָרגנ, אויב דו וועסט ביז דעמאָלט קײנ כאראָטע ניט האָבנ, וועלנ מיר זיכ מיסטאמע זענ... — „כאראָטע? — מאכט ער צו מיר. — איכ וועל האָבנ כאראָטע? איכ זאָל ניט דערלעבנ אוועקגײנ פונ דעמ אָרט, עס

*) דאָס וואָס עס וועט זײַנ מיט אלע יִידנ, וועט זײַנ מיט אײנ יִידנ אויכ.

זאָל פון מיר ווערן, זאָגט ער, אַ שטיין, אַ ביין!"...—צו וואָס טויג דיר נאָך דאָס שווערן זיך, וואָס דו שווערסט זיך, זאָג איך אים, אַז איך גלויב דיר אָן אַ שווע? גיי געזונט, זאָג איך, און אַ גוטע נאַכט, און לאָז זיך דיר כאָלעמען גוטע כאַלוימעס...

און אַליין לייג איך מיך אויך שלאָפן, נאָר עס נעמט מיך ניט קיין שלאָף; דער קאָפּ ווערט מיר שיער ניט צעפּאַלן אַף שטיקער, טראַכטנדיק אַזאַ פּלאַן און אַזאַ פּלאַן, ביז איך בין געפּאַלן אַף דעם רעכטן פּלאַן. וואָס־זשע איז דער פּלאַן? אָט וועט איר הערן, וויאַזוי טעוויע פּאַלט אַף אַ גלייכס!

בעקיצער, אַרום האַלבע נאַכט, די גאַנצע שטוב שלאָפט געשמאַק, דער כראָפּעט, דער פייפט, בין איך זיך מעיאַשעוו און הייב אָן צו שרייען ניט מיט מיין קאָל: גוואַלד! גוואַלד! גוואַלד!... ס'פאַרשטייט זיך, אַז אַף מיין גוואַלד האָט זיך די גאַנצע שטוב אויפגעכאַפּט, און פריער פון אַלעמען גאָלדע. —„גאָט איז מיט דיר, טעוויע, מאַכט זי צו מיר און טרייסלט מיך, שטיי אויף, וואָס איז דיר אַזעלעכס, וואָס גוואַלדעוועסטו?"... איך עפן אויף די אויגן, קוק מיך אַרום קלוימערשט אַף אַלע זייטן און רוף זיך אָן מיט אַ ציטערניש: —ווו איז זי ערגעץ? —„ווער איז? וועמען זוכסטו?"

—פרומע־סאָרען, זאָג איך, פרומע־סאָרע לייזער־וואָלפס איז דאָ נאָר וואָס געשטאַנען...

—„דו רעדסט פון היץ, —מאַכט צו מיר מיין ווייב. —גאָט איז מיט דיר, טעוויע! פרומע־סאָרע לייזער־וואָלפס, זאָל זיין ווייט אָפּגעשיידט, איז שוין לאַנג אַף דער עמעסער וועלט". —איך ווייס, —זאָג איך, —אַז זי איז געשטאָרבן, נאָר זי איז אָבער פּאָרט געווען נאָר וואָס, אָט־דאָ בא מיין בעט, גערעדט מיט מיר, זי האָט מיך אָנגענומען זאָג איך, באַם גאָרגל, מיך געוואָלט וואַרגן!... —„גאָט איז מיט דיר, טעוויע, וואָס פּלאַפּלסטו? —מאַכט צו מיר מיין ווייב. —עס האָט זיך דיר געקאָנט כאָלעמען אַ כאָלעם; שפּיי אויס דריי מאָל און דערצייל מיר, וואָס האָט זיך דיר געכאָלעמט, וועל איך דיר אויסלייגן צו גוטן". —לאַנג לעבן זאָלסטו, גאָלדע, מאַך איך צו איר, וואָס דו האָסט מיר אויפגעמונטערט, ווען ניט, וואָלט איך פאַר שרעק געקלאַפּירט אַפן אָרט. גיב מיר, זאָג איך, אַ טרונק וואַסער, וועל איך דיר דערציילן דעם כאָלעם, וואָס האָט זיך מיר געכאָלעמט.

— קוידעמקאָל, זאָג איך, האָט זיך מיר געכאָלעמט, אַז ס'איז בא אונדז אַ סימכע; איך ווייס ניט, צי אַ קנאַסמאָל, צי אַ כאַסענע. מענטשן אַסאַך, יידן און ווייבער, דער רעבע און דער שויכעט, היינט קלעזמער... דערווייל עפנט זיך די טיר און עס קומט אַריין דיין באָבע צייטל, אָלעאַשאָלעם...

מיין ווייב האָט דערהערט די באָבע צייטל, איז זי שוין געוואָרן טויט ווי די וואַנט און רופט זיך אָן צו מיר: „וויאַזוי איז זי אַפן פּאָנעם און אין וואָס איז זי אָנגעטאָן?" —אַ פּאָנעם האָט זי, זאָג איך, אַף אַלע אונדזערע סאָנים, געל אַזויווי וואַקס, און אָנגעטאָן, געווייַנטלעך, אין ווייסן, אין טאַכריכים... „מאַזלטאָוו! מאַכט צו מיר די באָבע צייטל, איך האָב נאַכעס, וואָס איר האָט אויסגעקליבן פאַר אייער צייטלען, וואָס זי טראָגט מיין נאָמען, אַזאַ פיינעם כאָסן, אַ לייטישן; ער הייסט מאָטל קאַמזויל, נאָך מיין פעטער מאָרדכע, און כאָטש ער איז אַ שניידער, פונדעסטוועגן איז ער זייער אַן ערלעך קינד"... „פונוואַנען, רופט זיך אָן גאָלדע, האָט זיך צו אונדז גענומען אַ שניידער? אין אונדזער מישפּאָכע, זאָגט זי, זיינען פאַראַן מעלאַמדים, כאַזאָנים, שאַמאָסים, קוואָרעס־יידן, און גלאַט אַזוי אָרעמע לייט, נאָר ניט, כאָלילע, קיין שניידער און ניט קיין שוסטער"... —שלאָג־זשע מיך ניט איבער, גאָלדע, זאָג איך צו איר, מיסטאַמע ווייסט דיין באָבע צייטל בעסער פון דיר. אַז איך האָב

דערהערט פונ דער באָבע צייטל אזא מינ מאזלטאָוו, רופ איכ מיכ אָנ צו איר: — וואָס זאָגט איר עפּעס, באָבעניו, אז צייטלס כאָסנ הייסט מאָטל אונ ער איז א שנײַדער, אז בעסאכאקל הייסט ער לייזער־וואָלפ, אונ ער איז גאָר א קאצעוו?... „ניינ, רופט זיכ אָנ די באָבע צייטל באָכאמאָל, ניינ, טעוויע, דײַנ צייטלס כאָסנ הייסט טאקע נאָר מאָטל. ער איז א שנײַדער אונ מיט אימ וועט זי זיכ עלטערנ, אימירצעשעמ, אינ אוישער אונ אינ קאָוועד“... — רעכט, באָבעניו, זאָג איכ צו איר נאָכאמאָל, וואָס־זשע טוט מענ מיט לייזער־וואָלפנ? טטײַטש, איכ האָב דאָכ אימ ערשט נעכטנ געגעבנ דאָס וואָרט!..

איכ האָב נאָר אויסגערעדט דידאָזיקע ווערטער, איכ טו א קוק, ניטאָ די באָבע צייטל: אפ איר אָרט איז אויסגעוואקסנ פרומע־סאָרע לייזער־וואָלפס אונ מאכט צו מיר: — „רעב טעוויע: איכ האָב אײַכ געהאלטנ טאָמעד פאר אנ ערלעכנ, פאר א ייִדנ מיט טוירע, סטײַטש, ווי קומט דאָס, איר זאָלט טונ אזא זאכ, איר זאָלט וועלנ, אז אײַער טאָכטער זאָל מיכ יארשענענ, זיצנ אינ מײַנ שטוב, האלטנ מײַנע שליסל, אָנ־טונ מײַנ מאנטל, טראָגנ מײַנע צירונג, מײַנע פערל?“... — וואָס בינ איכ שולדיק, מאכ איכ צו איר, אײַער לייזער־וואָלפ האָט אזוי געוואָלט... — „לייזער־וואָלפ? — מאכט זי צו מיר. — לייזער־וואָלפ וועט האָבנ א וויסטנ סאָפ, אונ אײַער צייטל... א ראכמאָנעס, נעבעכ, רעב טעוויע, אפ אײַער טאָכטער: מער ווי דרײַ וואָכנ וועט זי מיט אימ ניט לעבנ; אונ אז עס וועט אויסגיינ די דרײַ וואָכנ, וועל איכ קומענ צו איר באנאכט אונ וועל זי אָנעמענ באמ האלדז אָט־אזוי־אָ...“ אונ מיט די ווערטער, זאָג איכ, האָט מיכ פרומע־סאָרע אָנגענומענ באמ גאָרגל אונ האָט מיכ אָנגעהויבנ צו ווארגנ אזוי, אז וועננ ניט דו זאָלסט מיכ געוועקט אופוועקנ, וואָלט איכ שוינ איצטער אָנגעשפּארט וויַיט ווײַט!.. — „טפו־טפו־טפו! — מאכט צו מיר מײַנ ווײַב אונ שפּײַט אויס דרײַ מאָל — אינ טײַכ זאָל דאָס ...אלנ, אינ דער ערד זאָל דאָס זינקענ, אפ בוידעמס זאָל דאָס קלעטערנ, אינ וואלד זאָל דאָס רוענ, נאָר אונדז אונ אונדזערע קינדער זאָל דאָס ניט שאטנ! א בייזער, א וויסטער, א פינצטערער כאָלעמ אפ דעמ קאצעוווס קאָפּ אונ אפ זײַנע הענט אונ פיס! לאָז ער זײַנ קאפּאָרע פאר מאָטל קאמזוילס מינדסטנ נאָגל, כאָטש ער איז א שנײַדער, וואָרומ אז ער הייסט נאָכ מײַנ פעטער מאָרדכע, איז ער געוויס ניט קײנ געבאָרענער שנײַדער, אונ מיסטאמע, אז די באָבע, אָלעאשאָלעמ, איז זיכ מאטריַעכ פונ יענער וועלט קומענ אהער אָפּגעבנ מאזלטאָוו, באדארפנ מיר זאָגנ, ס'זאָל זײַנ אינ א גוטער שאָ, א מאזלדיקער, אָמיינ“...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

בעקיצער, וואָס זאָל איכ אײַכ לאנג מאריכ זײַנ? איכ בינ געוועזנ שטארקער פונ אײַזנ, אז איכ האָב יענע נאכט אויסגעהאלטנ אונ בינ ניט צעזעצט אונ ניט צע־שפּרונגענ געוואָרנ, ליגנדיק אונטער דער קאָלדרע, פאר געלעכטער... א ייִדענע בלײַבט א ייִדענע.. פארשטייט זיכ, אז אפ מאָרגנ איז געוועזנ בא אונדז א קנאסמאָל, אונ טאקע באלד נאָכדעמ די כאסענע, אונ דאָס פּאָרפאָלק לעבט זיכ גאנצ צופרידנ: ער איז זיכ א שנײַדער, גייט ארומ אינ בויבעריק פונ איינ דאטשע אינ דער אנדערער אָנעמענ ארבעט, אונ זי טאָג ווי נאכט אינ יאָכ, קאָכט אונ באקט, וואשט אונ שמירט אונ טראָגט וואסער, קאמ־קאמ דאָס שטיקל ברויט אינ שטוב; איכ זאָל ניט ברענגענ אמאָל אביסל מילכיקס, אמאָל עטלעכע גראָשנס, וואָלט געווענ גאָר ניט גוט, אונ רייד מיט איר, זאָגט זי, אז סע איז איר, קענענאָרע, גוט ווי דער וועלט, אבי זאָגט זי, איר מאָטל זאָל איר זײַנ געזונט.

נו, גייט שפּײַנעט מיט הײַנטיקע קינדער!

## II. האָדל

(1904)

— איר כידעשט זיך, פאני שאָלעם-אַלייכעם, אַף טעוויען, וואָס מע זעט אים ניט? ער האָט זיך, זאָגט איר, שטארק א רוק געטאָן, מיטאמאָל, זאָגט איר, גרוי געוואָרן? עך-עך-עך! ווען איר וואָלט וויסן, מיט וואָס פאר צאָרעס, מיט וואָס פאר א וויטעקן אָט דער טעוויע טראָגט זיך ארום! וויאַזוי שטייט דאָרט בא אונדז געשריבן: אָדאָם יעסוידוי מעאָפער וועסויפוי לעאָפאָר *)—א מענטש איז שוואכער פון א פליג און שטארקער פון אייַזן... טאקע נאָר א באשרייַבונג מ׳ט מיר! ווו ערגעץ א שלאק, א צאָרע, אן אָנשיקעניש—מיך אויסמייַדן טאָר עס ניט. פונוואנען נעמט זיך עס, ווייס איך ניט. עפשער דערפון, וואָס בעטעווע בין איך א נאר, וואָס גלייבט איטלעכן אף נעמאָנעס? נאָר וואָס זאָל איך טון, פרעג איך אייַך, אז ס׳איז בא מיר פאָרט אזא טעווע? איך בין, ווי איר ווייסט, א גרויסער באַל-ביטאָכן און האָב צו דעם, וואָס לעבט אייביק, קיינמאָל קיין טייַנעס ניט. וויאַזוי ער פירט, אזוי איז גוט, וואָרום פרווט זיך, אדעראבע, פארקערט, האָט יאָ טייַנעס,—ווערט זיך אייַך עפעס העלפן? שטענדיק טייַנע איך אָבער מ׳ט איר, מ׳ט מייַנער, הייסט דאָס:—„גאָלדע, זאָג איך, דו זינדיקסט: פאראן, זאָג איך, בא אונדז א מעדרעש... **)—וואָס מיר מעדרעש, זאָגט זי, מיר האָבן, זאָגט זי, א טאָכטער אף כאסענע מאכן; און נאָך דער טאָכטער, קענענאָרע, גייען נאָך צוויי טעכטער; און נאָך די צוויי—נאָך דרייַ, קיין בייז אויג זאָל ניט שאטן!...—„עט, זאָג איך, ס׳איז בלאָטע, גאָלדע! אונדזערע כאכאָמים, זאָג איך, האָבן דאָס אויך באוואָרנט; ס׳איז פאראן, זאָג איך, דערויף אויך א מעדרעש”... לאָזט זי זיך ניט ריידן:—„טעכטער, זאָגט זי, דערוואקסענע, זייַנען אליין א גוטער מעדרעש”... און גייט טייַנעט מיט א יידענע!

בעקיצער, פון דעם זעט איר ארויס, אז ס׳איז פאראן, ס׳איז דאָ, קענענאָרע, בא מיר סכוירע אף אויסצוקלייַבן, און דאפקע פייַנע סכוירע, ניט צו פארזינדיקן, איינע שענער פון דער אנדערער. ס׳איז ניט שייַעך, אז איך אליין זאָל לויבן מייַנע קינדער, נאָר איך הער, וואָס די וועלט זאָגט: „קראסאוויצעס!” און איבער אלעמען— די עלטערע, האָדל רופט מען זי, די אנדערע פון צייטלען, די, וואָס האָט זיך פארקאָכט, אויב איר געדענקט, אינעם כאיעט ***). איז זי שיין, זאָג איך אייַך, די אנדערע טאָכטער מייַנע, האָדל, מיין איך, וואָס זאָל איך אייַך זאָגן? שייַנט, ווי א שט׳ק גאָלד! און צו די צאָרעס באדארפ זי נאָך האָבן א קאָפ אויך, שרייַבט און לייענט יידיש און רוסיש, און ביכלעך—ביכלעך שלינגט זי ווי האלעשקעס. וועט איר דאָך פרעגן א קאשע: וואָס פאר א מעכותן איז טעוויעס טאָכטער מיט ביכלעך, אז דער טאטע אירער האנדלט גאָר מיט קעז און מיט פוטער? הערסטו, אָט דאָס פרעג איך דאָך בא זיי, בא די פייַנע באָכורים, הייסט עס, וואָס קיין הויזן, איך בעט איבער אייַער קאָוועד, איז ניטאָ און שטודירן גלוסט זיך זיי. אלע ווילן שטודירן! פרעגט זיי: וואָס שטודירן? ווען שטודירן? זאָלן אזוי ציגן וויסן אין פרעמדע גערטנער צו שפרינגען! אז בעסאכאקל לאָזט מען זיי דאָך גאָרניט צו... זאָלט איר זען, פונדעסטוועגן, ווי מע לערנט! און ווער? באלמעלאָכישע קינדער. פון שנייַדער, פון

*) „דער מענטש קומט ארויס פון ערד און זייַן סאָף איז צו ערד”.

**) א רעליגיעזער סייפער.

***) א שנייַדער.

שוסטער, גאָט זאָל מיר אַזוי העלפֿן, ווו איך וועל זיך קערן. מע לאָזט זיך אוועק קיין יעהופּעץ אָדער קיין אָדעס, מע וואַלגערט זיך אויס אַף אַלע בוידעמס — עסן עסט מען מאַקעס און פֿאַרבײַסן פֿאַרבײַסט מען מיט קאַדאָכעס, גאַנצע כאַדאָשים באָכאַנאַנד קוקט מען ניט אָן קיין שטיקל פֿלייש אין די אויגן, מע לייגט זיך צונויף זעקס פֿאַרשווינדלעך אַף איין בולקע מיט אַ הערינג, און הוליע קאַפּצן!...

בקיצור, האָט זיך איינער פֿון דער „כעווריע" פֿאַרהאַקט אין אונדזער ווינקל, עפּעס אַ שלימאַזל, ניט ווײַט פֿונדאַנען, איך האָב געקענט דעם טאַטן זײַנעם, ער איז געווען אַ פּאַפּיראָסניק און אַ קאַפּצן, לאָז ער מיר מויכל זײַן, אין זיבן פּאָלעס. מיילע, בין איך דערוף ניט אויסן: פֿאַרדריסן פֿאַרדריסט מיך נאָר איין זאַך: לעמײַ זאָל זיך אַ קאַפּצן גלוסטן לערנען, שטודירן? פֿראַוודע, דער גוטער יאָר האָט אים ניט געבומען, ער האָט אַ גוט קעפּל, גאָר אַ גוט קעפּל, פּערטשיק, הייסט ער, דער שלימאַזל, האָבן מיר אים איבערגעלייגט אַף יידיש: פּעפּערל. ער זעט טאַקע אויס, ווי אַ פּעפּערל. איר זאָלט אָנקוקן — אַ ווערוויקל, אַ קליינס, אַ שוואַרצס, אַ מאַרזעניש, נאָר ס'איז פֿול, און אַ מויל — אייש לעהאָווע, *) — שוועבל און פּעך.

איינמאָל, טרעפֿט זיך אַ מײַסע, איך פֿאָר אַהיים פֿון בויבעריק, אָפּגעזעצט דאָס ביסל סכוירע, אַ גאַנצן טראַנספּאָרט, קעז און פּוטער און סמעטענע. זיץ איך פֿאַרטראַכט, ווי דער שטייגער איז, אין הימל-זאַכן, פֿון דעם, פֿון יענעם, און פֿון די יעהופּעצער נעגידים, וואָס עס גייט זיי, קענענאָרע, אַזוי גוט, און פֿון טעוויען דעם שלימאַזל מיט זײַן פֿערדל, וואָס ווערן קאָל יאָמאָוו **) פֿאַרשוואַרצט אוכעדו מע נאָך אַזעלכע איניאָנים. זומער, די זון באַקט, די פֿליגן בײַסן, און די וועלט אַרום און איז מעכײַע, — גרויס, אָפֿן, כאָטש כייִב זיך אוף און פֿלי, כאָטש צי זיך אויס און שווים!...

דערווײַל, איך טו אַ קוק — אַ באָכערל שפּאַנט זיך מיט די ראַגלײַם ***) איבערן זאַמד, האַלט אַ פּעקל אונטערן אָרעם און שוויצט, פּאָכט מיט דער נעשאָמע. — „יאַמויד האַכאָסן רעב יאָקל בען פֿלעקל!" — זאָג איך צו אַ מ. — זעץ דיך אוף, הער נאָר, וועל איך דיך אַביסל אונטערפֿירן, איך פֿאָר בעמיילע ליידיק, ווי שטייט דאָרטן, באַ אונדז געשריבן: „דײַן כאַווערס אייזל, אַז דו באַגעגענסט, איז דאַרפֿסטו אים ניט פֿאַרלאָזן", הײַנט ביפֿראַט נאָך אַ מענטש"... לאַכט ער, דער שלימאַזל, און לאָזט זיך דאַפֿקע לאַנג ניט בעטן און קריכט אין וועגעלע אַרײַן. — „פֿונוואַנען, זאָג איך, שפּאַנט דאָס, לעמאָשל, אַ באָכערל?" — פֿון יעהופּעץ. — „וואָס האָט, זאָג איך, אַזאַ באָכערל, ווי דו, צו טון אין יעהופּעץ? — אַזאַ באָכערל, ווי איך, זאָגט ער, גיט אָפּ עקזאַמענס. — „אַף וואָס, זאָג איך, שטודירט אַזאַ באָכערל, ווי דו?" — אַזאַ באָכערל, ווי איך, זאָגט ער, ווייסט נאָך אַליין ניט, אַף וואָס ער שטודירט. — „אויב אַזוי, זאָג איך, וואָס-זשע דולט זיך אַזאַ באָכערל, ווי דו, אומזיסט דעם קאָפּ"? — זאָרגט זיך ניט, רעב טעוויע, אַזאַ באָכערל, ווי איך, זאָגט ער, ווייסט שוין, וואָס ער האָט צו טון. — „זאָג מיר נאָר, זאָג איך, וויבאַלד, אַז איך בין דיר שוין יאָ באַקאַנט, טאָ ווער ביסטו, לעמאָשל? — ווער איך בין? איך בין, זאָגט ער, אַ מענטש. — „איך זע, זאָג איך, אַז ניט קיין פֿערד; איך מיין, וועמעס ביסטו? — „וועמעס, זאָגט ער, זאָל איך זײַן? איך בין גאָטס". — „איך ווייס, זאָג איך, אַז גאָטס; איך מיין, זאָג איך, פֿונוואַנען שטאַמסטו, צי ביסטו

---

*) פֿלאַם-פֿײַער.

**) אַלע יאָרן.

***) פֿיס.

אַן אונדזוערן, צי עפּשער פון דער ליטע?״—שטאַמען, זאָגט ער, שטאַם איך פון אָדעם האָרישענע און אַליין בין איך, זאָגט ער, אַ היגער, איר קענט מיך.—„ווערזשע, זאָג איך, איז דער טאַטע דײַנער? לאָמיר שוין הערן!״—מײַן טאַטע, זאָגט ער, האָט געהייסן פּערטשיק.—„טפו זאָלסטו ווערן! האָסטו, זאָג איך, באַדאַרפט אַזוי לאַנג מוטשען? ביסטו, הייסט עס, פּערטשיק דעם פּאַפּיראָסניקס אַ זונדל״.—בין איך, זאָגט ער, פּערטשיק דעם פּאַפּיראָסניקס אַ זונדל.—„און שטודירסט, זאָג איך, אין די קלאַסן?״—און שטודיר, זאָגט ער, אין די קלאַסן.—„נו-נו, מאַכטייסע, אָדאָם אַ מענטש, ציפּער אַ פייגל, קאַטשקע רוק זיך. זאָג-זשע מיר, זאָג איך, טאַכשיט מײַנער, פון וואָס, לעמאָשל, לעבסטו, אשטייגער?״—פון דעם, זאָגט ער, וואָס איך עס.—„אַהאַ, זאָג איך, גאַנץ גוט; וואָס-זשע זאָג איך, עסטו?״—אַלצדינג, זאָגט ער, וואָס מע גיט מיר.—„איך פאַרשטיי, זאָג איך, ביסט ניט קיין איבערקלײַבער: אַז ס׳איז דאָ וואָס צו עסן, עסטו, און אַז ס׳איז ניטאָ וואָס צו עסן, פאַרבײַסטו מיט אַ ליפּ און לייגסט זיך שלאָפן אַ ניכטערער. נאָר וואָס דען, זאָג איך, ס׳איז אַלצדינג קעדײַ, אַבי שטודירן אין די קלאַסן, זאָג איך, גלײַכסט זיך, זאָג איך, צו די יעהופּעצער נעגידימ״. מיינט איר דאָך, אַז ער שווײַגט מיר אָפּ, פּערטשיק, הייסט עס?—ניט דערלעבן, זאָגט ער, וועלן די נעגידימ, אַז איך זאָל זיך צו זיי גלײַכן! איך האָב זיי, זאָגט ער, אין דר׳ערד!—„ביסט מיר עפּעס שטאַרק, זאָג איך, אויפגעטראָגן, זאָג איך, אָפּ די נעגידימ? איך האָב מוירע, זאָג איך, אויב זיי האָבן זיך ניט צעטיילט, זאָג איך, מיט דײַן טאַטנס יערושע״.—זאָלט איר טאַקע וויסן, זאָגט ער, אַז איך און איר און מיר אַלע, קאָן זײַן, האָבן אַ גרויסן כיילעק בא זיי אין דער יערושע...—„ווייסטו וואָס, זאָג איך, לאָזן שוין דײַנע סאָניםריידן פאַר דיר. איך זע אַרויס, זאָג איך, נאָר איין זאַך, אַז דו ביסט אַ ייִנגל ניט קיין פאַרפאַלענער און די צונג באַדאַרף מען דיר ניט פּיקן; אויב דו ווילסט, זאָג איך, האָבן צײַט, קאָנסטו זיך אַרײַנכאַפּן צו מיר הײַנט אַפּדערנאַכט, וועלן מיר אַביסל שמועסן, און טאַקע אין איינוועגס כאַפּן מיט אונדז אַ וועטשערע״...

אוואדע האָט זיך מײַנער ניט געלאָזט איבערכאַזערן די ווערטער און איז געקומען צו גאַסט, געטראָפן אַקוראַט צום סמיטשיק, בעשאַס דער באָרשטש איז געשטאַנען אַפן טיש, און די מילכיקע קנישעס אין אויוון האָבן זיך נאָך געפּרעגלט.

— „דו האָסט, זאָג איך צו אים, אַ לעבעדיקע שוויגער; קענסט זיך, זאָג איך, גיין וואַשן, און אַז ניט, קאָנסטו, זאָג איך עסן אומגעוואַשן, איך בין ניט גאָטס סטראַפּטשע, זאָג איך, מיך וועט מען אָפּ יענער וועלט פאַר דיר ניט שמײַסן״. אַזוי שמועס איך מיך אויס מיט אים, און פיל, אַז עס ציט מיך עפּעס צו דעמדאָזיקן מענטשל, וואָס—ווייס איך אַליין ניט, נאָר עס ציט; איך האָב ליב, פאַרשטייט איר, אַ מענטשן, וואָס מע קאָן מיט אים ריידן אַ וואָרט; אַמאָל אַ פּאַסעק, אַמאָל אַ מעדרעש, אַמאָל אַ שטיקל בקירע אין הימל-זאַכן,—דאָס, יענץ, לאָקש, בוידעם, ציבעלע. אָט אַזאַ מענטש איז טעוויע.

פון יענער צײַט אָן האָט מײַן באָכער אָנגעהויבן אַרײַנצוקומען צו מיר קימאַט אַלע טאָג. אָפּגעפּאַרטיקט זיך מיט די „שטונדן״, פלעג ער קומען צו מיר זיך אָפּרוען און אַביסל פאַרברענגען. מאָלט אײַך, אַז אָך און וויי איז געווען צו אים מיט זײַנע שטונדן אײַנגענעמ, אַז בעסאַכאַקל, דאַרפט איר וויסן, בא אונדז דער גרעסטער נאָגיד איז געוווינט צו צאָלן גאַנצע כײַ *) גילדנים, אי דאָס, זאָל דער לערער

*) אכצן.

אים העלפֿן לייענען דעפעשן, שרײַבן אדרייסים און טאקע פֿאָלגן א גאנג אויך, פֿארוואָס ניט?—עסטו ברויט, דארפֿסטו וויסן פֿארוואָס. א שטיקל גליק כאָטש, וואָס געגעסן האָט ער, אייגנטלעך, בא מיר, און דערפֿאר האָט ער אונטערגעקנעלט מיט מײַנע טעכטער, און אָט אזוי איז ער געוואָרן בא אונדז אין שטוב א גאנצער בענבאיס *), די קינדער האָבן אים אונטערגעטראָגן א גלעזל מילך, און מײַן אַל-טע האָט אכטונג געגעבן, ער זאָל האָבן א העמד אפֿן לײַב מיט א פּאָר זאָקן גאנ-צע—און טאקע דעמאָלט האָבן מיר דאָס אים געקרוינט מיטן נאָמען „פּעפּערל”, איבערגע-מאכט, הייסט דאָס, אף יידיש פֿון פּערטשיק, און מע קאָן זאָגן, אז מיר האָבן אים אַלע ליב געקראָגן עפּעס נאָר ווי אן אייגענעם, מאכמעס בעטעווע איז ער, דארפֿט איר וויסן, דאפֿקע נישקאָשע פֿון א מענטשל, א פּאָשעטער, א פּראָסטער כײַוועקײַעם, הייסט דאָס, שעלי-שעלאָך, שעלאָך-שעלי **), מײַנס—דײַנס—העפקער ציבעלעס...

פֿאר איין זאך נאָר האָב איך אים פֿײַנט געהאט: פֿאר זײַן פֿארפֿאלן ווערן. פּלוצים פֿלעג ער זיך אופֿהייבן, אוועקגיין, און,—נישטאָ פּעפּערל! „ווו ביסטו געוועזן, מײַן טײַערער שפּילפֿויגל?” שווײַגט, ווי א פֿיש... איך ווייס ניט, וויאַזוי איר, איך האָב פֿײַנט א מענטשן מיט סוידעס. איך האָב ליב ווי זאָגט ער: ווײַדאבער—גערעדט און וואיומער—געזאָגט. דערפֿאר אָבער האָט ער א מײַלע: צערעדט ער זיך שוין, איז—פֿאר פֿײַער און פֿאר וואסער. א פּיסק—ניט געדאכט זאָל ער ווערן! מיט פֿלא-מען אַלץ אזעלכע ווילדע, קרומע מעשוגענע געננג, עפּעס אלצדינג לאקירדע, פֿאָפּע-רעק, מיט די פּיס ארוף; לעמאָשל, א נאָגיד, קומט אויס נאָך זײַן מעשוגענעם, פֿאר-קערטן סייכל, איז אָפּגעפּרעגט, און א קאפּצן איז פֿארקערט, א גאנצער צימעס, און ווער שמועסט א באַלמעלאָכע—דער איז גאָר דאָס אויבערשטע פֿונעם שטייסל, טײַערער פֿון כארויסעס, מאכמעס אייגענע האָרעוואניע, זאָגט ער, דאָס איז דעריקער.—„פֿונדעסט-וועגן, זאָג איך, צו געלט, זאָג איך, קומט דאָס ניט?” ווערט ער מאָלע קאס און וויל מיר אײַנדרינגען, אז געלט איז א שכיטע פֿאר דער וועלט; פֿון געלט, זאָגט ער, נעמען זיך אַלע פֿאלשקײַטן אף דער וועלט, און אלצדינג, זאָגט ער, וואָס עס טוט זיך אף דער וועלט, טוט זיך עס ניט אלפּי יוישער. און ער ברענגט מיר צענ טויזנט ראיעס און מעשאָלים, וואָס קלעפּן זיך בא מיר, ווי אן ארבעס צו דער וואנט... —„קומט אויס נאָך דײַן מעשוגענעם סייכל, זאָג איך, אז דאָס, וואָס מײַן בעהיימע מעלקט זיך, און דאָס, וואָס מײַן פֿערדל פֿאָרט, איז אויך ניט אלפּי יוישער?”... אוכעדוימע נאָך אזעלכע קלאָץ-קאשעס פֿרעג איך אים און שטעל אים אָפּ, ווי זאָגט ער,—אף יעדן טריט, ווי טעוויע קאָן! מײַן פּעפּערל אָבער קאָן אויך, נאָך א מין קאָנען! האלעווײַ וואָלט ער אזוי ניט געקאָנט, ווי ער קאָן! און האָט ער עפּעס אפֿן הארצן, אזוי זאָגט ער דאָס ארויס.

איינמאָל זיצן מיר אַזוי פֿארנאכט בא מיר אף דער פֿריזבע און פּקירען אלץ מעקויעך דידאָזיקע איניאָנים, פֿילאָזאָפֿיע, הייסט עס. רופֿט ער זיך אָן צו מיר, פּע-פּערל, הייסט עס: איר ווייסט, רעב טעוויע? איר האָט, טעכטער, רעב טעוויע, זייער געראָטענע.—„טאקע בעעמעס?—זאָג איך—אדאנק דיר פֿאר דער בסורע; זיי האָבן, זאָג איך, אין וועמען געראָטן צו זײַן”.—איינע, זאָגט ער צו מיר ווײַטער, די עלטע-רע, די איז גאָר, זאָגט ער, א באַרדאאס, א פֿאָלנע מענטש.—„איך ווייס עס אָן דיר, זאָג איך, דאָס עפּעלע, זאָג איך, פֿאלט ניט ווײַט פֿונעם ביימעלע”. אזוי זאָג איך

*) א שטוב-מענטש, אן אייגענער מענטש.

**) מײַנס איז דײַנס,דײַנס איז מײַנס.

צו אימ, און דאָס הארצ, געוויינטלעכ, וואקסט פאר טײַנעג, וואָרומ וואָסער פאָטער, איכ בעט אײַכ, האָט ניט ליב, אז מע לויבט אימ זײַנע קינדער? גיי זײַ א נאָווי, אז פונ אזא מינ ליבעניש וועט גאָר ארויסשפרינגענ א פארקאָכעניש, זאָל גאָט שוימער אומאצל זײַנ! איר מעגט דאָס האָרכנ!

בעקיצער, מאכט זיכ אמאָל—געוועזנ איז דאָס צווישנ טאָג און נאכט, אינ בויבעריק טאקע, פאָר איכ מיר אזוי מיט מײַנ וועגעלע איבער די דאטשעס, שטעלט מיכ עמעצער אָפּ. איכ טו א קוק—ס'איז עפראָיִמ דער שאדכנ.

עפראָיִמ דער שאדכנ, דארפט איר וויסנ, איז זיכ א ייִד א שאדכנ, ווי אלע שאדכאָנימ, פארנעמט זיכ, הייסט עס, מיט שידוכים. דערזעט ער מיכ, עפראָיִמ הייסט עס, אינ בויבעריק און שטעלט מיכ אָפּ:—זײַט־זשע מויכל, רעב טעוויע, איכ דארפ אײַכ עפּעס, זאָגט ער, זאָגנ.—„מאכטייסע, אבי א גוטס", זאָג איכ און שטעל אָפּ דאָס פערדל.—איר האָט, זאָגט ער, רעב טעוויע, א טאָכטער!—„איכ האָב, זאָג איכ, זיבנ, זאָלנ געזונט זײַנ".—איכ ווייס, זאָגט ער, אז איר האָט זיבנ. איכ האָב אויכ זיבנ. —„האָבנ מיר—זאָג איכ, אײַנײַנעמ אזוי גרויס ווי פערצנ".—בעקיצער, ווערטלעכ אָפּ א זײַט, זאָגט ער, די מײַסע רעב טעוויע, דערפונ, זאָגט ער, איז אזוי: איכ בינ דאָכ, ווי אײַכ איז באקאנט, א ייִד א שאדכנ, האָב איכ, זאָגט ער, פאר אײַכ א כאָסנ, נאָר א כאָסנ—פונ כאָסנ־לאנד, א כאָסנ טאקע פערווע שעבעפערווע!—„דעהײַנע, זאָג איכ, וואָס ווערט אָנגערופנ בא אײַכ א כאָסנ פונ כאָסנלאנד, פערווע שעבעפערווע? אויב, זאָג איכ, א כאיעט אָדער א סאנדלער *), אָדער א מעלאמעד, מעג ער, זאָג איכ, זיצנ דאָרט, און איכ, זאָג איכ, מײַנ גלײַכנ וועל איכ מיר געפינענ, ווי דער מעדרעש, זאָג איכ, זאָגט"...

— ע, זאָגט ער, רעב טעוויע, איר הייבט שוינ אָנ מיט אײַערע מעדראָשימ! מיט אײַכ, זאָגט ער, ריידנ, באדארפ מענ זיכ גוט אונטערגארטלענ! איר פאָרשיט, זאָגט ער, די וועלט מיט מעדראָשימ. איר הערט בעסער אויס, זאָגט ער, וואָס פאר א מינ שידעכ עפראָיִמ דער שאדכנ איז א באלנ אײַכ פאָרצולייגנ; איר זאָלט, זאָגט ער, נאָר האָרכנ און שווײַגנ. אזוי מאכט ער צו מיר, עפראָיִמ, הייסט דאָס, און לייענט מיר אויס א צעטל — וואָס זאָל איכ אײַכ זאָגנ? טאקע גאָר אנ אנטיק.

ריישיס, איז דאָס אָרט זייער א שיינ אָרט, א טאטנס א קינד. און דאָס דארפט איר וויסנ, איז בא מיר דעריקער. וואָרומ איכ אליינ בינ אויכ ניט אבי־ווער. הײַנט איז ער א יודייע־נאגנ **), וואָס פארשטייט אינ די קליינע אויסיעס. און דאָס איז בא מיר אוואדע ניט פונ די קליינע זאכנ, וואָרומ א גראָבנ יונג האָב איכ דאָכ פײַנט, ווי כאזער! בא מיר אנ אמאָרעצ איז ערגער טויזנט מאָל פונ א הולטײַ; איר מעגט אײַכ גיינ אָנ א היטל, און אפילע מיטנ קאָפּ אראָפּ, מיט די פיס ארופ, אבי איר ווייסט, וואָס ראשע ***) מאכט, זענט איר שוינ פונ מײַנע לײַט. אָט אזא ייִד איז טעוויע...הײַנט איז ער, זאָגט ער, רײַכ, אָנגעשטאָפּט מיט געלט, פאָרט ארויס, זאָגט ער, מיט א קארעטע, מיט א פאָר ברענענדיקע סוסימ ****), עס גייט אזש א רויכ!.. נו, מאכטייסע, טראכט איכ מיר, דאָס איז אויכ ניט פונ די גרויסע כעמדו־

*) א שוסטער.

**) בוכשטעבלעכ—א מענטש, וואָס פארשטייט אינ מוזיק.

***) א קאָמענטאטער פונ רעליגיִעזע ספאָרים.

****) פערד.

געס. איידער א קאפצן, איז שוין גלייכער א נגיד, א סימן האט איר, אז גאט זאל ליב האבן א קאפצן, וואלט דער קאפצן קיין קאפצן ניט געווען.

— „נו, לאמיר הערן ווייטער“, זאג איך. — ווייטער, זאגט ער, וויל ער מיט אייך א שידוך טון, ער גייט אויס, ער כאלעשט, זאגט ער, דאס הייסט ניט נאך אייך — נאך אייער טאכטער כאלעשט ער... „אזוי? — זאג איך, — לאז ער זיין פאר איר די קאפארע. ווער, זאג איך, איז ער, דער אנטיק אייערער: א באכער? אן אלמן? א שווארציאר?“ — ער איז א באכער, זאגט ער, א באכער, אפילע אין די יארן שוין, נאר א באכער. — „וויאזוי-זשע, זאג איך, איז דער הייליקער נאמען זיינער?“ וויל ער מיר ניט זאגן, כאטש בראט אים. — ברענגט זי, זאגט ער צו פירן קיין בויבעריק, וועל איך אייך נאכדעם, זאגט ער, זאגן. — „וואס הייסט, זאג איך, איך זאל זי ברענגען צו פירן? ברענגען, זאג איך, ברענגט מען צו פירן א פערד, זאג איך, אפן יאריד, אדער א בעהיימע צו פארקויפן“...

בעקיצער, די שאדכאנים, ווייסט איר דאך, קאנען איבעריידן א וואנט. ס'איז געבליבן, אז אימירצעשעם נאך שאבעס ברענג איך זי צו פירן קיין בויבעריק. און אלערליי גוטע, זיסע מאכשאוועס קומען מיר אף די געדאנקען, און איך שטעל מיר שוין פאר מיין האדלען, ווי זי פארט אין א קארעטע מיט א פאר ברענענדיקע סוסים, און די וועלט איז מיר מעקאנע ניט אזוי אף דער קארעטע מיט די סוסים, ווי אף די טויוועס, וואס איך טו דער וועלט דורך מיין טאכטער די נעגידעס, העלף אויס די געפאלענע מיט א גמילעס-כעסעד, ווען א כאפ-הייער *), ווען א פופציקער און ווען א הונדערטער, ווי זאגט איר, יענער האט אויך א נעשאמע... אזוי טראכט איך מיר, פארנדיק פארנאכטלעך צוריקוועגס אהיים, און שמייס דאס פערדל און שמועס מיך דורך מיט דעם אף פערדיש לאשן: „לעסוסאסי, זאג איך צו דעם, וויא! אנו, מאך נאר, זאג איך, מיט די ראגלייִם אביסעלע גיכער, באקומסטו דיין פארציע האבער“.

און ווי איך רייד מיר דא אזוי מיט מיין פערדל, זע איך, פון וואלד שניידט זיך א פארל, צוויי מענטשן, קענטיק א זאכער מיט א נעקייווע. גיין גייען זיי נאענט, הארט איינער צום אנדערן, און מע רעדט עפעס זייער געשמאק. ווער קאן דאס זיין פלוצים אינמיטן דערינען? — קלער איך מיר און קוק מיר דורך די פייערדיקע דיטער פון דער זון. — איך וואלט געמעגט שווערן, אז ס'איז פעפערל! מיט וועמענ-זשע גייט ער דאס, דער שלימאזל, אזוי שפעט? איך פארשטעל מיך מיט דער האנט פון דער זון און קוק מיך איין נאך שטארקער: ווער איז די נעקייווע? אוי! דאכט זיך האדל? יא, ס'איז זי, ווי איך בין א ייִד, ס'איז זי!... אזוי? אט דאס האט מען אזוי געשמאק געלערנט גראמאטיקעס, געלייענט ביכלעך?! אוי, טעוויע, ביסטו א בעהיימע!

אזוי טראכט איך מיר, און שטעל אפ דאס פערדל און רופ זיך אן צו מיינע לייט: „א גוטן אוונט אייך, זאג איך, וואס הערט זיך עפעס מעקויעך מילכאמע? ווי קומט איר, זאג איך, פלוצים גאר אהער? אף וועמען קוקט איר דא ארויס? אפן נעכטיקן טאג?

דערהערט אזא מין בארוכהאבא, איז מיין פארל געבליבן שטיין ניט אהין, ניט אהער, מעכילע צעדרייט און רויטלעך אפן פאנעם... געשטאנען אזוי א פאר מינוט אן ווערטער, לאזט מען אראפ די אויגן, נאכדעם הייבט מען אן קוקן אף מיר, איך אף זיי, זיי ביידע איינס אף דאס אנדערע.

*) א פינפונצוואנציקער.

— „נו?—זאָג איך.—עפּעס באַטראַכט איר מיך, זאָג איך, גלײַך אַזױװי איר האָט מיך שױן לאַנג ניט געזען. איך בין, דאַכט מיר, דער אײגענער טעװיע, זאָג איך, װאָס געװען, ניט געמינערט א האָר". אַזױ מאַך איך צו זײ האַלב-פֿאַרדראָסיק און האַלב אַפּ קאַטאָװעס. רופֿט זיך אָן צו מיר די טאָכטער מײַנע, האָדל, הײסט דאָס, און װערט נאָך רױטער װי פֿריִער:—טאַטע, אונדז קומט מאַזלטאָװ...—„מאַזלטאָװ אײַך, זאָג איך, מיט מאַזל זאָלט איר לעבן, װאָס איז די מײַסע? איר האָט געפֿונען, זאָג איך, אַן אוצער אין װאַלד? צי איר זײַנט נאָר װאָס ניצל געװאָרן *), זאָג איך, פֿון אַ גרױסער סאַקאָנע?"—אונדז קומט, זאָגט ער, מאַזלטאָװ, מיר זײַנען כאָסן-קאַלע.

— „װאָס הײסט זאָג איך, איר זײַנט כאָסן-קאַלע?"—כאָסן-קאַלע, זאָגט ער, װײסט איר ניט װאָס הײסט? כאָסן-קאַלע הײסט, זאָגט ער, איך בין איר כאָסן, זי איז מײַן קאַלע". אַזױ מאַכט ער צו מיר, פּעפּערל, הײסט דאָס, און קוקט מיר דאַפּקע גלײַך אין די אױגן אַרײַן. איך קוק אים אָבער אױך גלײַך אין די אױגן אַרײַן און מאַך צו אים:—„װען איז געװען בא אײַך, זאָג איך, דאָס קנאַסמאָל? און פֿאַרװאָס האָט איר ניט גערופֿן מיך אױך אױף דער סימכע? איך קער מיך, דאַכט זיך, אָן דאָ אַ שטיקל מעכוטן, צי נײן"...

איר פֿאַרשטײט, איך לאַך און װערים עסן מיך, טאָטשען מײַן לײַב. נאָר גאָרניט, טעװיע איז ניט קײן ייִדענע, טעװיע האָט ליב אױסהאָרכן ביזן סאָף... רופֿ איך מיך אָן צו זײ:—„איך פֿאַרשטײ ניט—אַ שידעך אָן אַ שאַדכן, אָן טנאָים?"—װאָס דאַרפֿן מיר, מאַכט ער, פּעפּערל, הײסט דאָס, שאַדכאָנים? מיר זײַנען שױן לאַנג, זאָגט ער, כאָסן-קאַלע.—„אַזױ? גאָטס ניסים! װאָס-זשע האָט איר, זאָג איך, געשװיגן ביז אַהער?"—װאָס זאָלן מיר, זאָגט ער, שרײַען? מיר װאָלטן הײַנט אײַך אױך ניט דערצײלט, נאָר אַזױװי מיר האַלטן אײנגיכן בא צעשײדן זיך, איז בא אונדז געבליבן, מיר זאָלן שטעלן פֿריִער אַ כופּע...

דאָס האָט מיך שױן פֿאַרדראָסן, װי זאָגט איר: באָר מאַים אַד נעפֿעש **)—דערלאַנגט אין בײן אַרײַן! מײלע, װאָס ער זאָגט: כאָסן-קאַלע—איז נאָך צו דערלײַדן. ער װיל זי, זי װיל אים. אָבער כופּע? װאָס איז דאָס פֿאַר אַ װערטער: שטעלן אַ כופּע? עפּעס טאַרגעם-לאָשן!..

װײַזן װײַזט אױס, אַז מײַן כאָסן האָט פֿאַרשטאַנען, אַז איך בין פֿון דער מײַסע מעטושטעש, רופֿט ער זיך אָן צו מיר:—פֿאַרשטײט איר, רעב טעװיע, די מײַסע דערפֿון איז אַזױ: איך האַלט בא אָפּפֿאָרן פֿונדאַנען.—„װען פֿאָרסטו?"—אײנגיכן.—„װוהין, אַשטײגער"—דאָס קאָן איך אײַך, מאַכט ער, ניט זאָגן, ס'איז, זאָגט ער, אַ סאָד...

איר הערט? ס'איז אַ סאָד! װי געפֿעלט דאָס אײַך, אַשטײגער? קומט צו גײן אַ פּעפּערל, אַ קלײנס, אַ שװאַרצס, אַ פֿאַרזעעניש, פֿאַרשטעלט זיך פֿאַר אַ כאָסן, װיל שטעלן אַ כופּע, האַלט בא אָװעקפֿאָרן און זאָגט ניט װוהין, קאָן ניט צעזעצט װערן די גאַל?

— „מײלע, זאָג איך צו אים, אַ סאָד איז אַ סאָד: בא דיר איז גאָלע סױדעס... גיב מיר אָבער צו פֿאַרשטײן, ברודערל, אָט װאָס: דו ביסט דאָך אַ מענטש, זאָג איך, פֿון סאַמע יױשער און ביסט אײַנגעטונקען אין מענטשלעכקײַט פֿונױבן ביז אַראָפּ,—װי קומט דאָס, זאָג איך, צו דיר, אַז דו זאָלסט פּלוצים אינמיטן דערינען צונעמען

*) געראַטעװעט געװאָרן.

**) דאָס װאַסער דערגרײכט ביז איבערן קאָפּ.

באַ טעוויען אַ טאָכטער און מאַכן זי פּאַר אַן אַגונע? *) אַט דאָס הייסט באַ דיר יױשער? מענטשלעכקייט? אַ שטיקל גליק, זאָג איך, וואָס די האָסט מיך ניט באַגאַנוועט, אָדער אונטערגעצונדן”... — טאַטע! — זאָגט זי צו מיר, האָדל, הייסט דאָס. — די ווייסט גאָרניט, ווי גליקלעך מיר זײַנען, איך און ער, וואָס מיר האָבן דיר אויסגעזאָגט פונעם סאָד. ס'איז באַ אונדז, זאָגט זי, אַראָפּ אַ שטיין פונעם האַרצן. קומט אַהער לאָמיר זיך צעקושן. און ניט לאַנג געטראַכט, כאַפּן זיי מיך אַרום ביידע, זי פון איין זײַט, ער פון דער אַנדערער זײַט, און מע הייבט מיך אָן קושן און האַלדזן, זיי מיך, און איך זיי, און פון גרויס אימפּעט, אַפּאָנעם, זיי ביידע צווישן זיך דאַוויַ קושן זיך! אַ באַשרײַבונג, זאָג איך אײַך, אַ טעאַטער מיט זיי! — „טאַטער וואָלט שוין געווען, זאָג איך, גענוג קושן זיך? צײַט עפּעס ריידן מעקוייעך טאַכלעס”. — „מעקוייעך וואָסער טאַכלעס?” — זאָגן זיי. — „מעקוייעך נאָדן, זאָג איך, מאַלבושים, הויצאָעס-כאַסענע, דאָס, יענץ, לאָקש, בוידעם, ציבעלע”... — „מיר דאַרפן ניט, זאָגן זיי, גאָרנישט ניט, ניט קיין לאָקשן, ניט קיין בוידעם, ניט קיין ציבעלעס. — „וואָס-זשע דען, זאָג איך, דאַרפט איר יאָ?” — מיר דאַרפן, זאָגן זיי, נאָר כופּע אויקדושן... איר הערט ווערטער ?

בעקיצער, איך וועל אײַך ניט מאַריך זײַן, עס האָט מיר געהאָלפן, ווי דער פּאַר-איאָריקער שניי — מע האָט געשטעלט אַ כופּע. אַלץ הייסט אַ כופּע! אַוואַדע וואָס זאָלט איר קלערן, ניט אַזאַ כופּע, ווי טעוויען שטייט אָן. אויך מיר אַ כופּע!.. אַ שטילע כאַסענע... אָך און וויי! און דערצו איז נאָך פאַראַן אַ ווײַב, ווי זאָגט איר: אַפּ אַ מאַקע אַ בלאָטער. מוטשעט זי, איך זאָל איר נאָר זאָגן, וואָס איז דאָס עפּעס אַזוי כאַפּ-לאַפּ, בעכיפּאָזנדיק? נו, גייט גיט צו פאַרשטיין אַ ייִדענע, אַז סע ברענט: וואָס טויג אײַך, איך האָב איר געמוזט אָפּטאָקן פון דער-עב-שאָלעם וועגן אַ ליגן האָגאָדל וועהאַניוראָ **), אַ מײַסע מיט אַ יערושע, אַ רײַכע מומע פון יעהופּעצ, נעבעטיקע טעג, — אַבי זי זאָל מיך לאָזן צורו.

און טאַקע דעמזעלביקן טאָג, דאָס הייסט אַ פּאָר שאָ נאָך דער שיינער כופּע, שפּאַן איך אײַן דאָס פערד-און-וועגעלע, און מיר זעצן זיך אום זאַלבעדריט, דאָס הייסט: איך און זי און ער, דער געביידעם מײַנער, און מאַרש צום באַן קיין בויבעריק.

זיצנדיק אַזוי מיט מײַן פּאָרפאָלק אין וועגעלע, כאַפּ איך מיר אַ קוק פון דער זײַט אָפן דאָזיקן פּאָרל און טראַכט מיר: וואָס פּאַר אַ גרויסן גאָט מיר האָבן און ווי מאָדנע שיינ ער פירט זײַן וועלטל! און וואָס פּאַר אַ מינע מעשונע נעפּאַשעס, ווילדע ברוים, עס געפינען זיך באַ אים! אָט האָט איר אײַך אַ פּאָר פאָלק נאָר וואָס פון דער נאָדל אַרויס: פאָרט ער אַוועק, דער גוטער יאַר ווייסט אים וווהין, און זי בלײַבט איבער דאָ — און מע זאָל דאָס לאָזן אַפילע אַ טרער, כאָטש פון ייִצע וועגן! נאָר גאָרניט, טעוויע איז ניט קיין ייִדענע, טעוויע האָט צײַט, קוקט און שווײַגט, וואָס וועט דאָ זײַן...

זע איך עפּעס אַ פּאָר יונגע לײַטלעך, גוטע קאַסריליקעס, מיט אויסגעטראָטענע שטיוול, זײַנען אַרויסגעקומען אָפן באַן זיך געזעגענען מיט מײַן שפּיל-פויגל. איינער פון זיי איז געגאַנגען, איך בעט איבער אײַער קאָוועד, מיטן העמדל איבער די הויזן, און האָט עפּעס געשושקעט זיך מיט מײַנעם שטילערהייט. זע נאָר, טעוויע,

*) אַ פרוי, וואָס דער מאַן פאַרלאָזט זי.

**) אַ גרויסער און אַ שרעקלעכער.

טראכט איך מיר, צי האָסטו זיך ניט ארײַנגעכאַפּט דאָ צווישן כעוורע פערד-גאַנאָווים, בײַטל-שנײַדערס, שלעסער-ברעכער אָדער פאַלשעמאָנעטשיקעס?.. פאָרנדיק צוריק מיט מײַן האָדלען פון בוױבעריק אהיים, קאָן איך מיך ניט אײַנהאלטן און זאָג איר ארויס דעמדאָזיקן געדאנק גאנץ אָפנטלעך. צעלאכט זי זיך און וויל מיר אײַנריידן, אז ס'איז לויטער פײַנע מענטשלעך, ערלעכע, לעצט-ערלעכע לײַט, וואָס זייער גאנץ לעבן איז נאָר פון יענעמס וועגן, זיך האָבן זיי ניט אינזינען, אפילע אין דער לינקער פּיאטע...—אָט א יענער, זאָגט זי, וואָס מיטן העמדל, דער איז גאָר א טאטנס א קינד; ער האָט, זאָגט זי, אוועקגעוואָרפן רײַכע טאטע-מאמע אין יעהופּעץ, וויל ניט נעמען בא זיי קיין צעבראָכענעם גראָשן.—„אזוי? גאָטס וואונדער!—זאָג איך,—טאקע זייער א פײַן באָכערל, כלעבן! צום העמדל, וואָס ער גייט איבער די הויזן, מיט די לאנגע האָר, ווען גאָט העלפט אים נאָך א הארמאָניע, אָדער א הונט זאָל אים נאָכלויפן פון הינטן, דעמאָלט האָט דאָס שוין גאָר דעם זיבעטן כיין!..” אָט אזוי רעכן איך זיך אָפּ מיט איר שוין פאר אים אויך, און לאָז אויס מײַן גאנץ ביטער הארץ, הייסט דאָס, צו איר, נעבעך... און זי? גאָרניט! מאכט זיך טאמעוואטע. איך איר:—„פעפערל”, און זי מיר:—טויוועס-האקלאל, ארבעטער, נעבטיקע טעג... —„וואָס טויג מיר, זאָג איך אײַער טויוועס-האקלאל מיט אײַער ארבעטן, אז עס גייט צו בא אײַך בעסאָד? פאראן, זאָג איך, א שפּריכוואָרט: ווו א סאָד, דאָרט איז א גנייווע... אמער זאָג מיר גלײַך, וואָס איז ער געפּאָרן פעפערל, און ווהינן?”.. —אלצדינג יאָ, זאָגט זי, נאָר דאָס ניט. פרעג זיך, זאָגט זי, בעסער ניט נאָך, גלייב מיר, זאָגט זי, וועסט מיט דער צײַט אליין אלצדינג וויסן. וועסט אימירצעשעם הערן, און עפּשער אינגיכן, פיל נײַעס, פיל גוטס!..—„אָמיין, האלעווײַ, זאָג איך, פון דײַן מויל אין גאָטס אויערן. נאָר אונדזערע סאָנים, זאָג איך, זאָלן אזוי וויסן פון זייער געזונט, ווי איך הייב אָן צו פארשטיין, וואָס דאָ טוט זיך בא אײַך און אין וואָס באַשטייט די שפּיל!..”—אָט דאָס איז טאקע, זאָגט זי, דער אומגליק, וואָס דו וועסט דאָס ניט פארשטיין.—„וואָס-זשע, ס'איז אזוי טיפ? מיר דאכט, זאָג איך, אז איך פארשטיי מיט גאָטס הילף גרעסערע זאכן”...—דאָס לאָזט זיך ניט, זאָגט זי, פארשטיין מיטן סייכל אליין, דאָס דארף מען, זאָגט זי, פילן, פילן מיטן הארצן. אזוי זאָגט זי צו מיר, האָדל, הייסט עס, און דאָס פּאָנעם בא איר בעשאס מײַסע פלאמט, און די אויגן ברענען. ניט געדאַכט זאָלן זיי ווערן, די טעכטער מײַנע! פארקאָכן זיי זיך אין עפּעס, איז מיטן הארצן און מיט לײַב און לעבן און מיטן גוף און מיט דער נעשאָמע!

בעקיצער וועל איך אײַך דערציילן, עס גייט אוועק א וואָך און צוויי און דרײַ און פיר און פינפ און זעקס און זיבן—ניטאָ ניט קיין בריוו, ניט קיין יעדיע.—„פאַרפאלן, זאָג איך, פעפערל!” און כאַפּ א קוק אַפּ מײַן האָדלען. נעבעך קיין טראָפּן בלוט ניטאָ אין פּאָנעם, זוכט אופּ אלעמאָל אן אנדער שטיקל ארבעט אין שטוב, וויל, ווײַזט אויס, פאַרגעסן דורך דעם די גרויסע צאָרעס אירע, נאָר, איר זאָלט זאָגן, זי זאָל דאָס אים אפילע דערמאנען! שא, שטיל, גלײַך ווי ס'איז גאָר קיינמאָל ניט געווען קיין פעפערל אַפּ דער וועלט.

נאָר איינמאָל טרעפט זיך א מײַסע, איך קום צו פאָרן אהיים, איך זע—מײַן האָדל איז פארוויינט, גייט ארום מיט אָנגעשוואָלענע אויגן. הייב איך מיך אָן צו דערפרעגן, ווער איך געוואָר, אז דאָ איז ניט לאנג געווען עפּעס איינער א שלימאזל מיט לאנגע האָר און געסוידעט זיך עפּעס מיט איר, מיט האָדלען, הייסט עס. „אהא!—טראכט

איך מיר.—דאָס איז יענער כעוורעמאנ, וואָס האָט אוועקגעוואָרפנ רײַכע טאטע-מאמע אונ האָט אראָפּגעלאָזט דאָס העמדל איבער די הויזנ"... אונ ניט לאנג געטראכט, רופ איך ארויס מײַנ האָדלענ פונ שטוב אינ הויפ ארויס אונ טו זי א כאפּ גלײַך אפ דער ווענטקע:—"זאָג מיר נאָר, טאָכטער, האָסט שוינ פונ אימ א גרוס?"—"יאָ."—"ווו איז ער ערגעצ, דײַנ באשערטער?"—"ער איז, זאָגט זי, ווײַט."—"וואָס טוט ער?"—"ער זיצט..."—"ווו זיצט ער? פארוואָס זיצט ער?"—שווײַגט זי. קוקט מיר גלײַך אינ די אויגנ ארײַנ אונ שווײַגט.—"זאָג מיר נאָר, זאָג איך, טאָכטער מײַנע, ווערדליק איך פארשטיי, זיצט ער ניט פאר קיינ גנייווע; פארשטיי איך ניט דעמ סייכל, אז וויבאלד קיינ גאנעוו ניט אונ קיינ שווינדלער ניט, הײַנט פארוואָס-זשע זיצט ער, פאר וואָסערע מײַסימ טויווימ?"... שווײַגט זי, האָב איך מיך מעיאשעוו געווענ: זאָגסט ניט, דארפ מענ ניט; ער איז דאָך דײַנ שלימאזל, ניט מײַנער. א שיינע ריינע קאפּאָרע! נאָר אינעווייניק אינ הארצנ טראָג איך א ווייטעק, איך בינ פאָרט א פאָטער, ווי מיר זאָגנ אינעמ דאווענ: א פאָטער בלײַבט א פאָטער.

בעקיצער, געווענ איז דאָס הוישאנע-ראבע *) אפ דער נאכט. יאָנטעוו איז בא מיר א מינעג, איך רו מיך אָפּ, אונ אויך דאָס פערדל רוט זיך בא מיר אויס, אונ אגעוו איז שוינ אינ בויבעריק קימאט ניטאָ וואָס צו טונ: טוט מענ א בלאָז מיטנ שויפער, אזוי צעלויפנ זיך אלע דאטשניקעס, ווי די מײַז אינ א הונגער, אונ בויבעריק ווערט א פוסטקע. דעמאָלט האָב איך ליב צו זיצנ אינדערהיימ, בא זיך אפ דער פריזבע. פאר מיר איז עס דאָס בעסטע שטיקל צײַט, די טעג זײַנענ געשענקטע. די זונ באקט שוינ ניט ווי א קאלכ-אויוונ, נאָר זי גלעט מיט א מינ ווייכקײַט, מעכײַענעפּאָשעס. דער וואלד איז אלצ נאָכ גרינ, די סאָסנעס הערנ ניט אופ צו שמעקנ מיט סמאָלע. עס קומט מיר אפנ געדאנק האָדל. שוינ פונ עטלעכע טעג, אז זי איז עפּעס ווי אופגעמונטערט, לעבעדיקער געוואָרנ, גאָר אנ אנדער פּאָנעמ באקומענ. עמעצער האָט איר געבראכט א בריוול, אפּאָנעמ, פונ אימ טאקע, פונ איר שלימאזל. ווילנ ווילט זיך מיר זייער וויסנ, וואָס ער שרײַבט, נאָר פרעגנ וויל איך ניט, זי שווײַגט, שווײַג איך אויך, טעוויע איז ניט קיינ יידענע; טעוויע האָט צײַט...

דערווײַל, אזויווי איך טראכט פונ האָדלענ, קומט זי אָנ, האָדל, הייסט עס, זעצט זיך לעבנ מיר אפ דער פריזבע, קוקט זיך ארומ אפ אלע זײַטנ אונ רופט זיך אָנ צו מיר שטילערהייט:—"הערסטו, טאטע, איך דארפ דיר עפּעס זאָגנ: הײַנט געזעגענענ מיר זיך אָפּ מיט דיר... אפ שטענדיק"...

אזוי זאָגט זי צו מיר שטיל, קאמ וואָס מע הערט אונ קוקט אפ מיר מיט א מאָדנעמ מינ קוק, מיט אזא קוק, וואָס איך וועל אימ אייביק ניט פארגעסנ.

— "וואָס הייסט, זאָג איך, דו געזעגנסט זיך אָפּ מיט מיר אפ שטענדיק?" אזוי מאכ איך צו איר אונ קוק אראָפּ, זי זאָל ניט זענ ווי איך בינ טויט.—"דאָס הייסט, זאָגט זי, איך פאָר, זאָגט זי, אוועק מאָרגנ, זאָגט זי, גאנצ פרי, וועלנ מיר זיך שוינ קיינמאָל ניט זענ... קיינמאָל ניט...

— "וווהינ, לעמאָשל, פאָרסטו, אויב איך האָב, זאָג איך, די זכיע צו וויסנ"?—איך פאָר, זאָגט זי, צו אימ.—"צו אימ?"—זאָג איך,—ווו איז ער דענ אצינדערט?"—"לעסאטע, זאָגט זי, זיצט ער נאָכ; נאָר אינגיכנ שיקט מענ אימ אוועק.—"פאָרסטו, הייסט עס, זיך געזעגענענ מיט אימ?" אזוי זאָג איך צו איר אונ מאכ זיך טאמעוועטע.—ניינ זאָגט זי, איך גיי אימ נאָכ גלײַכ אהינ.—"אהינ?"—זאָג איך,—ווער איז געווענ דער אהינ?

*) א רעליגיעזער יאָנטעוו.

וויאזוי הייסט דאָס אָרט?״—מע ווייסט נאָך ניט אקוראט, זאָגט זי, וויאזוי דאָס אָרט הייסט, נאָר ווייט איז דאָס זייער, זאָגט זי, ווייט מיט סאקאָנעס נעפּאָשעס...

אזוי זאָגט זי צו מיר, האָדל, הייסט עס, און עס מאָלט זיך מיר אויסעט, אז זי רעדט עס מיט גאדלעס, מיט גרויסקייט, גלייך ווי ער וואָלט דאָ אָפּגעטאָן עפּעס אזעלכעס, וואָס עס קומט אים דערפאר א מעדאל פון א פוד אייזן...וואָס ענטפערט מען איר, לעמאָשל, אף אזא זאך? פאר אזא זאך נעמט א פּאָטער און בייזערט זיך אויס אף א קינד, שענקט א פּאָר פּעטש, אָדער ער באטלט אויס אלע בייזע, וויסטע כאלוימעס. טעוויע איז אָבער ניט קיין יידענע. רופ איך מיך אָפּ צו איר מיט א פּאָסעק, ווי געווײנטלעך:—„איך זע ארויס, זאָג איך, טאָכטער מיינע, אז דו ביסט מעקייעם, ווי אין דער הייליקער טוירע שטייט געשריבן: ווארפסט אוועק זאָג איך, צוליב א פּעפּערל טאטע-מאמע, זאָג איך, און לאָזט זיך אוועק אין א אָרט, וואָס מע ווייסט ניט ווו, ערגעץ אין די מידבאָריעס, אפּאָנעם, אפן פארגליווערטן יאם, דאָרטן, ווו אלעקסאנדער מוקדן, זאָג איך, איז געפאָרן אפן אָקרענט און פארבלאָנדזשעט אף א ווייטער ווייסע, זאָג איך, צווישן ווילדע מענטשן, ווי איך האָב געלייענט, זאָג איך, אמאָל אין א מייסע-ביכל״...

אזוי זאָג איך צו איר האלב אף קאטאָוועס און האלב מיט קאס, און דאָס הארץ בעשאס מייסע ווײנט, נאָר טעוויע איז ניט קיין יידענע. טעוויע האלט זיך איין. און זי, האָדל, הייסט עס, פאלט ניט אראָפּ בא זיך; ענטפערט מיר אָפּ שטיל, ניט געכאפּט, און באטראכט. טעוויעס טעכטער קאָנען ריידן...

און כאָטש איך האלט דעם קאָפּ אראָפּ און די אויגן צו, פונדעסטוועגן דאכט זיך מיר, אז איך זע זי, האָדלען, הייסט עס, איך זע—איר פּאָנעם איז פונקט אזויווי די לעוואָנע, בלאס און מאט, און דאָס קאָל אירס, מאָלט זיך מיר אויס, איז עפּעס ווי פארדומפּן, ציטערט... זאָל איך איר, אשטייגער, פאלן אפן האלדז, בעטן, כאלעשן פאר איר, זי זאָל ניט פאָרן? ווייס איך, אז ס'איז ארויסגעוואָרפן. יִמאכשעמאָם זאָלן זיי ווערן, טאקע די טעכטער מיינע—פארקאָכן זיי זיך אין עמעצן, איז מיטן גוף און מיט דער נעשאָמע און מיטן הארצן און מיט לייב און לעבן!

בעקיצער, מיר זיינען אָפּגעזעסן אזוי אף דער פריזבע א היפּשע שטיק צייט, לאָז זיך אייך דאכטן, קימאט די גאנצע נאכט. מער געשוויגן ווי גערעדט. און דאָס, וואָס מיר האָבן גערעדט, איז אויך געווען קימאט ווי ניט גערעדט, האלבע ווערטער... זי האָט גערעדט און איך האָב גערעדט, איך פרעג זי נאָר איין זאך: ווו איז דאָס געהערט געוואָרן, א מיידל זאָל נעמען און כאסענע האָבן מיט א באָכער, צוליב דעם, זי זאָל אים קאָנען נאָכגיין ערגעץ אין אלדע שווארצע יאָר? ענטפערט זי מיר: מיט אים איז אלציינס אפילע אין אלדע שווארצע יאָר... גיב איך איר, געווײנטלעך, צו פארשטיין מיטן סייכל, ווי נאריש דאָס איז. גיט זי מיר צו פארשטיין מיט איר סייכל, אז איך וועל דאָס קיינמאָל ניט פארשטיין. ברענג איך איר א מאָשל מיט א הון, א קוואָקע, וואָס האָט אויסגעזעסן קאטשקעלעך. די קאטשקעלעך האָבן זיך נאָר אויפגעכאפּט אף די פיסלעך, האָבן זיי זיך געלאָזט אפן וואסער, און די קוואָקע נעבעך קוואָקעט.—„וואָס, זאָג איך, וועסטו זאָגן, זאָג איך, דערופ, טאָכטער לעבן״?—וואָס, זאָגט זי, זאָל איך דערופ זאָגן? ס'איז אוואדע א ראכמאָנעס, זאָגט זי אף דער קוואָקע; נאָר צוליב דעם, זאָגט זי, וואָס די קוואָקע קוואָקעט, זאָלן די קאטשקעלעך ניט שווימען?.. איר פארשטייט דיבורים? טעוויעס טאָכטער רעדט ניט גלאט...

און דערווײַל די צײַט שטייט ניט. עס הייבט שוין אָן צו שאַריִען אפּ טאָג. די אַלטע אין שטוב וואָרטשעט. זי האָט שוין עטלעכע מאָל געשיקט זאָגן, אַז ס'איז שוין צײַט מאַכן נאַכט, און געזען, אַז ס'העלפט זיך ניט, האָט זי אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ דורכן פענצטער און מאַכט צו מיר מיט אַ שיינעם יעוואָרעכעכאָ, געוויינטלעך: טעוויע? וואָס טראַבסטו זיך?—„לאָז זײַן שטיל, גאָלדע, האָסט פאַרגעסן, אפּאָנעם, אַז ס'איז הײַנט הוישאַנע-ראַבע, זאָג איך, ווערט אונדז אָנגעכאַסמעט דאָס גוטע קוויטל. הוישאַנע-ראַבע דאַרף מען זײַן אויף. פאָלג מיך, גאָלדע, זאָג איך, דו נעם, זײַ מויכל, צעבלאָז נאָר דעם סאַמאָוואַר, זאָג איך, און לאָז זײַן טיי, און איך וועל גיין דערווײַל שפּאַנען דאָס וועגעלע. מיר פאָרן מיט האָדלען צום באַן". און ווי דער שטייגער איז, טאָק איך איר אָפּ אַ שפּאָגל נײַעם ליגן, אַז האָדל פאָרט אַוועק קיין יעהופּעצ און פון דאָרט נאָך ווײַטער, אַלץ מעקויִעך יענעם אייסאָק, מעקויִעך דער יערושע, הייסט עס, און עס קאָן געמאָלט זײַן, זאָג איך, אַז זי זאָל שוין דאָרטן בלײַבן איבערן גאַנצן ווינטער, און עפּשער איבערן ווינטער מיטן זומער מיט נאָך אַ ווינטער; דעריבער דאַרף מען איר, זאָג איך, מיטגעבן אַ ביסל גרעט, אַ קליידל, אַ פּאָר קישנס, ציכלעך, דאָס, יענץ און שעאָר יעראָקעס.

אַזוי קאָמאַנדעווע איך און זאָג אָן, ס'זאָל ניט זײַן קיין געוויינען, ס'איז הוישאַנע-ראַבע אפּ דער וועלט.—„הוישאַנע-ראַבע, זאָג איך, טאָר מען ניט וויינען, ס'איז אַ בעפּיירעשער דין *)!" הערט מען דאָך מיך מיטן דין, מיסטאַמע, ווי די קאַץ, און מע וויינט דאַפקע יאָ, און אַז עס קומט צו געזעגענען זיך, ווערט אַ יעלאָלע, אַלע וויינען—די מאַמע, די קינדער, און טאַקע זי אַליין, האָדל, הייסט עס, און וועאַל-קולאָם **), אַז ס'איז געקומען צו דער עלטערער טאָכטער מײַנער, צייטל, מיין איך (אפּ יאָנטעוו קומט זי צו מיר מיט איר באַשערטן, מיט מאָטל קאַמזויל), האָבן זיך ביידע שוועסטער אַ וואָרפ געטאָן איינע דער אַנדערער אפּן האַלדז—מע האָט זיי קאַם אָפּגעריסן...

נאָר איך איינער האָב זיך געהאַלטן שטאָל און אײַזן; דאָס הייסט, עס רעדט זיך באָר אַזוי—שטאָל און אײַזן; אינעווייניק קאָכט, ווי אַ סאַמאָוואַר, נאָר יענעם אַרויסבאַווײַזן—פע! טעוויע איז דאָך ניט קיין ייִדענע...

דעם גאַנצן וועג קיין באָיבעריק שווײַגט מען, און אַז מיר האַלטן שוין ניט ווײַט פון דער באַן, רופ איך מיר אָן צו איר, זי זאָל מיר זאָגן דאָס לעצטע מאָל, וואָס פאָרט האָט ער געטאָן אַזעלכעס, פּעפּערל, הייסט עס?—„איטלעכע זאַך, זאָג איך, באַדאַרף דאָך האָבן עפּעס אַ טאַם"... ווערט זי אָנגעצונדן און שווערט מיר מיט טויזנט שוועס, אַז ער איז ריין ווי גינגאָלד.—ער איז, זאָגט זי, אַ מענטש, וואָס קאַטאָרגע פאַר אים אָרט אים ניט, דאָס גאַנצע טועכץ זײַנס איז נאָר, זאָגט זי, יענעמס טויווע, דער וועלטס טויווע—און דער איקער פאַר האָרעפּאַשניקעס, באַלמעלאָכעס—און גייט זײַט אַ כאָכעם און טרעפט, וואָס דאָס הייסט! —„זאָרגט ער זיך, זאָג איך צו איר, הייסט עס, פאַר דער וועלט? לעמײַ-זשע, זאָג איך, זאָרגט זיך ניט די וועלט פאַר אים, אַז ער איז יאָ אַזאַ וווילער באָכער? זאָלסט אים כאָטש לאָזן גריסן, זאָג איך, דעם אַלעקסאַנדער מוקדן דײַנעם, זאָלסט

---

*) געזעץ.

**) איבער אַלעמען.

אים זאָגן, זאָג איך, אז איך פארלאָז מיך אף זײַן יושער, ער איז דאָך א מענטש פון סאמע יושער, זאָג איך, אז ער וועט מײַן טאָכטער מיסטאמע ניט פארפירן. און שרײַבן אמאָל, זאָג איך, א בריוול דעם אלטן טאטן"...

און אזויווי איך רעד, פאלט זי מיר ניט פלוצים אפן האלדז און הייבט ניט אָן צו וויינען? — לאָמיר זיך, זאָגט זי, געזעגענען. זײַ געזונט, טאטע, גאָט ווייסט, זאָגט זי, ווען מיר וועלן זיך זען!

אן עק! אָט דאָ האָב איך מיך שוין ניט געקאָנט אײַנהאלטן... עס איז מיר גע-קומען אויפן געדאנק, פארשטייט איר, טאקע די אייגענע האָדל, בעשאס זי איז נאָך געווען א ברעקל... א קינד, הייסט עס... זי געהאלטן אף די הענט... אף די הענט געהאלטן... האָט קיין פאריבל ניט, פאני, וואָס איך האָב מיך... מײַסע יידענע... איר זאָלט וויסן, הערט איר, וואָס דאָס איז פאר א האָדל, דאָס איז!... איר זאָלט זען די בריוולעך, וואָס זי שרײַבט... ס'איז א האָדל פון גאָט... זי איז בא מיר אָט-אָ-דאָ-אָ איז זי בא מיר... טיף, טיף... איך קאָן אײַך אזויפיל ניט ארויסגעבן.

ווייסט איר וואָס, פאני שאָלעם-אלייכעם? לאָמיר בעסער ריידן פון עפעס פריי-לעכערס: וואָס הערט זיך עפעס מעקויעך דער כאָלערע אין אָדעס?

---

# יִצחָק־לייבעש פּערעץ

## (1851—1915)

### אייניקע ביאָגראַפישע ידיִעס



יִצחָק - לייבעש פּערעץ איז געבוירן געוואָרן אין 1851 יאָר אין שטעטל זאַמאָשטש (פּוילן) אין א פאַרמעגלעכער לאַמדיש-קרעמערישער פאַמיליע. זיין מוטער האָט געהאַנדלט אין קראָם, דער פאָטער איז געזעסן און געלערנט טוירע. די קינדער-יאָרן פאַרברענגט פּערעץ אין כיידער און אין בעסמעדרעש. צו 15—16 יאָר באַקענט ער זיך מיט דער האַסקאָלע-ליטעראַטור און ווערט אַליין אַ שטיק צייט אַ מאַסקיל. אין 1878 יאָר שרייבט פּערעץ אָן זיינע ערשטע יידישע לידער „זאַמאָשטשער פּאָזשאָנדקעס“ *), דידאַקטישע לידער זיינען געווען אַ מאַסקילישער פּראָטעסט קעגן די זאַמאָשטשער קאָהאָלשע באַלעבאַטישקעס. געדרוקט האָט מען זיי קיינמאָל ניט, מע האָט זיי אָבער אַ לאַנגע צייט געזונגען אין זאַמאָשטשער ראַיאָן; אין 1888 יאָר דרוקט פּערעץ אָפּ זיין ערשט גרעסער יידיש ווערק — די פּאָעמע „מאָנעש“.

אין די ניינציקער יאָרן פונעם פאַריקן יאָרהונדערט איז פּערעץ אַ שטיק צייט באַווירקט פון דער אַרבעטער־באַוועגונג; צו יענער צייט געהערן זיינע דערציילונגען פונעם לעבן פון האַנטווערקער און אָרעמשאַפט: „באָנצי שוויַג“, „דאָס שטריַמל“, „אין קעלערשטוב“, א. אַנד. צו יענער צייט געהערן אויך די זאַמלונגען „יאָנטעוו־בלעטלעך“, וואָס פּערעץ האָט צוזאַמען מיט די שרייבער ד. פּינסקי און מ. ספּעקטער אַרויסגעגעבן. אַ טייל פון דידאַקטישע בלעטלעך האָבן מיט זייערע סאָציאַלע און אַנטירעליגיעזע מאָטיוון זייער אויסגענומען ביי די אַרבעטער-מאַסן.

אין זיין שאַפן פון יענעם פּעריאָד דריקט פּערעץ אויס די אידעאָלאָגיע פונעם ראַדיקאַלן קליינבירגערטום.

שפּעטער גייט פּערעץ איבער אויף ריין-בורזשואַזע פּאָזיציעס. זיין שאַפן ווערט רעאַקציאָנער און נאַציאָנאַליסטיש. די וויכטיקסטע ווערק פונעם רעאַקציאָנערן פּע-ריאָד אין פּערעצעס שאַפן זיינען די ציקלען דערציילונגען „כסידיש“ און „פאָלקס-טימלעכע געשיכטן“.

אין זיין ווערק „באַם פרעמדן כופע-קלייד“, וואָס געהער צום ראַדיקאַלן פּעריאָד אין זיין שאַפן, שילדערט פּערעץ בילדער פון נויט און אָרעמקייט. אויסגעמאַטערטע

*) פּאָריאַדקעס.

און אויסגעהונגערטע מיידלעך-נייטערנס מוזן ארבעטן פון פרי ביז שפּעט אין נאכט, קעדיי רייַכע פרויען זאָלן האָבן שיינע קליידער אפּ צו טראָגן.

בילדער פון שווידערלעכער אָרעמקייַט מאָלט פּערעצ אויך אין זייַן קורצינקער דערציילונג „א טאָנעס".

אין דידאַקטישע ווערק פילן מיר פּערעצעס סימפּאַטיעס צו די עקספּלואַטירטע און אונטערדריקטע. מיר פילן אָבער אויך דעם קליינבירגערלעכן כאַראַקטער פון דידאַקטישע ווערק: עס איז אין זיי ניטאָ קיין שום רופ צו קאמפּ קעגן די עקספּלואַטאַטערס, קעגן די אונטערדריקער.

אין דער קורצינקער דערציילונג „די פרומע קאַץ" לאַכט פּערעצ שארפּ אויס די פאלשע צוויאקישע פרומקייַט, , וואָס וויל פאַרדעקן מיט פרומע זיסע רייד איר כייַעש-רויבערישע נאַטור.

פּערעצ איז אין דער יידישער קלאַסישער ליטעראַטור דער אָנגעזעענסטער מייַסטער פון דער קליינער קורצינקער דערציילונג, נאָוועלע. אפּ קאַרגע געציילטע זייַטלעך גיט זיך דעם קינסטלער אייַן אויפצולעבן פאַר אונדז שטיקער שטייגער, ליידן און פריידן פון לעבעדיקע מענטשלעכע געשטאַלטן. פּערעצעס שפּראַך איז וויינינקער צוגענגלעך ווי שאָלעם-אליכעמס. זי איז איבערגעלאָדן מיט אסאך העברייִזמען. פּערעצ באַנוצט זיך אָפטמאָל אין זייַן שאַפן מיט דער פאָרם פון אלעגאָריעס („די פרומע קאַץ" א. אנד).

כוץ דערציילונגען האָט פּערעצ אויך געשריבן לידער און דראַמאַטישע ווערק.

פּערעצ איז געשטאָרבן אין וואַרשע אין 1915 יאָר.

---

# בא דעם פרעמדן כופע־קלייד

א סצענע פונ ווארשעווער לעבנ.

## אינ א מאָדע־מאגאזינ.

פערזאָנענ:

מאדאם, צוויי מאָדיסטקעס אונ האנט־מיידלעכ.

מאדאמ:

הײַנט ווערט געשטעפט אונ גענייט,
הײַנט וועט מענ ליידיק ניט זיצנ!
טורײַ-טורײַ-טורײַ!
זעט נאָר די גאזנ, די שפיצנ! *)
זעט, ווי דאָס זײַדנס וועט בליצנ!
א שלעפע וועט זײַנ גאָר א מוירע!
אוואדע צענ איילנ די שלעפ!
הײַנט נאָכ ברילליאנטענע קנעפ!
זעט,—מע געטרויט אזא סכוירע!

האנט-מיידלעכ: (כאָר)

אָט האָט איר א וווּנדער,
כלעבנ, קיינ שפאס!
צי הייסט דענ ניט „פּאוויע"—
יאָ, פּאוויע, די גאס,

ווו ס'שטייט זיכ א מויער
גאנצ געלבלעכ אונ בלייכ,
דאָכ פעסט, ווי א פעלדזנ,
דרײַ שטאָק אינ דער הייכ;

די פענצטער—אינ אײַזנ,
די טויערנ—פארמאכט...
עס גייט נאָכ א זעלנער
ארום אפ דער וואכט!

אוי, דאָרט צו ווײַנענ
איז טרויעריק אונ באנג!
עס שלאָגט דורכ די מויערנ
דאָס קייטנ־געקלאנג...

*) „קרוזשעווס"

עס קלינגט אזוי טרויעריק
דינ-דאָנ... דינ-דאמ!
אָ, רירט ניט דאָס זײַדנס,
ניט טשעפּעט, מאדאמ!

### די ערשטע מאָדיסטקע:

סאטענ-דע-ליאָנ *)... אונ שפּיצנ אונ גאזנ,
עס פּעלט נאָכ בריליאנטנ צומ רומל...
דיוואנענ, אונ בלומענ, אונ לאָמפּנ... די קאלע
וועט אויסזענ—א מאלעכ פונ הימל!

### האנט-מײדלעכ (כאָר):

ניט קײנ גראָשנ פאר דער דירע,
אונ אינ מויל קײנ ביסנ!
כ׳וויל באמ מאלעכ פאָרשוס **) בעטנ!
ביינ, זי וויל ניט וויסנ!

— מאלעכ, גיב פּאָרויס א רובל!—
ביינ, זי גיט ניט פריִער.
כ׳וויל דערציילנ איר פונ הונגער,
ווײַזט זי מיר די טיר!

אוי, עס זעצט מיר אינ די שלייפנ,
דאכט זיכ מיר—אָט פאל איכ,
— „נאָר אָנ קונצנ, נאָר אָנ פּאָקוסנ״!—
לאכט מיכ אויס דער מאלעכ!

אוי, מיכ האָט דעמ מאלעכס לאכנ
ביז אהיימ געהעצט!
אונ איכ האָב דעמ מאלעכ זײַדנס
אפּ א ברויט פארזעצט!

אונ עס איז אראָפּגעפאלנ
פּלוצלינג, ווי פונ הימל,
אוי, דער מאלעכ מיט א לאפּאצ,
טאקע, ווי צומ רומל!

אונ מיכ האָט פארזאָרגט דער מאלעכ
אפּ די גרויסע פּרעסט,
אוי, אפּ גאנצע דרײַ כאדאָשימ
מיט קווארטיר אונ קעסט!

*) ליאָנער שטאָפ.
**) אב ארערופ.

די צווייטע מאָדיסטקע:

בלאס איז דאָס זײַדנצײַג, פונקט ווי מײַן פּענעמל,
דורכזיכטיק דינ, ווי מײַן הויט,
רירט מען עס, קרעכצט עס „אוי״! פונקט מײַנע ביינדעלעך,
דאָס הייסט א גליקלעכע מויד!

דערצו וועלן קומען בריליאנטענע קנעפּעלעך,
גרויסע, ווי אָרעמע טרערן!
נו, אײַל דיך, רעדעלע! אײַל דיך טרעקאָטשע
כ׳זאָל מײַנע ביינדלעך ניט הערן!

טראַך-טראַך-טראַך, ביינדעלע! טור-טור-טור, רעדעלע!
שלאָג מיר דאָך גלײַך מיטן זייגער...
טראַך-טראַך-טראַך, ביינדעלע! טור-טור-טור, רעדעלע—
ווען וועלן מיר רוען אשטייגער?

האנט-מיידלעך (כאָר):

עס איז פאראן א שטיבעלע
אפ א שטילער גאס!
ס׳האָט קיין טיר, קיין פענצטערל—
אייביק שטיל און נאס!

כאָטש מע צאָלט קיין דירע-געלט,
ווארפט מען ניט ארויס!
דאָרטן רוען אפ אייביק שוין
די ביינדעלעך זיך אויס!

פון קיין שטעפן ווייסט מען ניט,
עס ווערט שוין ניט געניית...
צום שטיבעלע קומט איטלעכער
אפ אייביק שוין באקליידט!

די צווייטע מאָדיסטקע:

שטעפ, נאָדל, שטעפ די בראבאנטענע שפּיצן *)
פאר איר, פאר איר!
טאכריכימלעך וועסטו גיך און באלד שטעפן—
פאר מיר, פאר מיר!

עס בליצן בריליאנטן, עס שמייכלט די קאלעשע
שיין אזוי, ליב!
ווען וועט א שמייכל מײַן פּאָנעם באשײַנען?
אין גרוב, אין גרוב!

*) טײַערע שפּיצן פון בראבאנט—א געגנט אין בעלגיע

מאדאם:

שטילער, שטילער, שטילער,
שטיל, איין אויגנבליק!
טוריַי-טוריַי-טוריַי!
אָט דאָס הייסט מוזיק!

וואָס האָט איר פון די לידער?
דריקעניש — נישט מער!
עס ציטערן די ברעמען
אָט, אָט פאַלט א טרער...

און אז טרערן פאַלן
פון דער שווערער נויט
אפ די וויַיסע קליידער —
ווערט א פלעק אפ טויט.

טוריַי-טוריַי-טוריַי!
אָט דאָס הייסט מוזיק —
האָט איר ניט קיין אייגנס,
זינגט פון פרעמדן גליק.

ניט דאָרט איז גליק, וווּ צירונג בליצט,
וווּ איידלשטיין מיט פונקען שפּריצט;
ניט אַלץ איז גאָלד, וואָס בלאַנקט און גלאַנצט,
ניט דאָס איז פרייד, וואָס לאַכט און טאַנצט.

עס מיַידט גאַנץ אָפט דאָס גאָלדענע בעט
דער שלאָף, דעם גרויסן זאַל — די זעט,
ווי אויך דאָס גליק — דעם זאַק מיט געלט,
דאָס ווייסט שוין לאַנג די גאַנצע וועלט!

די ערשטע מאָדיסטקע:

אַמאָל איז געוועזן, נאָר וווּ מינעסטאַמ
דאָרט ערגעץ אין בויבעריק, אפ יענער זיַיט יאַם!
נאָר — צי איז געוועזן? איר פרעגט נאָך, איר קלערט?
איך האָב עס אַליין פון מיַין באָבען געהערט!

די מאַמע געשטאָרבן, דער טאַטע אוועק,
די טרויעריקע ווינטער-נאַכט האָט גאָר קיין עק!
די פענצטער — פאַרשמירט, די טיר איז פאַרשנייט,
און ס'רײַסט זיך דער ווינט, ווי א הונט אפ דער קייט!

הורורו-הורורו — וואָיעט און קלאָגט,
דאָס הארץ איז דערשראָקן, עס ציטערט, עס נאָגט...
„באָבע"! זי הערט ניט, נאָר „דיאַמ-דיאַמ-דיאַמ!"
די טויבע דערציילט מיר פון יענער זיַיט יאַמ!

אלע:

גענוג שוין האקדאָמעס*)
ניט פּלוידער, ניט קוועל:
פאַרגעס אָן דער באָבען,
די מייסע דערציילן!

די ערשטע מאָדיסטקע:

אַף יענער זייט יאַם איז געשטאַנען אַמאָל
אַף הינערשע פּיסלעך אַ הייזל אין טאָל,
געשטאַנען זיך איינפּאַך, אָן אַזעס, אָן שטאָלץ,
אָן פּוצעכץ, אָן צירונג — פון ליים און פון האָלץ!
אַ פענצטער אַ פּיצלס, נאָך כיינעוודיק האָלט!
די זון זי באַשיט עס טאָגטעגלעך מיט גאָלד!

לעוואָנע און שטערן
פאַרהאַלטן זיך גערן
און מאָלן מיט זילבער די שויבן,

דאָס האָט דער הימל די ליבע באַלוינט!
עס האָבן אין הייזל צוויי ברידער געוווינט!
עס האַלטן זיך צוויי הערצער צוזאַמען געטריי,
שווער איז די אַרבעט, נאָר ס'אַרבעט זיך פריי
ווייס איז דאָס מעבל, מיט קליינע דאָס ברויט,
נאָר אַלץ איז צוזאַמען — די פרייד און די נויט!

עס האָט זיך געלעבט,
די צייט האָט געוועבט
איר לאַנגן, איר קאָשערן פאָדעם!

נאָר איינמאָל באַווייזט זיך אַ גאַסט אַף דער שוועל,
פון גינגאָלד, שמאַראַגדן עס פינקלט זיין פעל!
די שלאַנג איז געקומען מיט גלאַנץ און מיט פּראַכט!
דער עלטערער ברודער דערזעט זי און טראַכט:
עס איז אַף דער וועלט דאָך רייכטום פאַראַן!
ווען איך האָב אַ שמאַראַגד, איך, אָרעמער מאַן!

כ'פאַרקויף אים, וואָס, ניט?
כ'וואָלט אָפן יאַריד
געקויפט מיר צו מעלקן אַ קו!

די שלאַנגען, — זיי ווייסן, וואָס ס'טראַכט זיך באַ לייט,
זי ווינקט אים און רופט אים אַוועק אין אַ זייט
און זאָגט: „איי, ברודער, וואָלסטו נאָר געוואָלט,
שיטסטו דיר אָן פעסער מיט גאָלד,
קרעלן, דיאַמאַנטן, ברילליאַנטן אַ וועלט,
און אַלץ, וואָס מע קאָן נאָר באַקומען פאַר געלט".

*) פּאַרעדעס.

איך מאַך ניט קיין שפּאַס,
פאַראַן אַזאַ סאָד.
איך קאָן אים דיר זאָגן אין וואַלד".

די שלאַנג איז אַוועק, און דער ייִנגערער קלערט:
ווי גאָט האָט זיך יעדן זײַן שיינקייט באַשערט!
גיי פרעג אים: דער גלאַנץ און די שיינקייט וואָס טויג?
די ליידנשאַפט פלאַמט שוין אין עלטערנס אויג:
קרעלן, דיִאַמאַנטן, בריליאַנטן—אַך גאָט!
זי זאָל נאָר ניט נאַרן און זאָגן דעם סאָד!

קומט ער צום וואַלד,
און גאַנוועט זיך באַלד
פון ברודער אַרויס צו דער שלאַנג!

די זון גייט שוין אונטער, פאַרגאָלדט נאָך די זוים
פון וואָלקן אין הימל. אונטער אַ בוים
זיצן שוין ביידע—דער מענטש און די שלאַנג.
זיי זיצן צוזאַמען און שמועסן שוין לאַנג.
ער ציטערט און ווייסט ניט—פאַר פרייד צי פאַר שרעק?
זי וויקלט דאָס האַרץ אים אַרום מיטן עק

און ירעדט פון דיִאַמאַנטן,
קרעלן, בריליאַנטן:
אַלץ וועסטו האָבן גאָר גרינג".

—„באַטראַכט נאָר דײַן ברודער, דאָס איז אַ פאַבריק
פון קרעלן, בריליאַנטן, דיִאַמאַנטן און גליק!
עס טרעפט זיך, ער אַרבעט, און וווּנדערלעך הייס
ווערט אים, דער שטערן באַדעקט זיך מיט שווייס,
עס טריפן די טראָפּן!.. ער ווישט מיט דער האַנט:
לאָז ניט! דער טראָפּן—דאָס איז אַ דיִאַמאַנט.

נאָר אַרבעטן הייס!
קלײַב אויף דעם שווייס!
שיטסט אָן פעסער דיִאַמאַנטן!

עס טרעפט,—און אים פאַלט פון די ברעמען אַ טרער:
מיינסטו, דו נאַר, עס איז וואַסער, ניט מער?
אוי טרייסט'ן און האַלדז'ן, דו האַלטסט עס ניט אויס,
און קושט אים, די טרערן פון די אויגן אַרויס!
פאַרשווענדסט דײַן פאַרמעגן, דו נאַרישער קאָפּ!
לאָז וויינען, לאָז טריפן! און קלײַב יעדן טראָפּ!

אַ טרער, האָב פאַרשטאַנד,
דאָס איז אַ בריליאַנט,—
רײַך וועסטו זײַן ווי אַ קעניג!

דערנאָך — האָט דײַן ברודער אַ אײדעלע פעל,
אַ שטאָך מיט אַ נאָדל — דו האָסט שוין אַ קרעל!
בלוט — זאָגסטו — איז עס, בלוט — זאָגסטו — אַ קאַפּ!
דו נאַר — עס איז קרעלן, דו צאַפּ נאָר און צאַפּ!
זאָל ער נאָר בלוטן און בלוטן ניט קאַרג!
אָנשיטן װעסטו שוין קרעלן אַ באַרג!

דו האָסט אַ פֿאַבריק,
און מאַך דיר דײַן גליק.
ביסט שטאַרקער און װײסט שוין דעם סאָד"...

די ליפּן פֿאַרביסן, די פֿױסטן געבאַלט,
גײט שױן דער עלטערער ברודער פֿון װאַלד,
די אױגן, — זײ ברענען און זױמען זיך שװאַרץ,
דאָך צאַפּלט די ליבע צום ברודער אין האַרץ.
ער טרײסט זיך: „איך װעל דאָך נאָר מאַכן אַ פּרוּװ,
אַ שטאָך װעל איך געבן אַ קלײנעם, ניט טיף:

מײַן ברודער? איך װײס!
נאָר טרערן און שװײס,
זײַנען בריליאַנטן, בריליאַנטן!"

עס הערט די לעװאָנע נאָך די אײגענע נאַכט,
װי ס'האָט אינעם שטיבל געװײנט און געלאַכט,
עס קוקן די שטערן אין פֿענצטער אַרײַן,
װי לאַכט עס אַ ברודער באַם ברודערס געװײן?
די זון האָט צומאָרגנס געװוּנדערט זיך שטאַרק:
װי שלאָגט עס אַ ברודער דעם צװײטן אין קאַרק?

עס װוּנדערט צוגלײַך
דעם װאַלד און דעם טײַך:
װאָס איז עס אין שטיבל געשען?

און עס איז געקומען אויף בײדע גאָטס שטראָף!
דאָס גליק איז פֿאַרשװוּנדן, עס װײַכט זײ דער שלאָף.
אַװעק איז די ליבע, דער פֿרידן אַװעק! —
דער שלאָפֿט ניט פֿאַר װײטעק, דער צװײטער — פֿאַר שרעק;
דער שרײַט: ס'איז מײַן אַשרעס, מײַן רײַכטום, מײַן גוט,
און יענער: ס'איז טרערן, מײַן שװײס און מײַן בלוט!

דיאַם, דיאַם, דיאַם!
אויף יענער זײַט יאַם!
רײַסט מען זיך שוין באַ די האָר!

א ל ע (כאָר):

מע שלאָגט זיך, מע רײַסט זיך,
טראַכ-טראַכ, טראַכ-טראַכ!
נאָר וואָס איז געוועזן
דער סאָף פון דער זאַך?
דער סאָף פון די ברידער,
פון שרעקלעכן הויז?
דערציילט שוין און ציט ניט
די הערצער ארויס.

די ערשטע מאָדיסטקע:

אוי, ס'איז געוועזן א שרעקלעכע נאַכט!
איך ליג בא דער באָבען אין שויס און איך טראַכט:
וואָס לייגט זיך דער שאָטן אזוי לאַנג, אזוי ברייט?
וואָס רײַסט זיך דער ווינט, ווי א הונט אפ דער קייט?
וואָס ברעכן די טויערן, וואָס רײַסט זיך דער דאַך?
צי הער איך די באָבען, צי בין איך נאָך וואַך?
איך ליג בא דער באָבען אין שויס און איך טראַכט:
צי זע איך אין כאָלעם די שרעקלעכע נאַכט?
צי הער איך די מײַסע, צי בין איך דען וואַך?
ווו ברעכן די טויערן, ווו רײַסט זיך דער דאַך?
ווו רײַסט זיך דאָס הײַזל אוועק פון זײַן אָרט?
הורורו-הורורו — דאָ אָבער דאָרט?
שטענדיק געקלערט
און קיינמאָל געהערט
דעם סאָף פון דער שרעקלעכער זאַך.

א ל ע (אויסער דער מאדאם):

דער זייגער שלאָגט! אײַ צענען שלאָגט,
געענדיקט שוין די מי,
אהיים, ווער נאָר א היים פארמאָגט,
אהיים ביז אינדערפרי!
אין בעט ארײַן — א בעט ווער האָט,
נאָר שלאָפן גייט, געדענקט אָן גאָט,
שלאָפן דארף די נויט!

מ יי ד ל ע ך:

שלאָפן איז א פײַן געשעפט,
מע רוט זיך אויס! און טרעפט
עס כאָלעמט זיך — א ברויט!
אַך, צענען שלאָגט, צום עק די מי —
גוט-נאַכט, מאדאם!

מ א ד א ם:

קומט מאָרגן פרי!

# דער טאָנעס

א ווינטערנאכט. סאָרע זיצט באם „קאגאנעק" *) און שטאָפּט אן אלטן זאַק. די ארבעט מיט פארפרוירענע הענט גייט ניט זייער געשווינד; פאר קעלט זײַנען איר אויך ברוינ און בלאָ געוואָרנ די ליפּנ, אָפּט לייגט זי אוועק די ארבעט און צעלויפט זיך איבער דער שטוב צו דערוואַרעמען די דערפרוירענע פיס.

אינ א בעט אפ א הוילנ שטרויזאק שלאָפנ פיר קינדער: אינ יעדער זײַט צו צוויי קעפּ, איבערגעדעקט אינ דערמיט מיט עטלעכע אלטע קליידער.

וואָס אמאָל כאפּט זיך אופ אנ אנדער קינד, עס הייבט זיך אופ אנ אנדער קעפּל און רופט: עסנ!

— וואַרט, וואַרט, קינדערלעך,—טרייסט זיי סאָרע, אָט באלד וועט קומענ דער טאַטע, ברענגענ וועטשערע; איך וועל אײַך אלע אופוועקנ!

— און וואַרעמעס—פרעגנ די קינדער וויינענדיק—מיר האָבנ דאָך נאָך קיינ וואַרעמעס ניט געגעסנ!

— וואַרעמעס אויך!

זי גלויבט דאָך אליינ ניט אינ דעם, וואָס זי זאָגט; זי זוכט מיט די אויגנ אינ אלע זײַטנ, טאָמער וועט זיך נאָך עפּעס געפינענ צו פארזעצנ... נישטאָ!

ליידיקע, נאַסע פיר ווענט! א צעשפּאָלטענער אויוונ! אלץ איז נאַס און קאַלט!... אפנ קוימענ שטייענ א פּאָר צעבראָכענע טעפּ, אפנ אויוונ—אנ אלט, אויסגעבויגנ בלעכנ כאנעקע-לעמפּל; אינ דער הייך אינ באלקנ שטעקט א נאָגל **)—א זייבער פונ א הענגלײַכטער, צוויי ליידיקע בעטנ אָנ א קישנ... גאָרנישט, גאָר-נישט מער!

עס האָט לאַנג געדויערט, אײדער די קינדער זײַנענ רעכט אײַנגעשלאָפנ. סאָרע קוקט אפ זיי מיט הארצ-ווייטעק, מיט ראַכמאָנעס, און טראָגט איבער די פאַרוויינטע אויגנ צו דער טיר. זי האָט דערהערט טריט, שווערע טריט אפ די טרעפּ אינ דער סוטערינע ***) אַרײַנ; קאָנענ ****) קלאָפּנ, דאָ אינ דער רעכטער, דאָ אינ דער לינ-קער זײַט וואַנט. א שטראַל פונ האָפענונג באלײַכט איר אײַנגעשרומפּנ פּאָנעם. זי קלאַפּט א פּאָר מאָל א פוס אינ א פוס. הייבט זיך שווער אופ און גייט צו צו דער טיר. זי עפנט, עס קומט אַרײַנ א בלאסער, אײַנגעבויגענער ייִד מיט ליי-דיקע קאַנענ.

— נו? פרעגט סאָרע שטיל.

ער שטעלט אוועק די קאַנענ, לייגט אָפּ די יאָך, זיפצט און ענטפערט נאָך שטילער:

— גאָרנישט! גאָרניט! מע האָט אינ ערגעץ ניט באצאָלט... מאָרגנ, זאָגט מענ... יעדער זאָגט אלץ—מאָרגנ... איבערמאָרגנ...

— די קינדער האָבנ קימאט אינ מויל ניט געהאַט,—מאַכט סאָרע—כאָטש גוט—זיי שלאָפנ... בידנע קינדער מײַנע! זי קאָנ זיך ניט אײַנהאַלטנ און הייבט אָנ שטיל צו וויינענ.

*) קאַנעצל.
**) צוויאָק.
***) א קעלער.
****) עמער.

— וואָס וויינסטו, נאַר? פרעגט דער מאַן.

— אַך, מענדל, מענדל... די קינדער זײַנען אַזוי הונגעריק!... מיט געוואַלד וויל זי אײַנהאַלטן די טרערן.

— און וואָס ווערט זײַן אונדזער סאָף? — קלאָגט זי זיך, — מיט יעדן טאָג ווערט ערגער!

— ערגער? ניין, סאָרע! זינדיק ניט מיט די רייד! פֿאַראַיאָרן איז ערגער געווען, ערגער! אויך אָן ברויט און דערצו נאָך אָן אַ דירה! די קינדער האָבן זיך באַטאָג געוואַלגערט אין גאַס, באַנאַכט אין די הייפֿן... הײַנט כאָטש אויף אַ שטרויזאַק, כאָטש אונטער אַ דאַך!

סאָרע האָט זיך שטאַרקער צעוויינט.

זי האָט זיך דערמאָנט, אַז דעמאָלט איז טאַקע אײַנמיטן גאַס אַ קינד אוועקגעקומען. עס האָט זיך פֿאַרקילט, הייזעריק געוואָרן און געשטאָרבן.

— געשטאָרבן ווי אין וואַלד... (זיי צו לענגערע יאָר) ניט געווען מיט וואָס צו ראַטעווען... אַזוי, אויסגעגאַנגען ווי אַ ליכט!

און ער טרייסט זי.

— וויין ניט סאָרע, וויין ניט... זינדיק ניט פֿאַר גאָט!

— אַך! ווען וועט ער שוין אויף אונדז רחמנות האָבן!

— האָב אויף דיר אַליין רחמנות, לאָז דיר ניט צו אַזוי צום האַרצן! זע, ווי דו זעסט אויס! הײַנט צען יאָר איז געווען אונדזער כּפּרה... קוק אָן דײַן פּנים... ווײ און ווינד! דו ביסט דאָך געווען די שענסטע אין שטאָט!

— און דו? דו האָסט דאָך געהייסן, געדענקסט, מענדל גיבער... הײַנט ביסטו געבויגן אײַנגעדרייט, קראַנק... כאָטש דו האַלטסט פֿאַר מיר בעסאָד?!

— אַך, גאָט! גאָט! רײַסט זיך איר אַרויס אַ געשריי.

די קינדער כאַפּן זיך אויף און בעטן: עסן! ברויט!

— כאָלירע, ווער עסט הײַנט? האָט זיך מענדל פּלוצלינג אָנגערופֿן, די קינדער זעצן זיך אויף דערשראָקן.

— הײַנט איז אַ טאָנעס, — זאָגט מענדל מיט אַ פֿינצטער פּנים.

עס האָט געדויערט אַ פּאָר מינוט, איידער די קינדער האָבן פֿאַרשטאַנען, וואָס מע רעדט צו זיי.

— וואָס פֿאַר אַ טאָנעס? וואָס פֿאַר אַ טאָגעס? — פֿרעגן זיי וויינענדיק.

און מענדל דערציילט מיט אַראָפּגעלאָזענע אויגן, אַז הײַנט באַם דאַווענען אין בעסמעדרעש איז אַראָפּגעפֿאַלן די סייפער־טוירע.

— דעריבער — זאָגט ער — האָט מען אויף מאָרגן אויסגערופֿן אַ טאָנעס, אַפֿילו פֿאַר זויגעדיקע קינדער.

די קינדער שווײַגן און ער פֿירט ווײַטער.

„אַזאַ טאָנעס ווי יאָמקיפּער, ווי טישעבאָוו! פֿון הײַנט פֿאַרנאַכט אָן!

די פֿיר קינדער שפּרינגען פֿלינק אַרויס פֿון בעט און הייבן אָן באָרוועס אין די צעריסענע העמדלעך צו טאַנצן איבער דער שטוב און צו רופֿן:

— מיר וועלן פֿאַסטן! פֿאַסטן!

מענדל פֿאַרשטעלט מיט די פּלייצעס דעם קאַגאַנעץ, זיי זאָלן ניט זען, ווי די מוטער גיסט מיט טרערן.

— נו, גענוג! באַרויִקט ער די קינדער — גענוג! אין אַ טאָנעס טאָר מען ניט טאַנצן...

די קינדער זײַנען צוריק אין די בעטן אַרײַן.
פֿאַרגעסן דעם הונגער.
א מיידעלע הייבט אָן זינגען „אָוויני מײַלעכּ״, „אפֿן הויכן באַרג״. א קעלט לױפֿט מענדלענ דורך אַלע גלידער...
— זינגען טאָר מען אויך ניט, — מאַכט ער מיט פֿאַרשטיקטער שטימע.
די קינדער ווערן שטיל און שלאָפֿן אײַן, מיד פֿון טאַנצן און זינגען.

---

# די פֿרומע קאַץ

דרײַ זינג-פֿייגעלע זײַנען געזעסן אין איין שטוב, און אַלע דרײַ, איינס נאָכן אַנדערן — האָט די קאַץ צורעכט געמאַכט...

עס איז קיין אײַנפֿאַכע קאַץ ניט געווען, נאָר אַן עמעס, עמעס פֿרומע נעשאָמע, וואָס האָט ניט אומזיסט געטראָגן די ווײַסע גוט-ייִדישע יופּע און געהאַט אייגעלעך, אין וועלכע דער הימל האָט זיך אָפּגעשפּיגלט...

עס איז א פֿרומע קאַץ געווען! צען מאָל אין טאָג האָט זי זיך געוואַשן... און געזעסן האָט זי שטיל, ערגעץ אין א זײַט, אין א ווינקעלע...

א גאַנצן טאָג האָט זי געכאַפּט וואָס עס איז מילכעדיקס, און ערשט אַז די נאַכט איז צוגעפֿאַלן, האָט זי געגעסן פֿלייש, קאָשער מײַזן-פֿלייש...

און ניט געאײַלט זיך צו דער אכילע, ווי א גראָבע זאַך. ניט געכאַפּט און גע-שלונגען, ווי פֿרעסער טוען, נאָר בעניִמעס, שפּילנדיק... זאָל דאָס מײַזל לעבן נאָך א רעגע... זאָל עס אביסל אַרומטאַנצן, אָפּציטערן, ווידע זאָגן — א פֿרומע קאַץ כאַפּט ניט...

אַז מע האָט אין שטוב אַרײַן דעם ערשטן זינג-פֿויגל געבראַכט, האָט זי אַף אים באַלד ראַכמאָנעס באַקומען, עס האָט זי באַם האַרצן אָנגעכאַפּט.

— אַזאַ שיינס, — זיפֿצט זי — אַזאַ קליינס, אַזאַ מעכײַעדיק פֿייגעלע זאָל קיין אױ-לעמהאַבע *) ניט האָבן!

און אַז עס קען קיין אױלעם-האַבע ניט האָבן — איז זיכער די קאַץ.

ערשטנס, וואַשט זיך עס דײַטשמעריש, מיטן גאַנצן לײַב אין שיסעלע וואַסער...

צווייטנס, אַז מע האָט עס אײַנגעזעצט אין שטײַג, איז עס שוין א כײַע-ראָע **), כאָטש א יונג, זיס און פֿײַן פֿייגעלע... האַלט עס שוין מער פֿון דינאַמיט, ווי פֿון שולכן-אָרעך ***)

הײַנט דאָס זינגען אַליין! דאָס אויסגעלאַסענע זינגען, דאָס צופּײַפֿן און דאָס קוקן גלײַך, אָן א שום דערעכערעץ אין הימל אַרײַן! דאָס רײַסן זיך אַרויס פֿון שטײַג צו דער זינדיקער וועלט, צו דער פֿרײַער לופֿט, צום אָפֿענעם פֿענצטער...

צי איז נאָך אַמאָל א קאַץ אין שטײַג געזעסן? צי האָט נאָך אַמאָל א פֿרומע קאַץ אַזוי געפֿײַפֿט?

— און א שאָד, — וויינט דאָס פֿרומע האַרץ אין דער פֿרומער קאַץ — עס איז דאָך א לעבעדיקע זאַך, א טײַערע נעשאָמע, א פֿונק פֿון דער הייכ!

---

*) יענע וועלט.

**) א בייזע כײַע.

**) א רעליגיעזער בוך וועגן פֿרום-ייִדישער אויפֿירונג.

דער קאַץ קומענ טרערנ אינ די אויגנ:

— אונ דאָס גאַנצע אומגליק איז, וואָס דער זינדיקער גופ איז אַזוי שיינ, די אויילעמ-האַזע *) דעריבער — אַזוי לוסטיק, דער יעיצערהאָרע אַזוי שטאַרק...

ווי קאָנ אַזאַ זיס פייגעלע זיכ אַנטקעגנשטעלנ דעמ שרעקלעכנ גרויסנ יעיצערהאָרע?

אונ וואָס מער עס לעבט, מער זינדיקט דאָס, גרעסער וועט זיינ די שטראָפ..

האַ!

אונ אַ הייליק פייער האָט זיכ אָנגעצונדנ אינ דער קאַץ, אונ זי איז אופגעשפרונגענ אָפנ טיש, ווו די שטייג מיטנ זינג-פייגעלע איז געשטאַנענ, אונ —

עס פליִענ שוינ פעדערנ אינ צימער...

מע האָט די קאַץ געשלאָגנ... די שלעג נעמט זי אָנ פאַר ליב... זי האָט פרומ אָפגעקרעכצט, אָפגעמיאַוטשעט אַ יאָמערלעכנ אַלכעט... **)

מער וועט זי שוינ ניט זינדיקנ...

די קלוגע קאַץ פאַרשטייט, פאַרוואָס מע האָט זי געשלאָגנ... מער וועט זי אָפּ קיינ שלעג ניט פאַרדינענ...

— מע האָט זי געשלאָגנ — פאַרשטייט די קאַץ — דערפאַר, ווייל זי האָט פאַרפעדערט די שטוב, ווייל אָפנ ווייסנ געשטריקטנ טישטעכ זיינענ געבליבנ פלעקנ פונ בלוט...

אַזאַ פּסאַק מוז מענ מעקייעמ זיינ גוט, שטיל אונ פרומ, עס זאָל קיינ פעדער ניט פליִענ, קיינ טראָפּנ בלוט ניט פאַלנ...

אונ — אַז מע האָט דעמ צווייטנ זינג-פויגל געקויפט אונ אינ שטוב געלאָזט, האָט זי אימ שוינ שטיל אונ פיינ דערוואָרגנ אונ מיט די פעדערנ צוזאַמענ איינגעשלונגענ.

מע האָט די קאַץ געשמיסנ...

אַצינד האָט ערשט די קאַץ פאַרשטאַנענ, אַז ניט וועגנ פעדערנ גייט עס, ניט וועגנ פלעקנ פונ בלוט אָפנ טישטעכ...

דער סאָד איז, אַז מע טאָר ניט טויטנ! אַז מע דאַרפ ליב האָבנ, מויכל זיינ. אַז ניט מיט טויט-שטראָפנ פאַרבעסערט מענ די זינדיקע וועלט!

מע דאַרפ מאַכזער לעמייטעוו זיינ ***), מוסער זאָגנ, צומ האַרצנ ריידנ!

אַ קאַנאַריק אַ באַלטשוווע קענ קומענ צו אַזאַ מאַדרייגע, צו וועלכער די פרומסטע קאַץ וועט ניט דערגרייכנ!

אונ די קאַץ דערפילט, ווי עס וואַקסט אינ איר דאָס האַרצ פאַר פרייד! אויס אַלטע שלעכטע אונ האַרטע צייטנ! אויס בלוט פאַרגיסנ!

ראַכמאָנעס, ראַכמאָנעס, אונ נאָכאַמאָל ראַכמאָנעס...

אונ מיט ראַכמאָנעס איז זי צוגעגאַנגענ צומ דריטנ קאַנאַריק.

— שרעק זיכ ניט, — מאַכט זי מיט דער ווייכסטער שטימע, וואָס איז אַמאָל אַרויס פונ אַ קאַצישנ האַלדז, — זינדיק ביסטו, נאָר איכ וועל דיר קיינ שלעכטס ניט טונ, ווייל איכ האָב ראַכמאָנעס אָפ דיר!

---

*) די וועלט — אַ קעגנזאַץ צו יענער וועלט.

**) כאַראָטע אָפ באַגאַנגענע זינד.

***) איבערצייגנ דעמ זינדיקנ, ער זאָל זיכ אומקערנ אָפנ גוטנ וועג.

— איך וועל דיר אפילע די שטײַג ניט עפענען, איך וועל דיך אפילע ניט אָנרירן!

— דו שווײַגסט? זייער גוט! איידער פרעכע לידער צו זינגען, איז גלײַכער שווײַגן!

— דו צאפּלסט? נאָך בעסער! צאפּל, צאפּל, מײַן קינד, נאָר ניט פאר מיר, פאר גאָט צאפּל, פאר זײַן ליבן נאָמען!

— האלעווײַ זאָלסט שוין אזוי בלײַבן — שטיל, ריין און צאפּלדיק.

— איך וועל דיר העלפן צאפּלען! פון מײַן פרומער נעשאָמע וועל איך הויכן אף דיר שטילקײַט, זיסקײַט און יפרומקײַט... מיט מײַן הויך זאָל ארײַן עמונע אין דײַן לײַב, יירעס־שאָמאַיעם *) אין דײַנע ביינדעלעך, טשוווע און כאראָטע אין דײַן הערצעלע!

און די קאץ פילט ערשט, ווי גוט עס איז צו מויכל זײַן, ווי א פרייד עס איז יענעם ארײַנצובלאָזן מיטן הויך פרומקײַט און ערלעכקײַט.

און עס וואקסט דאָס פרומסטע הארץ אין דער פרומסטער ווײַסער קאץ...

נאָר דער קאנאריק קען אין דער קאצן־לופט ניט אָטעמען —

עס האָט אים דערשטיקט.

---

*) פרומקײַט, מוירע פארן הימל.

# דאָוויד פּינסקי

**(1873)**

## איינ̇יקע ביאָגראפ̇ישע יעדיעס.



דאָוויד פּינסקי איז געבוירנ̇ געוואָרנ̇ אינ̇ 1873 יאָר אינ̇ מאָלעוו (ווייסרוסלאנד). קינדווייז געלערנט אינ̇ כיידער. צו 11 יאָר אריבערגעפּאָרנ̇ מיט די עלטערנ̇ קיינ̇ מאָסקווע אונ̇ דאָרטנ̇ געלערנט אלגעמיינע לימודים. אינ̇ 1892 יאָר איז ער אריבערגעפּאָרנ̇ אינײנעם מיט די עלטערנ̇ קיינ̇ ווארשע אונ̇ דאָרט געגעבנ̇ פּריוואטע לעקציעס.

אינ̇ די נײַנציקער יאָרנ̇ איז פּינסקי א הי̇פּשע צײַט באַווירקט פונ̇ דער ארבעטער-באוועגונג. אינעם דאָזיקנ̇ פּעריאָד דרוקט ער אָפּ זײַנע דערציילונגענ̇ פונעם ארבעטער-לעבנ̇: „ערעוו יאָמקיפּער", „כאים דער מעשאָרעס" א.אנד.

אינ̇ זײַנ̇ דערציילונג „כאים דער מעשאָרעס" שילדערט פּינסקי א טיפּ פונ̇ א דערשלאָגענעם קלייט-אָנגעשטעלטנ̇. די 15 יאָר דינענ̇ באם באלעבאָס, דעם עקספּלואטאטער האָבנ̇ דעמדאָזיקנ̇ מענטשנ̇ אזוי שטארק דערנידעריקט, אז ער האָט שוינ̇ פארלוירנ̇ אינגאנצנ̇ די מענטשלעכע ווערדע, ער האָט פּײַנט דעם באלעבאָס, אָבער שטעלנ̇ זיך אנקעגנ̇ אים קאָנ̇ ער באַ זיך ניט פּועלנ̇, ער איז צו שוואך אונ̇ דערשלאָגנ̇ דערצו. ווי א קעגנזאץ צו כאימענ̇ ווערט אינ̇ דער דערציילונג ארויסגעפירט זײַנ̇ קליינ̇ טעכטערל ריווקע.

אינ̇ דער דערציילונג „ערעוו יאָמקיפּער" מאָלט פּינסקי א בילד פונ̇ ארבעטער-לעבנ̇. ער שילדערט דאָרט די באציונג צווישנ̇ ארבעטער אפּ א קליינער טוכפאבריק מיט זייער באלעבאָס. ער דעמאסקירט פאר אונדז די עקספּלואטאטערישע געננ̇ פונעם דאָזיקנ̇ באלעבאָס, וואָס האלט זיך אופּ מיט זײַנע ארבעטער קלוימערשט ווי אנ̇ אייגענער מענטש.

אינ̇ אָנהייב פונ̇ XX-טנ̇ י.ה. גייט פּינסקי אוועק אינ̇ זײַנ̇ שאפנ̇ פונ̇ פּראָלעטארישע אונ̇ רעוואָליוציאָנערע מאָטיוונ̇. ער ווערט נאציאָנאליסטיש אונ̇ רעאקציאָנער, איצט געפינט זיך פּינסקי אינעם לאגער פונ̇ די סאָציאל- פאשיסטישע נאציאָנאליסטישע שרײַבער.

# כאַימ מעשאָרעס

(1894)

דער פראָסט קנאקט, ברענט. א שטארקער ווינט בלאָזט אונ הייבט אופ פונ דער ערד א שנייענעמ שטויב, טראָגט אונ דרייט אימ אינדערלופט אונ שמייַסט די דורכגייער אינ פאָנעמ אריַינ. עס פארכאפּט בא זיי דעמ אָטעמ; דער שניי-שטויב שנייַדט שרעקלעכ אינ געזיכט.

אינדערלופטנ טראָגנ זיכ ארומ טויזנטער קלאָלעס דעמ ווינט אונ דעמ וועטער, אונ דער ווינט ענטפערט אפ זיי מיט נאָכ א העכערנ פייַפנ אונ וויענ, מיט נאָכ א גרע־סערנ שטויב.

די גאסנ ווערנ ליידיק; אלע איַילנ צו באהאלטנ זיכ פאר דעמ שרעקלעכנ וועטער.

„דער ווינט וועט גלאט ניט אראָפּ", זאָגנ אָרעמ אונ רייַכ: די רייַכע—מיט א מינע פונ געלערנטע לועכ-מאכערס, אונ די אייַנוווינער פונ פינצטערע, קאלטע אונ נאסע דירעס—מיט שרעק. דער אָרעמאנ ווארפט אנ אומרויִקנ בליק אפ די ציטערנדיקע שויבנ אונ ראמענ אונ דערנאָכ אפ דעמ קופּקעלע קליינע נעפאשעס, וואָס האָבנ זיכ צונויפגעדריקט אינ א ווינקל אונ פארקרימענ די פּענעמלעכ פאר קעלט אונ אנגסט בא יעדנ פייַפ פונ ווינט.

אייַנגעוויקלט אינ א צעריסענעמ טוכ מיט דער מאמעס גרויסע שיכ אפ די פיס, איז געלאָפנ א מיידעלע פונ א יאָר צענ-עלפ איבער דער גאס. דער ווינט פלעג זי אלע וויַילע אָפּשטעלנ. דאָ האָט ער זיכ אריַינגעכאפּט אונטער דעמ טוכ, אָנגע־בלאָזנ עס ווי א זעגל אונ געריסנ בא איר פונ קאָפּ; דאָ האָט ער איר פארשיט די אויגנ מיט שנייַדיקנ טרוקענעמ שניי, דאָ האָט ער זיכ אריַינגעיאָגט צו איר אינ מויל אריַינ, אונ עס פארפעלט איר אָטעמ. זי האָט געמוזט אלע וויַילע אָפּשטעלנ זיכ, מאכנ צורעכט דאָס טוכ, אויסרייַבנ די אויגנ, אָדער איבערקערנ זיכ אונ כאפּנ דעמ אָטעמ מיט א קרעכצ, אינ וועלכנ עס האָט זיכ געהערט: „גוואלד, וואָס וויל ער פונ מיר?!.."

דאָכ הערט זי ניט שטארק די קעלט. איר קעפּל איז זייער פארנומענ מיט איר שליכעס: זי לויפט רופנ איר טאטנ אהיימ, ווייַל דער מאמענ איז עפּעס ניט גוט.

קימאט א דערפראָרענע איז זי אריַינגעלאָפנ אינ גרינפעלדס איַיזנ-קראָמ, ווו איר טאטע כאַימ איז געווענ א מעשאָרעס.

— זע, אינ אזא ווערטער!—האָט כאַימ דערשראָקנ אויסגעשריִענ.

איר האָט אָנגעכאפּט באמ הארצנ: זי האָט זיכ צעוויינט.

— קומ אהיימ, דער מאמענ איז ניט גוט!

כאַימ איז בלייכ געוואָרנ.

איכ גיי שוינ, איכ גיי!—האָט ער געזאָגט.—לויפ אהיימ, ריווקעלע!

— זאָלסט שוין קומען, הערסט! — האָט אים ריווקעלע אָנגעזאָגט און איז ניט ווילנדיק אוועקגעגאַנגען.

איך קום שוין, איך קום שוין, — האָט ער געשטאַמלט, באַגלייטנדיק זי ביז דער טיר.

ער האָט זי ניט פאַרהאַלטן, זי זאָל זיך אָנוואַרעמען, ווײַל ער ווייסט, אַז מע דאַרף זי נייטיק אינדערהיים. ער ווייס, וואָס דאָרטן טוט זיך. נאָך אינדערפרי האָט דאָס ווײַב אָנגעזאָגט, אַז הײַנט פילט זי זיך זייער שלעכט, און ער זאָל זען קומען וואָס פריִער אהיים, וואָרים מאַלע וואָס מע דאַרף. די באָבע לייע, וואָס איז די לעצטע טעג קימאַט פון זײַן שטוב ניט אַרויס, האָט אים אויך דאָסזעלבע אָנגעזאָגט. דעם גאַנצן טאָג איז ער געשטאַנען, ווי אַף הייסע קוילן; אינאָוונט איז ער נאָך אומרויִקער געוואָרן. ווי אַפּצעלאָכעס איז דער אונטער-מעשאָרעס אוועקגעגאַנגען און זאַמט זיך שוין עטלעכע שאָ, און דער באַלעבאָס איז שטאַרק פאַרנומען מיט דעם באַלאַנס, ווי פאַר א באַנקראָט. ער האָט זיך פאַרמאַכט פון אינדערפרי אין צווייטן צימער, אין קאָנטאָרקע, און מע קאָן מיט אים א וואָרט ניט ריידן.

איצט איז ער דאָך צוגעגאַנגען צו דער קאָנטאָרקע, האָט צוגעלייגט אַן אויער צו דער טיר, נאָר ער האָט גאָרניט געהערט. ער איז געבליבן א ווײַלע שטיין, ניט דערוועגנדיק זיך אופצועפענען די טיר; זײַן פּאָנעם האָט זיך פאַרקרימט פאַר צאַר. ענדלעך האָט ער זיך אײַנגעשטעלט און אופגעעפנט א קליינע שפּאַרע. דער באַלע-באָס, א הויכער, דיקער פינף און פופציקער, איז געזעסן אָנגעשפּאַרט אָן ווענטל פון שטול און געראויכערט א ציגאַר.

כאַיִם האָט אַרײַנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אין טיר און געמאַכט א ראַכמאָנעס-פּאָנעם.

— באַלעבאָס... הער גרינפעלד... שטאַמלט ער מיט געבעט. — מײַן טאָכטער...

הער גרינפעלד האָט פאַרשטאַנען אין כאַיִמס טאָן, אַז עס גייט ניט וועגן געשעפט, און איז געבליבן זיצן אין דער אייגענער פּאָזע, ניט א קער טוענדיק אפילע דעם קאָפּ אין כאַיִמס זײַט. נאָר א טראַכט געטאָן: „וואָס וויל שוין די פּלאָגע?" *) א „צופּ" געטאָן דעם ציגאַר און אין בייגל אַרויסגעלאָזן דעם רויך.

כאַיִם האָט ווײַטער אָנגעהויבן צו שטאַמלען זײַן באַקאָשע, נאָר נאָך מיט א ציטערנדיקן קאָל.

— הער... הער גרינפעלד... מײַן טאָכטער... מײַן ווײַב...

גרינפעלד האָט זיך צוגערוקט צום טיש, אַרײַנגערוקט דעם קאָפּ אין דעם גרויסן בוכהאַלטערישן בוך, וואָס איז פאַר אים געלעגן, און אָנגעקנײטשט דעם שטערן מיט א פאַרטראָגענער מינע.

כאַיִם האָט נאָכאַמאָל א מאַך געטאָן מיט די ליפּן און אָנגעהויבן צוצומאַכן די טיר, און גלײַך ווידער פאַנאַנדערגעעפנט, א קוק געטאָן מיט געבעט אַפן באַלעבאָס, געוואָלט זאָגן עפּעס און... איז אוועקגעגאַנגען פון טיר, לאָזנדיק זי האַלב אָפן. די לינקע באַק האָט אים עפּעס געפּלאַמט, גלײַך עמעץ וואָלט אים געפּאַטשט; אין די אויערן האָט אים געקלונגען אַלערליי זידלערײַ, כאָטש קיינער האָט אים איצט א וואָרט ניט געזאָגט...

ער האָט פאַרבראָכן די הענט, אַז די פינגער האָבן געקנאַקט, די האָר האָבן זיך אים אופגעהויבן, און מיט גרויס שרעק האָט ער געקוקט אַף דער גאַס-טיר, אַז אָט-אָט וועט זיך ווײַטער באַווײַזן די האַלב-נאַקעטע ריווקעלע. ער איז עטלעכע מאָל צוגעגאַנגען צו דער טיר פון קאָנטאָרקע, ביז דער באַלעבאָס האָט זיך אופגעהויבן פון אָרט און

*) דער נישט — א כויזעק-וואָרט.

צוגעמאכט די טיר; כאָים האָט זיך גאָר פארלאָרן. דאָס פּאָנעם האָט זיך אים פון הארצווייטעק, פון יעסורים נאָך מער פארקרימט און איז געל געוואָרן.

א לאַנגע, שרעקלעכע שאָ איז פארבײַ. די גאַס-טיר האָט זיך געעפנט, און ריוו-קעלע איז אַרײַן. ער איז אָפּגעשטאָרבן, דערזעענדיק זי. עס האָט זיך אים עפּעס ווי אָפּגעריסן אינ הארצן.

— איך גיי שוין... איך גיי שוין... — האָט ער אויסגערעדט מיט שרעק, ניט וואַרטנדיק ביז זי וועט אים עפּעס זאָגן.

— איך גיי שוין! — האָט זי אים איבערגעקרימט דורך טרערן — „איך גיי שוין" — און קומט נישט! די מאַמע שרײַט מיט באַנומענע קולעס, און מיך טרײַבט מען אַרום!.. איך האָב שוין אָפּגעפראָרן די פיס, האָב איך אָפּגעפראָרן!.. קום אהיים, קום! — האָט זי נאָר שטאַרקער אויסגעשריִען. — וואָס קאָנסטו זיך ניט אָפּרײַסן,, וואָס?!.. קום אהיים, קום!

דאָס הארץ איז אים פארגאָסן געוואָרן מיט בלוט:

— איך גיי גלײַך, איך גיי.:. — האָט ער געשטאַמלט און א לאָז געטאָן זיך צו דער קאָנטאָרקע; ער האָט אופגעעפנט שוין פעסטער די טיר און גאַנץ הויך אַרויס-גערעדט:

— באַלעבאָס, מײַן ווײַב גייט צו קינד... איך מוז...

דער באַלעבאָס האָט געבלעטערט דאָס גרויסע בוך. ער האָט א ווײַלע געשוויגן און דערנאָך שטיל און קאַלטבלוטיק געענטפערט:

— זי וועט גאַנץ זײַן.

ער האָט אָנגעקנייטשט דעם שטערן, אָפּגעשטעלט זיך אף א כעזשבן און דערבײַ געטראַכט: אזא מין שלאַק!.. א גרויסע זאַך — דאָס ווײַב גייט צו קינד! ווי דאָס איז אביסל טײַער בא זיך!.. ער זעט, דאַכט זיך...

— מײַן טאָכטער איז שוין דאָ דאָס צווייטע מאָל, — האָט אים כאָים שוין מיט א נידעריקן טאָן איבערגעריסן די מאַכשאָוועס.

— הער, דול מיר ניט דעם קאָפּ! — האָט גרינפעלד בייז אויסגעשריִען, א קער טוענ-דיק צו אים דעם קאָפּ.

— ער זעט, דאַכט זיך, ווי איך בינ פארנומענ! — האָט ער מיט קאַס געטראַכט, דריי-ענדיק צוריק דעם קאָפּ, און מיט בייזקײַט א פיר געטאָן די אויגן אף דער קעגנוואַנט, ווי איינער וואָלט דאָרט געזעסן און ער וואָלט אים געפרעגט: „וואָס זאָגט איר צו מײַן מעשאָרעסעס קאָפּ?"...

— זעט, באַלעבאָס... — האָט כאָים אָנגעהויבן נאָך נידעריקער, מיט מער בא-קאָשע.

— מאַך צו די טיר, זאָג איך דיר! — האָט יענער אויסגעשריִען, איבערדרייענדיק זיך אפן שטול און אָנשטעלנדיק אף כאָימען די בייזע אויגן. כאָים האָט לאַנגזאַם צו-ריק צוגעמאַכט די טיר.

— נו, וועסט שוין גייִנ אמאָל? — האָט אים געפרעגט ריווקעלע, וואָס איז געשטאַ-נען די גאַנצע צײַט און געקוקט אף אים בייז און קרום.

— איך גיי, איך גיי... האָט ער געשטאַמלט, רויט ווערנדיק פאַר בושע פאַר דער קליינער טאָכטער.

— זעסט דאָך! — האָט ער צוגעגעבן, ווײַזנדיק מיטן קאָפּ און מיט דער האַנט אף דער פארמאַכטער קאָנטאָרקע.

— וואָס זאָל איך זען, וואָס? — האָט די קליינע בייז געשריִען — קום אהיים, קום!
— איך גיי שוין... איך גיי שוין...— האָט ער קאַם געזאָגט.
— טאָ קום! — האָט ריווקעלע אויסגעשריִען מיט הארץ.
— שא, שרייַ ניט אזוי! — איז ער שוין בייז געוואָרן, דערמאָנענדיק זיך, אז ער איז א טאטע, און האָט זיך מיט שרעק אומגעקוקט אף דער טיר פון קאָנטאָרקע. — גיי! גיי... שרייַ דאָ ניט!..
— יאָ, איך האָב זייער מוירע פאר דייַן באַלעבאָס! — האָט זיך די קליינע צעשריִען. — קום אהיים! איך וועל אָן דיר ניט גיין...
כאַיִם איז צוגעגאַנגען צו דער קאָנטאָרקע.
— ער דארף נאָך פרעגן בא דעם באַלעבאָס! — קרימט זיך ריווקעלע. — מע נעמט און מע גייט!..
ער האָט געמאכט מיטן פינגער, זי זאָל שווייַגן.
— פש, טייַערע זאכן?.. — האָט זי זיך ווייַטער געקרימט. — איך האָב טאקע אסאך מוירע פאר אים...
— ששש! — האָט דער טאטע שטרענג א מאך געטאָן אף איר מיט דער האנט.
— יאָ, אוואדע! — האָט זי זיך ניט אופגעהערט צו קרימען, — קום אהיים, קום!..
כאַיִם האָט ווייַטער אופגעעפנט די טיר.
— איך וועל גיין אהיים, באַלעבאָס.
דער באַלעבאָס האָט ניט געענטפערט, מאכנדיק א כעזשבן און אונטערזינגענדיק.
— איך מוז, דאָס ווייַב איז...
— מאך צו די טיר! — האָט דער באַלעבאָס שטרענג געענטפערט פון בוך.
— איך מוז גיין אהיים! — האָט כאַיִם שוין אָנגעהויבן מיט א בערויגעוזדיקן טאָן. — דאָס ווייַב איז פארבייַ... איך מוז...
מאך צו די טיר, זאָגט מען דאָך דיר! — האָט גרינפעלד אויסגעשריִען און אָנגעשטעלט אף אים די אויגן.
— איך מוז אהיים, מייַן ווייַב... — איז כאַיִם געשטאנען אף זייַנס.
— א, פאָדליעצ איינער, הונט איינער!.. — האָט זיך גרינפעלד צעשריִען, אופשפרינגענדיק פון אָרט. — ארויס אין אַלדע רוכעס!... דייַן פוס זאָל דאָ מער ניט זייַן!.. זאָלסט מער ניט וואגן צו קומען אין קראָם!.. פאָדליעצ דו!..
כאַיִם איז פאר שרעק אָפּגעשפרונגען. ער האָט זיך אביסל פארלאָרן, נאָר גלייַך האָט ער זיך א לאָז געטאָן צו דער גאַס-טיר און איז ארויסגעלאָפן פון קראָם.
ריווקעלע איז נאָך א ווייַלע איבערגעבליבן און, האַלטנדיק זיך פאר דער טיר, האָט זי אויסגעשריִען גרינפעלדן, וואָס איז געשטאנען אין טיר פון קאָנטאָרקע, מיט אויסגעגלאָצטע אויגן פאר קאַס: „איר זייַט אליין א פאָדליעצ! אליין א הונט! א ב ר א נ ד א ייַ ך א י ן א ל ע א י ע ר ע ב יי נ ע ר!"
זי האָט אף אים געוואָרפן א פייַערדיקן בליק און איז מיט ניצאָכן ארויס פון קראָם.

———

כאַיִם איז שוין געווען ווייַט. ריווקעלע האָט געדארפט לויפן מיט אַלע קויכעס צו דעריאָגן אים, און לויפנדיק, האָט זי ניט אופגעהערט צו שעלטן מיט ביטערע קלאָלעס דעם באַלעבאָס. כאַיִמען האָט עס שטארק האנאָע געטאָן; יעדע קלאָלע האָט אים

אנגענעם געקלונגען, ווי א פײַנע מוזיק. ער האָט געפילט, אז זי טוט א גוטע זאַך, אז זי טוט, וואָס מע דארף טון און וואָס ער האָט געדאַרפט טון, ווען ער זאָל ניט זײַן קיין דערשלאָגענער...

בא דעם לעצטן געדאנק האָט ער זיך אײַנגעבויגן, צונויפגעדרייט, אראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ, מאכנדיק א זויערע מינע.

— א דערשלאָגענער, א דערשלאָגענער...— האָבן קאַם געמאכט זײַנע ליפּן, און ער האָט דערפילט דעם פראָסט מיט דעם ווינט. עס האָט אים אָנגעהויבן צו שווידערן; ער האָט זיך געשעמט פאר זיך אליין:

— א דערשלאָגענער, א דערשלאָגענער... נאָר פּלוצלינג איז ער בייז געוואָרן און האָט אָנגעהויבן איבערצוכאזערן אין הארצן יעדע קלאָלע אירע.

ער איז בא זיך שטארק געוואָרן און האָט זיך געלאָזט לויפן אין איין אָטעם. ער האָט שוין ווײַטער ניט געפילט דעם פראָסט, ניט דעם ווינט, וועלכער האָט גע-פײַפט און געוואָיעט, צונויפגיסנדיק זיך מיט ריווקעלעס קאָל און פאנאנדערטראָגנדיק אירע קלאָלעס אין דער לופט. עס האָט זיך אים געדאכט, אז דאָס פײַפט ניט דער ווינט, נאָר פון אים אליין, פון זײַן הארצן טראָגן זיך די שנײַדנדיקע קוילעס. ער האָט אפילע ניט באמערקט, ווען ער איז ארופגעקומענע אפן דריטן שטאָק און צוגע-קומען צו זײַן וווינונג, צו זײַן שאלקע *). ערשט בא דער טיר האָבן אים פאנאנ-דערגעשלאָגן מעשונע-ווילדע קוילעס. ער האָט א ציטער געטאָן — ער האָט דערהערט דעם ווײַבס קלאָלעס.

— זאָל ער ניט דערלעבן קומען אהיים, אוי! — האָט זי ביטערלעך געשריען. — פאָטער זאָל איך פון אים ווערן, אוי, איי! ער קאָן זיך גאָר פון קראָם ניט אָפּרײַסן, אוי, איי!... א בראַנ...

א שרעקלעך וויי-געשריי האָט איבערגעריסן די קלאָלעס און אָנגעפילט דאָס גאנצע הויז.

ווי א שווערער פארברעכער, מיט א געבויגענעם קאָפּ, אראָפּגעלאָזטע אויגן און א הארצקלאפעניש איז ער ארײַן אין זײַן וווינונג. זי איז באשטאנען פון צוויי קליינע כאדאָרים. אין דעם ערשטן, וואָס האָט געדינט אלס קיך און קינדער-צימער צוזאמען, איז קימאָט פינצטער געווען, נאָר א קליינע שײַן איז ארײַנגעפאלן פון דער האלב-אָפענער טיר פון צווייטן צימער. אין איין ווינקל האָט זיך געריסן א קינד פון א יאָר אנדערהאלבן, מיט וועלכן עס האָט זיך געניאַנטשעט אן אומבאַ-קאַנטע שכיינע, אין דעם אנדערן ווינקל האָבן געשלוכצט אין א קופּקעלע פיר קליינע קינדער און האָבן זיך צעלאָזט אף א קאָל, דערזעענדיק דעם פאָטער.

די שכיינע האָט איבערגעגעבן ריווקעלען דאָס קינד און ארופגעוואָרפן זיך מיט זידלערײַ אף כאימען. זי האָט געשוואָרן, אז מע טאָר אים ניט ארײַנלאָזן אין א ייִדיש הויז, אז ער איז ניט ווערט, וואָס די ערד טראָגט אים, אז אזא מאַן האָט זי נאָך ניט געזען, זינט זי איז א שטיקל מענטש.

— איידער אזא מאַן צו האָבן, — האָט זי אויסגעפּירט אירע טײַנעס, — איז בעסער גאָרניט געבוירן צו ווערן, טפו!...

זי האָט אויסגעשפּיגן מיט הארץ און געוואָרפן א גיפטיקן בליק אף כאימען, פאריכטנדיק דאָס טיכל אפן קאָפּ.

*) אן אויבערשטיבל.

ער האָט גאָרניט געענטפערט, פילנדיק זיך העכסט שולדיק. דאַכט האָט ער מיט די אויגן געבעטן הילף בא ריווקעלען — זי זאָל זיין זיין מײליציױשער *), זי זאָל זאָגן, צי ער איז שולדיק, צי ניט. נאָר ריווקעלעס שווארצע, ברענענדיקע אויגן האָבן אַף אים געקוקט מיט סינע און נעקאָמע.

— זייער רעכט אף דיר! — האָט זי זיך בייז צעשיפּעט. — האָסט געדארפט נייטיק פרעגן באַם באַלעבאָס, נייטיק געדארפט!.. דאָ טוט זיך, און ער דארף פרעגן!... איך וואָלט אים אָנגעשפּיגן אין צורע און אוועקגעגאַנגען!...

כאַים האָט א שווערן, שטילן קרעכץ געטאָן, א פּיר טוענדיק מיט די פּלייצעס, ווי אונטער א שווערן אײַזערנעם יאָך, און אראָפּגעלאָזן די אויגן.

אין צווייטן צימער, וואָס איז געווען אי א זאַל, אי א שלאָפצימער, האָבן זיך די קוילעס פארגרעסערט. כאַים האָט זיך שטיל פאנאנדערגעוויינט. אים האָט זיך פארוואָלט א קוק טון אפן ווייב — ער וואָלט זי געטרייסט, מיט א וואָרט געהאָלפן; ער וואָלט אפ איר געקוקט און געהאָלפן ליידן, נאָר ער קאָן זיך נישט דערוועגן דאָס צו טון: דערזעענדיק אים, וועט זי נאָך מער אין קאס ווערן און נאָך גרע־סערע יעסורים האָבן.

עס האָט זיך אים געוויינט איינמאָל פאר אַלעמאָל, איינמאָל פאר אַלע זיינע צאָרעס פון זיין אָרעמע, קנעכטישן לעבן.

— גוואלד, ריבונעשעלוילעם! האָט זיך אים ארויסגעריסן פון דעם פארבלוטיקטן הארצן.

דאָס איז געווען די בעסטע און שטארקסטע טפילע בא דעם קנעכט אין מויל...

קוקנדיק אפן טאטן, האָבן זיך די קינדער נאָך העכער צעוויינט, ריווקעלע איז אויך צוגעשטאנען — מאמינקע! — האָבן אַלע קינדער געקלאָגט מיט הארצרײַסנדיקע קוילעס.

פון צווייטן צימער איז ארויס די באָבע מיט א געשריי, מע זאָל אופהערן צו וויינען. לעבן דער קימפעטאָרן זײַנען געבליבן א פּאָר שכיינעס, וועלכע האָבן גע־וואָרפן אף כאַימען קרומע בליקן און געמאכט מיט די הענט, אז ער זאָל אופהערן צו וויינען און אײַנעמען די קינדער.

עס איז געוואָרן שטילער. כאַים האָט אָנגעהויבן צו בארויקן זיך, און די באָבע האָט זיך אף אים ארופגעוואָרפן מיט מוסער.

— ווי האָט ער דאָס ניט גאָט אין הארצן? — האָט זי בייז געזאָגט. — דאָס דארף דאַך טון עפּעס א גאזלען... וויאזוי קומט מען דאָס ניט אהיים, אין קראָם זאָל אפילע ברענען?! מע דארף דאָס עפּעס צען מאָל שיקן נאָך אײַך?!.. טפו!.. מײַנע סאָנים, וואָס ווינטשן מיר בייז, זאָלן האָבן אזעלכע מענער! האָט איר כאָטש געבראכט עפּעס געלט? — האָט זי ארויסגעלאָזן מיט פאראכטונג.

— געלט? — האָט ער ארויסגערעדט דערשטוינט און דערשראָקן. — וויפל געלט??..

— וואָס איז דאָס פאר א קאשעס! — האָט זיך די באָבע צעשריגן. — פון וואָסער טליע האָט איר זיך דאָס אָפּגעריסן?!.. וויפל געלט?! — האָט זי אים נאָכגעקרימט. — טפו!..

— איך האָב בא זיך דרײַ און פערציק קאָפּיקעס, — האָט ער שוואך ארויסגערעדט, פילנדיק, אז דאָס איז גאָר קיין געלט ניט.

*) פארטיידיקער.

— ווארגט זיך מיט די דרײַ און פערציק קאָפּיקעס!—האָט די אַלטע העכסט אין קאַס אויסגעשריגן.—אַפּ מײַן לעבן האָב איך דאָך עפּעס אַזאַ מענטשן ניט געזען!.. וואָס וועט מען פריִער טון מיט די דרײַ און פערציק קאָפּיקעס?!—האָט זי איראָניש געשריִען, ציִענדיק די לעצטע ווערטער.—דאָ דאַרף מען האָבן אַ בוטל ווײַן, צימ-בריק-טראָפּן!.. זי האָט דאָך שוין קיין קרעפּטן נישט!.. מע וועט עפּשער דאַרפן האָבן אַ וואַנע... מע דאַרף און מע דאַרף... און ער האָט דרײַ און פערציק קאָפּי-קעס!..—האָט זי זיך ווידער פאַרקרימט.—טפו! ניט געדאַכט זאָל ווערן אַזאַ מענטש!..

ער האָט זיך שטאַרק פאַרלאָרן.

— וועל איך אַ לויף טון צוריק אין קראָם,—האָט ער קאַם אויסגערעדט. נאָר אַ קאַלטער שווייס האָט באַדעקט זײַן שטערן, און די האָר האָבן זיך אים אויפגע-שטעלט; ער האָט זיך דערמאָנט אָן דער סצענע צווישן אים און באַלעבאָס. אַ בליק פול מיט ייִעש האָט ער אַ וואָרף געטאָן אַפּ ריווקעלען, וואָס האָט זיך גע-ניאַנטשעט מיט דעם קליינעם קינד און צוגעהערט און צוגעקוקט זיך צו אַלץ, וואָס איז פאָרגעקומען אין שטוב.

— קום מיט מיר, ריווקעניו!—האָט זיך באַ אים אַרויסגעריסן קעגן זײַן ווילן.

די באָבע מיט דער שכיינע זײַנען אויסער זיך געוואָרן און אָנגעפאַלן אַפּ אים.

— ווי שעמט איר זיך דאָס ניט אַן אויפעלע צו שלעפּן אין אַזאַ וועטער! אַליין האָט איר מוירע צו גייִן, וואָס? מע דאַרף דאָך עפּעס האָבן אַ האַרץ פון אַ גאַזלען?!..

— און ווער איז אײַך דאָ מעכייעו צו ניאַנטשען זיך מיט די קינדער!?..—האָט די שכיינע צוגעלייגט.

ער האָט אַ קוק געטאָן אין פענצטער, און זײַן געזיכט האָט זיך פאַרקרימט פאַר האַרצווייטיק. נאָר ער האָט גאָרניט געזאָגט און געקוקט ווײַטער אַפּ ריווקע-לען, וואַרטנדיק, וואָס וועט זי זאָגן.

ריווקעלע האָט געוואָלט צושטיין צו דער באָבען מיט דער שכיינע, דער קאַס האָט שוין אין איר געבערנט, נאָר דעם טאַטנס קוקן מיטן געבעטע האָבן אַפּ איר געווירקט. זי האָט זיך פלוצלינג אַ הייב געטאָן פון אָרט און אויסגעשריִען: איך גיי!—זי האָט אַרײַנגעשפּאַרט דאָס קינד דער שכיינע און אַפּגיך אײַנגעוויקלט זיך אין דער צעריסענער שאַל.

די באָבע מיט דער שכיינע האָבן געקוועטשט מיט די פּלייצעס.

— אַ שטוב מיט משוגאָיִם!—האָבן זיי געמורמלט.

נאָר כאַיִם האָט שוין געשמייכלט. ער איז פרייליכער געוואָרן, האָט מיט זיכער-קײַט, פרייליך פאַרשפּראָכן אַלץ, אַלץ ברענגען און געלאָזן זיך מונטער גייִן. ער האָט זיך געפילט עפּעס שטאַרקער מיט דער קליינער טאָכטער—און אים האָט זיך געגלויבט, אַז מיט איר וועט ער באַ אים געוויס אויסרײַסן עפּעס געלט.

אַפּן וועג איז ער דאָך צוריק אַרײַנגעפאַלן אין ספּייקעס.

און טאָמער וועט ער פּאָרט ניט געבן?—איז ער אָפּהענטיק און אומעטיק געוואָרן.

— ער וועט ניט געבן, ריווקעלע!—האָט ער זיך געווענדט צו איר און אַרײַנ-געקוקט איר אין די אויגן, וועלנדיק וויסן, וואָס טראַכט זי:—וועסט זען, אַז ער וועט ניט געבן! איך קאָן אים שוין זייער גוט!.. ער וועט ווײַטער אָנפאַלן מיט קוילעס און וועט טרײַבן פון קראָם!..

— יאָ, אוואדע!..—האָט זיך ריווקעלע געקרימט.—א קראנקער וועט ער שוין געבן! איך וועל מאכן אז עלכע קוילעס, אזעלכע קוילעס וועל איך מאכן, אז אים וועט ניט ניכע זיין דאָס לעבן... פינצטער און ביטער וועל איך אים מאכן!.. זאָל ער נאָר פּרוּוון ניט געבן!..—האָט זי אויסגעשריִען, קאָם כאפּנדיק דעם אָטעם, און אירע שווארצע אויגן האָבן געפינקלט ווי בא א טיגער.

כאַימען זיינען די ווערטער געווען א באלזאם צום געבראָכענעם הארצן. עס איז אים ווייטער גרינגער געוואָרן אפן הארצן און ער האָט שוין צוגערעדט גלאט אזוי, אום אויסצוקילן זיך דאָס הארץ:

— א ראָשע מערושע *) איז ער, ריווקעלע!.. איך קען אים שוין! אן ארעס־טאנט, ריווקעלע!..

— עס מאכט ניט אויס—האָט ריווקעלע מיט זיכערקייט פעסט געענטפערט,—ער וועט שוין מיר מוזן געבן!.. דאָס שווארצע יאָר וועט אים שוין נעמען!..

כאַימ האָט געקוועלט; ער איז געוואָרן פריילעכער.

— א טייער קינד!—האָט ער געטראכט.—זאָל איר נאָר גאָט מארעך יאָמים **) זיין! א פארגעניגן אזא קינד!

זיינע מיט שניי־פּאַרשאָטענע אויגן האָבן אויסגעדריקט א ווארעמע ליבע צום קינד, וואָס איז געלאָפן לעבן אים צונויפגעקארטשעט, איינגעבויגן פאר קעלט, און האָט זיך געראנגלט מיט דעם ווינט, ניט אויסריידנדיק קיין אומצופרידנוואָרט. ריווקעלע האָט דערפילט דעם טאטנס בליק. זי האָט זיך צוגערוקט מיט ליבע צום פאָטער, אויסגעגלייכט די דארינקע פּלייצעס און אָנגעהויבן נאָך שטארקער צו גיין.

דער פאָטער מיט דער טאָכטער האָבן זיך געפילט שטארק און דרייסט און האָבן זיך אפילע פון דעם וועטער גאָרניט אויסגעמאכט.

ניט ווייט פון קראָם האָבן זיי דערזען, אז דער באלעבאָס מיטן קלענערן מעשאָ־רעס פארשליסן זי שוין. כאַימ האָט פּלוצלינג פארלאָרן זיין מוט און מוירע געקראָגן צו באווייזן זיך פאר דעם באלעבאָס.

— גיי צו, ריווקעניו,—האָט ער ארויסגערעדט רויט ווערנדיק, שעמענדיק זיך פאר זיך אליין, פאר זיינניט מענטשלעכקייט, פאר זיין דערשלאָגנקייט.—גיי צו, ריווקעניו, און בעט בא אים עטוואָס געלט... צוויי־דריי רובל, ריווקעלע...

ריווקעלע האָט א וואָרף געטאָן אף אים א בייזן קוק.

— אוי, אוי, א מענטש!—האָט זיך בא איר ארויסגעריסן מיט פּינע.

כאַימ האָט געשוויגן. דאָס בלוט האָט אים ווייטער אריינגעשלאָגן אין פּאָנעם אריין, און ער... איז אָפּגעטראָטן ווייטער אביסל, אז דער באלעבאָס זאָל אים געוויס ניט באמערקן... און ריווקעלע איז שוין געשטאנען לעבן גרינפעלדן.

— דער טאטע האָט געבעטן עפּעס געלט... א דריירובלדיקע!—האָט זי געזאָגט מיט א בערויגעזדיקן טאָן.

— זאָג דיין טאטן, אז איך האָב אים ניט וואָס צו געבן!—האָט גרינפעלד גע־ענטפערט, נאָכמאכנדיק איר טאָן.

---

*) זייער א שלעכטער.

**) געבן אסאך יאָרן (בוכשטעבלעך: פארלענגערן די טעג).

— די מאמע גייט צו קינד, — האָט ריווקעלע דערהעכערט דאָס קאָל. — מע דארף האָ...

דער ווינט איז איר אַרײַן אין מויל און האָט זי אָפּ אַ ווײַלע פאַרשטיקט. זי איז קאַם געקומען צו זיך. פאַר קאַס האָט זי צונויפגעדריקט די ציין און אַ בייזער „אי״ האָט זיך אַרויסגעריסן בײַ איר.

— מע דאַרף האָבן געלט! — האָט זי זיך צעשריִען.

— וועט דײַן מאמע האָבן... — האָט ער קאַלטבלוטיק געוויצלט. ער האָט אַרײַנגעלייגט די שליסלעך אין קעשענע, אויפגעשטעלט דעם קאָלנער פון זײַן פעלץ און גענומען אַוועקגיין.

— גיט מיר געלט, גיט מיר! — האָט ריווקעלע נאָך העכער אויסגעשריִען, פאַרשטעלנדיק דעם וועג.

כאַיִם האָט דערהערט און איז פאַרציטערט געוואָרן.

— זי רעדט שוין צו האָזעדיק, — האָט ער געטראַכט, און עס האָט אים שוין פאַרדראָסן, וואָס ער האָט זי, די האָזעניצע, געשיקט.

— נו, מאַרש, אַוועק! — האָט דערווײַלע גרינפעלד געקאָמאַנדעוועט. — ניטאָ קיין געלט! גיי!.. אַז דו ווילסט, וועסטו באַקומען פאַר די פריִערדיקע קלאָלעס, פּאַסקודניצע, דו!...

— פּש! איך האָב זיך אַוואַדע פאַר אײַך דערשראָקן! — האָט זי זיך געקרימט קעגן אים. — גיט מיר געלט, גיט מיר!... איך וועל פון אײַך ניט אָפּטרעטן!...

ער האָט גאָרנישט געענטפערט און איז אַוועקגעגאַנגען זײַן וועג.

— אַזאַ קליינע פּאַסקודע! — האָט ער געטראַכט, — זי וועט, דאַכט זיך, בײַ מיר ניט אויספירן...

ריווקעלע איז פון אים ניט אָפּגעשטאַנען. זי איז נאָכגעלאָפן און געטײַנעט אין איין קאָל: „געלט!״ דער ווינט האָט זי עטלעכע מאָל פאַרשטיקט, און ריווקעלע איז אַלץ בייזער און בייזער געוואָרן און האָט זיך לעסאָפּ פאַנאַנדערגעוויינט אויפן קאָל. איר געוויין איז געווען שרעקלעך, האַרצרײַסנדיק — אין אים האָבן זיך געהערט אַ טיפע אומגליק, גרויסע צאָרעס, ייִעש און בייזקײַט. בײַ כאַיִמן, וועלכער איז זיי נאָכגעגאַנגען, האָבן זיך אָנגעשטעלט טרערן; פאַרבײַגייער האָבן זיך אָפּגעשטעלט, קוקנדיק מיט פאַרוווּנדערונג אויף דעם גוטן פעלץ מיט דעם אָפּגעריסענעם קינד, וואָס לויפט אים נאָך.

גרינפעלד האָט זיך דערשראָקן פאַרן געוויין. עס האָט אים אַ שניט געטאָן אין האַרצן און פאַרדראָסן, וואָס ער האָט גאָר אָנגעהויבן מיט דער „קליינער פּאַסקודע״, און ער האָט זיך מיט שרעק אַרומגעקוקט: באַגעגענענדיק זיך מיט אייניקע בליקן פון די פאַרבײַגייער, האָט ער זיך נאָך מער פאַרלאָרן און אַרײַנגעלאָזן די האַנט אין טאַש.

— מע האָט אַפילע ניט געדאַרפט געבן, — האָט ער געטראַכט, שלעפנדיק פון טאַש צוויי פאַפּירלעך. — אַזאַ שטיקל כאַזער זאָל אויספירן!...

ער האָט איר אַרײַנגעשפּאַרט מיט קאַס דאָס געלט.

— נאַ נאַ, פּאַסקודניצע! — האָט ער צוגעשריִען, — און מאַרש אַוועק!

ער האָט זי אָפּגעשטויסן פון זיך און איז אַוועקגעגאַנגען מיט גרויס פאַרדראָס, וואָס דאָס „קליין שטיקל כאַזער״ האָט בײַ אים אויסגעפירט. און דאָך האָט ער זיך אומגעקוקט מיט גײַוועס אויף די פאַרבײַגייער, ווי ער וואָלט וועלן, אַז זיי זאָלן אים מוידע זײַן, אַז ער איז אַ גוטער מענטש...

ריווקעלע, דערפילנדיק אין האנט דאָס געלט, האָט אופגעהערט צו וויינען און נאָר שטיל געשלוכצט. זי האָט זיי קאַם געהאלטן אין אירע פארפרוירענע הענטלעך און מיט די פארלאָפּענע אויגן קאַם באמערקט, אז דאָס זיינען נאָר צוויי פאפירלעך. זי האָט שוין געהאט בעדייע זיך לאָזן לויפן נאָך אים און בעטן נאָך א רובל, נאָר כאַים איז אונטערגעגאנגען.

— האָסט!—האָט ער אויסגעשריִען מיט פרייד, דערזעענדיק בא איר די פאפירלעך.

— אָבער נאָר צוויי רובל!—האָט זי בייז און וויינענדיק אויסגעשריִען.

— נו, מיילע! וואָס קאָן מען מאכן?—האָט ער געזיפצט.—עס וועט מוזן זיין גענוג צוויי רובל...

ער האָט נאָך א זיפץ געטאָן און צוגענומען בא איר דאָס געלט.

— ער האָט פּאָרט געגעבן, הי־י!...—האָט ער געזאָגט מיט א ברייטן שמייכל נאָך א קליינעם שווייגן, אויסגלעטנדיק און צונויפלייגנדיק די צוויי רובל.

— נו, אצינד, ריווקעלע,—האָט ער אָנגעהויבן מיט זייער א פריילעכן ליבלעכן טאָן,—לויף אהיים, ביסט שוין א דערפרוירענע, און איך וועל לויפן נאָך דאָס, וואָס מע דארף.

— גיי, ריווקעניו! גיי, מיין טאָכטערקע!—האָט ער אויסגערעדט נאָך ווייכער, פארריכטנדיק אף איר די שאל.

— ניין, איך וועל שוין גיין מיט דיר,—האָט זי געענטפערט.

כאַימען איז דאָס זייער אנגענעם געווען—ער האָט דאָס געוואָלט; דאָך פילט ער, אז ער טאָר זי ניט ארומשלעפּן מיט זיך.

— גיי, גיי אהיים!—האָט ער געזאָגט מיט ראכמאָנעס.—עס איז דאָך קאלט...

— עס מאכט ניט אויס,—האָט זי אים איבערגעריסן.—איך וועל ניט דערפרוירן ווערן.

זיי זיינען ביידע שווייגנדיק אוועקגעגאנגען אין אפטייק.

— ער האָט פּאָרט געגעבן!—האָט כאַים ארויסגערעדט פארטראכטערהייט, אָפּגייענדיק אביסל. אף זיינע ליפּן איז געלעגן א שמייכל, ווי ער וואָלט באוווּנדערן א זאך, וואָס האָט גאָר קיינמאָל נישט געקאָנט טרעפן.

— יאָ, ער האָט שוין געמעגט נישט געבן!...—האָט ריווקעלע אונטערגעכאפּט, מיינענדיק, אז דער פאָטער רעדט עס מיט איר.—ער וואָלט שוין בא מיר שיין אויסגעזען! איך וואָלט אים...

און ריווקעלע האָט זיך פאנאנדערגעקאָכט, צעהיצט, צעשריִען.

כאַים איז געווען שטארק פארטיפט אין ראַיוינעס *) און האָט זי גאָרניט געהערט. ער האָט אפילע די אפטייק ניט באמערקט, און ריווקעלע האָט אים געדארפט אָפּשטעלן.

— הא, מיין טאָכטער, גוט צו זיין א מעשאָרעס, הא?—האָט ער זיך פּלוצים געווענדט צו איר, ארויסגייענדיק פון אפטייק.—א לעבן, הא? א כיִעס, וואָס, טאָכטערקע?...

ער האָט אָנגעהויבן שנעל צו גיין, ווי ער וואָלט אנטלאָפן פון ענטפער. ער האָט נערווייִש אָנגעטאפּט די רעפּועס אין קעשענע, אין קאָפּ איז דורכגעפלויגן א געדאנק וועגן דעם ווייַב, און ער האָט נאָך שנעלער אָנגעהויבן צו גיין.

— פאר קיין געלט וואָלט איך קיין מעשאָרעס ניט געווען!— האָט ריווקעלע געענטפערט, נאָכלויפנדיק נאָך דעם פאָטער.

*) געדאנקען.

כאימ האָט זיכ אָפּגעשטעלט אונ אויסגעגלייכט מיט ריווקעלען.

— מיינע סאָנים,—האָט ער געזאָגט אונ געלאָזנ זיכ וויטער גייג מיט אנ אראָפּ־געלאָזענעמ קאָפּ,—זאָלנ זיינ מעשאָרסימ! קאטאָרגע איז דאָס... ערגער פאר קאטאָרגע!.. דעמ גרעסטנ סוינע דארפ מענ דאָס ווינטשנ, טאָכטער מיינע... ערגער ווי א פארקויפטער איז א מעשאָרעס... א פּעגירע האָט געמעגט אײנעמענ מיינ באלעבאָס, איידער איכ האָב אימ דערקענט!... פופצנ יאָר,—האָט ער אופגעהויבנ אונ איבערגעדרייט דעמ קאָפּ צו ריווקעלען, וואָס איז אימ נאָכגעלאָפנ מיט אלע קויכעס, אונ דערהערט דעמ קאָל,—פופצנ יאָר, אז איכ בינ שוינ בא אימ ערגער ווי בא פארענ אינ מיצראימ... ערגער, ריווקעלע, אסאכ ערגער!..

ער האָט געציטערט ווי אינ א קאדאָכעס, אינ די אויערנ האָבנ אימ געקלונגענ אלערליי קלאָלעס אונ זידלעריי; אפנ באק האָט ער געשפּירט פינגער, דיקע געזונטע פינגער אונ ער האָט זיכ צונויפגעקאָרטשעט, ווי ער וואָלט וועלנ ראטעווענ זיינ רוקנ פונ פעסטע פויסטנ... נאָר גלייכ האָט ער זיכ ווידער דערמאָנט אָנ ווייב אונ אָנגעהויבנ נאָכ האסטיקער צו גייג...

— פאר קיינ געלט וואָלט איכ, דאכט זיכ, בא אימ ניט געווענ,—האָט ריווקעלע געטיינעט.—איכ וואָלט אימ שוינ לאנג א פולע צורע אָנגעשפּייט...

— זאָג דאָס ניט, טאָכטערקע,—האָט כאימ זי איבערגעריסנ שוואכ אונ אומעטיק,— די נויט ברעכט אייזנ!.. אז מע קאָנ ניט אריבער, מוז מענ ארונטער, קינד מיינס!..

ער האָט שווער א זיפצ געטאָנ

— אוואדע, זע אָקאָרשט. ווי גלויבסטו,—האָט זיכ ריווקעלע צעהיצט, אונ אירע אויגנ האָבנ אויסגעדריקט סינע צומ פארקנעכטעטנ, דערשלאָגענעמ פאָטער,—איכ וועל עפּשער אויכ דינענ?.. אויכ זיינ א מעשאָרעס?... ניט דערלעבנ וועט דאָס קיינער!..

— דיכ זאָל שוינ גאָט אויסהיטנ דערפונ!—האָט כאימ געענטפערט אזוי רירנדיק, אז ריווקעלע האָט אינ הארצנ באלד מיט אימ שאָלעמ געמאכט.

אינדערהיימ, ווענ אלע זיינענ אָנגעפאלנ אפ אימ, וואָס ער האָט זיכ אזוי פארזאמט מיט די רעפועס, איז שוינ ריווקעלע זיינ מייליציושער געווענ אונ האָט זיכ מיט אלעמענ אמבעסטנ אָפּגעטיינעט.

— גייט איר פּרוונ בעטנ געלט בא זיינ באלעבאָס, זאָל אימ אראָפּ די נאָז!—האָט זי געגראמט.

כאימ האָט פונ איר געקוואָלנ, נאכעס געקליבנ.

— זי וועט שוינ, דאכט זיכ, געוויס קיינ מעשאָרעס ניט זיינ—אונ זיינ הארצ איז געוואָרנ לאנג אונ ברייט.

די מאכשאָוועס זיינענ אימ פונ קאָפּ ניט ארויס די גאנצע נאכט. זאָגנדיק טילימ *) פארגלאנצנדיק די אויגנ צומ הימל אונ בעטנדיק הילפ פאר זיינ ווייב, האָט ער פאר איינוועגס געבעטנ, אז גאָט זאָל אימ אויסלייזנ פונ מעשאָרעס אונ זיינע קינדער גאָר ניט ברענגענ דערצו.

כאימ האָט פּראָטעסטירט. ער האָט פּראָטעסטירט קעגנ פופצניעריקע צאָרעס, קלעפּ, שלעק, זידלעריי, קעגנ פופצניעריקע אונטערטעניקייט, אונטערדריקטקייט, דערשלאָגנקייט, קעגנ פופצניעריקעס זיינ „יענעמס א מענטש"...

ביסלעכווייז האָט ער זיכ אָנגעהויבנ צו פילנ שטארקער, פרייער; עס האָט זיכ אימ

*) רעליגיעזע געזאנגענ.

שוין אויסגעדאכט, אז ער האָט אראָפּגעוואָרפן פון זיך די קייטן, אז ער איז פּאָטער געוואָרן פון דעם פריערדיקן לעבן.

עס האָט זיך אים געדאכט, אז זיין טפילע איז דערגאנגען און צוגענומען געוואָרן.

— מאזלטאָוו! — האָבן אים איבערגעריסן די מאכשאָוועס די שכיינעס און דער באָבעס פריילעכע שטימען.

— מאזלטאָוו! — האָט די באָבע איבערגעכאזערט. — א צווילינג, און ביידע ייִנגלעך!... אָבער איז עס צוגעגאנגען!...

נאָר ער האָט זי ניט געהערט. מיט איין שפּרונג איז ער שוין געווען לעבן דער קימפּעטאָרן. פון זיינע אויגן האָבן זיך געגאָסן טייכן טרערן, נאָר דאָס זיינען געווען טרערן פאר סיכמע, פאר גליק, אַף וואָס ער האָט געהאָפּט.

ער האָט אָנגעוווּנטשן זיך — זיך אליין מיט דעם וויַיב — און די נייַגעבאָרענע קינדער אלעס גוטס מיט לאנגע יאָר.

— נאָר קיין מעשאָרסים זאָלן זיי ניט זיין, ריבוינעשעלוילעם! — האָט ער ארויסגערעדט זייער רירנדיק, מיט געבעט.

דאָס וויַיב האָט איצט אלץ פארשטאנען און אופגעהערט בערויגעז צו זיין אַף אים פאר הייַנטיקער נאכט.

— אָמיין, האלעוויי! — האָט זי געענטפערט מיט טרערן. — דער אויבערשטער זאָל שוין אונדז אויך אויסלייזן און צושיקן א בעסערע פּארנאָסע.

כאַימען איז עפּעס גרינגער געוואָרן. זיין אכט־און־צוואנציק־יעריק פּאָנעם, וואָס האָט באקומען קנייטשן פאר דער צייַט, האָט זיך אביסל אויסגעגלעט. דאָס וויַיב האָט זיך אויך אָנגעהויבן צו פילן שטארקער, אין זייערע בליקן האָבן זיך צונויפגעגאָסן מיט ליבע און טרייַהייַט. און ריווקעלעס אויגן האָבן געקוקט אַף טאטע־מאמע מיט גרויס ראכמאָנעס און וואַרעמער ליבע...

אַף מאָרגן אינדערפרי, ווען עס איז געקומען די צייַט צו גיין אין קראָם, איז אים געוואָרן זייער ביטער. ער איז ווידער כוישעכדיק און אייַנגעקנייטשט געוואָרן. ער האָט זיך דאָך אָנגעטאָן און געלאָזן זיך גיין: דאָס וויַיב האָט אויך געהייסן גיין — ער וועט דאָך איצט, ווען זי ליגט און קינפּעט, ניט בלייַבן אָן א שטעלע.

— ווהין גייסטו? — האָט אים אָפּגעשטעלט די קליינע ריווקעלע.

— אין קראָם. וואָס איז? — האָט ער זי געפרעגט, פארשטייענדיק איר פראגע, נאָר וועלנדיק וויסן, וואָס וועט זי זאָגן.

— איך וואָלט אים אסאך אָנגעגאנגען, — האָט די קליינע בייז געזאָגט. — ער וואָלט שוין לאנג ווארטן!... נאָך גיין בעטן זיך בא אים!...

ער האָט גאָרנישט געענטפערט און איז אוועק. ריווקעלע האָט אים נאָכגעשיקט זייער א בייזן קוק, וועלכן ער האָט גוט געפילט, כאָטש ער האָט אים ניט געזען.

מיט אַן אראָפּגעלאָזענעם קאָפּ איז ער אריין אין קראָם. אַף זיינע ליפּן איז געלעגן א נארישער שמייכל; די רעכטע האנט האָט ער געהאלטן הינטערן אויער.

— מיין וויַיב האָט געהאט א צווילינג, צוויי ייִנגלעך, — האָט ער כאניפעדיק געזאָגט דעם באלעבאָס אנשטאָט א „גוט מאָרגן".

— מאזלטאָוו דיר! — האָט דער באלעבאָס איראָניש געענטפערט, קרום און מיט פאראכטונג א קוק טוענדיק אַף אים. — אין דעם ביסטו גראָד געראָטן... שוין גלייַך א צענדליק?

— ניין. ערשט א צווייענדיקע קאדריל!—האָט כאים געוויצלט מיטן נארישנשמייכל.

— פארכ איינער!—האָט דער באַלעבאָס בייז ארויסגערעדט, דערמאָנענדיק זיכ אפ דאָס נעכטיקע.

כאים האָט גאָרניט געענטפערט. מיטן שמייכל פונ א דערשלאָגענעם האָט ער זיכ געשטעלט אפ זײַן אָרט הינטערנ פארקויפ-טיש.

אינעווייניק, אינ זיכ, האָט ער נאָר א שטילן אונ לאנגנ זיפצ געטאָן...

# ערעוו יאָמקיפּער

## א שפּיל צווישנ איינ ציג אונ אסאכ וועלפ.

אינ דרײַ טיילנ.

(1895)

### ערשטער טייל.

### די ציג.

ערעוו יאָמקיפּער, ארום האלבנ טאָג.

ר' עליע דער טוכ-פאבריקאנט גרייט זיכ צו ערלעכ פאנאנדערצאָלנ זיכ מיט זײַנע ארבעטער. לעקאָוועד יאָמקיפּער! דער בוכהאלטער מיטנ קאסיר מאכנ די רע-כענונגענ אונ ציילנ אויס דאָס געלט.

ער וויל זיכ אפילע פרײַנטלעכ צעזעגענענ מיט זיי. אפנ גרויסנ שרײַבטיש שטייט א גרויסע פלאש בראָנפנ, עטלעכע גלעזלעכ, עס ליגט אסאכ אָנגעשניטענער לעקעכ. ער וויל זיי ווינטשנ, זיי זאָלנ ניט דארפנ אָנקומענ צו פרעמדע הענט.

ער גייט ארום הינ אונ צוריק איבער זײַנ קאָנטאָר. ער איז שטארק פארנומענ מיט זײַנע געדאנקענ אונ דאפקע ניט געשעפט-געדאנקענ—ערעוו יאָמקיפּער איז ניט א צײַט פונ געשעפט.

ר' עליע איז א פרומער ייִד. גאָר אָנ א סאָפעק. אינ א לענגלעכנ ראָק מיט לענגלעכע פייעס, וועלכע זײַנענ פארבארשט צוזאמענ מיט די באקנהאָר פונ זײַנ גרויסער, ברייטער באָרד. אונ גלאט—רעב עליע!

ער וויל קומענ א ריינער צום מאָרגנדיקנ מישפעט. ער ווייס אָבער, אז די ארבע-טער האָבנ אים שוינ ניט איינמאָל פארקלאָגט באם „מעלעכ עליענ" *), וויל ער זיכ מיט זיי אָפּטײַנענ. ער ווײַזט זיכ אופ, אז ער איז שטענדיק גערעכט געווענ: די ארבעטער זײַנענ פּאָשעט „קעשענע-גאנאָווימ"! זומער האָבנ זיי פלוצלינג געמאכט „יאדאכעס" אונ אופגעהערט צו ארבעטנ. א גאנצנ כוידעש! א רעציכע!

שטרײַק—שטרײַק! טראכט ר' עליע,—שטרײַק רופנ זיי עס נאָכ אָנ! גנייווע, גזיילע, פונ מויל דעמ ביסנ!... ניט שטרײַק—שמײַק. וואָס פאר א נאָמענ זיי טראכטנ נאָכ אויס!...

ער האָט געוואָלט אראָפּנעמענ א האלב רובל פונ שטיק. ער האָט געוווסט, וואָס ער טוט. ער האָט געמוזט טונ: אימ אונטער דער נאָז וואקסט אויס א קאָנקורענט.

דאָס איז אפילע ניט קיינ שטארקע טײַנע, ער פילט עס. דערצו האָט ער ניט פינקטלעכ געצאָלט, געפרווט א פאָר מאָל אײַנדרייענ, צושטעלנ, פארשרײַבנ גוטע סכוירע פאר שלעכטע אונ גאָרניט באצאָלנ—נאָר ער האָט עס געמוזט, גאָט איז זײַנ איידעס—געשעפט! ווי זאָגט מענ עס—אינ האנדלשאפט, די גאנצע וועלט טוט אזוי, אָבער דער שטרײַק!

*) באמ אויבערשטנ.

„און גלאַט", מיינט ר' עליע, „זיינען די יונגע אַרבעטער ניט ווערט, וואָס די ערד טראָגט זיי. גאָזים, ווארע גאָזים, אַ ייִדישער פּונק איז ניטאָ אין זיי. אַזעספּע-נימער, ניטאָ עלטער, ייִנגער — פון גאַנצן אויסגעטאָן".

איין פענצטער פון קאָנטאָר גייט אַרויס צו דער גאַס, און ר' עליע זעט, ווי אין גאַס לעבן טויער הייבן זיך שוין אָן צו קלייבן די אַרבעטער. זיי מאַכן מיט די קעפּ אין דער זייט פון קאָנטאָר. אָט פאַרגלייזט אַ יונגער אַרבעטער, פון אַ יאָר דריי און צוואַנציק, געצל לעצ, די אויגן און גיט אַ וואָרף מיט די הענט, ווי ר' עליע, ווען ער זידלט אַן אַרבעטער. די יונגע אַרבעטער אַרום געצלען צעלאַכן זיך.

ר' עליע קערט אָפּ די אויגן פון פענצטער בערוגעזדיק.

— וועט שוין זיין אַמאָל אַ סאָף? — ווענדט ער זיך אומגעדולדיק צום בוכהאַלטער מיטן קאַסיר. ער וויל שוין מער אין פענצטער ניט קוקן און ווען די אַרבעטער ניט קלערן. „גאַרנישטנו!" באַשליסט ער אין מויעך און וואַרפט אומגערן זיין בליק אויף דער גאַס: געצל שטייט אין דער פּאָזע, ווי ר' עליע, ווען ער וויל איינשמועסן אַן אַרבעטער, אַז ער האָט באַ אים אָנגענומען מער געלט.

— וואָס ציט זיך עס דאָרטן באַ אייך, ווי פון פעך? — שרייט אויס ר' עליע צו די קאָנטאָריסטן.

„ער וועט שוין באַ מיר ניט אַרבעטן", טראַכט ער וועגן לעצ. — „אויסוואַרפן זיינען דאָס עפּעס, איינגאַמעכאַד *) צווישן זיי".

אים פאַלט איין, אַז די לייטלעך האָבן גאָר קיין ווערט ניט באַ דעם „קאַווע-יאָכל **)", ער האָט גאָר לאַכלוטן ניט וואָס צו מוירע האָבן פאַר זייערע טיינעס.

ער נעמט זיך פאַרן טילים. איצט וועט ער זיך גאָר אינגאַנצן איינקויפן באַם ריבוינעשעלוילעם — —

צווייטער טייל

## די וועלפּ

אַ מאַן זעכציק אַרבעטער שטייען אין הויף און אין גאַס לעבן טויער, אַלע אָנגעטאָן יאָנטעוודיק — אין ריינע העמדער און אין שאַבעסדיקע בגאָדים. נאָר די ייִנגלעך, וועלכע דרייען זיך צווישן זיי אַרום, זיינען אָפּגעריסן און קימאַט אַלע באָרוועס.

מע שטייט רעדלעכווייז. אַלטע מיט אַלטע, יונגע מיט יונגע. מע איז אומגעדולדיק, וואָס מע לאָזט זיי אַזוי לאַנג וואַרטן. די געשפּרעכן קלעפּן זיך עפּעס ניט. די ייִנגלעך הייבן אָן צו שפּילן אין „כאַפּעניש", נאָר באָרעך דער אַלטער, דער עלטסטער צווישן די אַרבעטער, שרייט אויף זיי אָן. „עס איז היינט ניט אַ צייט פון שפּילעניש", מיינט ער. די קינדער רייסן איבער דאָס שפּילן. אין אַ ווייַלע אַרום שלאָגן זיי זיך פאַר אַ קנעפּל.

נאָר אַרום געצל לעצ איז נאָך אַביסל פריילעך. ער זיצט אויף אַ טומבע לעבן טראָטואַר, הייבט שטיינער אויף פון דער ערד און צילט אין די פייגל, וועלכע שפּרינגען אום אינמיטן גאַס, אָדער אין פאַרבייגייענדיקע מיידלעך. ער טוט עס

*) קיינער איינער אַפילע ניטאָ. דער מיין — קיינער איינער קיין רעכטער.

**) גאָט.

לאַנגזאַמ, אָנ כּיישעק. מע דאַרפ דאָכ די צײַט אַראָפּשטופּנ! גלאַט איז ער איצט אינ קאַס אפ ר' עליענ, גיט ער נאָכ מיט עפּעס דאָס האַרצ.

די באָכערימ אַרומ אימ האָבנ פאַרגעניגנ, נאָר די אַלע אַרבעטער, וועלכע שטיי-ענ אָנגעשפּאַרט אינ טויער, קוקנ אפ אימ אָנגערוקט.

— בא אימ זײַנענ אַלע צײַטנ גלײַכ,—מורמלענ די אַלטע.

דער יונגער אוילעמ קוקט געצלענ אינ מויל אַרײַנ: וואָס וועט ער ענטפערנ? ער פילט אפ זיכ די בליקנ, נאָר ער ענטפערט גאָרניט, כאָטש אינ קאָפּ דרייענ זיכ אַרומ אַלערליי ענטפערנ. ער האָט שיר ניט געזאָגט אַז א מיידל געפעלט אימ שטענדיק. אָבער ער האָט עס ניט געזאָגט, ער האָט זיכ געפוילט.

— ווּעסט מאָרגנ קומענ מיט מיר פאַסטנ?—פרעגט ער פלוצלינג בא א פאַרבײַ-גייענדיקער דינסט.

— וואָס זאָגסטו צו זײַנ קאָפּ!—ענטפערט אָפּ דאָס מיידל און גייט פאַריבער.

— מעגסט זיכ טאַקע באַגראָבנ לעבעדיקערהייט, פראָסטער גוי דו!—צעבייזערט זיכ דער אַלטער באָרעכ.—ערעוו יאָמקיפּער, ניט ערעוו יאָמקיפּער—ניטאָ קיינ כּילעק!

— ר' עליעס זכוס וועט מיר בײַשטיינ,—ענטפערט געצל פויל,—ער וועט זײַנ פאַר מיר א גוטער בעטער...

— אינ גיכע צײַטנ נאָר,—כאַפּט אונטער א באָכער,—פאַר מיר און פאַר קאָל ייִסראָעל...

— אָמיינ!—זינגט אויס אַנ אַנדער באָכער.

— שאַרלאַטאַנעס!—ריידנ צווישנ זיכ די אַלטע אַרבעטער.

— ערעוו יאָמקיפּער, ניט ערעוו יאָמקיפּער—גאָרניט!—מורמלט באָרעכ.

ער איז אויכ ניט גאָר שאָלעמ מיט ר' עליענ. עס ליגנ אימ גוט אינ קאָפּ טויזנט-ערליי אומגערעכטיקײַטנ, וועלכע ער האָט פאַרטראָגנ פונ אימ. דאָכ וועט ער ערעוו יאָמקיפּער ניט מאַכנ דערפונ קיינ רייד. מע טאָר ניט! א דאַמסוינע אַפילע איז ער מויכל בימכילע גמורע *), לעכאָלאָפאָכעס אפ די ליפּנ וועט ער קיינ קלאָלע ניט אַרופּ-ברענגענ. די שקאָצימ—זאָל גאָט ניט שטראָפנ פאַר די רייד!—זײַנענ פּאָשעט „אָסער לעראַכעמ" **).

— אָבער וואָס געוואָרט עס דאָרטנ אזוי?—פרעגט מיט אומגעדולד אַנ אַלטער אַרבעטער.

— ער ציילט זײַנע אווייראָס,—ענטפערט דער לעצ געלאַסנ.

און אינ א ווײַלע אַרומ גיט ער צו:

— ער מוז גאָר אָנגרייטנ פאַר אונדז א דראָשע, ווי פאַראַיאָרנ. נו, קינדערלעכ, האָט אײַכ א „שימע טויבע" ***),—הייבט ער אָנ מיט ר' עליעס קאָל,—דער אויבערש-טער זאָל אײַכ צעברעכנ די קעפּ... איכ מיינ די הערצער, און איר זאָלט האָבנ א גרינגנ טאָנעס, קאָלזמאַנ איר וועט לעבנ.

דאָס יונגוואַרג צעלייגט זיכ פאַר געלעכטער, די אַלטע וואַרפנ קרומע בליקנ.

— ערעוו יאָמקיפּער, ניט ערעוו יאָמקיפּער—ביסט א גוי, טאָ שמאַד זיכ אינ אַלדע רוכעס!—זידלט זיכ באָרעכ.

---

*) פולשטענדיק מויכל.

**) מע טאָר (אפ זיי) קיינ ראַכמאָנעס ניט האָבנ.

***) איבערגעקרימט פונ „כּסימע טויווע"—א פרומ ייִדישנ ווונטש, גאָט זאָל אומ יאָמקיפּער כאַסמענענ א גוט יאָר.

— אַ'ן קאָנטאָר! אין קאָנטאָר! — דערהערן זיך קולעס פון הויף.
די אַרבעטער רירן זיך.

— קומט אָנקוקן דעם קאָשערן פּאַרצעף, — זאָגט געצל, אויפשטייענדיק פון טומ-בע. דאָס יונגוואַרג גייט מיט אים מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן.

דריטער טייל

# די שפּיל

ר' עליע זיצט אויף זיין אָרט באַם טיש און קוקט אַריין אין כעזשבנ. דאָס גאַנצע געלט ליגט פאַר אים. היינט וויל ער באַצאָלן מיט דער אייגענער האַנט. עס דאַכט זיך אים, אַז דאָס איז אַ מיצווע... ער וועט נאָך באַגיין זיך מיט די אַרבעטער וואָס ווייכער. ער פילט אַ וואַרעמקייט אין גאַנצן קערפּער — עס דאַכט זיך אים, אַז ער איז אַ צאַדיק. און ער ווערט אַלץ בעסער און בעסער. זיין קוק אויף די אַרבעטער באַקומט אפילע אַ פריינטלעכן אויסדרוק.

די אַלטע מיט די יינגלעך שטייען פּאָרוויס, די יונגע ליַיט פון הינטן. געצל שטייט מיט אַן ערנסטער מינע אויפן געזיכט, נאָר זיינע אויגן קוקן איראָניש אויפן באַלעבאָס. ער ווייס עפּעס ניט, וואָס פאַר אַ שטאָכוואָרט ער זאָל זאָגן.

און דאָס יונגוואַרג קוקט אַריין געצלען אין די אויגן.

— נו, קינדערלעך, — ווענדט זיך ר' עליע פריינטלעך צו די אַרבעטער — מיר וועלן זיך פאַנאַנדערצאָלן און צעזעגענען. איר דאַרפט דאָך מיסטאַמע האָבן דאָס געלט.

— נאָך ווי, — ענטפערט עמעצ.

— אוואַדע, אוואַדע! — זאָגט ר' עליע גאָר ווייך. — מיר וועלן דערפאַר קיין שיִעס ניט מאַכן. נו, בערעך!

פון אווילעם טיילט זיך אויף בערעך דער אַלטער און גייט צו צום טיש.

— יאַאַמויד ר' בערעך! — זאָגט אויס געצל.

די אַרומיקע פאַרדעקן די מיילער און קוקן אויף דער ערד.

בערעך באַקומט זיין געלט, באַהאַלט עס אין קעשענע און וויל אַוועק.

— האָט אייך אַ כסימ... — הייבט ער אָן.

— וואַרט, וואָס אַנטלויפסטו? — האַלט אים אויף ר' עליע, — מיר וועלן אונדז אפריער פאַנאַנדערצאָלן מיט אַלעמען, דערנאָך וועלן מיר אונדז צעזעגענען, ווי געהעריק, מיר וועלן נעמען אַביסל „מאַשקע"... וואָס אַנטלויפסטו!? אויזער! — רופט ער אויס אַ צווייטן אַלטן אַרבעטער. — מיר זיינען דאָך עפּעס יידן, היינט איז ערעוו יאָמקיפּער, — רעדט ער ווי פאַר זיך, אַריינקוקנדיק אין כעזשבנ.

— גרייט אָן דראָשע-געשאַנק, — וויצלט געצל.

ר' עליע וואַרפט אַ בליק אין געצלס זייט. ער קאָן ניט ליידן די גאַנצע כעוורע, וואָס שטייט דאָרטן. נאָר ער שטאַרקט זיך און טרייבט פון זיך די סינע. ער וויל איצט אויף קיינעם קיין סינע ניט טראָגן. און עס דאַכט זיך אים, אַז דער „מע-לעכ עליען" זעט אַלץ, וואָס עס טוט זיך באַ אים אין האַרצן, און ער ווערט אַלץ פריילעכער און בעסער.

— איך האָב געוואָלט בעטן, איר זאָלט מיר געבן עפּעס מער געלט, — זאָגט אוי-זער מיט אַ געבעט.

— מער געלט איז היינט ניטאָ,—האָט ר' עליע ווייך נאָר אומגערן ארויסגע-רעדט. ער כאַפּט זיך אָבער באַלד: מע האָט ניט געדארפט אָפּזאָגן. נאָר אים פּאַלט איין, אז נאָך יאָנטעוו וועט ער אויזערן ניט האַלטן מער, און אויזער וויל, דאַכט זיך, אליין אוועקגיין פון אים. און גלאַט—ער זאָל געבן אויזערן, דארף ער שוין אַלעמען געבן, וואָרום אַלע וועלן בעטן, זיי דארפן מען דאָך נאָר באַווייזן א דערעך.

— שמערל!—רופט ער אויס א דריטן אַלטן ארבעטער.

— איר וואָלט מיר געטאָן א גרויסע טויווע. איך דארף אזוי נייטיק!—רעדט אוי-זער זיינס.

און ר' עליע וויצלט גוטהארציק:

— איך דארף אויך, שמערל דארף אויך. זאָג, שמערל, דו דארפסט אויך?

— אָ, נאָך ווי דארף איך!—ענטפערט יענער.—איך האָב טאַקע אייך געוואָלט בעטן...

— זעסט, האַ?—ווענדט זיך ר' עליע צו אויזערן.—סימכע!—רופט ער אויס א פערטן. ער וויל שוין פארגעסן דעם גאַנצן פּאָרפּאַל מיט אויזערס באַקאָשע.

— אָבער איך מוז!—שטייט צו אויזער.—איך האָב מיך אָפּגעבעטן בא ביינישׂ דעם וואָכערניק ביז היינט...

— ביסט א קינד און גאָר,—זאָגט ר' עליע ווייך, כאָטש עס פארדריסט אים שוין אויזערס אקשאָנעס.—עפראָיִם!—רופט ער אויס.—ביסט א קינד,—זאָגט ער ווי-טער צו אויזערן אזוי זיס, אזוי הארציק.—איך זאָל דיר געבן, דארף איך געבן באָרעכן, שמערלען, עפראָיִמען—דארף איך אַלעמען געבן. אַלע דארפן. איך ווייס דען ניט, אז אַלע דארפן? בא דיר, עפראָיִם, איז, דאַכט זיך, א טאָכטער קראַנק? וואָס מאַכט זי?—פרעגט ער דעם ארבעטער מיט ראַכמאָנעס.

— וואָס זאָל זי מאַכן? ליגט! איך וואָלט געהאַט געלט...—ענטפערט עפראָיִם אָן כיישעק און פארצווייפלט.

אויזערס געזיכט איז פארקרימט פון הארצווייטעק. ער קוקט זיך איבער מיט די כאַווײרים. די כאַווײרים שטייען אַלע אָנגערוקט. אפילע באָרעך איז איצט איין קאַס.

— געפונען דעם געבער,—שעפּטשעט באָרעך.

— גלייך ער וואָלט אים ניט געקאָנט,—מורמלט סימכע.

— ע, כע-כע!—זיפצט אָפּ עפראָיִם.

— ערעוו יאָמקיפּער, ניט ערעוו יאָמקיפּער,—ברומט אונטער געצל איין באָרעכס טאָן.

אויזער זיפצט אָפּ און רוקט זיך ארויס פון קאָנטאָר.

— ערעוו יאָמקיפּער, ר' אויזער!—שיקט אים נאָך א יונגער ארבעטער.

— ע-ע-עכ!—מאַכט אויזער מיט דער האַנט און גייט אוועק.

ר' עליע פילט, אז די ארבעטער פארמאַסערן אים ווייטער פאַר דעם „מעלעכ עליענ״. „דאָס איז א כעוורע״, טראַכט ער, אויסרופנדיק איינ ארבעטער נאָכן אַנ-דערן. „זיי האָבן דען ליב אריינגיין אין דעם באַלעבאָס לאַגע? גיב און גאָר!—מער ווייסן זיי ניט״.

עס פארדריסט אים אפילע, וואָס ער האָט זיך אָנגעהויבן מיט אויזערן. נאָר, אז עס האָט זיך שוין אזוי געמאַכט— — —ע!

— געצל!—רופט ער אויס ווייך. ער וויל זיך אפילע מיט זיין גרעסטן סוינע זייער פריינטלעך באַגיין.

— איך בין דאָ!—שרײַט אויס דער לעצ און לאָזט זיך גיין צום טיש.

— מאָרגן איז יאָמקיפּער, געצל!—מוסערט ר׳ עליע.—געצל,—מאָרגן יאָמקיפּער!..

— אָ, איך ווייס!—קרעכצט אָפּ געצל.

— ביסט א שייגעץ, געצל, א גרויסער שייגעץ,—מוסערט ווײַטער ר׳ עליע, אָפּ-געבנדיק אים דאָס געלט.

— א שלעכטע וועלט, ר׳ עליע, ניטאָ זיך, פון וועמען גוטס אָפּלערנען, ר׳ עליע—שטעכט זיך דער לעצ.

— ביסט א שייגעץ, א גרויסער שייגעץ,—זאָגט ר׳ עליע מיט א האלבן מויל און רופט אויס אן אנדער יונגן ארבעטער.

געצל איז ניט צופרידן. ער האָט צו ווייניק און שלעכט אָפּגעענטפערט. געדארפט אים עפּעס ארײַנלאָזן א שפּילקע, עס זאָל אים פארכאפּן בא דער נעשאָמע. די כאַ-וויירים זײַנען אויך ניט צופרידן. און זיי האָבן אזוי געוואַרט אף דעם ספּעקטאַקל.

א שווײַגנדיקער פארלאָזט געצל די קאָנטאָר, שווײַגנדיקע גייען אוועק די יונגע-לײַט, אָפּנעמענדיק זייער געלט.

ר׳ עליען שטעכט, וואָס זיי גייען אוועק, נאָר ער שטעלט זיי ניט אָפּ. ער ווייס, אז אומזיסט וועט זײַן די טירחע. דער ערעוו יאָמקיפּער מאכט אויך ניט ווייכער זייערע הערצער. רעשאָיִם! און ער ווערט אלץ ווייכער און ווייכער צו די איבעריקע. די קינדער גיט ער אפילע צושטײַער אף מאכזויירים*)—ער באקוקט מיט ניצאָכן אלע ארבעטער. און באָרעכן דאכט זיך, אז ר׳ עליע האָט פּאָרט א יידיש הארצ.

דאָס פאנאנדערצאָלן זיך איז געענדיקט. ר׳ עליע שטייט אוף פון דעם שטול מיט זייער א פרײַנטלעכער מינע.

— נו, ברידערלעך,—זאָגט ער לעבעדיק,—איצט וועלן מיר אונדז צעזעגענען, ווי עס דארף צו זײַן, מאכן לעכאיִם, פארבײַסן.—ער הייבט אָן אָנגיסן די גלעזלעך. באָרעך, שמערל, עפראָיִם און סימכע זײַנען פון די ערשטע.

— לעכאיִם, ר׳ עליע, ווינטשן זיי.—דער אייבערשטער זאָל אײַך געבן א כטימע טויווע...

— אָמיין, גאמאטעם **)—ענטפערט ר׳ עליע פרום און פרײַנטלעך.—נאט לעקעך, גייט געזונטערהייט אהיים, האָט א גרינגן טאָנעס, און בעט עפּעס אויס, ברידערלעך, א גוט יאָר, גוטע געשעפטן.—גיי בעורקע, נעם אביסל בראָנפן—דאָס נײַע יאָר זאָל זײַן בעסער, ווי דאָס אלטע—וואָס טרינקסטו ניט אינגאנצן, שלימעזאלניק דו! נא, א שטיקל לעקעך.—מע מאָר ניט זינדיקן, א מענטש דארף דאנקען גאָט פאר יעדן טאָג, וואָס ער לעבט איבער...

— באָרעך אדוינוי יוימ יוימ,—זאָגט אונטער באָרעך מיט א זיפצ.

— אוואדע אזוי,—רעדט ווײַטער ר׳ עליע, נאָר דאָך מעג דאָס נײַע יאָר זײַן אביסל בעסער—גייט, קינדער, נעמט צו ביסלעך בראָנפן—נו, און איך בין אײַך אלץ מויכל, אלצ. איר זײַט זיך אפילע ניט אָרנטלעך באגאנגען מיט מיר, נאָר גאָרניט—נא, לייבקע, וואָס שטייסטו פונווײַטן?—נאָר גאָרניט...

— איר אף אונדז דארפט אוואדע ניט בערויגעז זײַן,—האלט זיך עפראָיִם ניט אײַן.

---

*) מאכזער—א זאמלונג פון יאָנטעווריקע טפילעס.

**) אן ענטפער אף יענעמס א גוטן ווונטש: האלעווײַ, אײַך אויך דאָס אייגענע.

— ניין, איר האָט זיך זייער ניט פיין באַגאַנגען,— שטייט ר׳ עליע אַפ זיינס.— דער שטרייק— ניטאָ וואָס צו ריידן... ע— וואָס אַרט אייך! דאָס הייסט מיט גוואַלד אַרויסגעריסן בא מיר! נאָר גאָרניט. מויכל, אַלץ מויכל. עס גייט א יאָמקיפּער, לאָמיר בלייבן גוטע פריינט.

נאָר די אַלע אַרבעטער פילן זיך באַליידיקט.

ער איז נאָך געקומען! ער איז נאָך מויכל!

בערויגעוזדיקע הייבן זיי אָן פאַרלאָזן די קאָנטאָר.

— גייט געזונטערהייט,— הערט זיי נאָך ר׳ עליע און פילט, אַז דער אָפּגרונט צווישן אים און זיי איז נאָך גרעסער געוואָרן.— איך זאָג אייך, איר מעגט בעטן פאַר מיר, זאָל מיר נאָר גאָט אַזוי העלפן, ווי איך וואָלט אייך וועלן גוט צאָלן. איר מעגט בעטן פאַר מיר— און איר, כעוורע,— ווענדט ער זיך צו די קליינע,— זאָלט קויפן מאַכזיירים, הערט איר!.

— פאַרכעס, אַלע פאַרכעס,— באַשליסט ער בלייבנדיק אַליין אין קאָנטאָר און קרעכצט פרום אָפּ:

— אָ-אָ-אָך!.

— ע-ע-עך!— קרעכצן אָפּ די אַלטע אַרבעטער אַפ דער גאַס.

---

# מאָריס ווינטשעווסקי

**(1856-1932)**

---

## איי־ניקע ביאָגראַפישע ידיעות.



מאָריס ווינטשעווסקי (בענציע נאָוואַכאָוויטש) איז געבוירן געוואָרן אין 1856 יאָר אין יאַנאָווע, קאָוונער גובערניע, בא ניט־פארמעגלעכע עלטערן. אין די קינדער־יאָרן האָט ער געלערנט אין חדר, דערנאָך — אין ישיבה.

פרי פארלאָזט ער די ישיבה און ווערט אַ השכלה־טעלטער. ער באקענט זיך מיט דער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור פון יענער צייט און ווערט אַרײַנגעצויגן אין דער פּאָליטישער באַוועגונג.

אין 1877 יאָר פאָרט ווינטשעווסקי אוועק קיין קעניגסבערג (דײַטשלאַנד).

אין 1878 יאָר איז אין פּרײַסן אָנגענומען געוואָרן דער אַנטיסאָציאַליסטישער געזעץ. לויטן דאָזיקן געזעץ איז פאַרבאָטן געוואָרן די טעטיקייט פון די סאָציאַליסטן אין דײַטשלאַנד. ווינטשעווסקי איז צוזאַמען מיט פיל אַנדערע סאָציאַליסטן אַרעסטירט געוואָרן. אַרויס פון טפיסה, איז ווינטשעווסקי אוועקגעפאָרן קיין לאָנדאָן. דאָרט ווערט ער אַ מיטגליד פונעם קאָמוניסטישן אַרבעטער־פאַרבאַנד, וואָס די גרינדער זײַנע זײַנען געווען מאַרקס און ענגעלס. אין לאָנדאָן קומט ווינטשעווסקי אין אַ נאָענטער באַרירונג מיט דער ייִדישער אַרבעטער־מאַסע.

אין 1884 יאָר — גיט ער אַרויס די ערשטע ייִדישע סאָציאַליסטישע בראָשור.

אין זײַנע ערשטע לידער האָט ווינטשעווסקי באַווײַנט דעם דאַלעס און עלנט פון די פּראָלעטאַרישע מאַסן. אין די שפּעטערדיקע לידער זײַנע קלינגען שוין טענער פון קאַמף און פון גלויבן אין דער ליכטיקער סאָציאַליסטישער צוקונפט.

ווינטשעווסקיס לידער זײַנען ברייט פאַרשפּרייט געווען אין די אַרבעטער־מאַסן. זיי האָבן געוועקט דעם קלאַסנבאַוווסטזײַן פון די ייִדישע אַרבעטער און גערופן זיי צום קאַמף קעגן קאַפּיטאַל.

אין 1894 יאָר עמיגרירט ווינטשעווסקי קיין אַמעריקע. אויך דאָ נעמט ער אַן אַקטיוון אַנטייל אין דער אַרבעטער־באַוועגונג. ער דרוקט אין אַרבעטער־צײַטונגען אַרטיקלען וועגן פאַרשיידנערליי פּראָגעס פון רעוואָלוציאָנערן קאַמף. ער שרײַבט ווײַטער זײַנע רעוואָלוציאָנערע לידער.

אין 1921 יאָר איז מ. ווינטשעווסקי געוואָרן אַ מיטגליד פון דער אַמעריקאַנישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

אין 1924 יאָר האָט ווינטשעווסקי באזוכט דעם ראטנפארבאנד. די ארבעטער־מאסן פונעם פארבאנד האָבן אופגענומען ווינטשעווסקין, זייער אלטן רעוואָליוציאָנערן דיכטער, פייערלעך און הארציק. דעם 22־טן נאָיאבער 1930 יאָר האָבן די רעוואָליוציאָנערע יידישע ארבעטער־מאסן פון ניו־יאָרק געפייערט ווינטשעווסקיס 75־יאָריקן יובילײ.

קיינמאָל דאָס גאנצע לעבן זיינס איז מ. ווינטשעווסקי געווען פארבונדן מיט דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג, מיטן ארבעטער־קאמף, עס זיינען אָבער געווען בא אים פעריאָדן, ווען ער איז אָפגעטראָטן אין א זייט פונעם ריכטיקן פראָלעטארישן וועג.

געשטאָרבן איז מאָריס ווינטשעווסקי אין מארט 1932 יאָר אין ניו־יאָרק.

## לידער-פאר מיר

לידער פון ליבע, פון לעבן, פון לוסט,
לידער פון פריידיקע, בלענדנדע שטראלן
הילכן ניט אָפּ אין מײַן לײַדנדער ברוסט,
ווארפן ניט ליכט אָפּ דעם אָרט, ווו זיי פאלן.

לידער פון בסאָמים, פון בלעטער, פון דופט,
פון ליבלעכע פרויען-געשטאלטן
בלײַבן בא מיר, ווי דער קאָל, וועלכער רופט
דאָרטן ווו כאאָס און עקדישן שאלטן *).

לידער פון שטערן אין הימל באנאכט,
לידער פון הערלעכקײַט אין דער נאטור,
לידער פון גרעזעלעך, קווייטעלעך, פראכט
גייען מײַן אויער פארבײַ אָן א שפור.

לידער געזונגענע מיט א געוויין,
לידער געיאָמערטע מיט א געזאנג,
לידער פון פאָלק-ליידן, — נאָר די אליין
האָבן א זין פאר מיר, האָבן א קלאנג.

נעמען געפאנגענע מײַן אויער, מײַן ברוסט,
דרינגען ארײַן אין מײַן הארץ, מײַן נעשאָמע,
און איך אליין זינג מיט ליבע, מיט לוסט
לידער פון קאמפּ, פון טריומפּ, פון נעקאָמע.

## צו מײַנע ברידער

אָרעם געוואָרענע,
וועט ניט געבאָרענע,
וועט ניט געבונדענע,
דען נאָך געשונדענע
שקלאפן זײַט איר.

אייביק פארצאָרעטע,
אייביק פארמאָרעטע,
דאָ אָפּגעריסענע,
דאָ אָפּגעשליסענע
שטייט איר פאר מיר.

*) געוועלטיקן.

מענער פארבלענדעטע,
פרויען געשענדעטע
לאָזט מען אײַך פלאָדעווען,
אופציִען, האָדעווען,
און דער גוויר לאַכט—

דאן ווען ער האבעוועט, *)
צופט אײַך און ראבעוועט,
יאָגט אײַך אין יאָך ארײַן,
טרײַבט אײַך אין סאָך **) ארײַן,
טרײַבט טאָג און נאכט.

איר בויט טעאטערן
זיך צו פארמאטערן;
ניט צו צעשטרייען זיך,
ניט צו דערפרייען זיך—
בוים נאָכאנאנד.

זײַנען די מעכטיקע,
הערלעכע, פרעכטיקע,
גרויסע און טײַערע
הײַזער דען אײַערע
אין אײַער לאנד?

יונגערהייט, אלטערהייט
הונגערט איר קאַלטערהייט,
ווינט איר אין דריקעניש,
קרענקט איר אין שטיקעניש,
ניט ווו איר בוים.

שעפטן געשאָרענע,
אײַער פארלאָרענע
וואָל ווארעמט שינדער נאָר
ניט אײַער הויט.

אָ, ניט פון העלער-הויט
גייט איר אום געלערהייט,
מאָגער און אויסגעדארט,
כוישעכדיק, אויסגעקווארט,
שטארבט פאר דער צײַט.

---

*) רויבט.

**) סוכאָטע, טובערקוליאָז.

דאָס קומט פון צימערלעך,
ווו מע לעבט קימערלעך;
דאָס קומט פון דריקן זיך,
טוכלעקייט, שטיקן זיך,
אָרעמע לייט.

ווייניק וואָס וויסנדיק,
גאָרניט געניסנדיק,
לעבט איר פארגרעבטערהייט
גלויביק אין גאָט.

גלויבנדיק—שטרעבט איר ניט,
האָפנדיק—לעבט איר ניט;
האָט איר דען יענע וועלט—
גאָטס ליבע, שיינע וועלט—
דענקט איר—איר האָט?

טיפ-טיפ געזונקענע,
גלויבנס באטרונקענע
גיט איר די וועלט אוועק,
לייב, לעבן, געלט אוועק
דעם, וואָס איז רייך.

און זיינע קינדערלעך,
קינפטיקע שינדערלעך,
קינפטיקע צאפערלעך,
רייסערלעך, כאפערלעך
לאכן פון אייך.

איר זיינט די טויזנטער!
איין רוף א ברויזנדער,
איין קלאפ א טיכטיקער,
איין קלאפ א ריכטיקער,
ריכטיק באדאכט,

וואָלט די פארדאָרבענע,
האלב-אָפגעשטאָרבענע,
די האלב-צעגלידערטע
מענטשהייט פארברידערט
און גליקלעך געמאכט.

# דער פרײַהײַט־גײַסט

אין די גאסן, צו די מאסן
פון געדריקטע פעלקער־ראסן
רופט דער פרײַהײַט־גײַסט:
„איך ברענג וואפן פאר דעם שלאפן,
איך באפרײַ די ארבעטער־שקלאפן
און איך מאך זיי דרײַסט.

„ליכט פארשפרייטן, רעכט פארברייטן
קום איך און צעברעך די קייטן
פון דער טיראנײַ;
די נאציאָנען—פון קאָנאָנען,
פון ארמייען, פון שפּיאָנען,
קום איך מאכן פרײַ.

„איך קום, לערן—ארבעט ערן,
ערן, אכטן און באגערן,
ארבעט מיט א טאַלק;
גליק און פרייד—ניט אונטערשיידן
צווישן ייִדן, קריסטן, היידן, *)
צווישן פאָלק און פאָלק.

„פרייד אין שטרעבן—קום איך געבן,
לעבנס־לוסט און לוסט אין לעבן
אלעמען באגלײַך;
מענטשן־קינדער זאָל ווי רינדער
מער ניט אומברענגען דער שינדער,
דער, וואָס ווילד איז רײַך.

„איך קום פרויען צו פארטרויען
אלע רעכט אף העלפן בויען
גלײַכהײַטס גרויסן טראָן;
איך גיב רעכט זיי אין דער עכטער,
ברידערלעכער און גערעכטער
אָרגאניזאציאָן.

„איך קום מעלדן יענע העלדן,
וועלכע שמאכטן אין די קעלטן
פון סיביר אצינד,
אז צעטראָגן ווערט אָסטראָגן
באלד מײַן שטורעם, באלד ווערט שלאָגן
די באפרײַונג־שטונד".

1890 י.

*) געצנדינער.

## א קאמפ־געזאנג

וויקלט פאנאנדער די פאָנען די רויטע,
שפּילט אופ א מארש און גיט זיך א ריר!
וועקט אופ די אָרעמע לעבעדיק-טויטע,
זאָגט צו זיי: ברידער, דאָ שטייען מיר,
דאָרטן—דער בלוטיקער פײַנט;
דאָ איז די פרײַהײַט, דאָס ליכט, די גערעכטיקײַט,
דאָרטן—דער יאָך און די נאכט און די שלעכטיקײַט.
ברידער, מארשירט מיט אונדז הײַנט!

ווישט אויס פון ארבעטער-אויגן די טרערן,
זאָגט זיי: צום וויינען איז איצט ניט קיין צײַט;
זאָל הײַנט קיין קאָל פון געוויין זיך ניט הערן,
הײַנט, ווען מיר קומען ארויס אפ א שטרײַט,
מיר און דער בלוטיקער פײַנט;
מיר—וועלכע ווילן די מענטשהײַט פארברידערן;
ער—וועלכער וויל אונדז דורך סינע צעגלידערן.
ברידער, מארשירט מיט אונדז הײַנט!

וויקלט פאנאנדער די פאָנען די רויטע,
וועקט די, וואָס שלאָפן, וואָס זײַנען נאָך שוואך,
איינציקוויַיז נעמט זיי צונויף, די צעשפרייטע,
זאָגט זיי: אונדז רופט הײַנט די הייליקע זאך
קעגן דעם בלוטיקן פײַנט;
אונדז, דעם האמוין פון געדריקטע, נאָר מוטיקע
קעגן גאזלאָנים פארווילדעטע, בלוטיקע.
ברידער, מארשירט מיט אונדז הײַנט!

וויקלט פאנאנדער די פאָנען די רויטע,
שפּילט אופ א מארש און גיט זיך א הייב,
האלט פאר די אויגן די העלדן די טויטע,
געדענקט די קאָרבאָנעס פון גאָלד און פון רויב,
הײַנט קעגן בלוטיקן פײַנט;
גיט ארײַן קראפט אלע בלייך-אויסגעזויגענע,
גיט ארײַן מוט אלע טיף-אײַנגעבויגענע,
זאָגט זיי: מארשירט מיט אונדז הײַנט!

1892

## די פארפרוירענע

אן ענגלישער פראָסט איז א זעלטענער גאסט,
ער קומט אפ ניט לאנג יעדן ווינטער;
פון רײַכע געליבט, פון וואָרעמע געהאסט,
דערשײַנט ער, פארווײַלט ער, פארשווינדט ער.

אַט וויַלט ער אויך הײַנט אין זײַן מאַנטל פֿון גרוי,
פֿאַרוויַלט ער און ווערט גאָר ניט לינדער;
מיר דאַכט זיך: אים שעלטן — איך הער ניט גענוי —
אַן אָרעמער מאַן און זײַן קרענקלעכע פֿרוי,
און זייערע קליינע דרײַ קינדער.

דעם אָרעמען מאַן און זײַן קרענקלעכע פֿרוי,
און זייערע קליינע דרײַ קינדער, —
זיי טרעפֿט צווישן פֿעלדער אין וואַלד, וואָס איז גרוי,
דער פֿראָסט און ער זאָגט: „גייט געשווינדער!"

די אָרעמע לײַט וואַרפֿט אַ צאָן אין אַ צאָן.
געשווינדער? וואָס העלפֿט דאָ דאָס זאָגן?
וואָס קען אַזאַ ווײַבל אַ קרענקלעכע טאָן?
און קינדערלעך — יעדער פֿאַרדאַרט ווי אַ שפּאָן,
זיי קענען די פֿיס ניט דערטראָגן.

אַך, קינדערלעך, יעדער פֿאַרדאַרט ווי אַ שפּאָן,
זיי קענען די פֿיס ניט דערטראָגן,
ווײַל שוואַך זײַנען זיי, ווײַל אַ קינד, ווי אַ מאַן,
לײַדט אויך פֿון אַ ליידיקן מאָגן...

אין וועג אָן אַ ציל פֿון הײַנט מאָרגן גאַנצפֿרי
אָט זעט זיי דער פֿראָסט אין דער רײַזע,
ער זעט, ווי זיי שלעפּן זיך, גענבעך מיט מי,
ווי בלאָנדזשענדיק בייגן זיך זייערע קני,
זיי בעטן קיין וועג זיך ניט ווײַזן.

יאָ, בלאָנדזשענדיק בייגן זיך זייערע קני,
זיי בעטן קיין וועג זיך ניט ווײַזן:
דעם וועג צו פֿאַרדינען געפֿינען זיי ניט,
דעם וועג ניט צו קליידער און שפּײַזן.

זיי וואַנדלען פֿאַרצווייפֿלטע סטאַם אין דער וועלט,
און פֿילן אין זיך קיין אייוועך;
זיי ווייסן ניט מער וואָס איז דאָ, וואָס זיי פֿעלט,
זיי גייען דורך הונגער, דורך ווייטיק און קעלט,
און זוכן, ווײַזט אויס, נאָר אַ קייוועך.

זיי גייען דורך הונגער דורך ווייטיק און קעלט,
און זוכן, ווײַזט אויס, נאָר אַ קייוועך:

זיי שעלמנ דעמ פראָסט און די מענטשהײַט, די וועלט.
דער פראָסט ער לייגט צו איצט אנ אויער:
ער הערט, ווי ס'דערנערט זיך, פארוויקלט אינ גרוי,
פארשטעלט ווי דער מאזל דער בלינדער,
א מאנ, וועלכער הייבט אופ און ציילט אויס געגווי
צוויי טויטע—אנ אָרעמענ מאנ מיט א פרוי,
דרײַ טויטע, פארגליווערטע קינדער...

„געפונענ צוויי טויטע, א מאנ און זײַנ ווײַב,
בא זיי דרײַ פארפרוירענע קינדער;
און יעדער פונ זיי אָנ א קלייד אפנ לײַב,
פארשאָלטענע, אָרעמע ווינדעו"...

אזוי שטייט אינ בלאט, אינ דרײַ שורעס פארפאסט,
אינ ווערטער געשעפט פונ א טינטער...
דער שרײַבער זאָגט אויך, אז א זעלטענער גאסט,
פונ רײַכע געליבט, פונ עוויוינים געהאסט,
איז אונדזער קליינ פרעסטל אינ ווינטער...

# דאָוויד עדעלשטאַט

## (1866—1891)

### אייניקע ביאָגראַפישע יעדיעס



דאָוויד עדעלשטאַט איז געבוירן געוואָרן אין 1866 יאָר בײַ ניט פאַרמעגלעכע עלטערן אין דער שטאָט קאַלוגע. זײַן בילדונג האָט ער באַקומען אין רוסיש בײַ פּריוואַטע לערערס. שוין צו נײַן יאָר הייבט ער אָן צו שרײַבן לידער אין רוסיש.

אין 1881 יאָר קומט ער אין באַרירונג מיט אַ גרופּע סטודענטן, און אין זייער קרײַז באַקענט ער זיך מיט די בעסטע ווערק פון דער רוסישער ליטעראַטור און מיט די אידייען פון סאָציאַליזם.

אין 1882 יאָר קומט ער, אַ 16-יאָריק יינגל, קיין אַמעריקע מיטן ציל צו שאַפן אַ לאַנדווירטשאַפטלעכן קאָ-לעקטיוו און אַרבעטן אין אים. פון קאָלעקטיוו האָט זיך אָבער גאָרניט אויסגעלאָזט. און עדעלשטאַט איז געוואָרן אַן אַרבעטער בײַ אַ קנעפּל־מאַשין אין אַ שנײַדער-פאַבריק. דאָ באַגעגנט ער זיך מיט דער יידישער האָרעפּאַש־נער עמיגראַנטן-מאַסע, זעט צו איר שווער לעבן, זעט צו, ווי זי ווערט עקספּלואַ-טירט אין די „סוועט-שאַפּן" (שוויץ-וואַרשטאַטן). דאָ הייבט ער אָן צו שאַפן זײַנע רעוואָלוציאָנערע לידער אין יידיש.

אין זײַנע ערשטע לידער שילדערט עדעלשטאַט, דעריקער, דאָס שווערע לעבן פון די אַרבעטער באַם קאַפּיטאַליזם. קיין רוף צום קאַמף איז נאָך אין דידאָזיקע לידער ניט געווען. אין זײַן שפּעטערדיקער שאַפונג געפינען מיר אָבער אויך פיל רעוואָלו-ציאָנערע קאַמף-געזאַנגען. עדעלשטאַטס לידער זײַנען אין זייער צײַט געווען שטאַרק באַליבט בײַ די יידישע אַרבעטער.

עדעלשטאַט איז געווען אַ טוער אין דער אַמעריקאַנישער אַנאַרכיסטישער באַ־וועגונג. ווי אַלע אַנאַרכיסטן, האָט ער ניט ריכטיק פאַרשטאַנען און באַנומען די וועגן פון אַרבעטער-קאַמף און דאָס האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין זײַן שאַפונג.

געשטאָרבן איז עדעלשטאַט פון שווינדזוכט אין עלנט און אין נויט אין 1891 יאָר.

## וואכט אופ!

ווי לאנג, אָ, ווי לאנג וועט איר בלײַבן נאָך שקלאפּן
און טראָגן די שענדלעכע קייט?!
ווי לאנג וועט איר גלענצנדע רײַכטימער שאפן
פאר דעם, וואָס בארויבט אײַער ברויט?!

ווי לאנג וועט איר שטיין אײַער רוקן געבויגן,
דערנידעריקט, היימלאָז, פארשמאכט?!
עס טאָגט שוין! וואכט אוף און צעעפנט די אויגן,
דערפילט אײַער אײַזערנע מאכט!

קעמפט אויס זיך די פרײַהייט אף קאמף־בארריקאדן,
דערקלערט די טיראנען א קריג!
מוט און אנטשלאָסנקייט, בראווע קאמעראדן,
וועלן אײַך פירן צום זיג.

קייטן און טראָנען, אָ, אלעס מוז פאלן,
אונטער דעם ארבעטערס שווערד.
מיט דופטיקע בלומען, מיט גאָלדענע שטראלן
וועט פרײַהייט באצירן די ערד!...

און אלעס וועט לעבן, און ליבן און בליען,
אין פרײַען, אין גאָלדענעם מײַ.
ברידער! גענוג פאר טיראנען צו קניען!
שווערט, אז איר מוזט ווערן פרײַ!

קלינגט אומעטום אין די פרײַהייט־גלאָקן,
פארזאמלט די לײַדנדע קנעכט!
און קעמפט באגײַסטערט און קעמפט אומדערשראָקן
פאר אײַערע הייליקע רעכט.

## אין קאמף

מיר ווערן געהאסט און געטריבן,
מיר ווערן געפּלאָגט און פארפאָלגט—
און אלץ נאָר דערפאר, ווײַל מיר ליבן
דאָס אָרעמע שמאכטנדע פאָלק.

מיר ווערן דערשאָסן, געהאנגען,
מע רויבט אונדזער לעבן און רעכט,
דערפאר, ווײַל מיר עמעס פארלאנגען
און פרײַהייט פאר אָרעמע קנעכט!

נאָר קיינמאָל וועט אונדז ניט דערשרעקן
געפּענקעניש און טיראַניי;
מיר מוזן די מענטשהייט דערוועקן
און מאכן זי גליקלעך און פריי.

שמידט אונדז אין אייזערנע קייטן,
ווי בלוטיקע כייעס אונדז רייסט;
איר וועט אונדזער קערפּער נאָר טויטן,
נאָר ניט אונדזער הייליקן גייסט!

טיראַנען! איר קענט אים ניט טויטן,
דאָס איז אן אומשטערבלעכע בלום,
זיינע שמעקנדע, רייצנדע קווייטן
בליִען שוין איצט אומעטום!

זיי בליִען אין דענקנדע מענטשן,
וואָס ליבן גערעכטיקייט, ליכט;
אליין די נאַטור טוט זיי בענטשן
צום קאַמף, צו דער הייליקער פליכט—

באַפרייען די אָרעמע שקלאַפן,
וואָס שמאַכטן אין הונגער און קעלט,
און פאַר דער מענטשהייט באַשאַפן
א פרייע, א ליכטיקע וועלט,

ווו ס'זאָל זיך ניט גיסן קיין טרערן,
ניט פליסן קיין אומשולדיק בלוט;
נאָר מענטשן, ווי ליכטיקע שטערן,
זאָלן שיינען מיט ליבע און מוט.

איר קענט אונדז דערמאָרדן, טיראַנען!
נייע קעמפער וועט ברענגען די צייט—
און מיר קעמפן, מיר קעמפן, ביז וואַנען
די וועלט וועט ווערן באַפרייט!...

## מיין צוואָע

אָ, גוטע פריינט! ווען איך וועל שטאַרבן,
טראָגט צו מיין קייווער אונדזער פאָן—
די פרייע פאָן מיט רויטע פאַרבן,
באַשפּריצט מיט בלוט פון אַרבעט-מאַן.

און דאָרט אונטער דער פאָן דער רויטער
זינגט מיר מיין ליד, מיין פרייע ליד,
מיין ליד „אין קאַמף", וואָס קלינגט, ווי קייטן
פון דעם פאַרשקלאַפטן קריסט און ייִד.

אויך אין מײַן קײװער װעל איך הערן
מײַן פרײַע ליד, מײַן שטורעם־ליד;
אויך דאָרט װעל איך פארגיסן טרערן
פאר דעם פארשקלאפטן קריסט און ייִד!

און װען איך הער די שװערדן קלינגען
אין לעצטן קאמף פון בלוט און שמארץ—
צום פאָלק װעל איך פון קײװער זינגען
און װעל באגײַסטערן זײַן הארץ!...

## דער שנײַדער

א שנײַדער זיצט אן אלטער
מיט װײַסע גרויע האָר;
זײַן שער און נאָדל האלט ער
שוין גאנצע פופציק יאָר.

ער זיצט אין דרײַ געבויגן,
ער ארבעט טאָג און נאכט;
מיט טרערן אין די אויגן
נייט ער, זיפצט און טראכט...

אװעק זײַנען די יאָרן
אין ארבעט און אין נויט,
די קױכעס כ׳האָב פארלאָרן,
און כ׳האָב קיין רו, קיין ברויט.

כ׳מוז האָרעװען און זאָרגן,
עס פלאצט אין מיר די גאל
װײַל האָבן דארף אפ מאָרגן
א פראנט דעם פראק צום באל.

דער פראק מוז אפ אים ליגן
גלאט, קיין קנײטש, קיין פלעק;
אויב ניט—דאָס באלעבעסל
די ארבעט נעמט אװעק.

ס׳מוז גלאנצן, װי א שטערן
אין פראק דער מאָדנער העלד;—
פון דעם שנײַדערס טרערן,
װאָס װייסט פון זיי די װעלט?

אָט גייט דער שנײַדער אָרעם,
צעבראָכן, שװאך און בלאס;
זײַן ארבעט אונטער אָרעם.
געזיכט—פון טרערן נאס.

דער באָס *) וויל ניט באַצאָלן,
דער פּראָק ליגט עטוואָס שלעכט:
„פון הונגער ווער געשוואָלן
און אַרבעט ווידער נעכט!"

דאָרט אין א שטוב א קאַלטער,
דאָרט וואַרט מען שוין אַצינד,
אַז ברויט ברענגט באַלד דער אַלטער,
א גראָשן פאַרן קינד.

„איך קען מײַנע האַלדז ניט שנײַדן,
דער באָס גיט קיין פּיאָטאַק;
און איר מוזט הונגער לײַדן, —
א קנייטש איז דאָ אין פּראָק!"

איר שמערץ קען ניט פאַרהאַלטן
די פרוי, ווערט בלאַס, ווי טויט;
די קינדער אויף דעם אַלטן
קוקן, בעטן ברויט...

אָ, מענטשן, רײַכע, זאַטע,
קוקט אײַך צו גאָר גוט!
אויף אײַערע קליידער גלאַטע
ליגט דעם שנײַדערס בלוט!

---

*) באַלעבאָס

# יאָסעף באָװשאָװער

## (1873—1915)

### איינ︢יקע ביאָגראַפישע יעדיעס



יאָסעף באָװשאָװער איז געבוירנ געװאָרנ אינ 1873 יאָר אינ ליבאָװיטש, געװעזענער מאָלעװער גובערניע, אינ א מישפּאָכע פונ לאָמדימ אונ הענדלער. נאָכ ייִנגלװייַז איז ער אװעק ארבעטנ אינ א מיל. צו 18 יאָר פאַרלאָזט באָװשאָװער אינגאנצנ די היימ אונ פאָרט אװעק קיינ אמעריקע. ער װערט א פאבריק-ארבעטער אינ ניו-יאָרק. דאָ באקענט ער זיכ מיט דער עקספּלואטאציע, װאָס הערשט אינ דער קאפּיטאליסטישער שטאָט. ער באגעגנט זיכ מיטנ ארבעטער-דיכטער דאָװיד עדעלשטאט אונ מיט אנדערע טוער פונ דער אמעריקאנישער ייִדישער ארבעטער-באװעגונג. אונטער זייער װירקונג הייבט ער אָנ צו שרייַבנ רעװאָליוציאָנערע לידער אונ דערציילונגענ. זייַנע רעװאָליוציאָנערע לידער לייענט ער פאר זייַנע כאװײרימ ארבעטער. די באלעבאטימ פונ דער פאבריק, װו ער האָט געארבעט, טרייַבנ אימ דערפאר דורכ.

באָװשאָװער דרוקט לידער, דערציילונגענ אונ ארטיקלענ אינ דער ארבעטער-פּרעסע אינ אמעריקע אונ אינ ענגלאנד. ער זעצט איבער אפ ייִדיש איינ︢יקע גרעסערע װערק שעקספּירס, געטעס אונ שילערס.

באָװשאָװער איז א שטיק צייַט געשטאנענ נאָענט צו דער אנארכיסטישער באַװעגונג. די קלייַנבירגערלעכע אנארכיסטישע אידעאָלאָגיע האָט נעגאטיװ געװירקט אפ זייַנ שאפונג.

די אכזאָריעסדיקע קאפּיטאליסטישע װעלט, װאָס דערשטיקט פיל גרויסע גייַסטער, האָט אויכ צעטראָטנ מיט די פיס אָט דעמ באגאבטנ רעװאָליוציאָנערנ דיכטער. די לעצטע 16 יאָר פונ זייַנ לעבנ געפינט זיכ באָװשאָװער אינ אנ אנשטאלט פאר גייַסטיק-קראנקע.

באָװשאָװער איז געשטאָרבנ אינ 1915 יאָר.

## צום ווינט

צעטראָג, אָ ווינט, אף דײַנע פליגל
די הייסע ווערטער פון מײַנע פען,
וואָס זײַנען שווארץ, ווי זשאר, פונויבן,
דאָך אונטן קאָן מען פײַער זען...

און ווו דו הערסט א הארץ נאָך שלאָגן,
אויב שלעכט, פארדאָרבן אָדער פײַן—
דו ברענג אהין די פלאַמען-ווערטער
און בלאָז זיי טיף אין הארץ ארײַן.

און אויב דאָס בלוט איז דאָרט פארפראָרן,—
דו וועק עס, ווי דו וועקסט דעם יאם;
און מאך עס זידן, מאך עס קאָכן
און וועק דאָרט אוף דעם פרײַהײַט-פלאַם!...

## מײַן געבעט

שטיל אײַן, אָ, נאטור, דײַנע זיסע אקאָרדן,
דײַן גאָלדענע הארפע שטיל אײַן!
דײַן ליד וויל מײַן ליבע צום שוואכן דערמאָרדן,
עס ציט אין דײַן שויס מיך ארײַן.

איך וויל ניט אין דײַנע מעלאָדישע יאמען
דערטרינקען מײַן ברענענדע זעל;
די זילבערנע כוואליעס זיי וועלן די פלאַמען
פארלעשן אין איר אפן שטעל,—

די פלאַמען, וואָס ברענען מיט האס און מיט ליבע,
געצונדן פונעם ריינעם פארשטאנד;
וואָס שטײַגן ארוף ביז די וואָלקן די טריבע
אין ווילדן ווולקאנישן בראנד.

אָ, לאָז מיך, נאטור, מײַן געליבטע, מײַן זיסע,
באדעק, אָ, דײַן הימלשע ברוסט!
דײַן אָטעם, דײַן הויך איז פאר מיר איצט א טפיסע!
איך טאָר ניט פארזינקען אין לוסט!

איך טאָר ניט—און מעג איך עס טויזנט מאָל וועלן,
ווײַל דאָרטן... אָ, שרעקלעכ! באטראכט,
ווי ס'טרינקען זיך טויזנטער מענטשלעכע זעלן
אין פינצטערן אָפגרונט פון נאכט.

אָ, זע! זיי זינקען אין טײַכן פֿון טרערן,
זיי שלאָפֿן באַדעקט מיט טומאַן...
זיי קענען דעם רוף פֿון צײַט־ווינט ניט הערן,
צו ברעכן די שיפֿ פֿון טיראַן.

אַהין וועל איך וואַרפֿן מײַן זעלע מיט פֿריידן,
אַהין, ביז צום פֿינצטערן גרונט—
און זאָל זי מיט שטראָמען פֿון פֿײַער באַקליידן
דעם טיפֿן, דעם שווײַגנדן גרונט.

זאָל נעמען דאָרט קאָכן, און שוימען, און מישן,
זאָל שטײַגן צום וואָלקן דער דאַמפֿ—
זאָלן אויך אין דער לופֿט זיך די כוואַליעס צעגיסן,
זאָל שטורמיש באַגינען דער קאַמפֿ!

און זאָלן צעשמעלצן די וואַרעמע פֿאַרעס
דעם שאָטן, וואָס דעקט צו דאָס ליכט;
זאָלן ווערן צעשפּאָלטן, צעריסן די כמאַרעס,
זאָל ווײַזן די זון איר געזיכט...

זאָל גלאַנצן, באַלויכטן פֿון גאָלדענע שטראַלן,
דער טוי אויף די בלומען אין פֿעלד,
זאָל טרינקען פֿון לעבנס פֿאַרפֿומיקע קוואַלן
די מענטשהײַט מיט פֿרייד אויף דער וועלט...

ערשט דאַן, אָ נאַטור, וועל איך האַלדזן און קושן
דעם זאַמד, וועלכער רוט אויף דײַן טויט.
דערטרינקען מײַן זעלע אין דײַנע געזנויסן
מיט רויִקן, זיסן געמיט...

## רעוואָלוציאָן

איך קום ווי א שטאָלצער קאָמעט, ווי די זון, ווען עס הייבט אָן צו טאָגן;
איך קום, ווי א בייזער געוויטער, פֿון בליץ און פֿון דונער געטראָגן;

איך קום, ווי א גלוטיקע לאַווע פֿון וואָלקנס באַדעקטע ווולקאַנען;
איך קום, ווי דער שטורעם פֿון צאָפֿן, וואָס וועקט און דערשרעקט אָקעאַנען. —

איך קום, ווײַל עס האָבן טיראַנען פֿאַרוואַנדלט די פֿעלקער אין טויזנען;
איך קום, ווײַל מע פֿיטערט דעם פֿרידן מיט פּולווער, און בלײַ, און קאַנאָנען;

איך קום, ווײַל די וועלט איז צעטיילט און דער בונד פֿון דער מענטשהײַט צעריסן;
איך קום, ווײַל מע וויל פֿאַר דעם צײַט־גײַסט דעם ענדלאָזן וועלט־רוים פֿאַרשליסן...

איך קום, ווײַל איך בין אין דער מידבר פֿון הערשאַפֿט געבאָרן געוואָרן;
איך קום, ווײַל עס האָבן די הערשער געוועקט און דערצויגן מײַן צאָרן;

איך קום, ווײַל די מענטשלעכע ברוסט קען די זריע פון לעבן ניט טויטן;
איך קום, ווײַל מע קען ניט די פרײַהײַט אפ אייביק פארשמידן אין קייטן. —

איך האָב די פארקנעכטעטע פעלקער געפירט אין די פריערע צײַטן,
און האָב זיי געהאָלפן די שענדלעכע קנעכטשאפט אפ פרײַהײַט פארבײַטן.

איך בין מיט דעם פאָרשריט געגאנגען, די וועלט אים געהאָלפן באנײַען,
און גיין וועל איך הײַנט מיט די פעלקער, און וועל זיי אינגאנצן באפרײַען.

און אײַך, איר געהייליקטע געלט־זעק, געזאלבטע, געקרוינטע באנדיטן—
איך וועל אײַך פארניכטן מיט אײַערע פאלשע געזעצן און זיטן.

און אײַערע הערצער, וואָס שמאכטן נאָך מענטשן־בלוט, וועל איך דערשטעכן,
און אײַערע קרוינען און סצעפטערס, די גאָלדענע, וועל איך צעברעכן!

איך וועל אײַער פארביקן פורפור, ווי שמאטעס, אפ שטיקלעך צעפליקן,
צו וועלכע דאָס פאָלק האָט געיובלט אין נארישער פרייד און אנטציקן.

פארלירן וועט אײַער פארפראָרענע וועלט איר בלענד־שײַן דעם שטאָלצן,
אזוי ווי דער שניי, וועלכער פאלט פון די אײַזבערג, פון זון־שײַן צעשמאָלצן.

פארניכטן וועל איך אײַער שפינוועב־מאָראל און די אוראלטע ליגן,
און אײַערע פאָפן, די פינצטערע, וועל איך דערשטיקן, ווי פליגן.

און אײַערע הימלען, און אײַערע שיידים און אײַערע געטער,
איך וועל זיי צעשטערן, און ריין וועל איך מאכן די ערד און דעם עטער!

און מעגט איר מיך ווארגן, און שיסן און הענגען — אומזיסט אײַער מיִען —
מיך שרעקט ניט קיין טפיסע, מיך שרעקט קיין שאפאָט ניט,
מיך שרעקט ניט קיין טליִע!

ארויסוואקסן וועל איך פון דר׳ערד און איך וועל זי מיט וואָפן באדעקן,
ביז איר וועט אפ אייביק פארזינקען, ביז אײַך וועט דער קיוועור פארמעקן! —

## א געזאנג צום פאָלק

הייב אוף דײַנע אויגן, אָ, פאָלק, וואָס דו ביסט אזוי עלנט און אָרעם,
הייב אוף דײַנע אויגן צו מיזרעך און מײַרעוו, צו צאָפן און דאָרעם,

און זע די געזאמלטע אוצרעס, און זע פון דײַן ארבעט די פּיירעס
און זע דעם געבליבענעם רײַכטום פון פריִער געוועזענע דוירעס.

הייב אוף דײַנע אויגן און זע אפן יאַם די געלאָדענע שיפן,
און זע אין די טונקעלע וועלדער דעם רויך פון די לאָקאָמאָטיוון,

און זע, ווי זיי שוועבן און קומען געשווינד פון א געגנט א ווײַטן,
און פירן אין אנדערע לענדער פּראָדוקטן און סכוירעס צו בײַטן.

הייב אוף דײַנע אויגן און זע די געמויערטע גרויסע פאבריקן,
ווו ארבעטער זעגן, און הובלען, און וועבן, און נייען, און שטריקן,

און שמידן, און פײַלן, און טאָקן, און שניצן, און גלעטן און פּוצן,
און שאפן די סכוירע, און שאפן דעם רײַכטום צום מענטשלעכן נוצן.

און זע די מאשינען, די בלאנקע די ריזיקע אײַזערנע שקלאפן,
וואָס היטן די מענטשלעכע קויכעס און העלפן די רײַכטימער שאַפן.

און זע, ווי די ווילדע, די מעכטיקע קראפט פון נאטור איז באצוווּנגען,
ווײַל טיף איז דער מענטשלעכער סייכל אין סוידעס אין אירע געדרונגען.

און ווײַט אף די בלײַענדע, לוסטיקע פעלדער הייב אוף דײַנע אויגן
און זע, ווי עס שטייען די גאָלדענע זאנגען פון שווערקײַט געבויגן.

און זע אין די פרעכטיקע גערטנער דיביימער מיט פרוכטן באהאנגען
און פויגל פארפולן די צווײַגן, פארפולן די לופט מיט געזאנגען.

און זע, ווי די זאפטיקע ווײַנטרויבן ווערן געטראָטן אין קעלטער,
דער ווײַן ווערט געגאָסן אין פעסער צו ווערן געשמאקער און עלטער,

אום שפעטער צו זידן אין בעכער, דאָס מענטשלעכע הארץ צו דערפרייען,
דערוועקנדיק האָפענונג און ליבע, פאריאָגנדיק שמערצן און ווייען.

און זע, ווי די גאנצע נאטור איז גרייט צו פארזיסן דײַן לעבן,
און פיל אין דײַן ברוסט א פארלאנג און פיל אין דײַן הארצן א שטרעבן.

און מוטיק אין ריזיקע מאכנעס שטרעק אויס דײַנע הענט די פארדארטע —
געענוג שוין צו זײַן די בארויבטע! געענוג שוין צו זײַן די גענארטע!

הייב אוף דײַנע אויגן, אָ פאָלק, גיי ארויס פון די פינצטערע קוואָרים,
הייב אוף דײַנע אויגן צו מיזרעך און מײַרעוו, צו צאָפן און דאָרעם,

און נעם די געיארשנטע אויצרעס, און נעם פון דײַן ארבעט די פּיירעס,
און, שאפנדיק, לעב און, געניסנדיק, שאַף אין די פרײַערע דוירעס!

## מײַן לעצטער ווונטש

אָ פּאָלק, איך וואָלט וועלן דערלעבן די שטונדן,
ווען דו וועסט באַזיגן דײַנע בלוטיקן פײַנט;
ווען דו וועסט ניט זײַן אין די קייטן געבונדן,
נאָר זײַן פֿון דער פֿרײַהײַט באַקראַנצט און באַשײַנט!

און דאַן, ווען דו וועסט זיך פֿאַרזאַמלען אין פֿריידן
צו פֿײַערן פּרעכטיק דײַן מענטשלעכן זיג,
וואָס דו האָסט געקראָגן דורך צאָרעס, דורך ליידן
דורך שווערער, דורך ביטערער שרעקלעכער קריג, —

אָ, דאַן, ווען אױף גרינע, אױף בלייִקע פֿעלדער
וועט שאַלן דײַן פֿריילעך ניצאָכן־געזאַנג,
און ווײַט פֿון די טיפֿע, די טונקעלע וועלדער,
וועט אָפּקלינגען הימלש פֿון דאָרטן דער קלאַנג, —

ווען ס'וועלן פֿון פֿרייד זײַן באַשטראַלט די געזיכטער,
אַזױװי דער מיזרעך פֿון זוניקן גלאַנץ,
די אויגן צעגלאַנצטע, ווי הימלשע ליכטער,
בײַ מענער און פֿרויען אין לוסטיקן טאַנץ, —

אָ, דאַן וואָלט איך וועלן אָ פּאָלק, איין סעקונדע
באַטראַכטן די סצענע, כאָטש געבן אַ בליק,
עס וואָלט זיך פֿאַרהיילן די בלוטיקע וווּנד דאַן,
וואָס ברענט אין מײַן האַרצן זײַט יאָרן צוריק...

און דאַן וואָלט איך זינגען אַ ליד צום געזעגנען,
ביזוואַנען מײַן האַרץ וואָלט פֿאַר סימכע צעגיין,
און נאָכדעם דעם טויט מיט פֿאַרגעניגן באַגעגנען,
עס זאָל מיך באַוויינען די פֿרײַהייט אַליין...

# טאַראַס שעווטשענקאָ

(1814—1861)

## אייניקע ביאָגראַפישע ידיעות



טאַראַס שעווטשענקאָ — דער באַרימטער אוקראַינישער פּאָעט איז געבוירן געוואָרן אין 1814 יאָר אין אוקראַינע, אין א מישפּאָכע פון א לײַבײגענעם אָרעמען פּויער. געבליבן צו נײַן יאָר א קײַלעכדיקער יאָסעם, האָט ער אָנגעהויבן באַטראַקעווען. שפּעטער האָט מען אים צוגענומען צום פּאָרעץ אין הויף אַרײַן פאַר א הויף-מענטשן.

דער פּאָרעץ, צו וועלכן עס האָט געהערט שעווטשענקאָ, פאָרט איבער קיין פּעטערבורג און אײַנעם מיט אים קומט אָן קיין פּעטערבורג אויך דער קליינער טאַראַס. דאָ טרעט ער אַרײַן אַלס לערנייִנגל אין א פאַרבער-וואַרשטאַט. נאָך פון קליינוויז אָן האָט ער געהאַט א נייגונג צו מאָלערײַ און אין די ליכטיקע ווײַסע פּעטערבורגער נעכט פלעגט ער זיך פאַרטײַען אין זומער-גאָרטן און שטילערהייט אַראָפּמאָלן די פאַרשיידנערליי סטאַטועס, וואָס זײַנען אין גאָרטן געשטאַנען. בא דער דאָזיקער אַרבעט האָט אים איינמאָל געטראָפן דער אוקראַינישער קינסטלער סאָשענקאָ, סאָשענקאָ און צוזאַמען מיט אים נאָך אייניקע קינסטלער און שרײַבער (בריולאָוו, זשוקאָווסקי) האָבן זיך פאַרינטערעסירט מיטן טאַלענטירטן ייִנגל. זיי האָבן צונויפגעזאַמלט א גרעסערע סומע געלט און האָבן אין 1838 יאָר אויסגעקויפט שעווטשענקען באַם פּאָרעץ. שעווטשענקאָ קומט דעמאָלט אָן זיך לערנען אין דער פּעטערבורגער קונסט-אַקאַדעמיע. אין דערזעלבער צײַט שרײַבט שעווטשענקאָ אויך לידער.

אין 1840 יאָר איז דערשינען זײַן לידער-זאַמלונג "קאָבזאַר", דערנאָך זײַנען דערשינען די פּאָעמעס „הײַדאַמאַקן", „קאַטערינע", א.אנד. אין 1844 האָט ער אָנגעשריבן „דעם כאָלעם", אין 1845 יאָר—„די צוואָע".

אין 1847 יאָר האָט מען שעווטשענקען אַרעסטירט פאַר אָנטיילנעמען אין א געהיימער געזעלשאַפט, וואָס האָט געשטרעבט צו באַפרײַען אוקראַינע פונעם יאָך פונעם רוסישן צאַריזם. מע האָט דעם פּאָעט אָפּגעגעבן פאַר א סאָלדאַט און אים פאַרשיקט צוערשט אין אָרענבורגער קאַנט און דערנאָך צו די ברעגן פון קאַספּישן יאַם. די צאַרישע טשינאָווניקעס זײַנען זיך מיט אים דאָ אין דער פאַרשיקונג גאָר מערדעריש באַגאַנגען. אים, דעם שרײַבער און מאָלער, האָט מען ניט דערלויבט ניט שרײַבן ניט מאָלן. אין 1853 יאָר האָט זיך שעווטשענקאָ אומגעקערט פון פאַרשיקונג.

שעווטשענקאָ האָט אין זײַנע ווערק אויסגעדריקט דעם צאָרן פון די פארקנעכ־טעטע אָרעם־פויערישע, באטראקישע מאסן, וואָס האָבן געליטן אונטער דעם יאָך פון די פריצים און פונעם רוסישן צאריזם. אין זײַן ווערק „א כאָלעמ" מאָלט ער די פארצווייפלטע לאגע פונעם אָרעמען פויערטום און לאכט גאליק אויס די גאנצע צארישע סיסטעם. אינעם ליד „צאוואָע" רופט ער זײַנע ברידער, די אוקראַינישע אָרעמע פויערים, צערײַסן די קייטן פון קנעכטשאפט.

געשטאָרבן איז שעווטשענקאָ אין 1861 יאָר. לויט זײַן פארלאנג האָט מען אים באגראָבן הינטער קאניעוו, באַם ברעג פון דניעפּער.

---

## צאוואָע

אז כ׳וועל שטארבן, איר באהאלטנ
זאָלט די ביינער מײַנע
צווישן ברייטע סטעפּעס
אפ מײַנ היימ אוקראַינע.
די ברייטפּאָלעדיקע לאַנקעס,
בערג אונ דניעפּער דער גרויסער
זאָלן זען זיכ—ס׳זאָל זיכ הערן,
ווי ער ראשט דער רוישער.

ווען א טראָג טונ פונ אוקראַינע
בלוט פונ סוינעס גלידער
ביז צומ יאמ דעמ בלויען, דעמאָלט
וועל איכ בארג אונ נידער—
אלצ פארלאָזנ אונ זיכ לאָזנ
ביז די הימלען טראָגנ
ליב-געזאנגען. אונ ביז דעמאָלט,
כ׳קאָנ קיינ גאָט פארמאָגנ.

מיכ באהאלט, אונ אײַער צאָרנ,
טיפּ אונ הארצ פארטײַעט,
אונ מיט סוינעס בייזע בלוטנ
רײַכ באשפּרענקט די פרײַהײַט.
אינ געזינד אינ נײַעמ,
דאָר פונ פרײַען ווילנ—
ניט פארגעסט אויכ מיכ דערמאנענ
מיט א וואָרט א שטילנ.

פונ אוקראַיניש—ד. האָפּשטיינ.

## א כאָלעמ

(1844)

... אונ א כאָלעמ, אוי א כאָלעמ, גאָר אפ וווּנדער,
האָט זיכ מיר געכאָלעמט...—

— — — — — — — — — — — — —

איכ פלי... איכ קוק—
עס טאָגט שוינ. מיר אנטקעגנ
ברענט דער זוימ פונ הימל.
דער סאָלאָווײ די זונ באגעגנט
מיט זינגענדיקנ טומל.
דאָס פעלד אינ נעפּל איז פארצויגנ,

עס ציט א ווינטל פונ באגינענ,
איבער טײַכנ, שטיל געבויגנ
ווערבעס צארטע גרינענ.
אונטער לאסט פונ פרוכטנ
סעדער טיפ זיכ הוידענ,
אונ טאָפּאָליעס-היטערס
אינ דעמ טאָל זיכ סוידענ.
אונ די גאנצע שטילע געגנט,
— היימלאנד מײַנס, אוקראינע!
גרינט מיט טוי בארעגנט,
גרינט אינ פראכט, אינ שײַנענ.
פוצט זיכ אויס, די זונ באגעגנט
מיט פריִענ טוי מיט ריינעמ
אונ דאָס האָט קיינ אָנהייב ניט,
אונ קיינ סאָפ קומט קיינמאָל.
קיינער האָט אפ דעמ צו שאפנ,
קיינער קאָנ צעשטערנ,
אלצ דאָסזעלבע... זעל דו מײַנע!
וואָס-זשע גיסטו טרערנ?
אָרעמע נעשאָמע מײַנע,
וואָס קלאָגסטו גאָר אומזיסט דאָ?
זאָג, וואָס טוט דיר באנג?
שוינ-זשע זעסט דו מער ניט
אונ הערסט ניט מער דעמ מענטשנס קלאָגנ?
אָט גיב א קוק אונ קוק זיכ צו אונ איכ וועל זיכ טראָגנ
נאָכ העכער אונ העכער פונ כמארעס פונ בלאָווע,
ניטאָ דאָרט קיינ מאכט אונ ניטאָ דאָרט קיינ שטראָפנ,
מע הערט קיינ געלעכטער, מע הערט קיינ געוויינ ניט.
אָט זע דאָרטנ אונטנ אינ יענעמ „גאניידנ":
מע שלעפט פונ א קאליקע א סוויטע אינ לאטעס,
מע רײַסט מיט דער הויט — די פירשטלעכ צו באקליידנ.
פאר צינש אנ אלמאָנע פארפײַניקט דאָרט, קאטעס!
דעמ זונ, דעמ בעניאָכיד, פארקאָוועט אינ קייטנ,
די איינציקע האָפענונג פארשיקט אינ סאָלדאטנ.
ווײַזט אויס, ס'איז נאָכ ווינציק... אונ דאָרט אונטער פלויטנ —
פונ הונגער געשוואָלנ, א קינד האלט באַם שטארבנ, —
די מוטער אפ פאנשטשינע
בינדט ווייצענע גארבנ.

אונ כ'פלי באנײַס... די ערד צעשווארצט זיכ.
דער מויעכ דרימלט. ס'פארגייט דאָס הארצ זיכ.
איכ קוק, — הײַזער ווײַזנ זיכ בא וועגנ,

א שטאָט מיט קלויסטערס הונדערטער מיר שווימט אנטקעגנ.
אינ שטאָט, ווי בושעלעס, מארשירנ
סאָלדאטנ זאטע אונ באקליידטע,
אונ אָנגעטאָנ אינ קייטנ,—
זיי שפאנענ אונ מארשירנ...
כ׳גיב א קוק דאָרט אונטנ
אינ א טאָל אינ ברייטע זומפּנ
ליגט א גרויסע שטאָט צעשליידערט.
ניט צו זענ איז גאָר קיינ ענדע
ניט אינ ברייטנ, ניט אינ לענגענ.
ס׳ליגט א נעפּל א געדיכטער
אונ זיך ציט אינ אלע שיכטנ
איבער גאָר דער שטאָט צעשפּרייט זיך.
א וואָסער שטאָט? א טערקישע?
אונ עפּשער גאָר א דייטשישע?
נאָר גיכער גאָר א מאָסקאָווישע,
קלויסטערס אונ פּאלאצנ;
פּריצימ דיקע—אָט זיי פּלאצנ,
אונ קיינ כאטקע ניט קיינ איינע.
שפּעט. עס ווערט שוינ טונקל.
פייערס הייבנ אָנ צו פינקלענ.
הורא! הורא-געשרייענ—
כ׳האָב זיך אזש דערשראָקנ...

— שאט, שויטימ, ווערט פארשוויגנ!
וואָס פארא פרייד הייַנט גראד׳ע?
וואָס שרייַט איר?—אָט א כאָכאָל!
ער ווייסט ניט, וואָס פאראד איז!
א פאראד בא אונדז. „ער אליינ"
באוויליקט הייַנט שפּאצירנ!
—איז ווו-זשע איז ז׳, אָט די ציאציע?
—זעסטו דאָרטנ די פּאלאצנ?
איך שטופּ זיך; אָט א לאנדסמאנדל
דאָרטנ גראדע טרעפ איך,
ער גרוסט זיך.—ווי קומסטו אהער—
פרעגנ צינענע קנעפּלעך.
—פונ אוקראינע.—ווייסט, מע דארפ
אפ היגער שפראך דאָ ריידנ קענענ.
ענטפער איך:—דו שטעל זיך פאָר:
איך קענ אונ וויל ניט קענענ:
—אָט א פארשוינ! דו פאָלג מיך בעסער,
איך וויים די דורכגענג אלע;

איך בין אָט דאָ; און איב דו ווילסט,
באַווייז איך דיר דעם פּאַלאַץ.
מיר זײַנען דאָ געבילדעטע,
דאָס דאַרפסטו, ברודער, וויסן.
א האַלבן קאַרב — נו, זײַ א מילדער!
— אַוועק דו, בריע מיעסע.
— וואָן פונדאַנען!
און ווידער זעט מיך קיינער.
כ'שטופּ זיך דורך אין פּאַלאַץ.
גאָטעניו, דו איינער!
דער גאַניידן — אָט אָ איז ער.
ס'גייען אין גאָלד די טעלערלעקערס,
ער אַליין האָט זיך באַוויזן —
אָט ער שפּאַנט באַרויגעז, שרעקלעך.
לעבן אים זײַן ווײַבל אויכעט,
נעבעך, קאַם זי רוקט זיך,
א לאַנגפּוסיקע, א הויכע —
א שוועמל א פּאַרטרוקנטס.
אָט דאָס איז זי, די שיינע געטין,
א בראָך צו דײַנע יאָרן!
וואָלט מיר בעסער דײַן פּאָרטרעט שוין
ניט באַקענט געוואָרן.
וואָלט איך בעסער ניט געגלויבט
דײַנע כאַזערשע פּאָעטן.
אָט א נאַר, ווײַזט אויס נאָך ווייניק
האָב איך קלעפּ געכאַפּט דאָ,
גיי און גלויב אָט די מעכאַברים,
גיי און גלויב, און לייען זיי.
און אַרום אַלץ הויפלײַט, פּריצים,
גאָלד און זילבער אַף די פּאַנעס —
אַלע שטופּן זיך און שוויצן,
אַלע גראָבע, ווי קאַבאַנעס.
אַלע ווילן נאָענט שטיין,
אַלץ צו זיי וויל דערקומען —
עפּשער וועט א וואָרט דערגיין,
כאָטש א פײַג פון זיי באַקומען.
און אָן לאָשן לעבן,
אָט אַזוי אין רייען שטייט מען,
און ער! דער קייסער, בעבעט,
און זי, די צאַפּליע, דרייט זיך.
און ווי סאָוועס אָנגעבלאָזן,
ביידע לאַנג שפּאַצירן,

עפעס פירן שטיל א שמועס
(פון ווייטן ניט צו הערן)
וועגן „פאטערלאנד”, מיר דאכט זיך,
וועגן שליפן, בענדלעך,
וועגן נייע מושטרעס, וואכטעס.
צוגעזעצט האט זי זיך ענדלעך,
און ער — איך זע, מיט שפאן מיט ברייטע
גייט ער צו צום סאמע עלטסטן
און איין פיסק פארווארפט אים.
יענער שיסט אריין דעם צווייטן,
און ס׳דערגייט צום לעצטן.
איבער גאסן זיך געטריבן,
אלעמען באפאלן,
ער, דער לעצטער, קלייבט ניט איבער,
און ער בויקערט אלע.
א געוויין, א ראש א גרויסער,
א געפילדער — א הו-הא:
„היי, עס הוליעט אונדזער קייסער! —
הורא! הורא!

איך האב צעקייכט זיך פאר געלעכטער
מע האט מיר אויכעט אנגעריבן
גאנץ גוט די זייטן. און פארטאג ערשט
איז אלץ שטיל, שטיל געבליבן.
נאר ערגעץ ווו די פראוואסלאוונע,
צענעריקט, אנגעליטן,
האבן מיט קרעכצן פארן באטיושקע
דעם גרויסן גאט געבעטן.
לאכן? וויינען? אוועקגעגאנגען
איך בין די שטאט באטראכטן.
די נאכט ווי טאג. איך הייב די אויגן —
פאלאצן, אלץ גרויסארטיק
שטייען בא דעם טייך דעם שטילן.
דער גאנצער ברעג מיט שטיינער
אויסגעפלאסטערט. ווי א דולער
קוק איך און פארשטיי ניט:
פון א קאליוזשע — א וונדער
ווי האט מען געשאפן?
וויפל בלוט האט מען פארגאסן,
בלוט פון מענטשן שקלאפן!
אן א מעסער... און אנקעגן
א פעסטונג און א טורעם,

ווי אנ אָל א שארפ-פארשפיצטע —
ס'גלויבט זיכ ניט—ס'א טורעמ,
אונ די זייגערס קלינגענ, קלינגענ,
אונ גיב איכ זיכ א קערעווע —
כ'זע א פערד פליט מיט די טלאָענ,
שלאָגט א פעלדז א שווערנ,
אונ פארוויקלט איז דער קאָפּ
אינ קראנצ אנשטאָט א היטל.
שפּילט דאָס פערד. אָט אָט דעמ טייכ
וועט אריבערשפּרינגענ,
אונ ער—די האנט האלט אויסגעשטרעקט —
ער וויל די וועלט פארשלינגענ,
די גאנצע וועלט! איז ווער איז ער?
אינ לייענ איכ, וואָס עס שטייט דאָרט
אויסגעשמידט אפ יענעמ פעלדז:
„דעמ ערשטנ די צווייטע"
אָט דעמ ווונדער האָט געשטעלט.
איצטער ווייס איכ אונ פארשטיי שוינ.
אָט דער „ערשטער" האָט געקרייציקט
אוקראינע, אונדזער היימלאנד,
אונ דערשלאָגנ האָט די „צווייטע"
אונדזערע יעסוימימ.
קאָטעס! קאטעס! מענטשנ־פרעסער!
זיכ אָנגעפרעסנ ביידע,
אָנגעגאזלט. וואָס האָט איר
מיטגענומענ אינ גאנײדנ?
שווער, אָ, שווער איז מיר געוואָרנ
אונ באנייס איכ לייענ דאָרט
די געשיכטע פונ אוקראינע,
איכ שטיי אונ ווער פארשטיינערט.
א געזאנג דערגייט דערווײלע,
שטיל אונ טרויעריק עס זינגט דאָרט
עפּעס א פארהוילנס:

„פונ דער שטאָט פונ גלוכאָוו
גייענ גרויע פאָלקנ
צו דער ליניע מיט גראָבייזנס.
אונ מיר האָט מענ געמאָלדנ,
אז איכ פאָר אינ הויפּט־שטאָט
מיט די קאזאקנ ווי א העטמאנ *).
אָ, גאָט מיינער דערבארעמד קער!

*) עס רעדט זיכ וועגנ העטמאנ פּאָלובאָטקא.

אָ, שענדלעכער קייסער!
פארשאָלטענער און גיריקער,
פאלשער טײַוול איינער,
וואָס האָסטו געטאָן מיט די קאזאקן!
זומפּן האָסטו פארשאָטן
מיט די ווײַסע איידעלע ביינער,
אויסגעבויט א שטאָט דיר
אף זייערע טויטע קערפּערס,
און אין פינצטערער טפּיסע
מיך, דעם העטמאַן, מיך, דעם פרײַען,
מיט הונגער מיך פארפּײַניקט
און מיט קייטן! קייסער! קייסער!
אויך גאָט וועט ניט צעשיידן
מיך מיט דיר: אין פענטעס
פארשמידט מיט מיר אף שטענדיק".
און אנטשוויגן... כ'גיב א קוק:
א ווײַסע כמארע דעקט דעם הימל.
און פון דעם הימל פון דעם גרויען,
א ווילדע כײַע וואָיעט.
ניט קיין כמארע, ווײַסע פויגלען,
פארוואָגלטע נעשאָמעס
איבערן קופערנעם קייסער
האָבן זיך צעיאָמערט:
מענטשן-פרעסער, שלאַנג דו!
ביז דעם שרעקלעכן געריכט
מיט דיר מיר זײַנען פעסט פארקאָוועט.
פארשטעלן וועלן מיר גאָטס געזיכט
פון דײַנע בלוט-זויגערישע אויגן.
פון אוקראַינע האָסטו
אונדז געטריבן, פון די היימען
הונגעריקע, הוילע
אף די פרעמדע שנייען.
און די הויט פון אונדז געשניטן,
און אין פורפור זיך געפרינדעט,
און אף אונדזערע געביינער
א הויפּטשטאָט זיך געגרינדעט.
גיב א קוק נאָר פאר זיך:
קלויסטערס, פאלאצן אין גאָלדן.
פריי זיך, בייזער אכזער!
אייביק זײַ פארשאָלטן!"

פון אוקראַיניש ד. האָפשטיין.

# פרידריכ שילער

1759—1805

## אײניקע ביאָגראַפישע יעדיִעס



פרידריכ שילער, דער באַרימטער דײַטשישער פאָעט און דראַמאַטורג, איז געבוירנ אינ 1759 יאָר. זײַנ פאָטער איז געווענ א מיליטער־פעלדשער. דער יונגער שילער האָט זיכ געלערנט אינ דער מיליטערישער אקאַדעמיע אינ שטוטגאַרט, אפ דער מעדיצינישער אָפטײלונג. געענדיקט די אקאַדעמיע, איז ער באַשטימט געוואָרנ אַלס פעלדשער אינ א פאָלק, ער האָט אָבער ניט געקאָנט אויסהאַלטנ די אומדערטרעגלעכע קאַזאַרמע־דיסציפלינ און איז פונ פאָלק אנטלאָפנ.

אינ 1780 יאָר האָט שילער אָנגעשריבנ זײַנ דראַמע „די רויבער,” אינ 1783 יאָר—די דראַמע „אינטריגע און ליבע”, אינ 1805 יאָר—„ווילהעלמ טעל”.

כוץ זײַנע דראַמאַטישע ווערק האָט נאָכ שילער אָנגעשריבנ א גרויסע צאָל לידער, באַלאַדעס און אויכ אײניקע פאָרשונג־אַרבעטנ וועגנ ליטעראַטור, קונסט און געשיכטע.

שילער האָט אינ זײַנ שאַפנ אויסגעדריקט די אידעאָלאָגיע פונ דער פראָגרעסיווער דײַטשישער בורזשואַזיע פונ סאָפ אכצנטנ און אָנהײב נײַנצטנ יאָרהונדערט, וועלכע האָט פראָטעסטירט קעגנ דעמ פעאָדאַליזמ, קעגנ פעאָדאַלנ לעבנ־שטײגער. די דײַטשישע בורזשואַזיע פונ יענער עפאָכע איז אָבער, ניט געקוקט אפ איר פראָגרעסיווקײַט, ניט פײִיק געווענ, צוליב באַשטימטע היסטאָרישע סיבעס, אפ עכטנ רעוואָליוציאָנערנ קאַמפ. אָט די דאָזיקע אײגנשאַפטנ אירע האָט אָפגעשפיגלט אינ זײַנ שאַפנ פר. שילער.

אינ זײַנ דראַמע „אינטריגע און ליבע” מאָלט שילער די צעפוילטקײַט פונעמ פעאָדאַלנ הערשנדיקנ קלאַס. די פאָרשטײער פונ דער פעאָדאַלער קליקע ווערנ אַרויסגעפירט אינ דער דראַמע אַלס פאַרברעכערישע און דעמאָראַליזירטע לײַט. פאַרקערט, די פאָרשטײער פונעמ בירגערלעכנ שיכט, לויזע מילער און איר פאָטער ווערנ אַרויסגעפירט אַלס פאָזיטיווע געשטאַלטנ, אַלס אָרנטלעכע מענטשנ. אויכ אינ דעמ ווערק האָט זיכ אַרויסגעוויזנ שילערס באַגרענעצטע און אומבאַהאָלפענע רעוואָליוציאָנערישקײַט. זײַנע פאָזיטיווע העלדנ געפינענ אינ זיכ ניט קײנ קראַפט צו קעמפנ קעגנ פעאָדאַליזמ, און קומענ אומ.

שילער איז געשטאָרבנ אינ 1805 יאָר.

# איִנטריגע און ליבע

(1783)

א בירגערלעכע טראַגעדיע אין 5 אַקטן.

## די אָנטייל נעמער:

פרעזידענט פאָן וואלטער — באַם הויף פון א דײַטשישן הערצאָג.
פערדינאַנד — זײַן זון, א מאַיאָר.
האָפמארשאַל פאָן קאַלב.
לעדי מילפאָרד — דעם הערצאָגס פאַוואָריטן.
וורם — הויז-סעקרעטאַר באַם פּרעזידענט.
מילער — שטאָט-מוזיקער, אָדער ווי מע רופט אים אין איינִיקע ערטער — קונסטשפּילער.
זײַן פרוי.
לויזע — זײַן טאָכטער.
א קאַמערדינער באַם פירשט.
פאַרשיידענע פּערזאָנען.

## ערשטער אַקט

דער צימער באַם מוזיקער.

### ערשטע סצענע.

מילער שטייט אוף פון זײַן אָרט, שטעלט אוועק אין א זײַט זײַן וויאָלאָנטשעל, די פרוי מילער זיצט באַם טיש אין א פרימאָרגן-קאָסטיום און טרינקט קאַווע.

מילער (גייט גיך ארום איבערן צימער הין און צוריק): איך זאָג דיר איינמאָל פאַר אַלעמאָל, די זאַך ווערט ערנסט. וועגן דער טאָכטער מײַנער און וועגן דעם פאָראָן פאַרשפּרייטן זיך מיִעסע קלאַנגען. ס'איז א שאַנד פאַר אונדזער הויז. דער פּרעזידענט וועט עס דערשמעקן און... מיט איין וואָרט, איך וועל ארויסגעבן דעם מאָזיקן יונקער.

די פרוי: אָבער דו האָסט דאָך אים ניט פאַרנאַרט צו זיך אין הויז, דו האָסט אים דאָך ניט אָנגעבונדן דײַן טאָכטער.

מילער: ניט פאַרנאַרט צו זיך אין הויז, ניט אָנגעבונדן אים דאָס מיידל! ווער וועט זיך וועלן פאַנאַנדערקלײַבן! צי דען האָב איך ניט צו שאַפן באַ זיך אין הויז? איך האָב באַדאַרפט געווען בעסער היטן מײַן טאָכטער. איך האָב באַדאַרפט געווען דעם מאַיאָר גוט ארײַנזאָגן אָדער באַלד וועגן אַלץ מעלדן זײַן עקסעלענץ, דעם הער דעם פּאַפּאַ זײַנעם. פאַרן יונגן באַראָן איז עס א שפּילעכל — דאָס איז קלאָר! און אַלע אומגליקן וועלן זיך אויסלאָזן צום מיידלער.

די פרוי (פארענדיקט טרינקען די קאווע): נארישקייטן! פוסטע רייד! וואָס וועט מען דיר טון? ווער קען דיך באשולדיקן און אין וואָס? דו טוסט דיין זאך און קלייבסט זיך די שילער, ווי דו קענסט נאָר.

מילער: דו זאָג מיר נאָר איינס — וואָס וועט פון דעם אלעמען ארויסקומען? ער וועט דאָך ניט הייראטן מיט א פּראָסטע מיידל — וועגן דעם איז ניטאָ וואָס צו רעדן. דו זע נאָר, היט זיך! ווען דו האָסט אין יעדער שפּארונע פון וואנט אן אויג, ווען דו שטייסט, ווי א וועכטער בא יעדן טראָפּן בלוט, — וועט ער אויך איר פארדרייען דעם קאָפּ, דערנאָך וועט ער איר אליין ווייזן א פייג — און זיי מיר געזונט. און פארן מיידל איז עס א שאנד אפן גאנצן לעבן. (גיט זיך ביטן פּריטש א קלאפּ איבערן שטערן). גאָט, דערבארעם זיך!

די פרוי: באשיץ אונדז, גאָטעניו!

מילער: מע דארף אליין ניט זיין קיין נאר. אפּ וואָס קען ער אויסרעכענען, דער דאָזיקער פוסטונפּאסניק? דאָס מיידל איז א שיינע, א שלאנקע, א פלינקע. דאָס, וואָס זי ווייסט ניט אין די פּאלאצן, — דאָס איז ניט קיין אומגליק... איך באשולדיק אים ניט, ער איז ניט מער ווי א מענטש. דאָס איז קלאָר.

די פרוי: דו וואָלסט נאָר איבערגעלייענט, ס'ארא וווּנדערשיינע צעטעלעך דער גנעדיקער באראָן שרייבט דיין טאָכטער. גאָט מיינער! פון די דאָזיקע בריוועלעך איז דאָך קלאָר, ווי דער טאָג, ווי זי איז אים טייער! זע נאָר, ס'ארא פרעכטיקע ביכער דער באראָן שיקט איר. לויזע בעט גאָט איבער זיי טאָג ווי נאכט.

מילער (פייפט): אוואדע, זי בעט גאָט. יאָ, יאָ, גוט פארשטאנען! פארברענ אָט די מיעסע ביכער! דאָס מיידל וועט זיך דעם קאָפּ פארדולן מיט גאָט ווייסט וואָס פארא פאנטאזיעס. דאָס בלוט וועט אויפברויזן, ווי פון א שפּאנישער פליג, און דעמאָלט וועט זי פארגעסן דאָס ביסל קריסטנטום, וואָס דער פאָטער האָט מיט אזא שווערקייט אין איר אונטערגעהאלטן. אין אויוון, זאָג איך דיר, ווארף זיי אריין! דאָס מיידל וועט זיך איינרעדן, דער רוער ווייסט וואָס. און אזוי וועט זיך דורכשפּאצירן אין דעם גאניידן פון די ליידיקגייערס, וועט זי ענדלעך ניט געפינען דעם וועג אהיים, זי וועט פארגעסן, זי וועט זיך אָנהייבן שעמען מיט איר פאָטער, מיט דעם פידלער מילער, און ענדיקן וועט זיך עס דערמיט, וואָס איך וועל נישט האָבן קיין אָרנטלעכן איידעם, וואָס וואָלט געוועג געקאָנט זיין מיין פליסיקער מיטהעלפער. ניין, כאפּט מיך דער טייוול! (שפּרינגט אוף אן אופגערעגטער) איך נעם זיך גלייך פאר דער זאך, און צום מאיאָר!... יאָ, איך וועל ווייזן דעם מאיאָר, מיט וועמען ער האָט צו טון. (ער וויל גיין).

די פרוי: פארליר נאָר ניט דעם פארשטאנד, מילער! וויפל באטרעפן נאָר די מאַטאָנעס אליין!

מילער (קערט זיך אום און שטעלט זיך געבן איר): ס'איז מיין טאָכטערס בלוט-געלט! גיי צו אלדע רוכעס! גיכער וועל איך זיך לאָזן גיין אין די הייזער מיטן פידל און וועל געבן קאָנצערטן פאר א שיסל געקעכץ, גיכער וועל איך מיין וויאָלאָנטשעל צעברעכן און וועל אָנהייבן פירן מיסט, איידער כ'וועל זיך צורירן צום געלט, פאר וועלכן מיין איינציק קינד וועט פארקויפן איר נעשאָמע און די אייביקע רו.

די פרוי: וואָס מאכסטו אזא טומל? זע נאָר, ווי ער האָט זיך עס אָנגעצונדן! איך זאָג אָט וואָס — מיר דארפן זיך נישט ווארפן מיטן מאיאָר: ער איז דאָך דעם פרעזידענטס זון.

מילער: אָט וואָס! איז טאַקע דערפאַר און טאַקע נאָר דערפאַר דאַרף מען נאָך היינט מאַכן א סאָף דערצו. דער פּרעזידענט וועט מיר נאָך זאָגן א דאַנק, אויב ער איז אַן אָרנטלעכער פאָטער... רייניק מיר נאָר אויס דעם רויטן פליסענעם ראָק; איך וועל אַוועקגיין צו זיין עקסעלענץ. איך וועל אים זאָגן „אייער עקסעלענץ, אייער זון געפעלט מיין טאָכטער; נאָר אַלס ווייב טויג זי אים ניט". און באַסטאַ! ניט אומזיסט הייס איך מילער!

## צווייטע סצענע.

די פרויערדיקע, דער סעקרעטאַר וורום.

די פרוי: הא, א גוט מאָרגן אייך, הער סעקרעטאַר! ענדלעך האָבן מיר ווי-דער דעם פאַרגעניגן...

וורום: הערט אויף, טייערינקע! אַז דער הויכער אַדל איז צו אייך אַזוי גוט, איז וואָס פאַר פאַרגעניגן קען מען שוין האָבן פון אונדז, געוויינלעכע בירגער?

די פרוי: נו, וואָס זאָגט איר! ס'איז ריכטיק, אַז דער הער מאַיאָר פאָן וואַלטער טוט אונדז אַמאָל אָן דעם פאַרגעניגן מיט זיין הויכער מילדקייט, נאָר דאָס הייסט נישט, אַז מיר פאַרמינדערן די ווערט פון אַנדערע מענטשן.

מילער (מיט פאַרדרוס): א פאָטעל דערלאַנג, ווייב. לייגט אַוועק אייער הוט, ליבער לאַנדסמאַן, הער וורום.

וורום (לייגט אַוועק דעם הוט און דעם שטעקן און זעצט זיך אַוועק): נו, וואָס מאַכט מיין צוקונפטיקע — אָדער געוועזענע? איך האָף... איך וועל זי דאָך זען — די מאַמזעל לויזע?

די פרוי: איך דאַנק אייך זייער, וואָס איר פאַרגעסט זי ניט, הער סעקרעטאַר! מיין טאָכטער האַלט זיך גאָרניט גרויס.

מילער (גיט בייז א שטופּ זי אין א זייט): דו!

די פרוי: א שאָד, וואָס זי קען זיך ניט זען מיט אייך. זי איז בא דער באָ-טאָגעדיקער גאָטעסדינסט.

וורום: זייער אַנגענעם! זייער אַנגענעם! איך וועל, הייסט עס, האָבן א פרומע, גאָטפאָרכטיקע פרוי.

די פרוי (שמייכלט, מיט א נאַרישן שטאָלץ): יאָ... אָבער... הער סעקרעטאַר...

מילער (מע זעט, אַז ער איז אין פאַרלעגנהייט, ער ציט די פרוי פאַרן אויער): דו!

די פרוי: אויב מיר קענען אייך דינען מיט עפּעס אַנדערש הער סעקרעטאַר, — איז מיט פולן פאַרגעניגן.

וורום (זשמורעט כיטרע מיט די אויגן): מיט וואָס אַנדערש? א גרויסן דאַנק אייך! א גרויסן דאַנק! המ! המ! המ!

די פרוי: פאַרשטייט זיך, הער סעקרעטאַר, גיט אַליין א קלער...

מילער (אייסער זיך פון פאַרדרוס. ער שטופּט די פרוי פון אונטן): דו...

די פרוי: גוט איז גוט, און בעסער איז בעסער. מיר וועלן דאָך ניט צעשטערן דאָס גליק פון אונדזער איינציק קינד (מיט פויערשן שטאָלץ). איר האָט עס אַליין ריכ-טיק באַמערקט, הער סעקרעטאַר...

ווורם (באַוועגט זיך אומרויִק אפֿן פּאָטעל, ער קראַצט זיך אונטערן אויער, ער פּאַריכט די מאַנזשעטן און דעם זשאַבאָ): כ'האָב באַמערקט? דאָס הייסט... יאָ... וואָס ווילט איר דערמיט זאָגן?

די פּרוי: איך... איך האָב נאָר געוואָלט... איך זאָג... (זי הוסט) אַזויווי גאָט וויל, אַז מײַן טאָכטער זאָל טאַקע ווערן אַ גנעדיקע מאַדאַם—

ווורם (שפּרינגט אויף פֿון אָרט): וואָס זאָגט איר? וואָס אַזוינס?

מילער: זיצט, זיצט, הער סעקרעטאַר! הערט נישט, וואָס די נאַרישע גאַנדז זאָגט! ווער האָט עס אויסגעטראַכט עפּעס אַ גנעדיקע מאַדאַם, ס'אַרא אײזלשע פּלאַפּלערײַ!

די פּרוי: דו זידל זיך, וויפֿל דו ווילסט, און איך ווייס מיר מײַנס... און דאָס, וואָס ס'האָט געזאָגט דער הער מאַיאָר, האָט ער געזאָגט...

מילער (אויסער זיך פֿון צאָרן וואַרפֿט זיך צו דער וויאָלאָנטשעל): דו וועסט אַנטשוויגן ווערן? און טאָמער ווילסטו, איך זאָל דיר דעם קאָפּ מיט דער וויאָלאָנטשעל צעקלאַפּן? וואָס קאָנסטו וויסן?... וואָס האָט ער דיר געקענט זאָגן?... הערט ניט דידאָזיקע פּלאַפּלערן, הער ווורם! מאַרש אין קיך! איך האָף, אַז איר האַלט מיך נישט פֿאַר אַזאַ טיפּעש, וואָס זאָל קענען האָבן אַזעלכע אויסזיכטן וועגן דעם מיידל. איך האָף, אַז איר וועט אַזוי ניט טראַכטן וועגן מיר, הער סעקרעטאַר.

ווורם: און איך האָב עס, דאַכט מיר, ניט פֿאַרדינט, הער מוזיק-מײַסטער. איר זעט דאָך, אַז איך האַלט זיך שטענדיק בײַ מײַן וואָרט. און מײַנע פּלענער וועגן אײַער טאָכטער דאָס איז אַלצײַנס, ווי אַ וועקסל אַפּ פּאַפּיר. בײַ מײַן אַמט, וואָס איך פֿאַרנעם, קען מען רויִק לעבן. דער פּרעזידענט באַציט זיך צו מיר גוט; און וואָלט איך געוואָלט אַ העכערן אַמט, וואָלט אין קיין פּראָטעקציע קיין אָפּהאַלט ניט געווען. איר זעט דאָך, אַז איך קלער ערנסט וועגן דער מאַמזעל לויזע; סײַדן נאָר עפּעס אַ פּוסטונפּאַסניק, אַן אַדל-מענטשל...

די פּרוי: הער סעקרעטאַר קענט איר ניט מיט מער רעספּעקט, דערלויבט אײַך באַמערקן...

מילער: כ'האָב דיר געזאָגט, האַלט דאָס מויל! הערט זי ניט, הער ווורם! אַלצ-בלײַבט, ווי ס'איז געווען... וואָס כ'האָב אײַך געזאָגט פֿאַראײַאָרן האַרבסט, דאָס זאָג איך אײַך אויך איצטער. איך צווינג נישט מײַן טאָכטער. זײַט איר איר צום האַרצן— זייער גוט, זאָל זי שוין טראַכטן, וויאַזוי מיט אײַך גליקלעך צו זײַן. וויל זי ניט— איז נאָך בעסער... ס'איז איר זאַך, האָב איך געוואָלט זאָגן. איר וועט זיך געזעגענען און מיטן פֿאָטער וועט איר אויסטרינקען אַ פֿלעשל. זי דאַרף מיט אײַך לעבן, ניט איך. נאָר צוליב אַקשאָנעס וועל איך קיין מאַן, וואָס איז איר ניט צום האַרצן, איר ניט אָנבינדן. צוליב וואָס זאָל איך עס טון, דער נישט־גוטער זאָל מיך אויף דער עלטער נישט לאָזן רוען? איך וואָלט קיין לעפֿל זופּ ניט געקאָנט אַראָפּשלינגען, קיין טראָפּן ווײַן ניט געקאָנט נעמען, איך זאָל ניט אַ טראַכט טון: „דו האָסט אומגעבראַכט דײַן קינד, מערדער!"

די פּרוי: און איך וועל אײַך קורץ און קלאָר זאָגן—איך גיב מײַן צושטימונג אַבסאָליוט ניט. מײַן טאָכטער איז געבוירן געוואָרן צוליב עפּעס העכערס און איך וועל אין אַלע געריכטן לויפֿן, אויב מײַן מאַן וועט זיך לאָזן אײַנרעדן.

מילער: דו ווילסט, איך זאָל דיר צעברעכן הענט און פֿיס, די אומדערטרעגלעכע פּלאַפּלערן!

ווורם (צו מילערן): דעם פֿאָטערס וואָרט איז פֿאַר דער טאָכטער זייער פֿיל. און מיך, האָף איך, קענט איר זייער גוט, הער מילער!

מילער: צו נאַלדע רוכעס! מע דאַרף, אַז לויזע זאָל אײַך קענען. דאָס וואָס איך, אַן אַלטער נאַר, זע אין אײַך, איז נאָך גאָרניט. איך קען אײַך פּינקטלעך פֿאַ־נאַנדערקלײַבן, צי איר טויגט פֿאַר אַן אָרקעסטער... נו, און אַ פֿרוירישע האַרץ קען אַפֿשמאָל פֿאַרבראַקעווען אַפּילו דעם קאַפּעלמײַסטער... נאָר איך מוז אײַך זאָגן, הער וורום—איך בין דאָך אַ פּאָשעטער און אומריכטיקער מענטש, פֿאַר מײַן וואָרט וועט איר מיר ניט שטאַרק דאַנקבאַר זײַן. איך גיב מײַן טאָכטער קיין שום אָנווײַזונג ניט, און הייראַטן מיט אײַך, הער סעקרעטאַר, וואָלט איך איר אוואַדע ניט געראָטן!

וורם (כאַפּט זײַן הוט און די שווערד און לויפֿט אַרויס פֿון צימער): איך בין אײַך האַר־ציק דאַנקבאַר, הער מילער!

מילער (גייט שטיל נאָך אים נאָך): פֿאַרוואָס־זשע באַדאַנקט איר אונדז, מיר האָבן אײַך מיט גאָרנישט ניט מעכאַבעד געווען, הער סעקרעטאַר! (ער קערט זיך אום). ער וויל גאָרנישט הערן און לויפֿט, דערדאָזיקער קאַנצעליאַריסט. דער פּוקס ווירקט אַף מיר ערגער ווי ריצנייל. ס׳אַרא פֿאַרדעכטיקע און העסלעכע באַשעפֿעניש! ניין! איידער אָפּ־געבן מײַן טאָכטער אַזאַ אויסוורף. זאָל זי בעסער... גאָטעניו, פֿאַרגעב מיר מײַנע זינד!

די פֿרוי (שפּײַט אויס גיפֿטיק): אָ, ס׳אַרא הונט דאָס איז! וואַרט אויס! מע וועט אים פֿאַרשטאָפּן דאָס מויל!

מילער: און דו ביסט עס אַרײַן מיט דײַנע פֿאַרפֿלוכטע יונקער! דו האָסט עס מיך פֿון די קיילים אַרויסגעבראַכט. דו ביסט קיינמאָל ניט אַזוי נאַריש, ווי דאַן, ווען דו מוזט אומבאַדינגט זײַן קלוג. נו, צוליב וואָס האָסטו פֿריִער אָנגעהויבן פּלאַפּלען וועגן אַ גנעדיקער מאַדאַם און וועגן דער טאָכטער? האָסט געפֿונען מיט וועמען צו רעדן! יענער דאַרף נאָר ווענען עפּעס דערשמעקן און אַפֿן צווייטן טאָג וועט שוין די גאַנצע מאַרק דערפֿון וויסן. די דאָזיקע מיִעסע באַשעפֿענישן ווייסן נאָר אײַן זאַך: זיי גייען פֿון הויף צו הויף, שמעקן און דערוויסן זיך, וואָס בײַ וועמען אין קעלער ס׳ליגט, וואָס פֿאַרא קעכער ס׳קאָכט, און זאָל זיך נאָר בײַ עמעצן פֿון צונג אַרויספֿרײַסן אַ נאַריש וואָרט—איז פֿערטיג שוין גאָרנישט! ווייסט שוין וועגן דעם אי דער הערצאָג, אי דער פּרעזידענט, און דו קענסט שוין וואַרטן אַף אַ געוויטער.

וורם, וואָס טרוימט וועגן הייראַטן מיט לויזע מילער, וויל זיך נוקעם זײַן אין לויזעס געליבטן, דעם פּרעזידענטס זון, פֿערדינאַנד פֿאָן־וואַלטער. ער דערציילט דעם פּרעזידענט, אַז זײַן זון, אַן אַדעליקער און אַ אָפֿיצער, האָט ליב אַ פּאָשעט בירגערלעך מיידל, אַ מוזיקערס אַ טאָכטער. דער פּרעזידענט באַשטימט כאַסענע מאַכן זײַן זון מיט דער לעדי מילפֿאָרד, דעם הערצאָגס אַ געוועזענע געליבטע. קעדיי צו שענקען דער לעדי טײַערע מאַטאָנעס, צום אָפּשייד מיט איר פֿאַרקויפֿט דער הערצאָג טויזנטער פֿון זײַנע אונטערטאַנער פֿאַר סאָלדאַטן קיין אַמעריקע. דער פּרעזידענט וויל זיך באַוואָרענען, אַז זײַן זון זאָל בעשום אופֿן ניט קענען אָפּזאָגן זיך פֿון הייראַט מיט דער לעדי מילפֿאָרד. ער לייגט פֿאָר דעם האָפֿמאַרשאַל פֿאָן קאַלב, אַ מענטשן, וואָס איז באַקאַנט ווי אַ רעכילעס־טרײַבער, ער זאָל צעפּויקן וועגן דערדאָזיקער כאַסענע איבער דער גאַנצער שטאָט.

## זיבעטע סצענע

דער פּרעזידענט, פֿערדינאַנד, סעקרעטאַר וורם. וורם גייט באַלד אַוועק.

פֿערדינאַנד: איר האָט באַפֿוילן, פֿאָטער...

פּרעזידענט: צום באַדויערן מוז איך באַפֿוילן דאַן, ווען איך וויל האָבן דעם פֿאַרגעניגן זען מײַן זון!.. פֿאַרלאָזט אונדז, וורם!—פֿערדינאַנד, שוין אַ שטיק צײַט, אַז איך קוק זיך צו דיר צו און איך זע, אַז דו האָסט פֿאַרלוירן די פֿריִערדיקע

יוגנטלעכע לעבעדיקײַט, וואָס האָט מיכ אַזוי אַנטציקט. עפּעס אַ מאָדנער אומעט איז שטענדיק אַפ דײַנ פּנים. דו מײַדסט מיכ אויס, דו מײַדסט אויס די געזעלשאַפט. פֿיו! אינ דײַנ עלטער קאָנ מענ פֿאַרגעבנ צענ שטיפעריײַענ איידער איינ זאָרג, דו פֿאַרלאָז זיכ אַפ מיר, מײַנ ליבער זונ, איכ וועל טראַכטנ וועגנ דײַנ גליק אונ דו זע נאָר, זאָלסט ווערט זײַנ צו שפּילנ די גרויסע ראָליע, וואָס איכ וועל פֿאַר דיר אויסקלײַבנ. קומ אַהער, פֿערדינאַנד, אונ נעמ מיכ אַרומ.

פ ע ר ד י נ א נ ד: איר זײַנט הײַנט זייער גוט, פֿאָטער.

פ ר ע ז י ד ע נ ט: נאָר הײַנט, שטיפער איינער! אונ מיט וואָס פֿאַר אַ זויערער גרימאַסע ער זאָגט עס! (ערנסט) פֿערדינאַנד! פֿונ וועמעס וועגנ האָב איכ עס דורכ־געלייגט דעמ געפֿערלעכנ וועג צו הערצאָגס האַרצ? פֿונ וועמעס וועגנ האָב איכ עס אַפ אייביק צעשטערט דעמ פֿרידנ מיטנ געוויסנ אונ מיטנ הימל? הער מיכ אויס, פֿערדינאַנד! איכ רעד מיט מײַנ זונ... פֿונ וועמעס וועגנ האָב איכ עס באַזײַטיקט אונ פֿאַרניכטעט מײַנ פֿאָרגייער אונ דערוואָרבנ אַנ אָרט אינ מיניסטעריומ? דידאָ־זיקע געשיכטע פּײַניקט מײַנ האַרצ, אונ וואָס מער איכ באַמי זיכ צו באַהאַלטנ דאָס מעסער פֿאַר דער וועלט, אַלצ גרעסער זײַנענ מײַנע לײַדנ! הער אויס: זאָג מיר, פֿערדינאַנד, פֿונ וועמעס וועגנ האָב איכ דאָס אַלצ געטאָנ?

פ ע ר ד י נ א נ ד (טרעט אָפּ אינ שרעק): צי דענ פֿונ מײַנעטוועגנ, פֿאָטער? צי דענ אַפ מיר דאַרפֿ פֿאַלנ דער בלוטיקער אָפּשײַנ פֿונ דעמדאָזיקנ פֿאַרברעכנ?

פ ר ע ז י ד ע נ ט: וואָס? וואָס אַזוינס? איבעריקנס, דײַנ ראָמאַנטישנ קאָפּ קאָנ מענ אַלצ פֿאַרצײַענ. פֿערדינאַנד, איכ וויל זיכ ניט בייזערנ! נאַרישער יינגל, וואָס דו ביסט! אָט דאָס, הייסט עס, איז דײַנ לוינ פֿאַר די שלאָפֿלאָזע נעכט? פֿאַר מײַנע באַשטענדיקע זאָרגנ? פֿאַר די אייביקע געוויסנ-ביסנ? אַפ מיר פֿאַלט די גאַנצע שווערע פֿאַראַנטוואָרטלעכקײַט, אַפ מיר פֿאַלנ די פֿלוכנ, דער דונער פֿונ העכסטנ געריכט... דו באַקומסט שוינ דאָס גליק פֿונ דער צווייטער האַנט... דער פֿאַרברעכנ גייט ניט איבער בעירושע. הער אויס, יונגערמאַנ, דו רעג מיכ ניט אויף! וועג אַלצ זאָל זײַנ אַזויווי דו ווילסט, וואָלסטו דאָס גאַנצע לעבנ זיכ געוואַלגערט אינ שטויב.

פ ע ר ד י נ א נ ד: ס'איז אַלצ בעסער, פֿאָטער, איידער קריכנ אַפ אַלע פֿיר אַרומ דעמ טראָנ.

פ ר ע ז י ד ע נ ט (האַלט אײַנ זײַנ צאָרנ): המ!.. דיכ מוז מענ מיט גוואַלד צווינגענ צו פֿאַרשטיינ דײַנ גליק: דאָס וואָס צענדליקער אַנדערע קאָנענ זיכ ניט דערשלאָגנ, נישט געקוקט אַפ זייער אָנגעשטרענגטער מי, דאָס גיט זיכ דיר שפּילעוודיק, ווי אינ אַ כאָלעמ. צו צוועלפֿ יאָר ביסטו שוינ אַ פֿאָנטרעגער, צו צוואַנציק—אַ מאַיאָר. איכ האָב עס פֿאַר דיר געשפּיעלט באַמ הערצאָג. דו וועסט אויסטונ די מיליטער-אוניפֿאָרמ אונ וועסט אָנקומענ. אינ מיניסטעריומ. דער פֿירשט האָט גערעדט וועגנ ראַנג פֿונ אַ געהיימראַט, וועגנ זאַמט פֿונ אַ קאָנסול, וועגנ אויסערגעוויינלעכע גנעדיקײַטנ. אונ אויכ דאָס באַגײַסטערט דיכ ניט?

פ ע ר ד י נ א נ ד: ניינ, ווײַל מײַנע פֿאָרשטעלונגענ וועגנ גרויסקײַט זײַנענ ניט ענלעכ אַפ אײַערע. אײַער גליק באַשטייט זעלטנ וועגנ אינ עפּעס אַנדערש, אַכוצ ווי אינ פֿאַרדאַרבנ אַ צווייטנ מענטשנ. קינע, שרעק מעסירע—אָט דאָס זײַנענ די או־מעטיקע שפּיגלענ, ווו ס'שפּיגלט זיכ אָפּ דער שמייכל פֿונ הויכנ הערשער. טרערנ, קלאָלעס, פֿאַרצווייפֿלונג—אָט דאָס איז דער שרעקלעכער מאָלצײַט, בא וועלכנ ס'פֿאַר־ווײַלנ זיכ אָט דידאָזיקע אַזויגערופֿענע גליקלעכע לײַט. זיי גייענ אַרויס פֿונ מאָלצײַט

פארשיקערט און אזוי גייען זיי, ווי אין א נעפל, אין דער אייביקייט, צו גאָטס טראָן... מיין אידעאַל וועגן גליק איז באַשיידענער—ער איז אין מיר אַליין. אַלע מיינע ווּנטשן זיינען באַהאַלטן בא מיר אין הארצן.

פרעזידענט: מייַסטערהאַפט, וווּנדערבאַר, אויסערגעוויינלעך! ס'איז אַריבער דרייסיק יאָר און איך מוז ווידער אויסהערן די ערשטע לעקציע! ס'איז נאָר א שאָד, וואָס מיין פּופּציקיאָריקער קאָפּ איז שוין טעמפּ געוואָרן צום לערנען. דאָך, קעדיי ניט לאָזן פאַרלוירן גיין אזא זעלטענעם טאַלאַנט, וועל איך דיר עמעצן רעקאָמענדירן, לעבן וועמען דו וועסט קאָנען אויסנוצן דיינע פייקייטן און וויפל דיין הארץ גלוסט אַרויסווייזן דיין פלוידערדיקע דולקייט. דו מוזט זיך אנטשליסן—נאָך היינט מוזטו זיך אנטשליסן—דו מוזט הייראַטן!

פערדינאַנד (טרעט אָפּ א פּאַרווּנדערטער): פּאַטער!

פרעזידענט: אָן קאָמפּלימענטן! איך האָב אין דיין נאָמען דער לעדי מילפאָרד א ווענדונג געשיקט. דו וועסט באַלד אַוועקגיין צו איר און וועסט איר זאָגן, אז דו לייגסט איר פאָר דיין הארץ.

פערדינאַנד: דער מילפאָרד, פּאַטער מיינער!

פרעזידענט: איך גלויב, אז זי איז דיר באַקאַנט!..

פערדינאַנד (אויסער זיך): צי דען איז פאַראַן אזא שאַנד-סלופּ אין הערצאָגטום, ווו ס'זאָל איר נאָמען ניט זיין באַקאַנט? אָבער איך וועל אויסזען גאָר קאָמיש, אויב איך וועל אייער שפּאַס, פּאַטער, אָננעמען פאַר ערנסט. צי דען וועט איר וועלן זיין א פּאַטער פון א זון אַן אויסוווּרף, וואָס גייט הייראַטן מיט א פּריווילעגירטער מאַוזאָריטן? איך באַשווער אייך, פּאַטער, אין נאָמען פון הימל און ערד! דער אומקום פון אייער איינציקן זון וועט אייך ניט מאַכן אַפּ אזויפיל גליקלעך, אַפּ וויפל ער וועט זיין אומגליקלעך. נעמט אייך דאָס לעבן מיינס, אויב דאָס קאָן אייך מאַכן גרעסער. דאָס לעבן האָב איך באַקומען דורך אייך און איך וועל זיך קיין איין מינוט ניט וואַקלען און וועל עס ברענגען פאַר א קאָרבן צוליב אייערע דערפאָלגן. אָבער מיין ערע, פּאַטער!..

פרעזידענט (קלאַפּט אים פריינטלעך איבערן אקסל): בראַוואָ, מיין ליבער זון! איצט זע איך, אז דו ביסט א וווילער יונג און ביסט ווערט צו האָבן די בעסטע פרוי אין גאַנצן הערצאָגטום. אזוי וועט עס טאַקע זיין. נאָך היינט צו מיט טאָג וועסטו זיך פאַרקנאַסן מיט דער גרעפין אָסטהיים.

פערדינאַנד (אַפּסניי פאַרווּנדערט): די דאָזיקע שאָ איז, דאַכט מיר, באַשטימט געוואָרן, קעדיי מיך אינגאַנצן אומצוברענגען.

פרעזידענט (קוקט מיט פאַרדאַכט אַפּ אים): כ'האָפּ, אז דאָ וועט דיין ערע גאָרנישט קאָנען ליידן?

פערדינאַנד: ניין, מיין פּאַטער! פרעדעריקא אָסטהיים וואָלט געקאָנט גליקלעך מאַכן יעדן איינעם (צו זיך אין גרויס פאַרלעגנהייט). דאָס, וואָס איז אין מיין הארץ געבליבן פון זיין ביזקייט, דאָס צעשטערט זיין גוטסקייט.

פרעזידענט (לאָזט ניט אראָפּ פון אים די אויגן): איך וואַרט אַפּ דיין דאַנקבאַרקייט, פערדינאַנד!

פערדינאַנד (גייט צו צום פּאַטער און קושט אים הייס די האַנט): פּאַטער, אייער גנעדיקייט דערהייבט אַלע מיינע געפילן. פּאַטער, איך דאַנק אייך פאַר אייער האַרציקער זאָרג וועגן מיר! אייער אויסוואַל איז אויסער וועלכן עס איז פאַרדאַכט... אָבער...

איך קאָן נישט... איך וואג נישט... דערבארעמט זיך איבער מיר... איך קאָן נישט ליב האָבן די גרעפין.

פּרעזידענט (טרעט אָפּ אפּ א שפּאן צוריק): אהא! איצט האָב איך געפּאקט דעם יונגנמאן! דו ביסט עס ארייַנגעפאלן, דו שווינדלער און ליגנער! הייסט עס, אז בא דיר איז דאָס גאָרניט קיין ערע-זאך, וואָס דו זאָגסט זיך אָפּ פון דער לעדי? הייסט עס, נים די פּערזאָן שטעלט דיך אָפּ, נאָר דאָס הייראטן אַליין.

פּערדינאַנד (שטייט אין אָנהייב, ווי פארגליווערט, דערנאָך שפּרינגט ער אויף און וויל אוועקגיין).

פּרעזידענט: וואוהין? שטיי! אָט דאָס שעצסטו אזוי דייַן פּאָטער? (דער מאיאָר קערט זיך אום). דייַן וויזיט בא דער לעדי איז שוין געמעלדן. איך האָב דעם פירשט דאָס וואָרט געגעבן. דער הויף, די גאנצע שטאָט, אלע ווייסן וועגן דעם. אויב דו, יונגערמאן, וועסט מיך ארויסשטעלן ווי א ליגנער פאר דער הערצאָג, פאר דער לעדי, פאר דער וועלט, ווי א ליגנער אין די אויגן פון די הויפלייַט... געדענק, פערדינאנד!.. אָדער איך וועל זיך דערוויסן וועגן עפּעס געשיכטעס... שטיי! וואָס זייַנען מיטאמאָל פּלוצים געוואָרן דייַנע באקן?

פּערדינאַנד (בלאַס, ווי שניי מיט א ציטערדיקער שטים): ווי? וואָס? ס'איז גאָר-נישט, פאָטער...

פּרעזידענט (שטעלט אָפּ אפּ אים זייַן גרויזאמען בליק): און אויב ס'איז יאָ עפּעס פאראן, און אויב איך וועל געפינען די סיבה פון דייַן איינגעשפּארטקייַט?.. אָ! דער פארדאכט אַליין דערענגט מיך ארייַן אין צאָרן! גיי שוין, די מינוט גיי! ס'הייבט זיך אָן דער וואכט-פּאראד. דו וועסט זייַן בא דער לעדי נאָכן פּאראָד. איך דאַרף נאָר וועלן—וועט אויפציטערן דאָס גאנצע הערצאָגטום! לאָמיר זען, ווי מיך וועט באזיגן מייַן פאראקשנטער זון! (ער גייט און קערט זיך ווידער אום). דו הערסט! דו וועסט זייַן דאָרטן, אניט היט זיך פאר מייַן צאָרן! (גייט אוועק).

פּערדינאַנד (קומט צו זיך נאָך דער פארגליווערונג): ער איז אוועק! און דאָס איז געווען די שטים פון פּאָטער? יאָ, איך וועל גיין צו איר, איך וועל קומען צו איר און וועל איר אויסזאָגן אלץ, איך וועל איר דעם שפּיגל ווייַזן, זאָל זי זיך אָן אים זען. אומווירדיקע פרוי! און ווען דו וועסט אויך דאן פארלאנגען מייַן האנט אין אָנוועזנהייַט פון גאנצן אדל, פון מיליטער און אין אָנוועזנהייַט פון פאָלק—איז דאן באוואָפן זיך מיטן גאנצן שטאָלץ פון דייַן ענגלאנד—איך וועל דיך ניט אנערקענען—איך, דער דייַטשישער יונגלינג! (ער גייט גיך אוועק).

## צווייטער אקט

א זאל אין פּאלאץ פון דער לעדי מילפאָרד. רעכטס א סאָפע, לינקס א פּאָרטעפּיאַנ.

### צווייטע סצענע.

לעדי מילפאָרד אין אן איינפאכן, אָבער עלעגאנטן פרימאָרגן-קאָסטיום, דעם הער-צאָגס אלטער קאַמערדינער מיט א שאכטעלע אין דער האנט.

קאַמערדינער: זייַן עקסעלענץ דער הערצאָג האָט באפוילן אייַך גריסן און האָט אייַך געשיקט דידאָזיקע בריליאנטן צו דער כאסענע. זיי זייַנען נאָר וואָס אָנגע-קומען פון ווענעציע.

לעדי (עפנט אויף דאָס שאכטל, טרעט דערשראָקן אָפּ אפּ צוריק): מענטש, וואָס האָט דייַן הערצאָג באצאָלט פאר דידאָזיקע שטיינער?

קאמערדינער (אומעטיק): זיי קאָסטנ אימ קיינ גראָשנ ניט.

לעדי: וואָס הייסט? ביסט אראָפּ פונ זינענ? זיי קאָסטנ גאָרנישט? אָבער דו... (טרעט אָפּ פונ אימ) דו קוקסט אפּ מיר אזוי, ווי דו וואָלסט געוואָלט מיכ דורכנעמענ מיט דיינ בליק דורכ אונ דורכ — אונ דידאָזיקע טייערע שטיינער, וואָס האָבנ גאָר קיינ פּרייז ניט, קאָסטנ, זאָגסטו, אימ גאָרניט?

קאמערדינער: נעכטנ זיינענ זיבנ טויזנט מענטשנ אוועק קיינ אמעריקע... יענע וועלנ עס באצאָלנ!

לעדי (שטעלט גלייכ אוועק דאָס שאכטל אפנ טיש אונ קייבט אָנ גיינ גיכ הינ אונ צוריק איבערנ זאל. נאָכ א ווייל שווייגנ ווענדט זי זיכ צומ קאמערדינער): אלטער, וואָס איז מיט דיר? דו וויינסט, דאכט זיכ?

קאמערדינער (ווישט אויס די אייגנ, ער ציטערט מיטנ גאנצנ קערפּער אונ זאָגט מיט א טויבער שטימ): דידאָזיקע בריליאנטנ... אויכ מיינע צוויי זינ זיינענ אוועק...

לעדי (קערעוועט זיכ אָפּ, זי איז אומרויִק, כאפּט זיינ האנט): אָבער ניט געצוווּנגענע האָט מענ זיי?

קאמערדינער (מיט א ביטערנ שמייכל): גאָט מיינער!.. ניינ, אלע זיינענ זיי גע־גאנגענ מיטנ גוטנ ווילנ!.. עמעס, עטלעכע דרייסטע יונגעלייט זיינענ ארויסגע־טראָטנ פאָרויס אונ האָבנ געפרעגט דעמ שעפ, ווי טייער דער הערצאָג פארקויפט א פּאָר מענטשנ. אָבער אונדזער גנעדיקער פּרינצ האָט באפוילנ, אז אלע פּאָלקנ זאָלנ ארויסטרעטנ אפנ פּאראד־פּלאצ אונ צעשיסנ די שרייערס. מיר האָבנ געהערט, ווי די ביקסנ האָבנ געקנאלט, מיר האָבנ געזענ, ווי דער מארכ האָט אפּ דער גאס א שפּריצ געטאָנ אונ די גאנצע ארמיי האָט געשריגנ: „הורא! קיינ אמעריקע!”

לעדי (לאָזט זיכ איינ שרעק אראָפּ אפּ דער סאָפע): גאָט מיינער! אונ איכ הער גאָר־נישט אונ איכ באמערק גאָרנישט!

קאמערדינער: אזוי איז עס, גנעדיקע פרוי! אומזיסט זייט איר מיט אונדזער הערצאָג אוועקגעפאָרנ אפנ בערנ־געיעג פּונקט דאנ, ווענ מע האָט אליארמירט די ארויסטרעטונג. א שאָד, וואָס איר האָט דורכגעלאָזט דידאָזיקע פייערונג. דער דונער פונ פּויקנ האָט אונדז געמאָלדנ, אז ס'איז שוינ צייט. דאָרטנ זיינענ די יעסוימימ מיט א געשריי נאָכגעלאָפנ דעמ לעבעדיקנ פאָטער, אונ דאָ איז, ווי א דולע, נאָכגע־לאָפנ די מוטער אונ געוואָלט מיט באגנעטנ דורכשטעכנ איר זויגנדיק קינד. די קא־לעס האָט מענ פונ די כאסאנימ אָפּגעטריבנ מיט די שווערדנ. גראָע אלטע לייט זיינענ געשטאנענ אינ פארצווייפלונג אונ האָבנ ענדלעכ נאָכגעוואָרפנ די קינדער די קוליעס זייערע, ווי איינער זאָגט: נעמט זיי קיינ אמעריקע... אונ די פּויקנ קלאפּנ פונ אלע זייטנ, קעדיי דער אלוויסנדיקער גאָט זאָל ניט דערהערנ אונדזער געבעט.

לעדי (שטייט אופ אינ גרויס אופרעגונג): צומ טייוול דידאָזיקע שטיינער! זיי צינדנ אָנ מיינ הארצ מיט פייער פונ גענעמ! (ווייכ צומ קאמענדינער). בארויִק זיכ, אומגליקלע־כער אלטער! זיי וועלנ זיכ אומקערנ, זיי וועלנ ווידער זיינ אינ זייער היימלאנד.

קאמערדינער (מיט געפיל): דאָס ווייסט נאָר גאָט אליינ! יאָ, זיי וועלנ זיינ! נאָכ בא דעמ שטאָט־טויער האָבנ זיי זיכ אויסגעקערעוועט אונ האָבנ א געשריי גע־טאָנ: „זאָל גאָט באהיטנ אייכ, אייערע פרויענ אונ אייערע קינדער! זאָל לעבנ אונ־דזער פאָטער, אונדזער הערצאָג! מיר וועלנ זיכ זענ אפּ יענער וועלט, אפּ קעמ הימלשנ געריכט!”

לעדי (גייט הינ אונ צוריק איבערנ צימער מיט גרויסע טריט): שרעקלעכ! אומענטשלעכ! אונ מיר האָט מענ געזאָגט, אז איכ האָב אָפּגעווישט אלע טרערנ!.. שרעקלעכ! שרעקלעכ!

ס׳עפּענען זיך בײַ מיר די אויגן. גײ, זאָג דײַן הער, אַז כ׳וועל אים אַלײן באַדאַנקען. (דער קאַמערדינער וויל אַוועקגײן, זי לײגט אים אַרײַן אין הויט אַ טײַסטערל מיט געלט) אָט האָסטו דיר דערפֿאַר, וואָס דו האָסט מיר דערצײלט דעם אמת.

קאַמערדינער (וואַרפֿט דעם טײַסטער אויפֿן טיש און זאָגט מיט פֿאַראַכטונג): לײגט עס צו צו דעם איבעריקן (גײט אַוועק).

פֿערדינאַנד קומט צו לעדי מילפֿאָרד און דערקלערט איר, אַז ער קאָן פֿאַר איר ניט כאַסענע האָבן, ווײַל ער האָט ליב לויִזע מילער. פֿון לעדי מילפֿאָרד קומט פֿערדינאַנד צו לויִזען. ער זאָגט איר צו, אַז ער וועט זי קײנמאָל ניט פֿאַרלאָזן, אַז ער וועט צעשטערן אַלע אינטריגעס פֿון זײַן פֿאָטער און וועט צערײַסן אַלע „אײַזערנע קײטן פֿון פֿאָרורטײלן".

## זעקסטע סצענע.

אין מילערס הויז.

מילער, זײַן פֿרוי, לויִזע, פֿערדינאַנד. עס קומט אַרײַן דער פּרעזידענט מיט אַן אויסעם באַדינער.

**פּרעזידענט** (באַם אַרײַנגײן): ער איז שוין דאָ!

**אַלע** (דערשראָקן).

**פֿערדינאַנד** (טרעט אָפּ עטלעכע שפּאַן צוריק): אין הויז פֿון אומשולד.

**פּרעזידענט**: ווו דער זון לערנט זיך זײַן געהאָרכזאַם דעם פֿאָטער?

**פֿערדינאַנד**: לאָזט דאָס איבער פֿאַר אונדז—

**פּרעזידענט** (שלאָגט אים איבער. צו מילערן): דו ביסט דער פֿאָטער?

**מילער**: איך בין דער מוזיקער מילער.

**פּרעזידענט** (צו זײַן פֿרוי): דו ביסט די מוטער?

**די פֿרוי**: יאָ, יאָ, די מוטער.

**פֿערדינאַנד** (צו מילערן): פֿאָטער, פֿיר אַוועק די טאָכטער! אָט-אָט וועט זי פֿאַלן אין אָנמאַכט.

**פּרעזידענט**: אומזיסטיקע מי! מיר וועלן זי אויפֿמונטערן. (צו לויִזען) שוין לאַנג ביסטו באַקאַנט מיטן פּרעזידענטס זון?

**לויִזע**: איך האָב בײַ אים ניט געפֿרעגט, ווער ער איז. פֿערדינאַנד וואַלטער קומט צו מיר אַרײַן פֿון נאָיאַבער כוידעש אָן.

**פֿערדינאַנד**: פֿאַרגעטערט זי!

**פּרעזידענט**: האָט ער דיר געגעבן עפּעס פֿאַרזיכערונגען?

**פֿערדינאַנד**: די פֿײַערלעכסטע, און ערשט צוריק מיט עטלעכע מינוט, פֿאַר גאָט אַלײן.

**פּרעזידענט** (מיט צאָרן צום זון): דו וואַרט נאָך, דיך וועט מען נאָך אַ רוף טון, זאָלסט זיך צערעכענען פֿאַר דײַנע שמוסערײַען. (צו לויִזען): איך וואַרט אויף ענטפֿער.

**לויִזע**: ער האָט זיך געשוווירן, אַז ער האָט מיך ליב.

**פֿערדינאַנד**: און וועט די שווּע ניט ברעכן.

**פּרעזידענט**: צי דען מוז איך דיר הײסן שווײַגן? און דו האָסט אָנגענומען די שווּע?

**לויִזע**: איך האָב געענטפֿערט מיט דעמזעלבן.

**פֿערדינאַנד** (אַנטשײדן): אונדזער בונד איז געשלאָסן.

פרעזידענט: איך וועל הייסן ארויסוואַרפֿן דעם ווידערקאָל. (צו לוויזען בייז): אָבער איך האָף, אַז ער האָט דיר געצאָלט?

פערדינאַנד: פֿאָטער! זאָל זיין די אומשולד איז אין אַן אָרעם קלייד, דאַכט פֿאָדערט זי צו זיך אַכטונג...

פרעזידענט (בעלאַכט זיך אָפּ אַ קאָל): זעלטן צוגעטראַכט! דער פֿאָטער דאַרף, הייסט עס, אַכטן דעם זונס געליבטע.

לוויזע (פֿאַלט אין אָנמאַכט): אָ, הימל און ערד!

פערדינאַנד (הייבט אויף די שווערד אַפֿן פֿאָטער, לאָזט זי אָבער באַלד אַראָפּ): פֿאָטער! איינמאָל בין איך אייך שולדיק געווען מיין לעבן — דערדאָזיקער חוב איז אָפּגעצאָלט! (לייגט אַריין די שווערד אין שיידל). אַלע רעכנט אָפּ מיין געהאָרכזאַמקייט ווערן פֿאַרניכטעט.

מילער (וואָס איז ביז איצט געשטאַנען אין אַ זייט, גייט אומרויִק פֿאָרויס, ער קריצט מיט די ציין פֿון צאָרן און זאָגט): אייער עקסעלענץ, וועמען איז דאָס קינד נעענטער, ווי דעם פֿאָטער? אַנטשולדיקט! ווער עס שענדעט די טאָכטער — דער פֿאַטשט איבערן פּאָנעם דעם פֿאָטער, און אַף אַ פּאַטש ענטפֿערט מען מיט אַ פּאַטש, — אַזאַ טאַקסע איז עס בא אונדז. אַנטשולדיקט!

די פֿרוי: גאָט באַשיץ אונדז! דער אַלטער האָט זיך עס צערעדט און פֿאַרפֿאַלן זיינען אונדזערע קעפּ! אַלטער, דו וועסט אומברענגען אי דאָס ווייב, אי די טאָכטער.

פערדינאַנד: פֿאָטער, די גרויסע ראָליע, וואָס איר שפּילט דאָ, וואָלט איר בעסער געקאָנט דורכפֿירן אָן אײדעס.

מילער (גייט צו נעענטער צו אים): דאָס איז גוט און אָרנטלעך געזאָגט! אַנטשולדיקט, אייער עקסעלענץ! איר קאָנט זיך טון, וואָס איר ווילט, דאָרט בא אייך אין הערצאָגטום, און דאָ, דאָ איז מיין הויז. אַז כ׳וועל זיך צו אייך מיט אַ ביטע ווענדן, וועל איך זיך צו אייך בוקן און אַן אומגעבעטענעם גאַסט וועל איך פֿון שטוב אַרויסוואַרפֿן! אַנטשולדיקט.

פרעזידענט (ווערט בלאַס פֿון צאָרן): וואָס? וואָס אַזוינס? (גייט צו צו אים נעענטער).

מילער (טרעט פֿאָרזיכטיק אָפּ): דאָס איז געווען נאָר מיין מיינונג, אַנטשולדיקט, הער!

פרעזידענט (אויסער זיך פֿון כּעס): אָ, דו אויסוווּרף! מיט דיינע אַזעלכע מיינונגען וועל איך דיך פֿאַרשפּאַרן אין טורמע. היי! פּאָליציי אַהער! (אייניקע פֿון די דינער גייען אַרויס. דער פּרעזידענט שפּאַנט צאָרנדיק אום איבערן צימער) דעם פֿאָטער אין טורמע! די מוטער און די אויסגעלאַסענע טאָכטער צום שאַנד-סלופּ! די גערעכטיקייט וועט מיר העלפֿן אין מיין צאָרן. פֿאַר דערדאָזיקער שאַנד וועל איך פֿאָדערן אַ שרעקלעכע באַפֿרידיקונג. אַזאַ אויסוווּרף זאָל מיינע פּלענער צעשטערן און זאָל אומבאַשטראָפֿט העצן דעם זון קעגן פֿאָטער? וואַרט אויס, איר פֿאַרפֿלוכטע! איך וועל אָנזעטיקן מיין האַס דורך אייער אומקום! די גאַנצע כאָפּטע, דעם פֿאָטער, די מוטער און די טאָכטער וועלן זיין אַ קאָרבן פֿון מיין פֿלאַמיקער נעקאָמע!

פערדינאַנד (גייט צו צו זיי מיט אַ רויִקער זיכערקייט): וואַרט נאָך אויס! שרעקט זיך ניט! איך בין מיט אייך! (צום פּרעזידענט מיט האַכנאָע): אײַלט זיך ניט אַזוי, פֿאָטער! אויב ס׳איז אייך טייער אייער נאָמען, איז באַנוצט ניט קיין גוואַלדטאַט! ס׳איז פֿאַראַן אַ ווינקל אין מיין האַרץ, ווו ס׳איז נאָך ניט געהערט געוואָרן דאָס וואָרט „פֿאָטער“. משפּעט ניט דעמדאָזיקן ווינקל!

פרעזידענט: שווײַג, דו אומווירדיקער! גענוג מיך אופרעגן!

מילער (קומט צו זיך פון דער טעמפּער פאַרגליווערונג): דו, ווײַב, גיב אַכטונג אויף דער טאַכטער! איך וועל אַוועק צום הערצאָג! דער הויף־שנײַדער—גאָט אַליין האָט מיר אונטערגעזאָגט דעמדאָזיקן געדאַנק—דער הויף־שנײַדער לערנט זיך בײַ מיר אויף דער פֿלייטע שפּילן. ער וועט מיר העלפֿן דורכגיין צום הערצאָג. (ער וויל גיין).

פרעזידענט: צום הערצאָג? דו האָסט, ווײַזט אויס, פֿאַרגעסן, אַז איך בין די שוועל, איבער וועלכער מ'דאַרף איבערשפּרינגען אָדער ברעכן דעם קאַרק. צום הערצאָג? דו טעמפּער קאָפּ וואָס דו ביסט! דו פּרוּוו עס, ווען דו וועסט זיצן לע־בעדיקערהייט באַגראָבן אין קעלער, אין טורמע, דאָרט ווו די נאַכט און דער גע־נעם זײַנען באַפֿרײַנדעט, וווּהין ס'דרינגט ניט אַרײַן גיט קיין שײַן און ניט קיין קלאַנג. קלאַפּ־זשע דאַן מיט דײַנע קייטן און וויין, וואָס אַזאַ גרויסער אומגליק האָט זיך געטראָפֿן.

## זיבעטע סצענע

די פֿריערדיקע. די פּאָליציי־לײַט.

פערדינאַנד (לויפֿט צו צו לויִזען. וואָס פֿאַלט אין אָנמאַכט אויף זײַנע הענט): לויִזע! העלפֿט, ראַטעוועט! דער שרעק האָט בײַ איר אָפּגענומען די קרעפֿטן.

מילער (כאַפּט זײַן שטעקן, טוט אָן זײַן הוט און שטעלט זיך אין אַ באַשיצונג־פּאָזע).

די פֿרוי (פֿאַלט אויף די קני פֿאַרן פּרעזידענט).

פרעזידענט (צו די פּאָליציי־לײַט. באַווײַזט זיי דעם אָרדען): אין נאָמען פֿון הערצאָג נעמט זיי! אַוועק פֿון דער אויסגעלאַסענער, דו יונגאַטש! דאָס איז נישט וויכטיק, וואָס זי איז אין אָנמאַכט. אַז מע וועט איר אָנטון אַן אײַזערנעם האַלדז־באַנד, וועלן זי די גאַסן־ייִנגלעך אופֿמונטערן מיט שטיינער און מיט שמיץ.

די פֿרוי: האָט ראַכמאָנעס, אײַער עקסעלענץ! האָט ראַכמאָנעס! דערבאַ־רעמט זיך!

מילער (הייבט אויף מיט קאַס די פֿרוי פֿון דיל): די בעט גאָט, אַלטע פּעל, און ניט דעמדאָזיקן אויסוווּרף! אַלציינס דאַרף איך שוין גיין אין טורמע.

פרעזידענט (בײַסט די ליפּן): זע נאַר, דו זאָלסט קיין טאָעס ניט האָבן אין דער רעכענונג, דו אַלטע קאַנאַליע! די טליִע שטייט נאָך ליידיק. (צו די פּאָליציי־לײַט): וואָס האָב איך אײַך געזאָגט?

די פּאָליציי־לײַט (שטופּן זיך צו לויִזען).

פערדינאַנד (לויפֿט צו צו לויִזען, שטעלט זיך אַוועק לעבן איר און זאָגט ביטער): ווער וואָגט עס? (נעמט אַרויס די שווערד צוזאַמען מיטן שיידל און באַשיצט זיך מיטן עפֿעס) זאָל זיך צו איר צורירן דער, וואָס האָט זײַן שאַרבן דער פּאָליציי פֿאַרקויפֿט. (צום פּרעזידענט) דערבאַ־רעמט זיך איבער אײַך אַליין! דערפֿירט מיך ניט צו...

פרעזידענט (מיט דראָונג צו די פּאָליציי־לײַט): אויב ס'איז אײַך טײַער אײַער ברויט, האָט...

די פּאָליציי־לײַט (טרעטן צו צו לויִזען).

פערדינאַנד: אַוועק, טײַוולאָנים! מע זאָגט אײַך אַוועק! נאָכאַמאָל בעט איך: דערבאַרעמט זיך פֿאָטער! שוינט זיך אַליין! דערפֿירט מיך ניט צו עקסצעסן.

פרעזידענט (צאָרנדיק צו די פּאָליציי־לײַט): אַט דאָס באַווײַזט איר אײַער געטרײַ־שאַפט, שווינדלער!

פּאָליציי־לײַט (כאַפּן דרייסטע לויזען).

פּערדינאַנד: אויב ס'האַלט שוין דערבײַ... (ער אַנטבלויזט די שווערד און פּאַרווונדעט עטלעכע פּאָליציי־לײַט). פּאַרצײַ מיר, דו העכסטער געריכט!

פרעזידענט (אויסער זיך פון צאָרן): לאָמיר זען, צי וועט אויך מיך אָנרירן דיין דידאָ־זיקע שווערד! (ער כאַפּט לויזען, הייבט זי אויף און גיט זי איבער איינעם פון די פּאָליציי־לײַט).

פּערדינאַנד (מיט אַ ביטערן שמייכל): פאָטער, פאָטער! איר זײַט אַ פּאַסקוויל אויף גאָט, ניט גוט קלײַבט ער זיך פּאַנאַנדער אין מענטשן, אַז ער קאָן מאַכן פון אויס־געצייכנטע הענקער שלעכטע מיניסטאָרן!

פרעזידענט (צו די פּאָליציי־לײַט): פירט זי אַוועק!

פּערדינאַנד: פאָטער! זי וועט שטיין לעבן שאַנד־סלופּ, אָבער צוזאַמען מיטן מאַיאָר, מיטן פּרעזידענטס זון! איר ווילט נאָך אַלץ אויספירן אײַערס?

פרעזידענט: אויב אַזוי, וועט דער ספּעקטאַקל זײַן נאָך אינטערעסאַנטער, פירט זי

פּערדינאַנד: פאָטער, איך וועל אַ וואָרף טון די אָפיצערישע שווערד צו איר פיס! איר ווילט נאָך אַלץ אײַערס אויספירן?

פרעזידענט: די שווערד אפילע אויף דיר איז געוווינט צו שאַנד. פירט זי, פירט זי! איר האָט געהערט מײַן באַפעל!

פּערדינאַנד (שטופּט אָפּ איינעם פון די פּאָליציי־לײַט, מיט איין האַנט נעמט ער אַרום לויזען, מיט דער צווייטער הייבט ער אויף איבער איר די שווערד): פאָטער! איך וועל ניט דער־לויבן שענדן מײַן פרוי. איך וועל זי גיכער דערשטעכן. איר ענדערט ניט אײַער באַפעל?

פרעזידענט: ביטע, אויב דײַן קלינג איז גענוג שאַרף...

פּערדינאַנד (לאָזט אַרויס לויזען פון די הענט, הייבט אויף די אויגן צום הימל): דו ביסט מײַן איידעס, אַלמעכטיקער גאָט! איך האָב אויסגעפּרוווט אַלע מענטשלעכע מיטלען. איצט דאַרף מען זיך נעמען פאַר די טײַוולאָנישע. פירט זי צום שאַנד־סלופּ, און דערווײַל (שרײַט דעם פּרעזידענט אין אויער) דערווײַל וועל איך איבער דער גאַנצער הויפּטשטאָט צעטראָגן די געשיכטע וועגן דעם, ווי מע ווערט עס אַ פּרעזידענט! (גייט אַוועק).

פרעזידענט (ווי דורך אַ דונער דערשלאָגן): וואָס אַזוינס?... פּערדינאַנד!.. לאָזט זי אָפּ! (לויפט נאָך נאָך דעם מאַיאָר).

# דריטער אקט

## ערשטע סצענע

א זאַל באַם פּרעזידענט אין פּאַלאַץ. ס'קומט אַרײַן דער פּרעזידענט מיטן סעקרעטאַר וורם.

פרעזידענט: אַן אומפאַרשטענדלעכע, אַן אומגעהערטע זאַך!

וורם: דערפאַר האָב איך זיך טאַקע געשראָקן, אײַער עקסעלענץ! אַ גוואַלד־טאַט רעגט שטענדיק אויף די טרויִמערן און פירט זיי קיינמאָל ניט אַרויף אויף אַ וועג.

פרעזידענט: איך האָב אַלע האָפענונגען געלייגט אויף דעמדאָזיקן אַרעסט. איך האָב אַזוי געטראַכט: אַז מע וועט דאָס מיידל צו שאַנד מאַכן, וועט ער, ווי אַן אָפיצער, זי מוזן אַוועקוואַרפן.

װורמ: ריכטיק, אָבער דאָס אַליין װאָלט אײַך צו שאַנד געבראַכט.

פּרעזידענט: דאַכ, װענ איכ גיב איצט גלײַכגילטיק א טראַכט—װאָלט איכ זיכ ניט באַדאַרפט געװענ אונטערגעבנ. ער װאָלט זיכער קיינמאָל ניט אויסגעפּילט זײַנ דראָונג.

װורמ: זאָגט ניט אזוי!... די צערודערטע לײַדנשאַפט איז גרייט אַפ דער גרעס-טער װילדקײַט. ער איז צו יונג און צו הייס. ער קאָנ ניט געפינענ קיינ געשמאַק אינ לאַנגזאַמענ זיגזאַג-אַרטיקנ גאַנג פונ דער אינטריגע. און אַנדערנ זײַנ אַמ-ביציע קאָנ נאָר א גרויסע, אַנ אויסערגעװיינלעכע זאַכ.

פּרעזידענט (מיט פאַרדרוס): גוט! אָבער װיאַזוי װעט דידאָזיקע זאַכלעכע באַ-מערקונג פאַרבעסערנ אונדזערע געשעפטנ?

װורמ: גאַנצ פּאָשעט. די זאַכ איז נאָכ נישט אינגאַנצנ פאַרשפּילט. פאַרגעסט אַפ א װײַלע, אַז איר זײַנט זײַנ פאָטער. קעמפט ניט מיט דער לײַדנשאַפט, װאָס פאַרשטאַרקט זיכ נאָר פונ יעדנ קלײנעמ װידערשטאַנד. דערלויבט מיר טאַקע אַפ דעמ פײַער פונ דערדאָזיקער לײַדנשאַפט אויסװאַרעמענ דעמ װאָרעמ, װאָס װעט די לײַדנשאַפט פאַרניכטנ.

פּרעזידענט: איכ בינ זייער גיריק צו װיסנ...

װורמ: אָדער איכ פאַרשטיי שלעכט דעמ באַראָמעטער פונ האַרצנ, אָדער דער מאַ-יאָר איז פונקט אזוי שרעקלעכ אינ אײַפערזוכט, װי אינ ליבע. רופט באַ אימ אַרויס א פאַרדאַכט צומ מיידל, זאָל זײַנ אַפילע אָנ א שומ גרונט. ס'איז גענוג איינ גראַנ הייװנ, קעדיי מע זאָל די גאַנצע מאַסע בּרענגענ אינ א צושטאַנד פונ צעשטערנ-דיקער יוירונג.

פּרעזידענט: װוּ-זשע נעמט מענ דעמדאָזיקנ גראַנ?

װורמ: איצט זײַנענ מיר דערגאַנגענ צומ װיכטיקסטנ פונקט. פריִער פאַר אַלצ דערקלערט מיר, אַפ װיפל איר ריזיקירט, אויב דער מאַיאָר װעט זיכ ניט אונטער-געבנ. אַפ װיפל איז פאַר אײַכ װיכטיק מאַכנ א סאָפ צומ ראָמאַנ מיט דעמ ביר-גערלעכנ מיידל און פאַרװירקלעכנ דעמ פּלאַנ מיט דער לעדי מילפאָרד.

פּרעזידענט: צו דאַרפסטו נאָכ װעגנ דעמ פרעגנ, װורמ? איכ ריזיקיר מיט מײַנ גאַנצער װירקונג, אויב די פּאַרטיע מיט דער לעדי װעט ניט פאַרװירקלעכט װערנ, און אויב איכ װעל צװינגענ דעמ מאַיאָר, ריזיקיר איכ מיט מײַנ קאָפּ.

װורמ: איצטער זײַט אזוי גוט און הערט מיכ אויס. דעמ הער מאַיאָר װעלנ מיר אַרומשפּינענ מיט פאַלשקײַט. קעגנ מיידל װעלנ מיר אָנװענדנ די גאַנצע מאַכט אײַערע. מיר װעלנ איר דורכדיקטירנ א ליבע-בריװל צו א צװייטער פּערזאָנ און אַפּנ געשיקטסטנ אויפנ ·עס אונטערוקנ דעמ מאַיאָר.

פּרעזידענט: א נאַרישער אײַנפאַל! אָט טאַקע באַלד װעט זי אײַנגיינ אַלײנ אונטערשרײַבנ איר טויט-אורטייל.

װורמ: זי מוז אײַנגיינ דערויפ. איר באַפּולמעכטיקט מיכ נאָר! איכ קענ איר גוט האַרצ. באַ איר זײַנענ פאַראַנ צװיי שװאַכקײַטנ, מיט װעלכע מע קענ באַקעמפנ איר געװיסנ—דאָס איז דער פאָטער אירער און דער מאַיאָר. דער לעצטער װעט בלײַבנ אינ א זײַט, װעט אונדז דעמאָלט נאָכ לײַכטער זײַנ אויסנוצנ דעמ מוזיקער.

פּרעזידענט: צומ בײַשפּיל?

וו ו ר ם: נאָכ דעם, וואָס איר האָט מיר דערציילט וועגן דער סצענע בא אים אינ הויז, איז גאָרנישט שווער א דראָ טונ דעם אלטנ מיט א קרימינעלנ געריכט. דעם הערצאָגס באליבטע פערזאָנ, אונ די פערזאָנ, וואָס היט דעם שטעמפל, איז, קאָנ מענ זאָגנ, דער שפיגל פונ זיינ עקסעלענצ. באליידיקנ דעם פרעזידענט — איז אלציינס ווי באליידיקנ זיינ עקסעלענצ. יעדנפאלס מיט דעמדאָזיקנ לייכטנ שרעק-מיטל וועל איכ אינדרייענ צונויפדריייענ דעם אָרעמענ מוזיקער.

פ ר ע ז י ד ע נ ט: מע דארפ נישט דערפירנ די זאכ ביז ערנסט.

וו ו ר ם: פארשטייט זיכ! מע דארפ נאָר די גאנצע פאמיליע נעמענ אינ קלעם. פריער פאר אלצ וועלנ מיר שטילערהייט ארייננזעצנ דעם פאָטער. קעדיי זיי נאָכ מער אָנשרעקנ, קענ מענ נעמענ אויכ די מוטער. מיר וועלנ זיי אָנשרעקנ מיט א קרימינעלער באשולדיקונג, מיטנ עשאפאָט, מיט פארזעצנ אפ אייביק אינ פעסטונג, אונ דער איינציקער באדינג באפרייענ אים, וועט זיינ דער טאָכטערס בריוו.

פ ר ע ז י ד ע נ ט: אויסגעצייכנט, כ׳פארשטיי!

וו ו ר ם: זי האָט ליב דעם פאָטער, מע קאָנ זאָגנ, ליידנשאפטלעכ. דאָס, וואָס זיינ לעבנ איז אינ געפאר, אמווייניקסטנ — זיינ פרייהייט, די געוויסנ-ביסנ, אז זי אליינ איז אינ דעם שולדיק, דער געדאנק, אז זי וועט ניט קענענ נעמענ דעם מאיאָר, ענדלעכ דער טומל אינ קאָפּ, וועגנ וואָס איכ וועל זיכ שוינ באמיענ, — דאָס אלצ צוזאמענ... זי מוז ארייננפאלנ אינ א פאסטקע.

פ ר ע ז י ד ע נ ט: אָבער מיינ זונ? ער וועט אוואדע באלד וועגנ אלצ זיכ דערוויסנ. דאָס וועט אים נאָכ מער אופרעגנ.

וו ו ר ם: דאָס גיט שוינ איבער מיר, גנעדיקער הער! דעם פאָטער אונ די מוטער וועלנ מיר ניט ארויסלאָזנ פריער, איידער די גאנצע פאמיליע וועט ניט שווערנ, אז זי וועט די זאכ האלטנ בעסאָד אונ וועט באשטעטיקנ די פעלשונג.

פ ר ע ז י ד ע נ ט: א שוועע? וואָס הייסט א שוועע, דו נאר איינער?

וו ו ר ם: פאר אונדז איז עס גאָרניט, אייער עקסעלענצ, אָבער פאר יענעם סאָרט מענטשנ — איז עס אלצ. איצטער זעט, ווי געשיקט מיר וועלנ אזוי ארום ביידע דער־גרייכנ אונדזער ציל. דאָס מיידל וועט אָנווערנ דעם מאיאָרס ליבע אונ איר גוטנ נאָמענ. דער פאָטער אונ די מוטער וועלנ אנטשוויגנ ווערנ אונ פאוואָלינקע וועט דידאָזיקע רייסעריי זיי אזוי דערנידעריקנ, אז ענדלעכ וועלנ זיי רעכענענ פאר א גרויסנ גנאָד, ווענ איכ וועל פאָרלייגנ דעם מיידל צו זיינ מיינ פרוי אונ דערמיט צוריק אופשטעלנ איר רעפּוטאציע.

פ ר ע ז י ד ע נ ט (שאָקלט מיטנ קאָפּ אונ לאכט): יאָ, כ׳גיב זיכ אונטער, דו האָסט מיכ איבערגעשטיגנ, דו שווינדלער! דאָס געוועב איז טייוולאָניש פיינ! דער שילער האָט איבערגעשטיגנ דעם מייסטער! — איצטער איז די פראגע, וועמענ דארפ זיינ אדרעס׳רט דער בריוו? מיט וועמענ דארפ מענ זי כוישעד זיינ?

וו ו ר ם: פארשטייט זיכ, מיט אזא מענטשנ, וואָס וועט נאָכנ באשלוס פונ אייער זונ אלצ געווינענ, אָדער אלצ פארלירנ.

פ ר ע ז י ד ע נ ט (נאָכ א ווײַלע טראכטנ): איכ ווייס נאָר דעם האָפמארשאל.

וו ו ר ם (ציט מיט די אקסלענ): וואָלט איכ געווענ לויזע מילער, וואָלט ער גאָרניט געווענ לויט מיינ געשמאק.

פ ר ע ז י ד ע נ ט: אונ פארוואָס ניט? וווּנדערבאר! ער פארמאָגט א גלענצנדיקנ גארדעראָב, אנ אטמאָספער פונ פארפומ אונ מוסקוס, בא יעדנ וואָרט געמיינקייט

און א הויפּן דוקאַטן. צי דען איז ניט גענוג, אַז אָט די אַלע דעליקאַטעסן זאָלן פאַרדרייען דעם קאָפּ פון א פּאָשעטער בירגער? — אָ, גוטער פריינט! די אייפערזוכט קלייבט זיך נישט אזוי פאַנאַנדער. איך שיק נאָכן מאַרשאַל. (קלינגט).

וואָרם: ביז אייער עקסעלענץ וועט זיך באַשעפטיקן מיט אים און ביז איר וועט באַפוילן אַרעסטירן דעם פידלער, וועל איך גיין צונויפשטעלן דעם נייטיקן ליבע-בריוו.

פּרעזידענט (גייט צו צום שרייב־טיש): דו זאָלסט מיר ברענגען איבערלייענען, ווי נאָר ער וועט פאַרטיק זיין. (וואָרם גייט אוועק. דער פּרעזידענט זעצט זיך און שרייבט. עס קומט א קאַמערדינער. דער פּרעזידענט שטייט אויף און גיט אים אָפּ א פּאַפּיר). דערדאָזיקער באַפעל וועגן אַרעסט מוז גלייך אוועקגעשיקט ווערן אין געריכט. א צווייטער קאַמערדינער זאָל גיין צום האָפמאַרשאַל און אים בעטן קומען צו מיר.

קאַמערדינער: דער גנעדיקער הער האָפמאַרשאַל איז נאָר וואָס צוגעפאָרן.

פּרעזידענט: נאָך בעסער — אָבער די אַנשטאַלטן זאָלן פאָרזיכטיק זיין מיטן אַרעסט. זאָג זיי, אַז ס'זאָל דאָרט קיין אויפשטאַנד ניט פאָרקומען.

קאַמערדינער: זייער גוט, אייער עקסעלענץ!

פּרעזידענט: פאַרשטאַנען? וואָס שטילער!

קאַמערדינער: גאַנץ גוט, אייער עקסעלענץ! (אָפּ).

דער פּרעזידענט רעדט זיך צונויף מיטן האָפמאַרשאַל פאָן קאַלב וועגן דעם, אַז ער, פאָן קאַלב, וועט באַקומען דורך וואָרמען א ליבע־בריוו פון לויזע מילער, אַדרעסירט צו אים און וועט אים קלוימערשט פאַרלירן אזוי, אַז פערדינאַנד זאָל אים געפינען.

## פינפטע סצענע

לויזע אַליין.

לויזע (בלייבט א ווייַלע אומבאַוועגלעך און שטיל, ענדלעך שטייט זי אויף, גייט פאָרויס און קוקט זיך אַרום מיט שרעק): ווו זיינען מיינע עלטערן? דער פאָטער האָט צוגעזאָגט אין עטלעכע מינוט אַרום זיך אומקערן און אָט זיינען שוין אַריבער פינף שרעקלעכע שאָ. צי האָט מיט אים ניט פּאַסירט עפּעס אַן אומגליק? וואָס איז מיט מיר? פאַרוואָס פאַרכאַפּט מיר אזוי דער אָטעם? (וואָרם קוקט אַריין אין צימער, בלייבט שטיין אין הינטערגרונט, זי באַמערקט אים נישט). אָבער ס'איז גאָרנישט. ס'איז די שרעקלעכע שפּיל פון די אויפגערעגטע געבליטן. אונדזער אויג זעט געשפּענסטער אין יעדער ווינקל, ווען אונדזער נעשאָמע טרינקט זיך איינמאָל אָן מיט שרעק.

## זעקסטע סצענע

לויזע און דער סעקרעטאַר וואָרם.

וואָרם (קומט צו נעענטער): א גוטן אָוונט אייך. פרייַלן!

לויזע: גאָט! ווער רעדט עס דאָ? (קערעוועט זיך אויס, דערזעט דעם סעקרעטאַר און טרעט אָפּ דערשראָקן). שרעקלעך! שרעקלעך! מיין שרעקלעכער פאָרגעפיל איז שוין גרייט קומען צו שטאַנד (צום סעקרעטאַר מיט א בליק פון פאַראַכטונג). איר זוכט אַוודע דעם פּרעזידענט? ער איז שוין דאָ ניטאָ.

וווּרם: פֿרײַלן, איך זוך אײַך.

לוויזע: וואָס ווילט איר?

וווּרם: מיך האָט געשיקט אײַער פֿאָטער.

לוויזע (דערשראָקן): מײַן פֿאָטער? ווו איז ער דען מײַן פֿאָטער?

וווּרם: ער איז דאָרט, ווו ער איז גאָרניט גערן צו זײַן.

לוויזע: אום גאָטעס ווילן! גיכער! מיך כאַפּט ארום א שרעקלעכער פֿאָרגעפֿיל. ווו איז מײַן פֿאָטער?

וווּרם: אין טורמע, אויב איר ווילט עס אזוי שטאַרק וויסן.

לוויזע (הייבט אוף די אויגן צום הימל): דאָס נאָך! נאָך דאָס אויך! אין טורמע! און פֿאַרוואָס איז ער אין טורמע?

וווּרם: לויטן באַפֿעל פֿון הערצאָג.

לוויזע: פֿון הערצאָג?

וווּרם: פֿאַר דער באַליידיקונג פֿון זײַן מאַיעסטעט אין דער פּערזאָן פֿון זײַן פֿאַרטרעטער.

לוויזע: וואָס? וואָס? אָ, אַלמעכטיקער גאָט!

וווּרם: מע האָט באַשטימט אים מוסטערהאַפֿט באַשטראָפֿן.

לוויזע: נאָך דאָס האָט געפֿעלט! דאָס! פֿאַרשטייט זיך, מײַן הארץ האָט אויסער דעם מאיאָר געהאַט נאָך עפּעס טײַערס. צי דען האָט מען געקענט עס שוינען? באַליידיקונג פֿון זײַן מאַיעסטעט! און פֿערדינאַנד?

וווּרם: ער דאַרף אויסקלײַבן: אָדער די לעדי מילפֿאָרד, אָדער ער ווערט פֿאַרפֿלוכט און פֿאַרלירט די רעכט פֿון זון.

לוויזע: א שרעקלעכע פֿרײַהײַט! און דאָך—דאָך איז ער גליקלעכער, אים שטייט ניט פֿאָר צו פֿאַרלירן דעם פֿאָטער. כאָטש ניט האָבן קיין פֿאָטער איז שוין א גרויסער אומגליק! מײַן פֿאָטער באַשולדיקט מען אין באַליידיקונג פֿון זײַן מאַיעסטעט, מײַן געליבטן שטייט פֿאָר אָדער די לעדי, אָדער פֿלוכט און פֿאַרלוסט. ס'פֿעלט נאָר איין זאך... ווו איז די מוטער?

וווּרם: אין ארבעט-הויז.

לוויזע (מיט א ביטערן שמייכל): איצטער אַלץ—אַלץ! און איצטער בין איך פֿרײַ, פֿרײַ פֿון אַלע פֿליכטן, פֿון טרערן, פֿון פֿריידן, פֿרײַ פֿון גאָטס אויפֿזיכט. און צוליב וואָס דאַרף איך עס איצטער האָבן? (א שרעקלעכע שטילשווײַגן). האָט איר עפּשער נאָך עפּעס מיטצוטיילן? זאָגט אַלץ. וואָס וואַרט אף מײַן פֿאָטער?

וווּרם: א קרימינעלער פּראָצעס.

לוויזע: וואָס הייסט עס? איך ווייס גאָרנישט. איך בין אַן אומשולדיק באַשעפֿעניש, איך פֿאַרשטיי נישט, וואָס הייסן דידאָזיקע שרעקלעכע לאַטיינישע ווערטער... וואָס הייסט קרימינעלער פּראָצעס.

וווּרם: א געריכט אף לעבן און טויט. (קלײַבט זיך קלוימערשט אוועקגיין).

לוויזע: (לויפֿט אים נאָך, פֿאַרהאַלט אים): פֿאַרבלײַבט! פֿאַרבלײַבט!.. געדולד! ווי פֿלינק דערדאָזיקער טײַוול איז, ווען ער וויל יענעם דול מאכן. רעד-זשע! ראָט מיר! וואָס קאָן איך, וואָס דאַרף איך טון?

וווּרם: ס'איז פֿאַראַן נאָר איין מיטל.

לוויזע: אין וואָס באַשטייט ער, דער מיטל?

וווּרם: אויך אײַער פֿאָטער פֿאַרלאַנגט עס—

לויזע: אויב מײַן פֿאָטער? וואָס איז עס פֿאַר א מיטל?

ווורם: אײַך איז עס לײַכט אויסצופֿירן.

לויזע: פֿאַר מיר איז שוין ניטאָ קיין שווערערע זאַך, ווי שאַנד.

ווורם: ווען איר וואָלט דעם מאַיאָר באַפֿרײַט...

לויזע: פֿון זײַן ליבע? איר שפּעט איבער מיר? איר גיט איבער אין מײַן גוטן ווילן דאָס, צו וואָס איך בין געצוווּנגען.

ווורם: ניט אַזוי האָב איך געמיינט, ליבע לויזע! דער מאַיאָר מוז דער ערשטער און פֿרײַוויליק זיך דערפֿון אָפּזאָגן.

לויזע: ער וועט עס ניט טון.

ווורם: עס ווײַזט זיך אײַך אויס, מע וואָלט זיך צו אײַך ניט געווענדט, ווען איר אַליין וואָלט דאָ ניט געקאָנט העלפֿן.

לויזע: צי קען איך אים צווינגען, ער זאָל מיך האַסן?

ווורם: מיר וועלן פּרוּוון. זעצט זיך!

לויזע (אין שרעק): מענטש, וואָס האָסטו פֿאַרקלערט?

ווורם: זעצט זיך און שרײַבט! דאָ האָט איר א פֿען, פּאַפּיר און טינט.

לויזע (זעצט זיך שטאַרק אומרויִק): וואָס זאָל איך שרײַבן? און וועמען זאָל איך שרײַבן?

ווורם: צו אײַער פֿאָטערס הענקער.

לויזע: אָ, ביסט עס א מײַסטער אָפּ פּײַניקן הערצער! (נעמט די פֿען).

ווורם (דיקטירט): „גנעדיקער הער"

לויזע (שרײַבט מיט א ציטערנדיקער האַנט).

ווורם: „שוין דרײַ אומדערטרעגלעכע טעג זײַנען אריבער—זײַנען אריבער—און מיר האָבן זיך ניט געזען".

לויזע (שטעלט זיך אָפּ און לייגט אוועק די פֿען): צו וועמען איז דער בריוו?

ווורם: צו אײַער פֿאָטערס הענקער.

לויזע: אָ, גאָט מײַנער!

ווורם: „היט זיך פֿון מאַיאָר, פֿון דעם מאַיאָר, וואָס שפּירט מיר נאָך א גאַנצן טאָג ווי אַרגוס" *)

לויזע (שפּרינגט אויף): דאָס איז א אומגעהערטער שווינדל! צו וועמען איז דער בריוו?

ווורם: צו אײַער פֿאָטערס הענקער.

לויזע (גייט הין און צוריק איבערן צימער, בּרעכט די הענט): ניין! ניין! ניין! דאָס איז טיראַניש! טוט וואָס איר ווילט. איך וועל מער נישט שרײַבן.

ווורם (נעמט זיך פֿאַרן הוט): ווי איר ווילט, מאַדעמואַזעל! דאָס הענגט אָפּ פֿון אײַער גוטן ווילן.

לויזע: פֿון מײַן גוטן ווילן, זאָגט איר, פֿון מײַן גוטן ווילן? גיי, באַרבאַר, גיי הענג אויף אן אומגליקלעכן איבער דעם אָפּגרונט פֿון געהענעם, בעט בײַ אים עפּעס, לעסטער גאָט און פֿרעג אים, צי דאָס הענגט אָפּ פֿון זײַן גוטן ווילן. אָ, דו ווייסט גוט, אז נאַטירלעכע סימפּאַטיעס האַלטן אונדזער האַרץ שטאַרקער, ווי קייטן! איצט איז מיר אַלצאיינס, דיקטירט ווײַטער! איך קלער שוין מער ניט. איך גיב זיך איבער דער טײַוולאָנישער אינטריגע (זעצט זיך ווידער).

*) א מיטאָלאָגישער פֿילויִגיקער ריז—א וועכטער.

וואָרם: „א גאַנצן טאָג היט ער מיך. ווי ארגוס"—שוין אָנגעשריבן?

לויזע: ווײַטער! ווײַטער!

וואָרם: „נעכטן איז בײַ אונדז אין הויז געווען דער פּרעזידענט. ס'איז לעכערלעך געווען צו זען, ווי דער מאַיאָר האָט פאַרטיידיקט מײַן ערע".

לויזע: ווונדערבאַר! ווונדערבאַר! אויסגעצייכנט! זעצט פאָר!

וואָרם: „איך האָב געמוזט אויסנוצן די אָנמאַכט, קעדיי זיך ניט צעלאַכן".

לויזע: אָ, הימל!

וואָרם: „אָבער די מאַסקע איז מיר שוין אומדערטרעגלעך—אומדערטרעגלעך—ווען איך וואָלט זיך נאָר געקאָנט באַפרײַען".

לויזע (שטעלט זיך אָפּ, הייבט זיך אוף, גייט איבערן צימער מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, ווי זי וואָלט געזוכט עפּעס אפן דער דיל, דערנאָך זעצט זיך ווידער, שרײַבט ווײַטער): „געקאָנט זיך באַפרײַען".

וואָרם: „מאָרגן איז ער פאַרנומען אפן דינסט. שפּירט נאָך, ווען ער וועט פון מיר אוועקגיין און קומט אפן באַוווּסטן אָרט"—האָט איר שוין אָנגעשריבן „באַוווּסטן"?

לויזע: אָנגעשריבן.

וואָרם: „אפן באַוווּסטן אָרט צו אײַער צערטלעכער... לויזע".

לויזע: איצט פעלט נאָך דער אַדרעס.

וואָרם: „צום הער האָפמאַרשאַל פאָן קאַלב".

לויזע: אייביקער גאָט! דערדאָזיקער נאָמען איז פּונקט אַזוי פרעמד מײַנע אויערן, ווי דידאָזיקע שורעס זײַנען פרעמד מײַן האַרצן (זי שטייט אוף און א לאַנגע ווײַלע באַטראַכט זי מיט א פאַרגליווערטן בליק דאָס אָנגעשריבענע, ענדלעך דערלאַנגט זי עס דעם סעקרעטאַר און זאָגט מיט א שווערער צעבראָכענער שטים)! נעמט עס, מײַן הער. דאָס איז מײַן ערלעכער נאָמען, דאָס איז פערדינאַנד, דאָס איז דאָס גאַנצע גליק פון מײַן לעבן און דאָס אַלץ גיב איך איבער אין אײַערע הענט—איך בין א בעטלערן!

וואָרם: אָ, ניין, פאַלט בײַ זיך ניט אַראָפּ, ליבע מאַדעמואַזעל! איך האָב הערצלעכן מיטלייד צו אײַך. עפּשער—ווער ווייסט? איך וואָלט געקאָנט ניט ליגן קיין אַכט אפן אייניקע זאַכן. ריכטיק! איך שווער בײַ גאָט, איך האָב מיטלייד צו אײַך!

לויזע (קוקט אפן אים מיט אַן אומבאַוועגלעכן דורכדרינגענדיקן בליק): איר דאַרפט ניט ענדיקן, מײַן הער, איר ווינטשט זיך, ווײַזט אויס, עטוואָס שרעקלעכס.

וואָרם (וויל איד א קוש טון אין דער האַנט): שרעקלעכס? און לאָמיר זאָגן, ווען איך זאָל בײַ אײַך בעטן אָט דאָס שיינע הענטל, וואָס וואָלט איר געזאָגט, ליבע פרײַלן?

לויזע (גרויזאַם און פײַערלעך): איך וואָלט דיך דערשטיקט אין דער ערשטער נאַכט פון אונדזער הייראַט, און כ'וואָלט דערנאָך מיט פאַרגעניגן מײַן קערפּער אָפּגעגבן די הענקער (זי וויל אוועקגיין, קומט אָבער גיך צוריק). זײַנען מיר שוין פאַרטיק, מײַן הער? קען די טויב שוין פליִען?

וואָרם: נאָך איין קלייניקייט, פרײַלן. איר וועט גיין מיט מיר און וועט שווערן, אַז דערדאָזיקער בריוו אײַערער איז אָנגעשריבן פרײַוויליק.

לויזע: גאָט! גאָט! און דו אַליין וועסט מיט דײַן שטעמפּל באַשטעטיקן דידאָזיקע טײַוולאָנישע אַרבעט (וואָרם פירט זי אוועק).

# פערטער אקט

## ערשטע סצענע

א זאל באם פרעזידענט.

פערדינאנד פאַן וואַלטער מיט א געעפנטע בריוו אין דער האנט קומט שטורמיש אריין דורך איין טיר, דורך דער צווייטער קומט א קאמערדינער.

פערדינאנד: דער מארשאל איז דאָ ניט געווען?

קאמערדינער: הער מאַיאָר, דער הער פרעזידענט פרעגט אף אייך.

פערדינאנד: צו אלדע רוכעס! איך פרעג, צי איז דאָ ניט געווען דער מארשאל?

קאמערדינער: דער גנעדיקער הער זיצט אויבן באם קאָרטן־טיש.

פערדינאנד: דער גנעדיקער הער זאָל אין נאָמען פון גאנצן גענעם אהער קומען! (קאמערדינער גייט אוועק).

פערדינאנד (אליין. לייענט אפ גיך איבער דעם בריוו, שטעלט זיך אָפּ ווי פארגליווערט, לויפט ווידער צעראַנדיק ארום איבערן צימער): דאָס איז אומעגלעך! אין אזא הימלשער הילע קאָן זיך ניט געפינען אזא טײַוולאָניש הארץ. און דאָך! דאָך! ווען אלע מלאָכים וואָלטן פון הימל אראָפּ און וואָלטן דערוויזן איר אומשולד, ווען דער הימל און די ערד, ווען די שאפונג און דער שעפער וואָלטן זיך פאריייניקט און וואָלטן דערוויזן איר אומשולד!—עס איז אָבער איר האנט—אן אומגעהערטער, א טײַוולאָנישער שווינדל, וואָס די מענטשהײַט האָט נאָך נישט געזען!

## צווייטע סצענע.

פערדינאנד, דער האָפמארשאל.

האָפמארשאל (פליט ארײַן אין צימער): איר האָט דעם ווונטש מיך זען, מײַן ליבער!

פערדינאנד (בורטשעט פאר זיך): א ווונטש דעם שווינדלער דעם קארק צעברעכן. (הויך). מארשאל, דערדאָזיקער בריוו איז, ווײַזט אויס, באם פאראד בא אײַך פון קעשענע ארויסגעפאלן. און איך (מיט א בייזן געלעכטער) האָב געהאט דאָס גליק אים געפינען.

האָפמארשאל: איר?

פערדינאנד: א שיינער צופאל... מאכט אן ענדע, געזעגנט זיך מיט אײַער לעבן.

האָפמארשאל: איר דערשרעקט מיך, באראָן!

פערדינאנד: לייענט! לייענט! (גייט אָפּ פון אים. בייס יענער לייענט, גייט ער צו צו דער וואנט און נעמט פון דאָרטן אראָפּ צוויי פיסטאָלעטן).

האָפמארשאל (ווארפט דעם בריוו אפן טיש און וויל אנטלויפן): פארפלוכט זאָל עס ווערן.

פערדינאנד (פירט אים צוריק באם ארבל): געדולד, ליבער מארשאל! די מיטיילונג איז, ווײַזט אויס, אן אנגענעמענע. איר דארפט מיר באצאָלן פאר דעם געפונענעם... (דאָ באווײַזט ער אים די פיסטאָלעטן).

האָפּמאַרשאַל (טרעט דערשראָקן אָפּ צוריק): פאַרלירט דאָך ניט דעם קאָפּ, ליבער...

פערדינאַנד (מיט א שטאַרקער שרעקלעכער שטים): איך האָב נאָך געגוג קאָפּ דערויף, כ'זאָל אזא שעלמע, ווי דו, אָפּשיקן אפ יענער וועלט (ער גיט אים מיט גוואַלד א פּיסטאָלעט און נעמט ארויס א נאָז־טיכל). נעמט! דאָס האָט איר פון איר.

האָפּמאַרשאַל: דורך דעם נאָז־טיכל? איר זיינט דול? וואָס האָט איר עס צו־געטראכט?

פערדינאַנד: האַלט זיך פאַר דעם עק, זאָג איך, אנדערש וועסטו ניט טרעפן, דו האָז! זע נאָר, ווי ער ציטערט, דער האָז! דו דאַרפסט דאַנקען גאָט, האָז איינער, וואָס צום ערשטן מאָל אין לעבן וועט בא דיר אין שאַרבן עפּעס וואָס זיין. (האָפּמאַרשאַל לויפט אוועק) וואַרט אויס! דאָס וועל איך דיר פאַרבאָטן! (ער דעריאָגט אים און פאַרריגלט די טיר).

האָפּמאַרשאַל: אין צימער, באַראָן?

פערדינאַנד: צי לוינט עס מיט דיר גיין ערגעץ ווייטער! דער שאָס וועט זיך דאָ הערן שטאַרקער און דאָס וועט זיין דער איינציקער גערויש, וואָס דו האָסט געמאַכט אפ דער וועלט. ציל זיך אָן!

האָפּמאַרשאַל: וואַרט אויס א מינוט! מע האָט אייך דאָך אָפּגענאַרט!

פערדינאַנד: און דו מאַכסט מיר אויף די אויגן, דו מערדער? ווי ווייט איז עס בא אייך פאַרגאַנגען? זאָג, אַניט וועל איך דיך דערהאַרגענען.

האָפּמאַרשאַל: Mon Dieu, גאָט מיינער! איך זאָג דאָך... הערט מיך אויס... איר פאָטער... איר אייגענער פאָטער...

פערדינאַנד (מיט פאַרביטערונג): זיי זיך מוידע, אַניט וועל איך דיך פאַר־ניכטן!

האָפּמאַרשאַל: איר זיינט דול. איר הערט ניט. איך האָב זי קיינמאָל ניט גע־זען, איך קען זי ניט. איך ווייס גאָרנישט וועגן איר.

פערדינאַנד (טרעט אָפּ צוריק): דו האָסט זי נישט געזען? דו קענסט זי נישט? דו ווייסט גאָרנישט וועגן איר? די פרייליַן מילער איז אומגעקומען אַדאַנק דיר, און דו זאָגסט זיך אין איינ אָטעם אָפּ פון איר? אוועק, דו מיִעסער אויסוואורף! (דערלאַנגט אים מיטן פּיסטאָלעט און שטויסט אים ארויס פון צימער). פאַר אַזעלכע, ווי דו, האָט מען נאָך קיין פולווער ניט דערפונדן.

# פינפטער אקט

מילערן לאָזט מען ארויס פון דער טורמע. ער קומט אהיים און טרעפט לויזען אין שרעקלעכער פאַרצווייפלונג. זי האָט באַשטימט זיך נעמען דאָס לעבן, ווייל דערציילן פערדינאַנדן, אז מע האָט אים אָפּגענאַרט קען זי ניט,—זי האָט געשווירן, אז זי וועט ניט דערציילן,—בלייבן לעבן אָן אים קען זי אויך ניט.

מילער איבערצייגט זי, אז זי טאָר קיין זעלבסטמאָרד ניט באַגיין. זיי באַשטימען ביידע אַנטלויפן פון הערצאָגטום.

ס'קומט אָן פערדינאַנד. ער פרעגט לויזען, צי האָט זי טאַקע געשריבן דעם בריוו צו פאָן־קאַלבן. לויזע, וואָס געדענקט איר שווּע, באַשטעטיקט, אז זי האָט טאַקע געשריבן דעם בריוו. פערדינאַנד בעט לויזען זי זאָל אים דערלאַנגען א גלאָז לימאָנאַד, ער טוט אהין אריין גיפט, טרינקט אליין און גיט אויך לויזען טרינקען. לויזע, וואָס ווייסט ניט, אז דער לימאָנאַד איז פאַרגיפטעט, טרינקט אביסל.

# זיבעטע סצענע

פערדינאנד, לויזע.

פ ע ר ד י נ א נ ד (ערנסטער): זאָרג זיך וועגן דײַן אומשטערבלעכער נעשאָמע, לויזע! האָסטו ליב געהאַט דעם מאַרשאַל? דו וועסט שוין מער פון דעמדאָזיקן צימער ניט אַרויסגיין.

ל ו י ז ע: איך וועל מער גאָרנישט ניט ענטפערן.

פ ע ר ד י נ א נ ד (שרעקלעך אופגערעגט און פאַלט אַף די קני לעבן איר): לויזע, האָסטו ליב געהאַט דעם מאַרשאַל? איידער דאָסדאָזיקע ליכט וועט אויסברענען, וועסטו שוין שטיין פאַר גאָט!

ל ו י ז ע (שפרינגט אוף דערשראָקן): גאָט מײַנער! וואָס איז עס?—ס'איז מיר מיטאַמאָל געוואָרן אַזוי ניט גוט... (זי לאָזט זיך ווידער אַראָפּ אין פאָטעל).

פ ע ר ד י נ א נ ד: שוין? איר פרויען וועט בלײַבן אַן אייביקע רעטעניש. די צאַרטע נערוון אײַערע האַלטן אויס די שרעקלעכע פאַרברעכנס, וואָס רײַסן אונטער די וואָרצלען פון דער מענטשהייט, און איין איינציקער גראַן אַרסעניק דערהאַרגעט זיי.

ל ו י ז ע: דער גיפט! דער גיפט! אָ, גאָט מײַנער!

פ ע ר ד י נ א נ ד: איך האָב מוירע, דײַן לימאָנאַד איז, ווײַזט אויס, געווען געצוקערט אין גענעם. דו האָסט געטרונקן דײַן טויט.

ל ו י ז ע: שטאַרבן! שטאַרבן! גאָט, דו באַרעמהערציקער! גיסט אין לימאָנאַד—און שטאַרבן. אָ, דערבאַרעם זיך איבער מײַן נעשאָמע, באַרעמהאַרציקער גאָט!

פ ע ר ד י נ א נ ד: דאָס איז דאָס וויכטיקסטע. איך בעט אים אויך וועגן דעם.

ל ו י ז ע: און מײַן מוטער, מײַן פאָטער—דו, רעטער פון דער וועלט! מײַן אָרעמער פאַרלוירענער פאָטער! איז שוין ניטאָ מער קיין רעטונג? איך בין אַזוי יונג און עס איז ניטאָ קיין רעטונג! און איך דאַרף שוין שטאַרבן?

פ ע ר ד י נ א נ ד: ניטאָ קיין רעטונג. דו מוזט שטאַרבן, אָבער זײַ רויִק! מיר וועלן מאַכן די רײַזע צוזאַמען.

ל ו י ז ע: פערדינאַנד, אויך דו? גיפט! פערדינאַנד! פון דיר! אָ, גאָט, פאַרצײַ עס אים! גנעדיקער גאָט, נעם אַראָפּ פון אים די זינד!

פ ע ר ד י נ א נ ד: דו גיב אַ טראַכט וועגן דײַנע זינד, דאָס רעכן איך, וועט דיר ניט שאַטן.

ל ו י ז ע: פערדינאַנד! פערדינאַנד! אָ, איצטער קען איך מער ניט שווײַגן... דער טויט... דער טויט נעמט פון אונדז אַראָפּ אַלע שוועס... פערדינאַנד! הימל און ערד האָבן ניט געזען קיין אומגליקלעכערן פון דיר—איך שטאַרב אַן אומשולדיקע, פערדינאַנד.

פ ע ר ד י נ א נ ד (דערשראָקן): וואָס האָסטו געזאָגט? אַז מע קלײַבט זיך אין אַזאַ רײַזע, לייגט מען ניט.

ל ו י ז ע: איך לײַג ניט, איך לײַג ניט! איך האָב נאָר איינמאָל געלייגט פאַר מײַן גאַנץ לעבן—אַך! ס'אַרא פײַער גייט מיר דורך אין די אָדערן... נאָר איינמאָל געלייגט, ווען איך האָב דעם בריוו צום האָפמאַרשאַל געשריבן.

פ ע ר ד י נ א נ ד: אַ! דערדאָזיקער בריוו! גאָט צו דאַנקען! איצט קערט זיך צו מיר אום מײַן גאַנצער מוט.

ל ו י ז ע (איר צונג ווערט שווער, אירע פינגער הייבן אָן, ציטערנדיק, זיך באַוועגן): דערדאָזיקער בריוו... נעם זיך אָן מיט מוט דו זאָלסט דאָס שרעקלעכע וואָרט קאָנען הערן—מײַן

האנט האָט געשריבנ, וואָס דאָס הארצ מײַנס האָט געפּלױדערט, דײַנ פאָטער האָט דעמ בריװ דיקטירט.

פ ע ר ד י נ א נ ד (שטײט פארגליװערט, װי א סטאטוע, א לאנגע טױטע פּאװזע, פּלוצימ פאלט ער אנידער, װי א דונער װאָלט אימ דערשלאָגנ).

ל ו י ז ע: אָ, א שרעקלעכע מיספארשטײענישׁ! פערדינאנד! מע האָט מיכ געצװוּנגענ, פארצײַ מיר! דײַנ לויזע װאָלט בעסער דעמ טױט זיכ אָנגעטאָנ, אָבער מײַנ פאָטער... די געפאר... זײ האָבנ עס פּוקטיש אָפּגעמאכט...

פ ע ר ד י נ א נ ד (שפּרינגט אופ אינ שרעק): גאָט צו דאנקענ! איכ פיל נאָכ ניט דעמ גיפט. (ער כאפּט ארױס דעמ שװערד).

ל ו י ז ע (װערט אלצ שװאכער אונ שװאכער) אָ, װײ! װאָס האָסטו פארטראכט? דאָס איז דײַנ פאָטער.

פ ע ר ד י נ א נ ד (מיט א טאָנ פונ שרעקלעכער װילדקײַט): א מערדער אונ א פאָטער פונ א מערדער! אהינ, ער מוז מיטגײנ אהינ, אז דער אײביקער ריכטער זאָל זײַנ גאנצנ צאָרנ אױסגיסנ אפנ שולדיקנ. (װיל גײנ, באמערקט אָבער איר לעצטע באװעגונג אונ פאלט אנידער אינ פארצװײפלונג לעבנ דער טױטער) װארט אױס! װארט אױס! פלי ניט אװעק, דו מאלעכ פונ הימל! (נעמט איר האנט, נאָר לאָזט זי גלײַכ װידער פאלנ) קאלט, קאלט אונ פײַכט! איר נעשאָמע איז שוינ דאָרטנ. (שפּרינגט װידער אופ). גאָט פונ מײַנ לויזע! דערבארעמ זיכ, דערבארעמ זיכ איבער דעמ ערגסטנ פונ די מערדער! (שװײַגט א װײַלע). אָבער װאָס איז עס? פארװאָס פיל איכ גאָרנישט? צי דענ װיל מיכ די יוגנט-קראפט ראטעװענ? אנ איבעריקע מי! דאָס װיל איכ נישט! (כאפּט די גלאָז).

## ל ע צ ט ע ס צ ע נ ע

פערדינאנד, פּרעזידענט, װורמ, דינער. אלע לױפנ ארײַנ אינ שרעק. דערנאָכ פּילער מיט אנ אױלעמ מענטשנ, מיט פּאָליצײ, װאָס פארנעמענ דעמ הינטערגרונט.

פ ר ע ז י ד ע נ ט (מיטנ בריװ אינ דער האנט): זונ מײַנער, װאָס הײסט עס? איכ װיל מיר ניט גלויבנ...

פ ע ר ד י נ א נ ד (װארפט אימ די גלאָז צו די פיס): איז זע, דו מערדער!

פ ר ע ז י ד ע נ ט (טרעט אָפּ אינ שרעק. אלע זײַנענ פארשטארט. א שרעקלעכע פּאװזע): מײַנ זונ, צוליב װאָס האָסטו עס געטאָנ?

פ ע ר ד י נ א נ ד (קוקט ניט אפ אימ): אָ, פארשטײט זיכ! איכ האָב פריער באדארפט געװענ פרעגנ באמ שטאטסמאנ, צי ס'װעט אימ צוליב זײַנ קאריער צונוצ קומענ אָט די זאכ? נײטאָ װאָס צו זאָגנ. שײנ אונ װוּנדערבאר האָט איר עס צוגעטראכט צערײַסנ דעמ בונד פונ אונדזערע הערצער דורכ דער אײפערזוכט. די דאָזיקע רעכענונג האָט צונױפגעשטעלט א מײַסטער, ס'איז נאָר א שאָד, װאָס די אופגערעגטע ליבע האָט זיכ ניט אונטערגעגעבנ דער דולאָטענער פּרוזשינע, װי א הילצערנע ליאלקע!

פ ר ע ז י ד ע נ ט (קוקט זיכ ארומ מיט א װילדנ בליק): צי דענ איז דאָ קײנער נײטאָ, װער ס'זאָל זיכ דערבארעמענ איבער דעמ טרײסטלאָזנ פאָטער?

מ י ל ע ר (הינטער דער סצענע): לאָזט מיכ ארײַנ! אומ גאָטעס װילנ! לאָזט מיכ!

פ ע ר ד י נ א נ ד: דאָס מײדל איז א הײליקע! פאר איר זאָל זיכ אנ אנדערער נוקעמ זײַנ! (עפנט די טיר, ס'לױפט ארײַנ פּילער מיט אנ אױלעמ מענטשנ, פּאָליצײ).

מילער (פאַלט מיט שרעק): מײַן קינד! מײַן קינד! גיפט... גיפט, האָט מען געזאָגט, מײַן טעכטערל, ווי ביסטו?

פערדינאַנד (פירט אים צו צו לויזעס טויטן קערפּער און ווײַזט אָן אויפן פּרעזידענט): איך בין אומשולדיק, באַדאַנקט אים!

מילער (פאַלט אַנידער אויפן דיל): אָ, גאָט!

פערדינאַנד: בלויז עטלעכע ווערטער, פאָטער! זיי הייבן אָן טײַער ווערן, די ווערטער — מײַן לעבן האָט מען בײַ מיר אויפן שווינדלערישסטן אופן צוגעראַבעוועט, ס'איז אײַר האָט עס צוגעראַבעוועט! איך ציטער פאַר גאָטס געריכט, נאָר קיין מערדער בין איך קיינמאָל ניט געווען. וואָס פאַר אַ שטראָף ס'איז מיר אין דער אייביקייט ניט אָנגעמערקט, זאָל זי אויף אײַך ניט פאַלן. אָבער איך בין באַגאַנגען אַ פאַרברעכן (מיט אַ גרויזאַמער שטים). אַ פאַרברעכן, און דו ווייסט, אַז ניט איך אַליין וועל דערפאַר אָפּגעבן רעכענונג דעם אייביקן ריכטער. איך גיב דיר פײַערלעך איבער די גרעסטע און די שרעקלעכסטע העלפט פון דעמדאָזיקן פאַרברעכן. צעריכן זיך פאַר איר אַליין, ווי דו פאַרשטייסט. (פירט אים צו צו לויזען). אהער, באַרבאַר! אהער, מערדער! פרייַ זיך מיט די שרעקלעכע פרוכטן פון דײַן שאַרפזין; אויף דעמדאָזיקן געזיכט איז מיט טיפע שטריכן אויסגעקריצט דײַן נאָמען, און די מלאָכים — די רעטער וועלן עס איבערלייענען. זאָל די געשטאַלט אירע צעעפענען אַלע מאָל דעם פאָרהאַנג בײַ דײַן בעט, ווען דו וועסט אײַנשלאָפן און זאָל דיר דערלאַנגען איר אײַזקאַלטע האַנט — זאָל דידאָזיקע געשטאַלט שטיין איבער דײַן נעשאָמע, ווען דו וועסט שטאַרבן, און זאָל זיך אַרײַנרײַסן אין דײַן לעצטן געבעט. (די קרעפטן פאַרלאָזן אים, די דינער האַלטן אים אונטער).

פּרעזידענט (הייבט אויף אין פאַרצווייפלונג די הענט צום הימל): ניט פון מיר, דו וועלט-ריכטער, ניט פון מיר זאָלסטו פאָדערן אַ רעכענונג פאַר דידאָזיקע נעשאָמעס, נאָר פון אים! (גייט צו צו ווורמען).

וורם (אויפגעלעבט): פון מיר!

פּרעזידענט: פון דיר, פאַרפלוכטער! פון דיר, טײַוול! — דו, דו שלאַנג האָסט עס די אייצע געגעבן — אויף דיר פאַלט די פאַראַנטוואָרטלעכקייט — איך וואַש אָפּ די הענט.

וורם: אויף מיר? (לאַכט ביז). אָט ווי אַזוי! זייער ווויל! איצטער ווייס איך, יעדנפאַלס, אויף וואָס פאַר אַ דאַנקבאַרקייט דער טײַוול איז פעיִק. — אויף מיר, דו טעמפּער מערדער! איז עס דען מײַן זון? בין איך דען געווען דײַן האַר? אויף מיר פאַלט די פאַראַנטוואָרטלעכקייט? האַ? יאָ, איך וועל זײַן פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אַלץ, פון וואָס דער גאַנצער מאַרך אין מײַנע ביינער גייט פאַרקילט געוואָרן. און זאָל אויף מיר פאַלן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט! איצט וועל איך אומקומען, אָבער דו מיט מיר צוזאַמען! — היי, היי! רופט דעם קאַראַול פון די גאַסן! וועקט אויף די פּאָליציי! פּאָליציי-לײַט, בינדט מיך! פירט מיך אַוועק פונדאַנען! איך וועל אַנטדעקן אַזעלכע געהיימניסן, אַז די הויט וועט גרוילן בײַ דעם, ווער ס'וועט זיי הערן. (וויל גיין).

פּרעזידענט (האַלט אים אָפּ): דולער! דו וועסט דאָך ניט...

וורם (קלאַפּט אים איבערן אַקסל): איך וועל יאָ, פרײַנט! יאָ! איך בין ווירקלעך אַ דולער און וועל האַנדלען, ווי אַ דולער. האַנט בײַ האַנט מיט דיר אויפן עשאַפאָט! האַנט בײַ האַנט מיט דיר אין גענעם! מיר וועט עס אימפּאָנירן, וואָס איך בין צוזאַמען מיט דיר פאַרורטיילט. (מע פירט אים אַוועק).

מילער (וואָס איז די גאַנצע צײַט געלעגן אין שטומען טרויער, דעם קאָפּ צוגעטוליעט צו לויזעס ברוסט, שטייט מיטאַמאָל אויף און וואַרפט דעם טײַסטער צום מאַיאָרס פיס): דו, גיפטמישער! נעם דיר

צו דײַנ פארפלוכט געלט! צי דענ האָסטו געמײנט פאר דעם געלט קויפנ מײַנ קינד? (לויפט ארויס פונ צימער).

**פ ע ר ד י נ א נ ד** (מיט א געבראָכענער שטימ): גײט אימ נאָכ! ער איז אינ פארצווײפלונג! היט פאר אימ אָפּ דאָס געלט, דאָס איז מײַנ שרעקלעכע דאנקבארקײַט... לויִזע!, לויִזע!... איכ גײ... זײַט געזונט... לאָזט מיכ שטארבנ לעבנ דערדאָזיקער הײליקײַט.

**פ ר ע ז י ד ע נ ט** (קומט צו זיכ פונ דער טויט־פארגליווערונג. צום זונ): זונ מײַנער! פערדינאנד! צי דענ וועסטו קײנ קוק ניט טונ אפּ דײַנ צעבראָכענעמ פאָטער? (מע לײגט אוועק דעם מאיאָר לעבנ לויִזענ).

**פ ע ר ד י נ א נ ד** (דערלאנגט אימ זײַנ שטארבנדיקע האנט).

**פ ר ע ז י ד ע נ ט** (הײבט זיכ גיכ אופּ): ער האָט מיר פארגעבנ (צו די איבעריקע) איצט בינ איכ אײַער געפאנגענער! (ער גײט ארויס, די פּאָליציי נאָכ אימ. דער פאָרהאנג פאלט).

פונ דײַטש—ד. האָפּשטײנ

# היינריכ היינע

## (1797-1856)

### אייניקע ביאָגראפישע יעדיעס.



היינריכ היינע — איינער פונ די גרעסטע דיכטער אינ דער וועלט־ליטעראטור, איז געבוירנ געוואָרנ אינ 1797 יאָר אינ דײַטשלאנד אינ דער שטאָט דיוסעלדאָרפ אינ א ייִדישער סאָכרישער פאמיליע. די ערשטע בילדונג האָט ער געקריגנ אינ אָרטיקנ דיוסעלדאָרפער ליצײ (שול). די עלטערנ זײַנע האָבנ געוואָלט מאכנ פונ אים א קאָמערסאנט, קיינ קאָמערסאנט איז היינע אָבער ניט געוואָרנ. ער לאָזט זיכ אוועק לערנענ אינ אוניווערסיטעט. אינ 1821 יאָר דרוקט ער אָפ זײַנ ערשט ביכל לידער „יונגע לײדנ“. אינ 1826 פארעפנטלעכט ער זײַנ בוכ „רײַזע־בילדער“. אינ 1827 יאָר דערשײַנט זײַנ בארימטער „בוכ פונ לידער“. אינ 1831 יאָר איז היינע געצוווּנגענ צוליב זײַנע פּאָליטישע אָנשויונגענ עמיגרירנ פונ דײַטשלאנד קײַנ פראנקרײַכ. דאָ, אינ פראנקרײַכ שרײַבט ער אָנ די בעסטע צאָל פונ זײַנע קינסטלערישע אונ פובליציסטישע ווערק. אינ די פערציקער יאָרנ פונ 19־טנ יאָרהונדערט באקאנט זיכ היינע פערזענלעכ מיט מארקסנ אונ ענגעלסנ. די דאָזיקע פרײַנטשאפט האָט געהאט א שטארקע ווירקונג אָפ היינענ אונ האָט זיכ אָפגעשפיגלט אויכ אינ זײַנ שאפנ. ער שרײַבט צו יענער צײַט א גאנצנ ציקל לידער, ווו עס ווערט אויסגעלאכט דער פרײַסישער פעאָדאליזמ, די טעמפקײַט פונ די דײַטשישע פירשטנ, ער שרײַבט דאנ אָנ זײַנ בארימטע ליד „די וועבער“.

היינע איז געשטאָרבנ אינ פאריזש אינ 1856 יאָר.

היינע געפינט זיכ ניט קיינ פעסט באשטימט אָרט אינעמ קלאסנקאמפ. ער וואקלט זיכ שטענדיק אינ זײַנ שאפנ אונ ווארפט זיכ פונ איינ ברעג צומ אנדערנ. אינעמ ערשטנ פעריאָד פונ זײַנ שאפנ וואקלט ער זיכ צווישנ דעמ אדלטומ אונ דער בורזשואזיע. זײַנ ערשט גרעסער ווערק „רײַזע־בילדער“ (1826) שטעלט מיט זיכ פאָר א שארפע סאטירע אָפ דעמ אלטנ אדעליקנ דײַטשלאנד אונ היינע דריקט דאָ אויס די אידעאָלאָגיע פונ דער אויפקומענדיקער בורזשואזיע. אָבער שוינ אינעמ צווייטנ גרויסנ ווערק זײַנעמ „בוכ פונ לידער“ (1827) געפינענ מיר עלעמענטנ פונ אדעליקער אידעאָלאָגיע.

אינעמ צווייטנ פעריאָד פונ זײַנ שאפנ זעענ מיר אָפגעשפיגלט היינעס וואקלונגענ צווישנ נײַע צוויי קרעפטנ, צווישנ דעמ פראָלעטאריאט אונ דעמ קלײנ־

בירגערטום. פונ איינ זײַט סימפאטיזירט ער דעמאָלט מיטנ ארבעטער־קלאַס און מיט זײַנ קאמפ, אונ פונ דער צווייטער זײַט האָט ער מורא, אז דער סאָציאַליזם וועט פארניכטנ די גאנצע אָנגעזאמלטע מענטשלעכע קולטור. דאָס וויכטיקסטע אינ היי־נעס שעפערישנ וועג איז וואָס ער האָט זיכ אָפּגעשטויסנ פונ דער פעאָדאַל־אדעליקער אונ בורזשואזער וועלט; קעמפנדיק מיט די צוויי וועלטנ, האָט ער זיכ געהאלטנ אינ דערנעענטערנ צום פראָלעטאריאַט; ער איז אָבער געבליבנ שטיינ אפ די פּאָזיציעס פונעם רעוואָליוציאָנערנ קליינבירגערטום, וואָס וואקלט זיכ שטענדיק צווישנ פראָ־לעטאריאט אונ בורזשואזיע.

די לידער „די וועבער“, „די שקלאַפנ־שיפ“, ???—1793—1649 אונ „דער צוזאָג״ געהערנ צו דעם פעריאָד, ווענ היינע איז געשטאַנענ נאָענט צו מארקסנ אונ ע[illegible] געלסנ אונ האָט זיכ געפונענ אונטער דער ווירקונג פונ זייערע אידייענ.

# די וועבער

אין פינצטערע אויגן — קיין טרער, קיין געוויין,
זיי זיצן באַם וועבשטול און שטשירען די ציין:
„דיר דײַטשלאַנד, מיר וועבן טאַכריכים פון לײַנ
און א דרײַפאַכע קלאָלע מיר וועבן אַרײַן.
מיר וועבן, מיר וועבן.

א קלאָלע דעם גאָט, וואָס אין קעלט און אין מאַנגל
מיר זײַנען צו אים מיט געבעטן געגאַנגען.
מיר האָבן אומזיסט דאָך געהאָפּט און געוואַרט,
ער האָט אונדז געדרייצט און געפירט און גענאַרט.
מיר וועבן, מיר וועבן.

א קלאָלע דעם קעניג, דעם קעניג פון גווירים,
וואָס ס'האָט ניט געקאָנט אונדזער עלנט אים רירן,
וואָס האָט אונדזער גראָשן דעם לעצטן געטריבן
און האָט אונדז ווי הינט צו דערשיסן דערלויבט.
מיר וועבן, מיר וועבן.

א קלאָלע דעם פאָטערלאַנד פאַלשן און שלעכטן,
ווו שאַנד נאָר און אומרעכט צעוואַקסן זיך פּרעכטיק,
ווו יעדע בלום ווערט פריצײַטיק געפּליקט,
ווו פוילקײַט און שימל דעם וואָרעם דערקוויקט.
מיר וועבן, מיר וועבן.

דאָס שיפל פליט, דער וועבשטול קראַכט,
מיר וועבן פלײַסיק טאָג און נאַכט,
אַלט דײַטשלאַנד, מיר וועבן דיר טאַכריכים פון לײַנ
און א דרײַפאַכע קלאָלע מיר וועבן אַרײַן.
מיר וועבן, מיר וועבן!"

פון דײַטש — מ. כ א ש ט ש ע וו א צ ק י.

# 1649—1793—???

געווען זײַנען גראָבלעך אַביסל די בריטן
אין קייסער־מאָרד, ניט געשליפן די זיטן:
אָפּ שלאָגן האָט דער קעניג קאַרל *) פאַרבראַכט
און ווייטהאָל **) פּאַלאַץ די לעצטע נאַכט,

*) קאַרל, ליודאָוויק-קאַפּעט און מאַריע אַנטואַנעטע — דרײַ קעניגן, וואָס זײַנען געקעפּט געוואָרן: קאַרל — בעשאַס דער ענגלישער בורזשואַזער רעוואָלוציע אין 1649 י. די צוויי לעצטע — בעשאַס דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע אין 1793 י.

**) ווייטהאָל — אַמאָל דער קעניגלעכער פּאַלאַץ אין לאָנדאָן. איצט געפינען זיך דאָרט פיל רעגירונגס־מיניסטעריעס.

באַם סאַמע פענצטער האָט געקלונגען דער שפּאָט,
ווען מ׳האָט דאָרט געהאַמערט זייַן עשאַפאָט.

די פראַנצויזן באַגייען זיך אויך ניט שענער:
ליודאָוויק קאַפּעטן האָבן דאָס יענע
אָפּן פּאָשעטן פּורל געפירט צום קעפּן
און אים אַפילע קיין פּייַעטאָן ניט געגעבן,
ווי ס׳וואָלט לויטן אַלטן עטיקעט
פיל מערער געפּאַסט פאַר זייַן מייַעסטעט.

נאָך ערגער געווען איז מיט מאַריע־אַנטואַנעטע,
איר האָט מען געשפּאַנט בלויז אַ וואָגן פון ברעטער,
און אָנשטאָט קאַמערהערן און נאָענטע דאַמען
זייַנען מיט איר סאַנקיולאָטן *) געפאָרן צוזאַמען,
די אַלמאָנע קאַפּעט האָט מיט גייַווע אין בליק
איר האַבסבורגער דיקע ליפּ פאַרדריקט.

פראַנצויזן און בריטן! ווי גראָב זיי זייַנען!
אַזאַ נאַטור! דער דייַטש איז שוין פייַנער
און ער וועט זייַן פייַנקייַט פאַרהיטן אַף קלאָר,
אַפילע ווען ער וועט געברויכן טעראָר.
דער דייַטש וועט אַוואַדע זייַן מייַעסטעט
שטענדיק באַהאַנדלען מיט פּיעטעט**).

אין אַ זעקספערדיקן הויף־שפּאַן אַ ברייטן,—
די פערד אין שוואַרצן און באַפּוצט מיט קווייטן,
אַ וויינענדיקער קוטשער מיט אַ טרויער־בייַטש
הויך אַף די קאָזלעס,—אָט אַזוי וועט דער דייַטש
אַמאָל דעם מאָנאַרך אַפּן קעפּונג־פּלאַץ פירן
און אונטערטעניק אים גילאָטינירן.

פון דייַטש—מ. כ א ש ט ש ע װ א צ ק י.

## די שקלאַפנשיף

### 1.

דער סופּערקאַרגאָ מינהער וואַן־קאָעק ***)
זיצט בא זיך אין קאַיוטקע באַשעפטיקט:
ער רעכנט אויס דעם באַטרעף פון זייַן פראַכט
און וואָס זייַן פאַרדינסט וועט באַטרעפן.

*) אַזוי האָט מען גערופן די רעוואָליוציאָנערן בעשאַס דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָליוציע.

**) גרויסע אַכטונג.

***) סופּערקאַרגאָ—דער אויפזעער איבער דער פראַכט־אָנלאָדונג און אויסלאָדונג אַף אַ האַנדל־שיף; מינהער—הער; וואַן־קאָעק—אַ נאָמען.

דער גומי איז גוט, דער פעפער איז גוט,
דרײַהונדערט זעק און פעסער;
פאראן אויך גאָלדשטויב און העלפאַנטביין,
נאָר די שווארצע סחורה איז בעסער.

זעקסהונדערט נעגערס באַם סענעגאַל־טײַך
שפּאָט־ביליק כ׳האָב אויסגעביטן,
דאָס פלייש איז הארט, די אָדערן פעסט,
ווי פון אײַזן פון בעסטן געשמידטע.

איך האָב מיט בראָנפן פאר זיי געצאָלט,
גלאָז־פערל און שטאָלווארג געגעבן,
כ׳געווין דערבײַ אכטהונדערט פּראָצענט,
אויב די העלפט וועט מיר בלײַבן לעבן.

פארבלײַבן מיר דרײַהונדערט נעגערס גאנצ
ביזן האפן פון ריאָ־זשאניירא,
צאָלט מיר דאָרט הונדערט דוקאטן א שטיק,
דאָס הויז *) גאָנזאלעס פערייראָ.

און פּלוצים ווערט מינהער וואן־קאָעק,
פון די געדאנקען ארויסגעריסן.
עס קומט דער שיפס־כירורג ארײַן,
דער דאָקטער וואן־דער־סמיסן.

דאָס איז א טרוקענער, דארער פארשוין,
און א נאָז גאָר א רויטע שטארצעט.
„נו, וואסער־פעלדשער"—רופט אויס וואן־קאָעק,—
וואָס מאכן עס מײַנע שווארצע?"

דער דאָקטער באדאנקט פאר דער פראגע און זאָגט:
„דאָס קום איך אײַך טאקע דערקלערן,
אז ס׳האָט זיך די שטערבלעכקײַט הײַנטיקע נאכט,
פארגרעסערט אינדרײַען און מערער.

אין דורכשניט שטארבן טעגלעך צוויי,
נאָר הײַנט איז געשטאָרבן זיבן,
פיר מענער, דרײַ פרויען,—איך האָב דעם פארלוסט
טייקעף אין העפט פארשריבן.

איך האָב די קערפּערס געפּאלמעסט גענוי
איך קען זיי די שעלמעס, די שארפע,
זיי קענען זיך מאכן טויט נאָר קעדיי
מע זאָל זיי אין וואסער ווארפן.

*) געשעפט, פירמע.

איך האָב די טויטע פון די קייטן באַפרייט,
און ווי ס'איז געוויינטלעך מײַן מינהג,
באַפוילן די קערפּערס צו וואַרפן אין יאַם
פרימאָרגן גאָר גאַנצפרי נאָך.

עס זײַנען טייקעף אַרויס פון דער טיף
מאַכנעס מיט הײַפיש—די גרעסטע,
זיי האָבן צו נעגער-פלייש אַ גוסט,
זיי זײַנען בײַ מיר אַף קעסט איצט.

זיי יאָגן נאָך אונדזער שיף פון זינט
מיר האָבן פאַרלאָזן דעם האַפן,
די בעסטיעס שפּירן דעם מייסים-גערוך
מיט זייער פרעס-גלוסט דעם שאַרפן.

ס'איז זייער ציקאַווע ווי ס'טוט זיך אַ וואָרף
אַף די מייסים—די ווילדע טשאַטע,
דער כאַפּט אָן דעם קאָפּ, און יענער—אַ פוס,
און די דריטע שלינגען די שמאַטעס.

איז אַלצדינג פאַרשלונגען—צעטומלען זיי זיך
צופרידן אין שומיקע וועלן,
און גלאָצן אַף מיר, ווי זיי וואָלטן גאָר
פאַרן פרישטיק באַדאַנקען וועלן".

נאָר זיפצנדיק פאַלט אים אַרײַן אין די רייד,
וואַן-קאָעק: „צי ווייסט איר ניט שענער,
פונוואַנען דאָס בייז? און וואָס זאָל מען טון,
ס'זאָל די שטערבלעכקײַט ווערן פאַרקלענערט?"

און ס'ענטפערט דער דאָקטער: „איבער אייגענער שולד
זײַנען פיל פון די שוואַרצע געשטאָרבן:
זייער שלעכטער אָטעם—ער האָט עס די לופט,
אין טריום, וווּ זיי זיצן, פאַרדאָרבן.

פון מעלאַנכאָליע שטאַרבן אויך פיל
ס'איז לאַנגווײַליק זיי און זיי בענקען,
אַביסעלע לופט, מוזיק און טענץ—
און זיי וואָלטן אופגעהערט קרענקען".

— „אַ טײַערע אייצע"!—רופט אויס וואַן-קאָעק—
„מײַן פעלדשער וואָס דאַרף אַזאַ מערער,
ביסט קלוג ווי אַריסטאָטעל אַליין,
ווי אַלעקסאַנדערס לערער *)".

---

*) אַריסטאָטעל—אַ פאַרצײַטיקער גריכישער געלערנטער, געווען דערציִער פונעם קייסער אַלעקסאַנדער מאַקעדאָנער.

דער פּרעזידענט פונ דער סאָציעטעט
אפ צו כאָוועס טולפּאַנען אינ דעלפטנ *)
איז זייער קלוג, ער פארמאָגט אָבער אויכ
פונ אײַער כאָכמע די העלפט נים.

מוזיק! אָט דאָ אפ דער דעק
זאָל טאנצנ דער שווארצער אוילעמ,
אונ ווער עס וועט אומעטיק בלײַבנ אינ טאנצ
דעמ וועט שוינ די בײַטש מײַנע היילנ".

2

פיל טויזנטער שטערנ קוקנ אראָפּ
פונ הימל-געצעלט פונעמ בלויענ,
אונ גלאנצנ מיט בענקשאפט, גרויס אונ קלוג,
ווי אויגנ פונ שיינע פרויענ.

זיי קוקנ פונ אויבנ אראָפּ אפנ יאמ,
וואָס פארצויגנ ווײַט איבעראל איז
מיט פאָספאָרשטראליקנ פורפור־דופט,
אונ ווי לוסטפול וואָרקענ די כוואליעס.

עס פלאטערט קיינ זעגל אפ דער שקלאפנשיפ,
קיינ כוואליע גיט זיי קיינ וואקל,
לאמטערנס נאָר שימערנ אפנ דעק,
ס'גייט א טאנצמוזיק-ספעקטאקל.

אפ פידל ריפּעט דער שטורמאנ אליינ,
דער קעכער שפּילט אפ א פלייטע
א שיפ־יונג קלאפּט זיי צו אפ דער פויק,
דער דאָקטער בלאָזט אינ טרומפּייטל.

אונ הונדערט נעגערס, אי מאנ, אי פרוי,
זיי העכצנ אונ האָפּקענ אונ קרײַזלענ,
ווי דולע ארומ; אונ בא יעדער שפּרונג,
קלינגענ צומ טאקט די אײַזנס.

זיי האקנ אינ דיל מיט א לוסט, וואָס באטויבט,
אונ א שווארצע שיינהײַט — א מיידל
נעמט ליידנשאפטלעכ איר כאווער ארומ
אונ זיי דרייענ זיכ, זיפצנדיק ביידע.

---

*) געזעלשאפט אפ קולטיווירנ טולפאנענ אינ דער שטאָט דעלפט (אזא שטאָט איז גאָר־נים פאראנ).

דער אופזעער איז—מײַסטער פונעם פּאַרוויל,
די בײַטש זײַנע קנאַלט אָן אופהער,
ער טרײַבט אונטער די טענצערס, וואָס פּוילן זיך צו,
און די שטימונג הייבט בא זיי אופּעט.

און דידלדומדיי און שנעדערעדענג!
און ס׳וועקט פון דער טיף דער געווימל
די ריזן-כײַעס פון דער וואַסער-וועלט,
וואָס האָבן אין פּלעט דאָרט געדרימלט.

און שלעפעריק קומען צו שווימען אהער
די הײַפיש—הונדערט און הונדערט,
זיי גלאָצן לאַנג אָפּ דער שיף ארוף,
זיי זײַנען פאַרכושט און פאַרוווּנדערט.

זיי מערקן, עס איז נאָך די פרישטיק-צײַט
גאָר ניט געקומען, דערווײַלע
געגעצט מען ברייט און מע ווײַזט דערבײַ
די זעגציינ אין גוואַלדיקע מײַלער.

און דידלדומדיי און שנעדערעדענג,
און מע זעט ניט קיין סאָף צו דער מײַסע,
און ס׳נעמען די הײַפיש פאַר אומגעדולד
די אייגענע ווײַדלען צו בײַסן.

זיי האָבן ניט ליב קיין מוזיק, ווײַזט אויס,
צי זיי באַנעמען זי גאָרניט.
„געטרוי ניט קיין כײַע, וואָס ליבט ניט מוזיק!"
האָט אלביאָנס דיכטער *) געוואָרנט.

און שנעדערעדענג און דידלדומדיי
און קיין סאָף צו די טענץ, צו די שפּילן,
באַם פאָקמאַסט שטייט מינהער וואַן-קאָעק,
פאַרפרעסט די הענט אין א טפילע:

„די זינדיקע שוואַרצע נעפּאַשעס, גאָט,
איך בעט דיך, היט פון געפאַר אויס.
דערצאָרנען זיי דיך, איז ווייסט דאָך אליין,
אז זיי זײַנען ווי רינדער נאַריש.

היט אָפּ זייער לעבן, דעם קריסטוס צוליב,
וואָס האָט זיך פאַר אונדז געמאַטערט!
ווײַל בלײַבט מיר ניט איבער קיין דרײַהונדערט שטיק,
איז דאָס גאַנצע געשעפט מײַנס געפאַטערט".

יידיש—מ. כאשטשעוואַצקי.

*) אן ענגלישער דיכטער, געמיינט—שעקספּיר.

## צוזאָג

דײַטשע פרײַהײַט, דארפסט שוין כלעבן,
באַרוועס מיטן זומפ ניט יאָגן,
זאָקן וועסטו שוין פארמאָגן
און אויך שטיוול וועט מען געבן.

אפן קאָפ א הינטיש מיצל
וועט מען אָנטון דיר אצינדער,
ס'זאָל אין קאלטע טעג פון ווינטער
דײַנע אויערן באשיצן.

וועסט אויך קריגן וואָס צו עסן,—
האָסט א צוקונפט גאָר א גרויסע,—
זאָל נאָר דער סאטיר *) פון אויסן
דיך ניט שטויסן אפ עקסצעסן **)

זע נאָר, זאָלסט ניט ווערן דרייסטער,
דעם רעספעקט ***) זאָלסט ניט פארלירן
פאר די הויכלײַט, וואָס רעגירן,
און פארן הער, דעם בירגערמײַסטער. ****)

פון דײַטש—מ. כאשטשעוואצקי.

---

*) א שעד—א פארפירער.

**) אומאָרדענונגען.

***) אכטונג.

****) הויפט פון א שטאָט־פארוואלטונג.

# אינהאלט:

זייט

## יאָסעף באָושאָווער



## טאַראַס שעווטשענקאָ



## פרידריך שילער



## היינריך היינע